# AMERIKANER YIDISHER KIBETS IN PROFIL

Saul L. Goodman





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

שואל גוטמאַן

# אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ אין פּראָפֿיל

## עסייען וועגן ייִדישער פּראָבלעמאַטיק, קולטור און ליטעראַטור



ניו־יאָרק

תשמ״ח — 1988

מײַן געטרײַען פֿרײַנד
און לעבנס־באַגלייטערין:
מײַן טײַערער שרהקען —
מיט ליבשאַפֿט געווידמעט.

דער מחבר

# אינהאַלט:

## III די שליחות פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור



## IV פּאַרצייכענונגען



## V אַ משפּחה אין פּוילן

# דאָס פּערמאַנענטע און פאַרגייִקע אין מײַן וועלטבאַנעם

(במקום הקדמה)

איך וויל דאָ אָנצייכענען עטלעכע גרונט־אײַנשטעלונגען און אידייען וואָס האָבן מיך געפּירט במשך אַ סך יאָרן. פֿון מײַן פֿריסטער יונגט אָן בין איך געווען אַרײַנגעטון און פֿאַרליבט סײַ אין דער פֿיר טויזנט־יעריקער ייִדישער קולטור, סײַ אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע. איך האָב געזען חכמה, שיינקייט און דערהויבנקייט אי אין ישעיה און תהילים, אי אין דער פּאָעזיע פון שעקספּיר און מילטאָן.

ביזן אויפֿשטײַג פֿון נאַציזם האָב איך געגלייבט אין, און געהאָפֿט אויף, דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, און כאָטש איך בין מיט די יאָרן געוואָרן סקעפּטיש בנוגע אַלע טאָטאַלע משיחישע לייזונגען און בנוגע דער חכמה פון די מאַסן, און ווייס אַז אויך די אינטעליגענץ איז נישט פֿרײַ פֿון אירע אַפּיומס — ווי מאַרקסיזם, עקסיסטענציאַליזם אַדער פּסיכאָאַנאַליז — פֿונדעסטוועגן האָף איך נאָך אַלץ און פֿריי זיך מיט יעדן נצחון פֿון די באמת הומאַנע, ליבעראַלע, סאָציאַלע באַוועגונגען אין דער וועלט.

איך גלייב באמונה־שלימה, אַז מיר ייִדן, וועמענס קולטור עס וואָרצלט אין דער נבֿיאישער וויזיע פֿון צדק און שלום, אויב מיר ווילן באמת זײַן אויטענטיש ייִדיש, געטרײַ צו אונדזער עטאָס, צו אונדזער געשיכטלעכן גאַנג, מוזן מיר העלפֿן מיט אַלע כּוחות מתקן זײַן די וועלט, און דאָס איז אויך אין אונדזערע אייגענע אינטערעסן. ייִד־זײַן מיינט פֿאַר מיר לעבן מיט עטישע ווערטן, מיט גלויבן און אַרבעטן פֿאַר אַ הומאַנער וועלט, אַ וועלט ווו עס וועט זײַן ווייניקער אומרעכט, ווייניקער מלחמות, ווייניקער ליידן און אַ סוף צו אָרעמקײַט.

ווי אַ וועלטלעכער ייִד פֿיל איך זיך אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט וואָס ציט זיך פֿון באַרג סיני, ווו אַלע ייִדן פֿון אַלע דורות זענען געשטאַנען. פֿאַר מיר איז ייִדישקייט אַזוי גראַנדיעז, אַזוי פּרעכטיק אַז ס'איז כּדאַי צו ברענגען קרבנות עס זאָל ווײַטער לעבן און בליִען. מיט ייִדישקייט מיין איך אַלע עמאַנאַציעס פֿון ייִדישן זשעני — דעם תּנ״ך, דעם תּלמוד, קבלה, די ייִדישע מחשבֿה און די מאָדערנע העברעיִשע און ייִדישע ליטעראַטור. איך בין איבערגעצײַגט, אַז אויב מיר ייִדן זאָלן חלילה אונטערגיין, וואָלט די מענטשהייט שטאַרק פֿאַראָרעמט געוואָרן.

אין מײַנע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, ס'הייסט אין די צוואַנציקער יאָרן, האָב איך געהאַט ספֿקות וועגן דער מעגלעכקייט פֿון אַ ייִדיש־קולטורעלן המשך דאָ; עס האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז אַסימי־לאַציע איז דאָ אומפֿאַרמײַדלעך; אַז וואָס אַ דור ווײַטער אַלץ אַנעמישער וועט ווערן די אַמעריקאַנער ייִדישקייט; אַז די קינדער פֿון אָרטאָ־דאָקסישע ייִדן וועלן ווערן קאָנסערוואַטיוון, און די קינדער פֿון קאָנסערוואַטיוון וועלן ווערן רעפֿאָרם־ייִדן, און זייערע קינדער — עטישע קולטוריסטן אָדער אוניטאַריער.

דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך בהדרגה אָנגעהויבן בײַטן צום בעסערן אין אָנהייב פֿון די פֿופֿציקער יאָרן. אפֿשר צוליבן אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל און דעם מוראדיקן רושם פֿון דריטן חורבן אויפֿן היגן ייִדנטום. ס'האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן אַ וויטאַלער, פֿאַרשיידנ־אַרטיקער, אייגנאַרטיקער ייִדישער קיבוץ, וואָס וועט מסתּמא נישט זײַן קיין קאָפּיע פֿון מיזרח־ אָדער מערבֿ־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, אָבער וועט — האָפֿן מיר — זײַן אַן עכט ייִדישער, אויטענטישער שבֿט; אַ שבֿט וואָס וועט ציִען זײַן יחוס־בריוו פֿון אַבֿרהם־אָבֿינו, און וועט לערנען און האַלטן טײַער אַלע מאָנומענטאַלע ווערק וואָס ייִדן האָבן פּראָדוצירט במשך זייער געשיכטע. דער דאָזיקער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ וועט, צוזאַמען מיט מדינת־ישׂראל, טראָגן דאָס אַחריות, ווי דער צאָל־רײַכסטער שבֿט אין די תּפֿוצות, פֿאַר אַלע ייִדישע צעשפּרייטקייטן. איך האָב אײַנגעזען, אַז דאָס ייִדנטום אין צפֿון־אַמעריקע הייבט ערשט אָן זײַן געשיכטע, און אַז דער אינטעלעקטועלער פֿערמענט צווישן דעם בעסטן

טייל פֿון אונדזער יוגנט אין די אוניווערסיטעטן, מיט אירע זוכונגען און שטרעבונגען, קען זײַן אַ פּרעלוד פֿון אַ ייִדישן רענעסאַנס אין אַמעריקע. די מערכה פֿון ייִדישקײַט בײַ הי־געבוירענע ייִדן איז, לויט די השׂגות פֿון אַ ייִדיש־ייִד, נאָך ווײַט פֿון גוט; אָבער בעסער ווי מיט פֿופֿציק יאָר צוריק.

אַמעריקע איז נישט קיין האָמאָגעניש, מאָנאָליטיש, לאַנד; דאָס איז אַ מדינה, וווּ ייִדן זענען אַן עטנישע מינאָריטעט צווישן אַ סך אַנדערע עטנישע גרופּעס. איז דעריבער דער דרוק פֿון דער דאָמינירנדיקער אַנגלאָ־סאַקסישער קולטור נישט אַזוי אַסימילירנדיק ווי אין פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, איטאַליע. אַוודאי איז דער פֿאַקט, וואָס ייִדן זענען דאָ מער אינטעגרירט ווי אין וועלכן אַנדערן לאַנד אין אונדזער געשיכטע, דענאַציאָנאַליזירנדיק; אָבער צי מוז דאָס פֿירן צו אויפֿלייזונג? און צי מוז ייִדישע עקסיסטענץ דאָ זײַן אַ קאָפּיע פֿון מיזרח־אייראָפּע? אַ מאָל האָט מען געמיינט, אַז רעפֿאָרם־ייִדישקײַט איז אַ פֿאָרשפּיל צו אַסימילאַציע. הײַנט זעען מיר, אַז די רעפֿאָרם־ראַבײַס און זייערע טעמפּלען און צענטערס זענען געוואָרן ציוניסטיש און ייִדישלעכער ווי מיט יאָרן צוריק.

דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ איז אַ נײַער פֿענאָמען אין דער ייִדישער געשיכטע. קיין מאָל זענען ייִדן נישט געווען אַזוי פֿרײַ אין די תּפֿוצות; מיר לעבן דאָ אין קאָמפּאַקטע מאַסן אין גרויסע שטעט. אונדזער קאָמפּאַקטקײַט, אונדזערע פֿילצאָליקע רעליגיעזע און סעקולערע אינסטיטוציעס אין אַ דעמאָקראַטיש, פּלוראַליסטיש לאַנד — אָט דאָס אַלץ איז אַ נײַקײַט אין אונדזער געשיכטע.

עס איז, דוכט מיר, נישט נייטיק צו באַווײַזן, אַז שפּראַך איז מער ווי אַ מיטל פֿון קאָמוניקאַציע, ספּעציעל פֿאַר אַ מינאָריטעט־פֿאָלק ווי ייִדן אין די תּפֿוצות. שפּראַך איז אַ מעדיום וואָס שפּיגלט אָפּ די נאַציאָנאַלע ציוויליזאַציע; זי איז דער רעזערוווואַר פֿון פֿאָלקסווערטן, פֿון איר אייגנאַרטיקײַט, פֿון איר פֿרייד, הומאָר און טרויער. די ייִדישע שפּראַך, וואָס אַ ייִדיש קינד לערנט, ווען דער לימוד איז פֿאַרבונדן מיט ייִדישקײַט, מיטן ייִדישן יום־טובֿ, מיטן ייִדישן לעבן פֿון אַמאָל און הײַנט, פֿירט אַרײַן

דעם תּלמיד אין ייִדישער אַנדערשקײַט, אין דער ייִדישער קולטור־ספּערע פֿון זײַן פֿאָלק. ער ווערט דורכן ייִדישן ליד און דער ייִדישער ליטעראַטור סענסיטיוו און באַהאַפֿטן מיטן לעבן פֿון פֿריִערדיקע און הײַנטיקע דורות.

אָבער דאָס מיינט נישט, אַז מע קען נישט שאַפֿן עכט ייִדישע ווערק — פּאָעזיע און בעלעטריסטיק — אין ענגליש, אויב די קינסטלערס שטייען אויפֿן באָדן פֿון דער ייִדישער טראַדיציע און באַציִען זיך פּאָזיטיוו צום ייִדישן לעבן. די ווערק פֿון סאָול בעלאָו, בערנאַרד מאַלאַמוד, אַבֿרהם קליין, למשל, זענען ייִדישע ווערק: פּונקט אַזוי ווי היינעס „ראַבינער פֿון באַכראַך" אין דײַטש, זאַנגווילס דערציילונגען אין ענגליש, איסאַק באַבעלס דערציילונגען אין רוסיש געהערן צו דער ייִדישער ליטעראַטור. בעלאָוס „הערצאָג" און „מ"ר סאַמלערס פּלאַנעט" זענען אויפֿבליצן פֿון ייִדישער שעפֿערישקײַט, ווײַל יעדער אינטעלי־גענטער ייִדישער לייענער וועט אײַנזען, אַז די צענטראַלע פּערסאָ־נאַזשן אין די דערמאָנטע ווערק זענען אייביקע ייִדן, וואָס זוכן אַ זינען פֿאַר זייער עקסיסטענץ דורך מתקן זײַן די וועלט; און תּיקון־העולם איז זינט די נבֿיאים אַ צענטראַלע ייִדישע אידייע.

דער ייִנגערער דור אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערס (לאָמיר דער־מאָנען עטלעכע: סינטיאַ אָזיק, אַרטור קאָהען, חיים פּאָטאָק, מאַרק העלפּרין) וויל דורכויס באַטראַכט ווערן ווי ייִדישע שרײַבערס. זייערע אײַנשטעלונגען און אינטערעסן שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ ייִדישן דרך: זיי פֿאַראורטיילן אַסימילאַציע, און גלייבן אַז ס'וועט קומען אַן אויפֿבלי פֿון אַ ייִדישער ליטעראַטור אויף ענגליש. זיי מאַכן ערנסטע אָנשטרענ־גונגען צו געפֿינען זייער ליטעראַרישע יניקה נישט אין אָפּגע־פֿרעמדטקײַט און קעגן־קולטור, נאָר אין דער ייִדישער טראַדיציע און גײַסטיקײַט.

דער אינהאַלט פֿון דער קומעדיקער אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור וועט מסתּמא זײַן אַנדערש אין ניואַנסן פֿון דער ישׂראלדיקער אָדער מיזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישקײַט; אָבער אויב זי וועט וואָרצלען אין תּנ"ך, אין תּלמוד, אין דער ייִדישער מחשבֿה און אין דער מאָדערנער

העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור, ווען זי זײַן אי דורותדיק, אי מאָדערן — און ממילא אויטענטיש ייִדיש. דער מיטל־עלטערלעכער ייִד פֿון ר׳ יהודה הלוי'ס טאָלעדאָ, פֿון רמבמס קאָרדאָווע און קאַיִראָ, איז געווען אַנדערש אין שפּראַך, השׂגות, הלבשה פֿונעם ייִד אין דער בבֿלישער סורא און פּומבדיתא, פּונקט ווי דער ייִד פֿונעם איצטיקן ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס איז אַנדערש אין זײַן לעבנס־שטייגער פֿונעם ייִד אין וואַרשע און ווילנע. אָבער אי דער בבֿלישער ייִד, אי דער ספֿרדישער און פּויליש־ליטווישער זענען אַלע רינגעלעך אין דער ייִדישער גאָלדענער קייט. אויך דאָ, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וועט זיך אויסקריסטאַליזירן אַ נוסח־אַמעריקע וואָס וועט זיך נישט דאַרפֿן שעמען פֿאַר נוסח ספֿרד און נוסח אַשכּנז.

דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום דאַרף נישט געמאָסטן ווערן מיט אייראָ־פּעיִשע אָדער ישׂראלדיקע קריטעריעס; עס איז אַן אייגנאַרטיקער שבֿט אין וועלט־ייִדנטום וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קיבוץ־גלויות אין באַדינגונגען פֿון פֿרײַהײַט און פּלוראַליזם — אַזאַ קאָלעקטיוו וואָס די ייִדישע געשיכטע האָט קיין מאָל פֿריִער נישט געקענט. מען קען דעריבער נישט מאַכן קיין אַנאַלאָגיעס מיט אַנדערע ייִדישע קיבוצים אין פֿריִערדיקע תּקופֿות. אונדזער הויפּט־עובֿדה דאַרף זיך איצט קאָנצענ־טרירן אויף איבערגעבן די קומעדיקע דורות אַ וואָס רײַכערן עקסטראַקט פֿון דער ייִדישער גײַסטיקער ירושה, און ספּעציעל פֿון דער מיזרח־אייראָפּעיִשער תּקופֿה.

ווי אַ ייִדישער דערציִער במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט געדענק איך גוט די דרײַ זאַכן, וואָס די אַנשי־כּנסת־הגדולה האָבן אונדז אָנגעזאָגט: הווּ מתונים בדין והעמידו תּלמידים הרבה, ועשו סיג לתורה — זײַט געלאַסן בײַ אַ משפּט, שטעלט אויף אַ סך תּלמידים, מאַכט אַ צאַם אַרום דער תּורה. לויט מײַן מדרש און אינטערפּרעטאַציע מיינט דאָס: זײַט געדולדיק און אײַנזעעריש ווען איר מישפּט דעם יונגן דור. פֿירט מיט אים אַ פֿרײַנדלעכן דיאַלאָג; פֿאַראורטיילט נישט אַלץ וואָס ס׳איז נײַ, אַפֿילו ווען ס׳איז נישט בעסער, ווײַל אויך איר זענט געווען בונטאַרן קעגן די פֿירונגען פֿון אײַערע עלטערן. יעדער דור האָט אַ רעכט צו

מאַכן אויסבעסערונגען צו דער קאָנסטיטוציע און זי צו רעאינטער־פּרעטירן אין הסכּם מיט זײַנע נויטן. ווען מע האָט געפֿרעגט הרבֿ אַבֿרהם־יצחק קוק (1935־1865) פֿאַר וואָס ער איז אַזוי סימפּאַטיש צו די אַפּיקורסישע חלוצים, זאָל ער האָבן געענטפֿערט, אַז בלויז דער כּהן־גדול האָט געמעגט אַרײַנגיין אין קדשי־קדשים, און נאָר אום יום־כּיפּור, אָבער די וואָס האָבן געבויט דעם בית־המקדש האָבן געמעגט אין אים אַרײַנגיין אַ גאַנץ יאָר. די בויערס פֿון הײַנטיקן ייִדישן לעבן מעגן בײַטן — מאַכן אויסבעסערונגען, תּקנות — דעם בית־ישׂראל, אָבער זיי מוזן עס טון בדחילו ורחימו.

דער צווייטער אָנזאָג פֿון די אַנשי־כּנסת־הגדולה איז: שטעלט אויף אַ סך תּלמידים. דער ייִדיש־וועלטלעכער סעקטאָר קען זיך צום באַדויערן נישט באַרימען, אַז ער האָט צוגעגרייט אַ סך יורשים פֿאַר אונדזער ייִדיש־ייִדישקײַט. די ייִדיש־וועלטלעכע שולן פֿון אַלע שאַטירונגען האָבן אַרײַנגעשריבן אַ וואַגיק און שיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון ייִדישער דערציִונג אין אַמעריקע. צוויי־דרײַ דורות ייִדישע לערערס און שולטוערס האָבן געאַקערט און געזייט, און מיט האַרץ־און־נשמה געפֿלאַנצט ייִדישקײַט אין אונדזערע קינדער, אָבער דערווײַל זעט זיך נישט קיין נאָכוווקס. איך גלייב, אַז אויב מיר וועלן אין אַמעריקע האָבן אַ גײַסטיק דיפֿערענצירט לעבן, וועלן מיר אויך דאָ, פּונקט ווי אין ישׂראל, האָבן אַ שאַפֿערישן ייִדיש־וועלטלעכן סעקטאָר, וואָס וועט בויען שולן אין הסכּם מיט זײַן וועלטבאַנעם.

דער דריטער אָנזאָג פֿון די אַנשי־כּנסת־הגדולה איז: מאַכט אַ צאָם אַרום דער תּורה. דאָס איז פֿאַר מיר ייִדיש און העברעיִש; און אין די תּפֿוצות — קודם־כּל: ייִדיש. ווײַל ייִדיש איז אין די ייִדישע צעשפּרייט־קײַטן אַ מאָדערנע צאָם, וואָס העלפֿט אויפֿהיטן ייִדישע אַנדערשקײַט און ייִדישקײַט. ייִדיש שאַפֿט אַ נאַציאָנאַלע אינטימקײַט וואָס סעפּאַרירט ייִדן פֿונעם אַרום, אָבער איזאָלירט זיי נישט אין אַ געטאָ און צווינגט נישט אַרויף אויף זיי קיין דאָגמעס, אָדער אַ וועלט־באַנעם. אין ייִדיש קען מען זײַן וועלטלעך אָדער פֿרום, נאַציאָנאַליסטיש אָדער אינטערנאַציאָנאַ־

ליסטיש. דערפֿאַר דאַרפֿן מיר מיט אַלע כּוחות אָנהאַלטן ייִדיש ווי אַ שפּראַך פֿון טאָג־טעגלעכקייט און יום־טובֿדיקייט.

איך האָב געגלייבט, און איך גלייב אין טראַדיציע און באַנײַונג; אין היסטאָרישער ייִדישקייט און פֿרײַען געדאַנק; אין קאָנטינויִטעט און רעוויזיע; אין שורשדיקייט און צופּאַסונג צום הײַנטיקן גײַסטיקן קלימאַט. אַ דאַנק דעם האָבן מיר באַוויזן צו בלײַבן לעבן, און אַט דער דרך וועט אונדז אויך העלפֿן בײַקומען הײַנטיקע מכשולים און דילעמעס.

(1983)

## I די ראָלע פֿון ייִדן אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע

# דער קריזיס אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע און ייִדישע פּערספּעקטיוון

## I

עס איז נישט נייטיק צו באַווײַזן אַז די מערבֿ־ציוויליזאַציע — אין אייראָפּע און אַמעריקע — מאַכט איצט דורך אַ קריזיס. פֿאַר יעדן איינעם וואָס איז וואַך צו די געשעענישן פֿון אונדזער צײַט איז באַשיים־פּערלעך קלאָר, אַז די דעמאָקראַטישע אַמעריקע און אייראָפּע גייען איצט דורך אַמווייניקסטן אַ דרײַפֿאַכן קריזיס: 1) דער עקאָנאָמישער קריזיס פֿון דער אינפֿלאַציע; 2) דער פּאָליטישער קריזיס צוליב דער אויסשפּרייטונג פֿון דער סאָוועטישער אײַנפֿלוס־ספֿערע; 3) און דער קולטור־קריזיס אין די פֿונדאַמענטאַלע אינסטיטוציעס פֿון אונדזער ציוויליזאַציע — די אויטאָריטעט פֿון רעגירונגען, פֿון לערער, עלטערן, שול ווערט כּסדר אונטערגעמינעוועט דורך דעם גאַנג פֿון געשעענישן און נײַע אידייען. ווילן מיר דאָ נישט באַטראַכטן די אַלע פֿאַזעס פֿון קריזיס. דער עיקר ווילן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דעם לעצטן אַספּעקט פֿון דער מחלה, און אויף דעם מקור פֿון פֿאַרשפּרייטן פּעסימיזם בנוגע דער צוקונפֿט פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע, ווען אַ סך מענטשן ווערן אָנגעשטעקט מיט אונטערגאַנג־שטימונגען און טעאָריעס.

אַלע גיבן צו, אַז בײַ אונדז אין לאַנד איז דער קריזיס פֿאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב דער פֿאַרלאָרענער מלחמה אין וויעטנאַם, און צוליב דער וואָטערגייט־געשיכטע, וואָס האָט דיסקרעדיטירט נישט בלויז דעם דעמאָקראַטיקן פּרעזידענט (ניקסאָן) נאָר אויך די גאַנצע עסטאַבלישמענט. ס'איז אַ פֿאַקט אַז דער מערבֿ דאָמינירט נישט מער ווי ער האָט עס געטון אין 1945, בײַם סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה; זײַן מאַכט און

זײַנע אידייען זײַנע שוואַכער געוואָרן. די בריטישע אימפּעריע איז מער נישטאָ. די רוסן און קובאַנער זענען אין אַפריקע, און דער איסלאַם קאָנטראָלירט דעם נאַפט — די טרײַב־קראַפט פון דער אינדוסטריעלער ציוויליזאַציע.

דערצו האָט די הײַנטיקע טעכנאָלאָגיע אויסגעשטאַלט אַ מאַסן־מענטש, וועלכער צווינגט אַרויף דורכשניטלעכקײַט אויף אַלצדינג, אַזוי אַז מענטשן מיט אומאָפּהענגיקע מיינונגען ווערן אַלץ קלענער אין צאָל, און זייער השפעה, אין אַ צײַט פון „גאַלאַפּ־אָפּשטימונגען" — אַלץ שוואַכער. יעדער וואָס איז אַנדערש פון דורכשניט ווערט אָדער עלימינירט, אָדער רעדוצירט צום שווײַגן. ס'איז אַ פּעריאָד פון דעקאַדענץ, ווען די טעכניק איז געוואָרן אײַנגעשפּאַנט פאַר דעסטרוקטיווע מלחמה־צילן, און דער מענטש איז נישט אימשטאַנד צו קאָנטראָלירן די טעכנאָלאָגישע כּוחות.

ס'איז קלאָר, אַז דער מערבֿ האָט, ביז אַ געוויסער מאָס, פאַרלאָרן דעם גלויבן אין זײַנע אינסטיטוציעס; אַז זײַנע חולאתן האָבן זיך פאַרמערט, און אַז ער איז שוואַכער אין פאַרגלײַך מיט דרײַסיק יאָר צוריק. אָבער, מיינט דאָס אונטערגאַנג? אָדער איז דאָס בלויז אַ צײַטווײַליקע ירידה? איז דאָס אַ פאַרקלענערונג פון דעם מערבֿס דאָמינירנדיקער ראָלע, ווי אין 1945, אָדער אַן אומפאַרמײַדלעכער אונטערגאַנג, ווײַל אַזוי איז דער געשיכטלעכער גזר, וואָס מיר קענען נישט ענדערן. אין דעם פאַל, — אויב אונדזער ציוויליזאַציע איז פאַרמשפּט צו ווערן אָפּגעמעקט, מיינט דאָך דאָס דער אויפגאַנג פון זײַן קאָנקורענט — פון קאָמוניזם, וועלכער פּרעטענדירט צו זײַן אַ העכערע ציוויליזאַציע. אויב אַזוי מוז מען אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך בײַ דער רוסישער קאָמוניסטישער ציוויליזאַציע.

וויל מען זיך באַקענען מיטן צושטאַנד פון דער קאָמוניסטישער טעאָריע און דער עיקר מיט איר פּראַקטיק געפינען מיר די בעסטע סומירונג אין בריוו וואָס סאָלזשעניצין האָט (אין 1974) אַדרעסירט צו די סאָוועטישע פירער. ער ווײַזט דאָרטן אָן אויף די פאַלשקײַטן פון מאַרקסיזם־לעניניזם, און ער קומט צו די דאָזיקע אויספירן: א) ס'איז

פֿאַלש די טעאָריע וואָס זאָגט, אַז דער אַרבעטער וועט גאָרנישט דער־גרייכן אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דער אַרבעטער האָט יאָ בענעפֿיטירט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. באַטראַכט די אַרבעט־צײַט וואָס ס׳איז נויטיק פֿאַר די אײַנוואוינער פֿון וואַשינגטאָן, בערלין, לאָנדאָן, פּאַריז, מאָסקווע צו קויפֿן הויז־פּראָדוקטן: 17.2% פֿון דער אַרבעט־צײַט פֿאַר וואַשינגטאָן, 22.4% פֿאַר בערלין, 25.7% פֿאַר פּאַריז, 28.2% פֿאַר לאָנדאָן און 78.8% פֿאַר מאָסקווע; ב) ס׳איז פֿאַלש וואָס לענין האָט באַהויפּט, אַז בלויז אַדאַנק זייערע קאָלאָניעס האָבן די אייראָפּעאישע לענדער געקענט עקסיסטירן עקאָנאָמיש; האָלאַנד האָלט אָן אַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרד שוין נאָך דעם ווי זי האָט פֿאַרלאָרן אירע קאָלאָניעס; ג) ס׳איז פֿאַלש וואָס לענין זאָגט, אַז די סאָציאַליסטן וועלן קומען צו דער מאַכט נאָר דורך אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, און אַז רעוואָ־לוציעס וועלן פֿאָרקומען אין די אינדוסטריעלע לענדער; ביידע באַהויפּ־טונגען זענען נישט־אמת; ד) מלחמות זענען על־פּי מאַרקסיזם־לעניניזם כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן קאַפּיטאַליזם; אָבער אויך דאָס איז פֿאַלש. די קאָנקורענץ צווישן די צוויי „סאָציאַליסטישע״ אימפּעריעס — סאָוועט־רוסלאַנד און כינע, און די מלחמה צווישן כינע און וויעטנאַם באַווײַזט, אַז אויך סאָציאַליסטישע מלוכות זענען נישט פֿרײַ פֿון מלחמות; ה) דער מאַרקסיזם איז נישט נאָר נישט קיין וויסנשאַפֿט, נאָר אין אויך אומבאַ־האָלפֿן צו דערקלערן דעם מהות פֿון מענטשן און פֿון דער געזעלשאַפֿט.

בלויז דאָס בענקען נאָך אַ גלויבן קען דערקלערן פֿאַרוואָס דער מאַרקסיזם־לעניניזם האָט נאָך אַלץ אַן אָנגעהערשאַפֿט אין אַ ריי לענדער. פֿאַקטיש איז דאָך סאָוועט־רוסלאַנד אַ מיליטערישע אימפּעריע, געפֿירט פֿון אַ צענטראַליזירטער ביוראָקראַטיע און אַן אַלמעכטיקער פּאָליציי, וואָס האַלט אַן אויג אויף יעדן אונטערטאַן, כּדי אַרויפֿצו־צווינגען איר קאָמוניסטישן גלויבן. זי מוז נאָך אַלץ אימפּאָרטירן ווייץ און טעכנאָלאָגיע פֿון אַמעריקע און מערבֿ־אייראָפּע. פֿאַר די אָלימפּישע שפּילן האָט זי געדאַרפֿט בעטן אייראָפּעאישע אינזשענירן צו בויען די האָטעלן וואָס זאָלן אַקאָמאָדירן די דערוואַרטע טוריסטן. בלויז צוליב דער אייביקער מענטשלעכער בענקשאַפֿט נאָך אַ משיח האָט אַזאַ פֿאַלשע

פּילאָסאָפיע ווי דער מאַרקסיזם אַ נאָכפּאָלגערשאַפט — נאָך אַלע גולאַגס, נאָך אַלע גרויזאַמקייטן וואָס זײַנע אָנהענגער זענען באַגאַנגען. טאָקע צוליב איר אוטאָפּישקייט בלײַבט אָט די פּאַלשע דאָקטרין לעבן נאָך אַלע אירע דורכפאַלן, אין סאָוועט־רוסלאַנד.

ווען מען טראַכט זיך אַרײַן אין דעם פענאָמען זעט מען גלײַך אײַן די סתירה וואָס איז פאַרקערפּערט אין משיחישן דעספּאָטיזם פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. די באַוועגונג איז אַ פּראָדוקט פון אַ קריטישער שטעלונג צום סטאַטוס־קוואָ, אָבער וואָס שייך אירע אידייען און אָרגאַניזאַציע שטעלט זי מיט זיך פאָר אַ צוריקגאַנג צום עבר. גערעכט איז געווען קאַמו אַז קיינע פון די צרות וואָס דער טאָטאַלי־טאַריאַניזם וויל אָפּשאַפן איז נישט אַזוי שלעכט ווי דער טאָטאַלי־טאַריאַניזם גופא. פאַקטיש שאַפט ער אויך נישט אָפּ די צרות קעגן וועלכע ער שרײַט. ווי למשל בײַ די רוסן, וועלכע האָבן אַנשטאָט דער צײַטווײַליקער אַרבעטסלאָזיקייט פון מערב, הונגער און ליידן אין די אַרבעטס־לאַגערן. און נישט געקוקט אויף מ. גאָרבאַטשעווס ליבעראַלע זשעסטן האָט נאָך אַלץ די קאָמוניסטישע פּאַרטיי דעם מאָנאָפּאָל אויפן „אמת" און דעם לעבן פון בירגער.

## II

יאָ, די מערבֿ־ציוויליזאַציע איז שוואַכער געוואָרן; עפּעס תוכיקס אין איר איז אַוועק שלעכט. אָבער מען קען אַ סך טון זי צו פּרעזערווירן און אויסצובעסערן; און מיט אַלע אירע דעפעקטן און שוואַכקייטן שטייט זי העכער און איז עטישער פון דער קאָמוניסטישער ציוויליזאַציע. אָבער איידער מיר באַטראַכטן וואָס מען קען טון זי צו פאַרפעסטיקן דאַרף מען געדענקען, אַז ס'איז נישטאָ קיין אומפאַרמײַדלעכער געשיכטלעכער גאַנג ווי געוויסע היסטאָריקער, פון אַלערליי שיטות, ווילן אונדז אײַנרעדן. נישטאָ קיין אַבסאָלוטע געזעצן לויט וועלכע מען קען נבֿיאות זאָגן וועגן דער צוקונפט, און עס זענען נישטאָ קיין אומפאַרמײַדלעכע פּראָצעסן אין דער געשיכטע וואָס מענטשן קענען נישט ענדערן.

עס זענען באַקאַנט די היסטאָריאָזאָפֿיעס וואָס באַטראַכטן געשיכטע ווי אַ פּראָדוקט פֿון אומפּערזענלעכע כּוחות וואָס מוזן פֿאָלגן אייביקע געזעצן. געשיכטע, הייסט עס, אַנטוויקלט זיך נישט לויט דעם ווילן פֿון מענטשן, נאָר ס׳איז דאָ אַן אומפֿאַרמײַדלעכקייט אין די געשעענישן וואָס מענטשן קענען נישט ענדערן. לויט דער פֿילאָזאָפֿיע קומט אויס, אַז ווען מען שטודירט דעם עבֿר, קען מען פֿון אים אָפּלערנען און פֿאָרויסזען דעם גאַנג פֿון געשעענישן אין דער צוקונפֿט. די היסטאָריקער ישעיה בערלין, ריימאָן אַראָן, טרעוואָר־ראָפּער און אַנדערע דענקער האָבן באַוויזן אַז דער דאָזיקער איינשטעל איז נישט וויסנשאַפֿטלעך, נישט באַגרינדעט, און אַז געשיכטע איז נישט קיין וויסנשאַפֿטלעכע דיסציפּלין. בלויז אין אַלגעמיינע טערמינען, און מיט געוויסע „אויבס״ קען מען פֿאָרויסזען. ווי למשל, ווען אַ פֿאָלק איז לאַנג אונטערגעדריקט קען מען פֿאָרויסזאָגן, אַז ס׳וועט פֿריער אָדער שפּעטער רעוואָלטירן. אָבער ווען אַ היסטאָריקער הייבט אָן נבֿיאות זאָגן וואָס עס וועט טרעפֿן בפּרטיות, האָט עס נישט קיין האַפֿט. ווער, למשל, וואָלט געקענט פֿאָרויסזאָגן, אַז קובאַ וועט ווערן אַ רוסישער פֿאָרפּאָסטן אין קאַריבעאישן ים? אָדער ווער וואָלט אין 1910 פֿאָרויסגעזאָגט דעם גאַנג פֿון די קומעדיקע פֿופֿציק יאָר?

אָט די נבֿיאות־זאָגערײַ איז לויט ישעיה בערלין, איינער פֿון די אָנגעזעענסטע דענקער פֿון אונדזער צײַט, אַ מיראַזש וואָס דערשײַנט אין צײַטן פֿון אומרואיקייט און צעטומלעניש. דעמאָלט מערן זיך די „נבֿיאים״ וואָס ווייסן כּלומרשט וואָס עס וועט געשען אין דער צוקונפֿט. „דער עיקר שטאַמט עס פֿון אַ פֿאַרלאַנג צו אַנטלויפֿן פֿאַר באַשיצונג צו אַן אַמאָראַלישער, אומפּערזענלעכער, מאַנאָליטישער גאַנצקייט, צו דער נאַטור, אָדער געשיכטע, אָדער קלאַס, אָדער ראַסע... דאָס איז אַן אימאַזש וועלכער איז אָפֿט דערשינען אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, אַלעמאָל אין צײַטן פֿון בהלה און אינעווייניקסטער שוואַכ־קייט״. אויך אין עבֿר זענען געווען פּעריאָדן ווען מען האָט געמיינט, אַז די וועלט גייט באַרג־אַראָפּ, און קאָנסערוואַטיווע קלאַסן, ווען זיי שטייען פֿאַר ראַדיקאַלע ענדערונגען מיינען אַלעמאָל, אַז ס׳איז דער סוף פֿון

דער וועלט. דער מאַרקסיזם מיט זיינע פּרעטענזיעס אויף וויסנשאַפט־לעכקייט שלעפּערט איין די אינטעליגענץ, פּונקט ווי מאַרקס האָט געטענהט, אַז רעליגיע שלעפּערט איין די מאַסן. לויט ריימאָן אַראָנס זאָג איז דער מאַרקסיזם דער אָפּיום פֿון די אינטעלעקטואַלן.

פּונקט אַזוי אומוויסנשאַפטלעך איז אָסוואַלד ספּענגלערס טעאָריע פֿון ציקלען אין ציוויליזאַציעס, וואָס איז געווען פּאָפּולער ביים סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס'הייסט אַז יעדע קולטור גייט דורך אַ לעבנס־ציקל פֿון יוגנט דורך רייפקייט און עלטער ביז טויט, און אַז די מערבֿ־קולטור האָט שוין דורכגעמאַכט דעם ציקל און זי וועט דעריבער אונטערגיין. אָט די דאָזיקע „נבֿואה״ איז געוואָרן אָפּגעוואָרפֿן פֿון אַ ריי דענקער, ווייל זי איז פֿול מיט דאָגמאַטישקייטן און סתירות. ס'איז נישט קיין וויסנשאַפט, נאָר ליטעראַטור — ליטעראַטור וואָס האָט צוגע־טראָפֿן דעם גייסטיקן קלימאַט פֿון יענער עפּאָכע, אַז אינדיווידואַליזם, הומאַניטאַרישקייט, און סקעפּטיציזם האַלטן ביי פֿאַרשווינדן. די נייע ערע וועט, לויט ספּענגלערן, זיין אַ צייט פֿון באַגרענעצטער פֿרייהייט, פֿון אַן אויפֿשטייג פֿון רעליגיע און אַ וווקס פֿון מאַכט. אין יענעם פּעריאָד, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ספּענגלערס ווערק איז דערשינען, האָט עס געגעבן אויסדרוק דער נאָך־ווערסאַל־שטימונג פֿון די דייטשן, וועלכע האָבן געליטן אַ נאַציאָנאַלע מפּלה; ס'איז מער סימפּטאָם פֿון אַ קולטור־קריזיס ווי אַ פּראָגנאָז פֿון דער צוקונפֿט.

נישט־ווייניקער אומבאַגרינדעט איז די היסטאָריאָזאָפֿיע פֿון ענגלישן היסטאָריקער אַרנאָלד טאָינבי, וועלכער זעט דעם זין פֿון געשיכטע אין דעם וואָס זי פֿירט אָוועק מענטשן פֿון וועלטלעכע צילן און פֿאַר־וואַנדלט זיי אין הייליקע. טאָינבי לייקנט, אַז געשיכטע מיינט די בהדרגהדיקע אויסברייטערונג פֿון דעם מענטשנס פֿאַרשטיין די נאַטור און זיך אַליין. לויט דעם ענגלישן היסטאָריקער זענען אַלע ציווילי־זאַציעס, ווען ס'הייבט זיך אָן זייער ירידה, פֿאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, אָבער אין פֿאַל פֿון אונדזער מערבֿדיקער ציוויליזאַציע האָבן מיר איין מעגלעכקייט געזונט צו ווערן, — אויב מיר וועלן אויפֿגעבן דעם סעקולאַריזם, און צוריקגיין צום קריסטנטום. ער רעדט גרינגשעצנדיק

וועגן אונדזערע „שטאַרק־רעקלאַמירטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קראַנקייטן". פאַר אים איז די איינציקע צרה דאָס וואָס מיר האָבן פאַרלוירן דעם רעליגיעזן גלויבן.

מען דאַרף נישט זײַן קיין אָנהענגער פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם איינצוזען ווי איינזײַטיק טאָינביס שטאַנדפּונקט איז, אַז נאָר פון גײַסטיקע כּוחות, און נישט אויך פון אויסערלעכע גוואַלד־מעשׂים איז אָפּהענגיק דאָס לעבן פון אַ ציוויליזאַציע. טאָינבי איז אייגנטלעך אַ טעאָלאָג וואָס האַלט, אַז אַלע באַזונדערע מלוכות דאַרפן אויפהערן צו עקזיסטירן, און אַז רעליגיע וועט פירן צום ווידערגעבורט פון דער מענטשהײַט.ביידע, אי ספּענגלער, אי טאָינבי זענען ווײַט פון אָביעקטיווער פאָרשונג. זיי זענען אין דער אמתן גיכער דער אויסדרוק פון קריזיס, איידער זײַנע דיאַגנאָסטיקער. ס'איז אָבער אמת אַז עפּעס תּוכיקס אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע איז אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג, איז פאַרקריפּלט געוואָרן. דאָס איז אָבער נישט די שולד פון געשיכטלעכע געזעצן, אָדער פון אַ פאַלשער פילאָזאָפיע, נאָר פון סאָציאַלע פאַרקריפּלונגען, פאַר־בלאָנדזשעונישן, מלחמות, ענדערונגען אין מאַטעריעלער און סאָציאַלער אומגעבונג. די טעכנאָלאָגישע אינאָוואַציעס פון אונדזער צײַט האָבן באַווירקט די שטעט, די סטאַבילקײַט פון דער פאַמיליע, די מאָראַלישע און עסטעטישע סענסיביליטעטן. ווי אַ בײַשפּיל: טעלעוויזיע האָט באַווירקט די יוגנט, די דערציאונג, די פּאָליטיק, און דאָס פאַמיליע־לעבן. אָדער אַ צווייטער בײַשפּיל: דער עראָפּלאַן האָט דערנענטערט לענדער און שטעט, און גלײַכצײַטיק, אַדאַנק זײַן קפיצת־הדרך, אָפּגעשוואַכט די באַנדן וואָס האָבן צוזאַמענגעהאַלטן דעם ציבור.

ווען אַ מענטש דאַרף בײַטן זײַן שטעלע צוזאַמען מיט זײַן וווין־אָרט, ווערט דער דרוק פון דער עדה אויף אים שוואַכער, און די פריערדיקע פרײַנטשאַפטן אין דער קהילה פאַרוואַסערט. אויך די פאַמיליע קען דינען ווי אַ בײַשפּיל: אַמאָליקע צײַטן איז זי געווען אַן אינסטיטוציע וואָס האָט באַשיצט אַ מענטש, אַ סאָרט סאָציאַלע פאַרזיכערונגס־געזעל־שאַפט קעגן שׂונאים, קראַנקייטן, און האָט אים גאַראַנטירט אַ ביסל באַשיצונג אויף דער עלטער. איצט איז די פאַמיליע אַ קנאַפּער אָנשפּאַר:

דער מענטש פּילט זיך איזאָלירט אויף דער עלטער, דווקא דעמאָלט ווען ער נייטיקט זיך אַמשטאַרקסטן אין שוץ, און הילף, און פֿרײַנטשאַפֿט.

עס זענען דאָ גענוג סיבות פֿאַרוואָס מיר זענען אַנטוישט אין די האָפֿענונגען וואָס די ליבעראַלע ציוויליזאַציע האָט צוגעזאָגט; אָבער כאָטש די אַנטוישונגען זענען רעאַל, מיינט עס נישט אַז מיר האַלטן בײַם סוף. מיר האָבן געהאַט מלחמות אויף אַזאַ מאַסשטאַב ווי קיינמאָל פֿריער; עקאָנאָמישע דעפּרעסיעס פֿון אַ ריזיקן פֿאַרנעם, און פּאָליטישע דעספּאָטיזמען קעגן וועלכע אַמאָליקע דעספּאָטיעס זענען אַ קינדער־שפּיל. דערצו האָבן מיר מלחמה־אינסטרומענטן וואָס דראָען דער גאַנצער מענטשהײַט מיט אומקום. און דאָך טאָרן מיר אויך נישט פֿאַרגעסן די צווייטע זײַט פֿון דער מטבע: די לעצטע פֿופֿציק יאָר האָבן מיר אויך פּראָגרעסירט אויף אַ סך געביטן. דער לעבנסשפּאַן איז באַדײַטנדיק גרעסער ווי אַמאָל; אַנאַלפֿאַבעטיזם איז אין דער מערבֿ־וועלט מער נישט בנמצא; מער מענטשן האָבן איצט מער פֿרײַע צײַט און געניסן פֿון אַ העכערן לעבנס־סטאַנדאַרד. און, וואָס ס'איז אויך נישט פֿון קליינעם באַטײַט, אונדזערע דערוואַרטונגען זענען געשטיגן.

אויף דעם לעצטן אַספּעקט פֿון אונדזער הײַנטיקן קריזיס האָט ריכטיק אָנגעוויזן דער אַמעריקאַנער דענקער טשאַרלז פֿרענקל. (זע: The Case of Modern Man by Charles Frankel. Harper & Bros, N.Y., 1956, pp 164-209) די ביטערקײַט מיט וועלכער מיר באַטראַכטן דעם אונטערשייד צווישן אונדזערע דערוואַרטונגען, פֿון איין זײַט, און אונדזער פּאַקטישע דערגרייכונגען, פֿון דער אַנדערער זײַט, איז געוואַקסן. אין עבֿר האָבן מיר אָנגענומען דעם ריס צווישן טעאָריע און פּראַקטיק, ווײַל די דעמאָלטיקע מאָראַלישע פּרינציפּן האָבן עס באַרעכטיקט, בעת איצט, דערוואַרטן מענטשן אַז אידעאַלן און ווירק־לעכקײַט זאָלן שטימען. אפֿשר דערפֿאַר זענען די הײַנטיקע תּרעומות אויף דעם קאָנטראַסט צווישן אידעאַלן און ווירקלעכקײַט אויפֿגעקומען אין אַ סעקולערער געזעלשאַפֿט, און בײַ אַ ליבעראַלן קוק אויף מענטש־לעכער געשיכטע.

ווײַל די רעוואָלוציע פֿון מאָדערנקײַט איז נישט בלויז אַן

אינטעלעקטועלע, אָדער מאַטעריעלע רעוואָלוציע, נאָר אויך אַ מאָראַלישע; אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין אונדזערע האָפענונגען, פֿאָדערונגען און דערוואַרטונגען. די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט געביטן די גרונט־דימענסיעס מיט וועלכע מיר מעסטן גליק און אומגליק, דערפֿאָלג און דורכפֿאַל. זי האָט געפֿירט דערצו אַז מיר זאָלן אַרויפֿלייגן גרעסערע פֿאָדערונגען אויף אונדזערע פֿירער. זי האָט געשאַפֿן די וויזיע פֿון אַ וועלט וועו־מענטשן וועלן באַפֿרײַט ווערן פֿון אַלטע עולן, און זיי וועלן אָנפֿירן מיט זייערע אייגענע לעבנס. אָט די רעוואָלוציע פֿון מאָדערנקייט האָט פּראָדוצירט אַ ראַדיקאַלן בליק אויף דעם מענטשנס גורל, אָננעמענדיק אַז מענטשלעכע געשיכטע קען מען קירעווען אין דער ריכטונג וווּהין מענטשן ווילן אַז זי זאָל גיין. דערפֿאַר זענען אונדזערע אַנטוישונגען אין די נישט־רעאַליזירטע דערוואַרטונגען רעאַל, אָבער זיי זענען רעאַל טאַקע דערפֿאַר ווײַל אונדזערע כּוחות זענען גרעסער, און אונדזערע דערוואַרטונגען העכער ווי אַמאָל.

### III

אין דעם דאָזיקן גײַסטיקן און פּאָליטישן קלימאַט ווי זעען אויס די נאָענטסטע ייִדישע פּערספּעקטיוון? די ייִדישע געשיכטע, ווי אַ ריי היסטאָריקער האָבן באַוויזן, איז דורכגעדרונגען מיט אַן אַמביוואַלענץ, מיט צוויי מדרגות פֿון ווערטן און באַטײַטונגען: מיר זענען, פֿון איין זײַט, אַן אויסנעמלעך פֿאָלק, אַן עם לבֿדד ישכּון, און פֿון דער צווייטער זײַט, אַ וויכטיקער קאָמפּאָנענט, אין דער וועלט־געשיכטע. אונדזער היסטאָרישע דערפֿאַרונג צייכנט זיך אויס מיט איר איינציקייט און גלײַכצײַטיק, נישט געקוקט אויף אונדזער באַזונדערן געשיכטלעכן גאַנג, האָבן מיר געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע. לויט מאַטיו אַרנאָלד איז דאָ אַן אייביקע שפּאַנונג אין דער מערבֿ־ציוויליזאַציע צווישן די צוויי באַשטאַנדטיילן אירע: צווישן דעם ייִדישן און גריכישן עלעמענט, צווישן העבראַאיזם און העלעניזם, ווי ער רופֿט עס. דער ערשטער פֿאַרקערפּערט עטיק און צדק; דער צווייטער — עסטעטיק און אַליין־רעאַליזירונג.

דאָס קריסטנטום האָט אין מיטלאַלטער פּרובירט איבערנעמען דעם ייִדישן קאָמפּאָנענט. נאָך מער האָבן עס געטון די פּראָטעסטאַנטן, די פּוריטאַנער. שפּעטער, אין נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָבן דער ליבעראַליזם און דער סאָציאַליזם ווידער גענומען זייער אינספּיראַציע פֿון ייִדישן עלעמענט, וועלכער האָט געשאַפֿן אַ וויזיִע פֿון אַ משיחישן אידעאַל, אַז די וועלט־געשיכטע גייט צו אַ קלימאַקס פֿון אַ באחרית־הימים. אויך אין דער רעוואָלוציע פֿון מאָדערנקײַט האָבן ייִדן געשפּילט אַ צענטראַלע ראָלע. מאַרקס, פֿרויד, איינשטיין, קאַפֿקאַ, מאַרסעל פּרוס, און לעווי־סטראַוס האָבן אַ גרויסן חלק אין געשטאַלטן דאָס פּנים פֿון דער מערבֿ־וועלט במשך די לעצטע הונדערט יאָר.

איצט קומט פֿאַר מיטן ייִדישן קאָמפּאָנענט אין דער וועלט־געשיכטע אַן איבערקערעניש, אין אַ נײַעם קאָנטעקסט. מדינת ישׂראל איז געוואָרן אַ סענסיטיווער באַראָמעטער אין האַרץ פֿון אַ גלאָבאַלן מאַכט־סיסטעם, וואָס קען אַמאָל דעצידירן דעם גורל פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע. די שׂונאים פֿון ישׂראל און פֿון ייִדישן פֿאָלק קומען איצט פֿון קאָמוניסטישן לאַגער וועלכער פֿאַרשפּרייט סם וועגן אַ ציוניסטיש־אימפּעריאַליסטיש־אַמעריקאַנער קאָנספּיראַציע. בראָש פֿון אַנטי־ישׂראל לאַגער שטייט סאָוועט־רוסלאַנד, צו וועמענס אויפֿקום און מאַכט ייִדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אַזוי פֿיל בײַגעשטײַערט. ייִדן ווי רעבעלן, נאָן־קאָמפֿאָרמיסטן, רופֿן אַרויס — אומצוטרוי בײַ די הײַנטיקע גלײַכשאַלטנדיקע קאָמוניסטישע מושלים.

דערצו לעבן מיר איצט, נישט געקוקט אויפֿן כלומרשטן קאָמוניסטישן „אינטערנאַציאָנאַליזם", אין אַ פּעריאָד פֿון פֿאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַליזם: פֿון איין מלוכה, איין נאַציע, איין אידעאָלאָגיע. ס'איז אַ צײַט פֿון גלײַכשאַלטונג, ברוטאַלקײַט, און אומטאָלעראַנץ, ווען ס'ווערט אַלץ שווערער פֿאַר יחידים און מינאָריטעטן צו זײַן אַנדערש, נאָן־קאָנפֿאָרמיסטיש. אַמאָל האָבן מיר ייִדן געדאַרפֿט קעמפֿן פֿאַר גלײַכע רעכט; איצט, אַז מיר האָבן עס צום גרעסטן טייל דערגרייכט, אין מערבֿ־אייראָפּע און אַמעריקע, דאַרפֿן מיר קעמפֿן פֿאַרן רעכט צו זײַן אַנדערש. אין די קאָמוניסטישע לענדער ווו ס'איז בלויז פֿאַראַן אָרט פֿאַר איין

אידעאָלאָגיע, איין פּאַרטיי, איין איזם, זענען ייִדן די קרבנות פֿון אַן אָפֿיציעלער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק — אין אייניקע „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס״ אַ ביסל ווייניקער, אין אַנדערע מער.

דער רויטער אַנטיסעמיטיזם ווירקט זיך אויס אינעווייניק אין ייִדישן לעבן אין צוויי ריכטונגען: אַ טייל פֿון אונדזער יוגנט ווערט באַווירקט פֿון אימאַזש וואָס אַנטיסעמיטן שאַפֿן וועגן אונדז ווי „וויַיסע זיגער״, „ראַסיסטן״. אַן אַנדער טייל, די באַוווּסטזיניקע, די סענסיטיווע ווערן געטריבן צו זעלבסט־אַפֿירמאַציע, צו אַן אינטערעס אין ייִדיש וויסן, צו פֿאַרוואָרצלען זיך אין זייער אייגענער פֿאָלקס־קולטור. דער דאָזיקער טייל איז אָפֿט אַנטי־עסטאַבלישמענט, אָבער גלײַכצײַטיק פּאָזיטיוו צו ייִדישקײַט — אַ ייִדישקײַט וווּ קיום־האומה גייט געפּאָרט מיט תּיקון־העולם. אָבער, אַן אַנדער טייל פֿון אונדזערע נעכטיקע ליבעראַלן ווערן צוליב זייערע אַנטוישונגען אין אַלע ראַדיקאַלע איזמען געשטויסן רעכטס, צום „נײַעם קאָנסערוואַטיזם״. זיי מיינען אַז אַמעריקאַנער ייִדן דאַרפֿן אויפֿגעבן זייערע סימפּאַטיעס, אָדער פֿאַרבינדונגען מיטן ליבעראַלן אַרבעטער־סעקטאָר, און בעסער זוכן זייערע פֿאַרבינדעטע אין קאָנסערוואַטיוון לאַגער. די דאָזיקע שטרעמונג פֿאַרגעסט אָבער אַז נישט נאָר זענען מיר געווען היסטאָריש אַ נאָן־קאָמפֿאָרמיסטיש פֿאָלק, נאָר אויך אין דער איצטיקער צײַט קענען מיר זיך נישט דערלויבן צו ווערן אידענטיפֿיצירט מיטן סטאַטוס־קוואָ און מיט די קאָנסערוואַטיווע קלאַסן. ס׳איז, ערשטנס, נישט פּראַקטיש: אי מיר וועלן זייער פּרײַנט־שאַפֿט נישט קריגן, אי די מערבֿ־ציוויליזאַציע האַלט נישט בײַ אומקערן זיך צו דעם אומבאַגרענעצטן עקאָנאָמישן אינדיווידואַליזם פֿון „לעסע־פֿער״, ווען די מאַסן האָבן געהאַט... די פֿרײַהײַט צו שטאַרבן פֿון הונגער. צווייטנס, לעבן מיר אין אַ צײַט פֿון איבערקערענישן און טיפֿע סאָציאַלע ענדערונגען: דערוואַרט מען פֿון ייִדן אומעטום, אויך פֿון מדינת ישׂראל, אַז זיי זאָלן שטיין אויף דער העכסטער עטישער מדרגה. אַפֿילו דער קנאַפּער ייִדן־פֿרײַנט אַרנאָלד טאָינבי ווערלכער טאַדלט ייִדן פֿאַרוואָס זיי האָבן איבערגענומען דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם (ס׳הייסט דעם ציוניזם) פֿאַרלאַנגט פֿון זיי זיי זאָלן זיך פֿירן ווי... אַן

אויסדערוויילט פֿאָלק; אונדז איז, הייסט עס, נישט דערלויבט זיך צו פֿירן „ווי אַלע". און אַפֿילו אויב מיר דאַרפֿן נישט געפֿעלן די טאָינביס, דאַרפֿן מיר אָבער זיך אַליין יאָ געפֿעלן.

מדינת ישׂראל, און ייִדן איבער דער וועלט קענען בלויז געדייִען אויב זיי וועלן פֿאַרבינדן ליבעראַלע, מאָראַלישע און עטישע ווערטן מיט פּראַקטישער פּאָליטיק, מיט די נויטן פֿון ייִדישן קאָלעקטיוו און יחיד. ווי אַזוי צו סינטעזירן די צוויי אַספּעקטן — פּראַקטישקייט און עטישקייט, — איז קיינמאָל נישט געווען לײַכט, און אַוודאי נישט איצט ווען מיר זענען אַ מלוכה־פֿאָלק, וואָס איז געצוווּנגען, צוליב „נאַציאָנאַלע אינטערעסן", אײַנגיין אויף עטישע קאָמפּראָמיסן אין באַשטימטע סיטואַציעס. אָבער ייִדן מוזן אויפֿנעמען דעם דאָזיקן אַרויסרוף, און פּרובירן אים לייזן אויפֿן עטישסטן אופֿן. מיר ווילן דאָך נישט סתם קיום, נאָר קיום וואָס איז געבונדן מיט די העכסטע עטישע און הומאַניטאַרע אידעאַלן. מען דאַרף אויך געדענקען אַז אַמעריקאַנער ייִדן זענען קאָנצענטרירט אין פּראָפֿעסיעס וואָס געהערן צום ליבעראַלן לאַגער: אין די אוניווערסיטעטן, אין דער פּרעסע, אין דער טעלעוויזיע און ראַדיאָ.

אַמעריקע, מיט אַלע אירע דעפֿעקטן, איז נאָך אַלץ אַ ליכט־טורעם פֿאַר פֿעלקער. ס'איז פֿון דער קליינער צאָל לענדער וווּ פֿרײַהייט איז נישט אין סכּנה. ווו געזעצן שטייען איבער יחידים, ריכטער איבער דער רעגירונג, מענטשלעכע רעכט איבער אַלץ. דער מערבֿ וועט, קען מען דערוואַרטן, נאָך האָבן אַ מאָראַלישן און אינטעלעקטועלן קריזיס פֿאַר אַ רייע יאָרן ביז ער וועט צוריקגעווינען זײַן גלײַכגעוויכט. אָבער די ווערטן פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע, נישט געקוקט אויף אירע דורכפֿאַלן און בלאָנדזשענישן, בלײַבן וויטאַל, ווערטפֿול. די פֿרײַהייט צו טראַכטן, צו רעדן; די ליבעראַלע סיסטעם פֿון „קאָנטראָלירן און באַלאַנסירן"; דער גלויבן אין אַ פּלוראַליסטישער געזעלשאַפֿט פֿון פֿאַר־שידענע דאָקטרינען, מענטשן און נאַציעס — אָט די דאָזיקע אידייען זענען לעבנס־וויכטיק פֿאַר אַ ווירדיקער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. אין טערמינען פֿון פּראָדוקטיווקייט, טעכנישער אינאָוואַציע, לעבנס־

סטאַנדאַרד, וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס, און מענטשלעכער פרייהייט זענען אַמעריקע און מערבֿ־אייראָפּע די פירער פון אונדזער צייט.

עס זענען אַלעמאָל דאָ אין דער געשיכטע פון פעלקער שפּאַנונגען: צווישן קלאַסן, דורות, וועלט־אַנשויאונגען. אין אַמעריקע, אַ לאַנד פון פאַרשידענע ראַסן, זענען אויך פאַראַן ראַסן־שפּאַנונגען, און קאָנפליקטן. עס זענען אויך פאַראַן ווי אין אַלע דעמאָקראַטישע לענדער, חילוקי־דעות וועגן דער אויסלענדישער פּאָליטיק, וועגן מלחמה און שלום, וועגן דער אַחריות פון שטאַט פאַרן ווילזיין פון יחיד. פון דעם דאַרפן מיר אָפּלערנען אַז מיר דאַרפן זיין פּלוראַליסטן — אַנערקענען פאַר־שידענע געזעלשאַפטלעכע סיסטעמען, פאַרשידענע קולטורן, פאַרשידענע מענטשן וואָס זענען נישט קיין סטערעאָטיפן. אין מערבֿ אייראָפּע וועט זיך די געזעלשאַפט מסתּמא אַנטוויקלען אין דער ריכטונג פון אַ מינימאַלן סאָציאַליזם. אין אַמעריקע, נישט געקוקט אויף דער איצטיקער כּלומרשט קאָנסערוואַטיווער כוואַליע, וועט ווייטער עוואָלוציאָנירן „די ווילשטאַנד מלוכה". סאָוועט־רוסלאַנד וועט מסתּמא ווייטער פאַרבלייבן פיינטלעך צום מערבֿ, צוליב קינאה פאַר זיין פּראָדוקטיווקייט און הויכן לעבנס־סטאַנדאַרד, און איר מאָנאָפּאָל אויפן „אמת".

און דאָס יידישע פאָלק וועט זיך ווייטער דאַרפן אָריענטירן אויף דער מערבֿ־ציוויליזאַציע, מיט איר פּלוראַליזם, הומאַנישקייט, טאָלע־ראַנץ, און מיט איר אַנערקענונג פון יידישע רעכט צו זיין אַ מערהייט־פאָלק אין אייגענעם לאַנד.

(1980)

ש. גוטמאַן / אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ אין פּראָפֿיל

# משה העס, קאַרל מאַרקס און דיזראַעלי

## I

דער ייִדיש־ענגלישער דענקער פּראָפֿ׳ ישעיהו בערלין איז ברייט באַקאַנט אין דער בריטישער און אַמעריקאַנער אינטעלעקטועלער וועלט ווי אַ געלערנטער מיט אַן אַלזײַטיקער ערודיציע, מיט אַ סובטילן אַנאַליז, און שריפֿטשטעלערישן טאַלאַנט — אַ קלאָרן, געשליפֿענעם און לעבעדיקן סטיל. בעת איר לייענט זײַנס אַן אָפּהאַנדלונג, אָדער עסיי וואָס איז ווי געבויט פֿון אַ מײַסטער־אַרכיטעקט, האָט איר אַן עסטעטישע איבערלעבונג ווי איר וואָלט הנאה געהאַט פֿון אַ קונסטווערק. ער פֿאַרמאָגט דעם כּוח צו שילדערן און אויפֿצולעבן פּערזענלעכקײַטן וואָס האָבן געלעבט מיט הונדערטער יאָרן צוריק, און זיי צו אַקטואַליזירן פֿאַר אונדזער צײַט. ער איז ספּעציעל פֿאַראינטערעסירט אין דענקערס וואָס זענען געגאַנגען קעגן שטראָם פֿון זייער צײַט, און וואָס האָבן בײַגעשטײַערט עפּעס נײַס צו אונדזער אינטעלעקטועלער ירושה.

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט זיך פּראָפֿ׳ בערלין קונה־שם געווען מיט זײַנע ביכער איבער טאָלסטאָיס פֿילאָסאָפֿיע פֿון געשיכטע: „דער שטעכלער און דער פֿוקס" (The Hedgehog and the Fox, 1953) און „היסטאָרישע אומפֿאַרמײַדלעכקײַט (Historical Inevitability, 1954). במשך די לעצטע עטלעכע יאָר זענען דערשינען זײַנע געזאַמלטע ווערק, וואָס באַשטייען פֿון די עסייען, וואָס זײַנען פֿריִער געוואָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אין בריטישע און אַמעריקאַנער צײַטשריפֿטן. אין דעם דריטן באַנד פֿון זײַנע ווערק: „קעגן שטראָם", (*Against the Curreut*, by Isaiah Berlin, Viking Press, N.Y., 1980, 394 pp.) וואָס מיר ווילן דאָ באַטראַכטן, ווערן פֿון אים באַהאַנדלט אַ ריי אינטעלעקטועלע פֿיגורן וואָס זענען אָדער געוואָרן איגנאָרירט אָדער ניט־דערשאַצט ווען זיי האָבן געלעבט, טיילווײַז דערפֿאַר ווײַל זיי האָבן געוואַגט זיך קעגנצושטעלן די דאָמינירנדיקע אינטעלעקטועלע אָרטאָדאָקסאַלקײַטן פֿון זייער צײַט.

„קעגן שטראָם" האָט אַ ספּעציעלן אינטערעס פֿאַר ייִדן, ווײַל דאָ ווערן אַ חוץ אַלגעמיין־אייראָפּעיִשע דענקערס אויך באַהאַנדלט אַ ריי פּערזענלעכקײַטן וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו ייִדן און ייִדישע פּראָבלעמען ווי משה העס, בענדזשאַמין דיזראַעלי און קאַרלס מאַרקס. ווילן מיר טאַקע וויסן דער עיקר וואָס בערלין האָט אונדז צו זאָגן וועגן זיי. מע קען אָבער ניט אויסלאָזן פֿון אונדזער באַטראַכטונג אויך יענע קאַפּיטלעך אין בוך ווו דער מחבר אַנאַליזירט און קאָמענטירט אויף דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער אויפֿקלערונג־באַוועגונג, און ספּעציעל אויף די קעגן־טעזיסן צו די דאָקטרינעס פֿון דער אויפֿקלערונג, ווײַל אין זיי באַקענען מיר זיך מיט בערלינס אינטערעסאַנטע אַרײַנבליקן אין מיינונגען וועגן יענער אידעיִשער שטרעמונג וואָס הערט ניט אויף צו זײַן רעלעוואַנט אויך פֿאַר אונדז הײַנט־צו־טאָג.

פּראָפֿ' ישעיהו בערלין איז געבוירן געוואָרן אין ריגע, לאַטוויע, אין 1909, און איז ווי אַ ייִנגל געבראַכט געוואָרן קיין ענגלאַנד, ווו ער האָט באַקומען זײַן בילדונג. ער איז שפּעטער געוואָרן פּראָפֿעסאָר אין אָקספֿאָרדער אוניווערסיטעט, איבער סאָציאַלער און פּאָליטישער פֿילאָסאָפֿיע. ער איז אַ בן־בית אין עטלעכע געביטן: פֿילאָסאָפֿיע, פּאָליטישע טעאָריע, מוזיק, רוסישע ליטעראַטור, מאָדערנער פֿראַנצייזישער און דײַטשער געדאַנק, און דערצו איז ער אַקטיוו ווי אַ פּראָפֿעסאָר, און ווי דער פּרעזידענט און דער גרינדער פֿון אַ קאָלעדזש אין אָקספֿאָרדער אוניווערסיטעט. צו דעם אַלעם איז ער אויך אַ דיפּלאָמאַט, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער ענגלישער דיפּלאָמאַטישער דינסט, אין אַמעריקע, און סאָוועט־רוסלאַנד. לעצטנס איז ער אַן אָפֿטער גאַסט־פּראָפֿעסאָר אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, און מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער באַקומען דעם פּרײַז פֿון דער שטאָט ירושלים. ער איז אַ מעסיקער ציוניסט, הגם ער איז ניט שטאַרק פֿאַרליבט אין נאַציאָנאַליזם.

אין דעם ערשטן קאַפּיטל צייכנט דער מחבר אָן די צענטראַלע דאָקטרינעס פֿון דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער אויפֿקלערונג: אַז די מענטשלעכע נאַטור איז אין תּוך די זעלביקע אין אַלע צײַטן און לענדער; אַז

לאָקאַלע און היסטאָרישע וואַריאַציעס זענען אומוויכטיק אין פאַרגלייַך מיט אוניווערסאַלע און אומפאַרענדערלעכע פרינציפּן וואָס רעגירן די וועלט פון דער באַלעבטער און אומבאַלעבטער נאַטור, דאָס פריוואַטע און עפנטלעכע לעבן, אַלע געזעלשאַפטן, עפּאָכעס און ציוויליזאַציעס.

אוודאי איז בערלין באַוווסטזיניק אַז עס זענען געווען מיינונגס־פאַרשידנהייַטן צווישן די דענקערס פון דער אויפקלערונג־באַוועגונג: וואָלטער און קאָנדאָרסע, למשל, האָבן געגלייבט אַז די אַנטוויקלונג פון קונסט און וויסנשאַפט איז דאָס שטאַרקסטע מענטשלעכע געווער צו דערגרייכן וווילזייַן, שלום און יושר; בעת רוסאָ און מאַבלי האָבן געהאַלטן פונקט פאַרקערט: אַז די אינסטיטוציעס פון דער ציוויליזאַציע זענען אַליין אַ הויפּט־פאַקטאָר אין דער קאָרופּציע פון מענטשן און זייער אַליענאַציע, אָפּפרעמדונג פון דער נאַטור, פון פשטות, פון דעם לעבן פון גערעכטיקייַט, סאָציאַלער גלייַכהייַט און ספּאָנטאַנע מענטש־לעכע געפילן. דער קינסטלעכער מענטש האָט פאַרשקלאַפט און רויִנירט דעם נאַטירלעכן מענטש. אָבער ניט געקוקט אויף די חילוקי־דעות צווישן די דענקערס פון דער אויפקלערונג, איז פון דעסטוועגן געווען אַ ברייטער שטח פון אייַנשטימיקייַט צווישן זיי. אַלע האָבן געגלייבט אין דער רעאַליטעט פון נאַטור־געזעץ, אין אייביקע פרינציפּן וואָס אויב נאָר מע פאָלגט זיי נאָך קענען מענטשן ווערן קלוג, גליקלעך, ערלעך און פרייַ. זיי האָבן זיך אונטערגעשיידט אין שייַכות צו דעם וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר די אייביקע געזעצן, און ווי אַזוי מע אַנטדעקט די דאָזיקע אוניווערסאַלע פרינציפּן, אָבער זיי זענען געווען זיכער אַז די דאָזיקע געזעצן זענען רעאַלע און מע קען זיי אויסגעפינען.

בערלין רעזומירט די הויפּט־אַטאַקעס אויף די הנחות פון דער אויפקלערונג, וואָס עס האָבן געמאַכט די דייַטשע דענקערס הערדער, פיכטע און שעלינג, מיט דער מיטהילף פון רוסאָ און דעמייסטער. זיי האָבן אָפּגעוואָרפן אין דער אויפקלערונג איר באַטאָנען דאָס אוניווער־סאַלע, אָביעקטיווע, און זיי האָבן געהאַלטן אַז די דאָזיקע אַבסט־ראַקציעס זענען אומגערעכט לגבי דעם ספּעציעלן, דעם היסטאָרישן,

דעם נאַציאָנאַלן גײַסט, דער ספּאָנטאַנקייט פֿון שעפֿערישן מענטש וואָס זענען די קאָנקרעטע אופֿנים אין וועלכע מיר נעמען אויף דערפֿאַרונגען.

דער איטאַליענישער פֿילאָסאָף וויקאָ (1744־1668) וואָלט, לויט פּראָפֿ׳ בערלין, געווען געהאַט אַ דעצידירנדיקע ראָלע אין דער אַטאַקע אויף דער אויפֿקלערונג, ווען מען וואָלט אים אין יענער צײַט געקענט אויסער די גרענעצן פֿון זײַן לאַנד. ער איז אָבער ערשט הונדערט יאָר נאָך זײַן טויט באַרימט געוואָרן, אַ דאַנק זײַן טעאָריע פֿון ציקלען אין קולטורעלער אַנטוויקלונג: אַז יעדער פֿאָלק גייט דורך באַזונדערע סטאַדיעס פֿון שפּראַכן און וואַקסן, פֿון אויפֿלייזונג און אומקום. אָבער דאָס, האַלט בערלין, איז ניט זײַן אָריגינעלסטער בײַטראָג. זײַן רעוואָלו־ציאָנערער געדאַנק באַשטייט אין דעם וואָס ער האָט געלייקנט די דאָקטרין פֿון אַן אייביקן נאַטור־געזעץ וועמענס אמת יעדער מענטש, אין יעדער צײַט קען אויסגעפֿינען. אַנשטאָט דער דאָקטרין האָט וויקאָ געפּריידיקט די אידעע פֿון איינציקײַט, אוניקאַלישקײַט פֿון קולטורן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי זענען ענלעך אין געוויסע פּרטים: „אַזאַ צוגאַנג שטימט ניט מיטן שטאַנדפּונקט אַז ס׳איז דאָ בלויז איין סטאַנ־דאַרד פֿון אמת, שיינקײַט און גוטסקײַט צו וועלכע געוויסע קולטורן אָדער יחידים זענען געווען נענטער ווי אַנדערע, און וואָס ס׳איז געווען די אויפֿגאַבע פֿון דענקערס צו באַגרינדן און פֿון מענטשן פֿון טאָט צו פֿאַרווירקלעכן״.

וויקאָ איז באַשטאַנען אויף דער פּלוראַליטעט פֿון קולטורן, און ער האָט באַטאָנט אַז די אידעע פֿון בלויז איין סטרוקטור פֿון רעאַליטעט וואָס דער פֿילאָסאָף קען זען ווי זי איז אין דער אמתן איז אַ פֿיקציע. אויב וויקאָ איז געווען גערעכט דעמאָלט איז דער עצם געדאַנק פֿון אַבסאָלוטע אמתן און פֿון אַ פּערפֿעקטער געזעלשאַפֿט וואָס איז געבויט אויף זיי — אַ צענטראַלע דאָקטרין פֿון דער אויפֿקלערונג — פֿאַלש. בערלין איז מסכּים מיט וויקאָן, און ער פֿירט אויס אַז נאָך וויקאָן האָט דער קאָנפֿליקט צווישן מאָניזם און פּלוראַליזם, פֿון אייביקע ווערטן און היסטאָריציזם, געמוזט ווערן אַ צענטראַלע פֿראַגע.

אויך יאָהאַן הערדער (1803־1744), פּונקט ווי וויקאָ, האָט געגלייבט

אַז כּדי צו פֿאַרשטיין אַ רעליגיע, אַ קונסטווערק, אָדער אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער מוז מען „אַרײַנגיין אינעווייניק" אין די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פֿון זייער לעבן, ווײַל יעדע קולטור האָט איר „שווערפּונקט". בעת פֿאַר וואָלטער, דידראָ, האָלבאַך און קאָנדאָרסע איז בלויז פֿאַראַן אַן אוניווערסאַלע ציוויליזאַציע וועלכע ווערט רעפּרעזענטירט פֿון צײַט צו צײַט דורך פֿאַרשיידענע פֿעלקער, איז פֿאַר הערדערן פֿאַראַן אַ פּלוראַליטעט פֿון ניט־פֿאַרגלײַכבאַרע קולטורן.

דאָס בשותּפֿותדיקע וואָס פֿאַראייניקט אַלע דענקערס פֿון דער אויפֿקלערונג איז, לויט בערלינען, זייער אָפּוואַרפֿן די קריסטלעכע דאָקטרין פֿון „אָריגינעלער זינד" (אָדמס זינד); אָנשטאָט דעם גלייבט זי אַז דער מענטש ווערט געבוירן אָדער אומשולדיק און גוט, אָדער מאָראַליש נייטראַל און קען אַדאַפּטירט ווערן, אַ דאַנק בילדונג און סבֿיבֿה. אַ טייל אויפֿקלערערס האַלטן אַז דער מענטש איז דעפֿעקטיוו אָבער פֿעיִק צו ווערן ראַדיקאַל פֿאַרבעסערט אַ דאַנק ראַציאָנאַלער דערציִונג, אָדער דורך אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט, ווי עס פֿאָדערט רוסאָ.

## II

אין קאַפּיטל וועגן משה העס (1812־1875) צייכנט בערלין דעם ייִדיש־דײַטשן דענקערס אינטעלעקטועלע עוואָלוציע, און באַשטעטיקט דאָס וואָס אַלע באַהאַוונטע אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן געדאַנק ווייסן שוין פֿון לאַנג, אַז משה העס איז געווען אַ נבֿיא מיט ווייניק אָנערקענונג אין זײַן צײַט, און מיט גאָר ניט קיין כּבֿוד אין זײַן געבוירן־לאַנד. זײַנע אידעען וועגן ייִדישן לעבן אין זײַן צײַט זענען פֿון זײַנע בני־דור געוואָרן אָפּגעוואָרפֿן ווי פּוסטע חלומות, אָבער ווי די ייִדישע געשיכטע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט באַוויזן איז זייער פּסק געווען אין גאַנצן אומגערעכט. העס איז נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1848 געוואָרן אַ טיפֿער, אומאָפּהענגיקער דענקער וועלכער האָט בעסער פֿאַרשטאַנען די פּראָבלעמען פֿון זײַן צײַט, סײַ ייִדישע, סײַ אַלגעמיינע, ווי מערסטע פֿון זײַנע קריטיקערס.

משה העס איז געבוירן געוואָרן אין 1812 אין באָן, אין אַ פאַמיליע וועמענס אָבות עס זענען אפשר געקומען פון פוילן. אין 1841 איז דער־שינען זײַן בוך די אייראָפעיִשע טריאַרכיע. דאָרטן הערן מיר פון מחבר אַז די איינציקע רעטונג פאַר דער מענטשהײַט איז סאָציאַליזם, אַז מע מוז אָפּשאַפן פּריוואַט אייגנטום, ניט ווײַל די געשיכטע גייט אומפאַר־מײַדלעך אין דער ריכטונג — ווי מאַרקס האַלט — נאָר צוליב עגאָיִזם — יעדע מין הערשאַפט צעשטערט די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט, און פרוסטרירט גלײַך דעם הערשער און דעם שקלאַף; ווײַל די פּערזענ־לעכקײַט קען זיך ניט פונאַנדערבליִען אין האַרמאָנישער קאָאָפּעראַציע מיט אַנדערע מענטשן. סאָציאַלע גלײַכהײַט איז ווינטשנסווערט, גלייבט העס, ניט ווײַל ס'איז אומפאַרמײַדלעך, נאָר ווײַל ס'איז גערעכט.

אין ליכט פון אונדזערע דערפאַרונגען במשך די לעצטע הונדערט יאָר, האַלט בערלין, האָט העס ניט אַזוי טיף געגרײַזט ווי די גרינדערס פון „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" וועלכע האָבן מיט זייער קלאַסנקאַמף, און דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע רעפּרע־זענטירט כלומרשט דעם פּראָלעטאַריאַט, ניט געבראַכט קיין עקאָ־נאָמישע גלײַכהײַט, ניט קיין פּערזענלעכע פרײַהײַט, און ניט קיין סאָציאַלן יושר. במשך זײַן גאַנץ לעבן איז העסעס סאָציאַליזם געווען באַגרינדעט אויף אַ מאָראַלישן יסוד. עס איז ניט גענוג בלויז אָפּצושאַפן פּריוואַט־אייגנטום, גלייבט ער; נאָר עס מוז פאָרקומען אַן איבערבראָך אין האַרץ, און דאָס קען נאָר געשען ווען די מאַטעריעלע און אינסטיטו־ציאָנעלע באַדינגונגען וועלן ווערן געענדערט. אָבער דאָס בלויזע איבערבײַטן די ראָם וועט ניט פּראָדוצירן די נייטיקע גײַסטיקע טראַנס־פאָרמאַציע, סײַדן די מאָראַלישע פּרינציפּן ווערן גלײַכצײַטיק אָנגעווענדט.

נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1848 לעבט העס אין דער שווייץ, בעלגיע, האָלאַנד, פּאַריז, און אין 1861 קומט ער צוריק קיין קעלן. אין 1862 פאַרעפנטלעכט ער זײַן בוך רוים און ירושלים. ווי מיר ווייסן האָט דאָס בוך דעמאָלט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין אייראָפּע, אָבער אויף די דײַטשע ייִדן איז עס געפאַלן ווי אַ באָמבע. דאָ ווערט

געשילדערט די ייִדישע לאַגע אין מערבֿ, ס׳ווערט געגעבן אַ דיאַגנאָז פֿון זייערע צרות, און אַ פּראָגראַם פֿאַר דער צוקונפֿט — אויפֿצובויען אַ ייִדישע מלוכה אין ארץ־ישׂראל אויף די יסודות פֿון גלײַכהײַט און סאָציאַליזם. דאָ איז שוין העס ווײַט פֿון זײַן אַנטי־רעליגיעזן קאָמוניזם, און אַנטי־נאַציאָנאַליזם פֿון זײַנע יונגע יאָרן. איצט פֿאַרשטייט ער אַז דאָס ייִדישע פּראָבלעם איז עפּעס אייגנאַרטיקס, און פֿאָדערט אַ ספּעציפֿישע לייזונג, ניט ככל הגויִם, ער זעט איצט ניט קיין סתירה צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם.

וואָס שייך דער ראָלע פֿון נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט, האָט העס בעסער פֿאַרשטאַנען זײַן וויכטיקײַט ווי מאַרקס, שטרײַכט בערלין אונטער. אַ ראיה — די געשעענישן אין אונגאַרן און פּוילן במשך דעם לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט. אָבער זײַן נאַציאָנאַליזם איז ריין פֿון שאָוויניזם און איז אין קאָנטעקסט פֿון לינקן סאָציאַליזם. דער ייִדיש־ענגלישער דענקער האַלט, און דאָס וועט יעדער אָביעקטיווער פֿאַרשער צוגעבן, אַז העס איז געשטאַנען העכער אין מענטשלעכקײַט, אין פּאָליטישער חכמה און מאָראַלער ערלעכקײַט פֿון מאַרקסן. דער מחבר לויבט אים פֿאַר פֿאַרטיידיקן געוויסע ווערטן פֿון דער „קעגן־אויפֿקלערונג״: היסטאָרישע טראַדיציע, די רעכט פֿון אַליין־אויסדרוק, „די וואָרצלען און סימבאָלן פֿון איינעמס פֿאַמיליע, אָדער פֿאָלקס־עבֿר״.

בנוגע דעם ייִדישן לעבן און זײַנע פּראָבלעמען האָט זיך משה העסעס פּראָגנאָז אַרויסגעוויזן אומגעווייִנטלעך פּינקטלעך. ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט אַז די דײַטשע ייִדן וועלן דורכמאַכן אַ קאַטאַסטראָפֿע; ער האָט געטענהט אַז די אַסימילאַציע שטעלט אַוועק ייִדן אין אַ פֿאַלשער פּאָזיציע מיטן פֿאַרלייקענען אַז זיי זענען אַן אייגנאַרטיק פֿאָלק. דערמיט נאַרן זיי אָפּ בלויז זיך אַליין, און אין לעצטן סך־הכּל פֿירט עס בלויז צו פֿאַראַכטונג און האַס מצד זייערע שׂונאים, ווײַל ייִדן, וויפֿל מע זאָל ניט זשאָנגלירן מיט דעפֿיניציעס, זענען אַ נאַציע. העס האָט אויך געגלייבט אין קאָאָפּעראַטיוון און קאָמונאַלע אונטערנעמונגען, און די דאָזיקע אינסטיטוציעס זענען אין אַ גרויסער מאָס רעאַליזירט געוואָרן

אין מדינת ישׂראל. העס האָט געהאַלטן אַז מע דאַרף פּרעזערווירן היסטאָרישע טראַדיציעס ניט ווײַל ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר ענדע־רונגען, נאָר ווײַל „ס׳איז ניט קיין חובֿ זיך גײַסטיק צו פֿאַראָרעמען, אָדער פֿאַרקריפּלען צוליב אַן אַבסטראַקטן אידעאַל; אַז פֿון קיינעם טאָר מען ניט פֿאַרלאַנגען ער זאָל אָוועקוואַרפֿן דאָס וואָס פֿאַרשאַפֿט אים די טיפֿסטע גײַסטיקע סאַטיספֿאַקציע — די רעכט ליב צו האָבן באַקאַנטע פּלעצער, אָדער לעבנס־פֿאָרמען, אָדער שיינע זאַכן״.

נאָכן איבערלייענען דאָס קאַפּיטל וועגן העסן פֿילט איר אַ סאַטיס־פֿאַקציע וואָס ענדלעך האָט דער ייִדיש־דײַטשער סאָציאַליסט באַקומען זײַן פֿאַרדינטע אָנערקענונג ווי איינער פֿון די וויכטיקסטע סאָציאַלע דענקערס אין דער מאָדערנער צײַט. פּראָפ׳ בערלין האָט אים אַוועק־געשטעלט אויף דער ריכטיקער פּאָזיציע. דער עטישער סאָציאַליזם און דער הומאַנער נאַציאָנאַליזם וואָס העס האָט געפּריידיקט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן דויערנדיקער, פּראָדוקטיווער פֿאַר מענטשלעכער פּרײַהײַט און גליק ווי די כּלומרשט „רעאַליסטישע״ און „וויסנשאַפֿט־לעכע״ לייזונגען פֿון זײַנע מאַרקסיסטישע קאָנקורענטן.

### III

מיט אַן ערך צען יאָר צוריק האָב איך געלייענט די עסיי וועגן דיזראַעלי און מאַרקס ווען זי איז דערשינען אין ציוניסטישן חודש־זשורנאַל „מידסטרים״. ווען איך האָב עס איצט געלייענט צום צווייטן מאָל אין בוך בין איך אַלץ געווען באַאײַנדרוקט און געשפּאַנט פֿון דער „דראַמע״ וואָס פּראָפֿ׳ בערלין בויט אויף וועגן די צוויי אַנדערשדיקע און דאָך אין אַ סך פּרטים ענלעכע פּערזענלעכקײַטן. דאָ באַשעפֿטיקט זיך דער מחבר דער עיקר מיטן „זוכן זייער אידענטיטעט״, וואָס איז אויפֿגע־קומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער אויפֿקלערונג־באַוועגונג ווען ייִדן זענען געווען דרויסנדיקע און האָבן געשטרעבט זיך צו אינטעגרירן אין דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער געזעלשאַפֿט. בערלין ציטירט דעם ענגלישן היסטאָריקער טרעוואָר־ראָפּער אַז דער פֿאַנאַטישסטער נאַציאָנאַליזם קומט אויף אין צענטערס ווו נאַציאָנאַליטעטן און קולטורן מישן זיך, ווו

רײַבונגען זענען שטאַרק ווי, למשל אין ווין, אין די באַלטישע פּראָווינצן, וואָס האָבן אויספאָרמירט הערדערן (דעם באַגרינדער פון דײַטשן נאַציאָנאַליזם), דאָס אומאָפּהענגיקע הערצאָגטום סאַוואָי, ווו דער פראַנצייזישער שאָוויניסט דע מייסטער איז אויפגעוואַקסן, אָדער לאָטאַרינגיע אין פאַל פון דע גאָלן. דאָס זעלביקע איז חל אויף הערצל, זשאַבאָטינסקי און טראָצקי, וועלכע האָבן געשטאַמט פון די אַסימילירטע ראַנדן אין דער ייִדישער וועלט. די אַלע מענטשן האָבן געהאַט פּײַערדיקע וויזיעס ווי אַ רעזולטאַט פון די ווונדן וואָס זייער אַליין־רעספּעקט און זייער באַליידיקטער נאַציאָנאַלער באַוווסטזײַן האָט געליטן, ווײַל זיי האָבן געלעבט בײַ די גרענעצן פון דער נאַציע, ווו דער דרוק פון פרעמדע ציוויליזאַציעס איז געווען צום שטאַרקסטן. אין די דאָזיקע פּאַרוואָרפענע פּראָווינצן קומט אויף די אידעאַלע וויזיע פון אַ פאָלק ווי עס דאַרף זײַן, לויט ווי מע זעט עס מיט די אויגן פון גלויבן, ניט געקוקט אויף די פאַקטן.

עס איז דעריבער, אַרגומענטירט בערלין, ניט איבעראַשנדיק צו געפינען דעם זעלביקן פּראָצעס אין פאַל פון עמאַנציפּירטע מיטגלידער פון אַ קאָלעקטיוו וואָס איז אומעטום אַ מינאָריטעט, בענקט ער זיך צו אידענטיפיצירן מיט דער מאַיאָריטעט, ווי מענטשן וואָס באַזיצן ענדלעך גלײַכהײַט און סטאַטוס. אין פאַל פון די מער ליידנשאַפטלעכע נאַטורן שטרעבן זיי זיך צו באַפרײַען פון זייער נידעריקן סטאַטוס אויף צוויי אופנים: אָדער דורך פאָדערונגען פאַר גלײַכהײַט, קאַמף פאַר אַליין־באַשטימונג פון אונטערדריקטע נאַציעס, אָדער דאָמינירונג מצד קעמפערישע קלאַסן. אָבער ס'איז אויך דאָ אַן אַנדער פאָרעם פון דראַנג נאָך אָנערקענונג: דאָס איז אַן אָנשטרענגונג צו אַנטלויפן פון דער שוואַכקײַט און באַליידיקונג דורך אידענטיפיצירן זיך מיט אַן אַנדער גרופּע וואָס איז פרײַ פון די דעפעקטן פון איינעמס לכתחילהדיקן צושטאַנד. עס באַשטייט אין אַ פּרוּוו צו דערווערבן פאַר זיך אַ נײַע פּערזענלעכקײַט און אַ נײַעם קאָמפּלעט ווערטן און געוווינהײַטן. אַ דאַנק נאַפּאָלעאָנס נצחונות האָבן ייִדן אין דײַטשלאַנד געהאַט אַזעלכע ווונטשן און האָפענונגען. אַט אַזאַ פּראָצעס פּרובירט פּראָפ׳ בערלין

אילוסטרירן מיט די צוויי פֿאַרשידנאַרטיקע פּערזענלעכקייטן: בענדזשאַמין דיזראַעלי (1804־1881) און קאַרל מאַרקס (1818־1883).

ניט געקוקט אויפֿן קאָנטראַסט צווישן זיי — דיזראַעלי דער אַמביציעזער אָפּאָרטוניסט, פּאָליטישער אַוואַנטוריסט, און מאַרקס דער פֿאַנאַטישער פּאַמפֿלעטיסט, קאָנספּיראַטאָר, פֿאָרשער אין בריטישן מוזיי, פֿון דעסטוועגן איז דאָ, ווײַזט בערלין, אַ פּאַראַלעל צווישן זיי: ביידנס פֿאָטערס האָבן געהערט צום ערשטן דור עמאַנציפּירטע ייִדן; ביידע, כאָטש אַנדערש אין טעמפּעראַמענט און אָנשויונגען האָבן געוואָלט דאָמינירן די געזעלשאַפֿט. מאַרקס האָט זי געוואָלט איבערמאַכן, דיזראַעלי — ווערן פֿון איר אַקצעפּטירט און זי אָנפֿירן. ביידע האָבן אַנטדעקט דעם פּראָלעטאַריאַט ווי אַ קרבן פֿון דער געזעלשאַפֿט; מאַרקס — ווי אַ טרעגער פֿון דער רעוואָלוציע; דיזראַעלי ווי אַן אָביעקט מיט וועלכן עס דאַרף זיך באַשעפֿטיקן דער אַדל, ווי זײַן פֿאַרבינדעטער קעגן דער בורזשואַזיע. ביידע זענען געווען דרויסנדיקע אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט, און ביידע האָבן אָנגענומען שריט פּטור צו ווערן פֿון די שטערונגען מצד זייער אָפּשטאַם — דיזראַעלי — איין שריט, מאַרקס אַן אַנדערן. צוליב דעם אַליין־האַס און אַליין־פֿאַר־אַכטונג וואָס די קריסטלעכע געזעלשאַפֿט פֿאַרפֿלאַנצט אין זיי, ווינטשן זיי אין געהיים צו געהערן צו די גרופּעס וואָס פֿאַראַכטן זיי. אין פֿאַל פֿון דיזראַעלי האָט עס געפֿירט צו דער אַריסטאָקראַטישער עליטע מיט וועלכער ער האָט זיך אידענטיפֿיצירט, און ער באַטאָנט דערפֿאַר כּסדר זײַן שטאַלץ ווי אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ייִדישע מלכים. בעת אין פֿאַל פֿון מאַרקסן פֿירט עס צו אַן אַנטיפּאַטיע פֿאַרן ייִדנטום און צום אָננעמען דעם ציל פֿון פּראָלעטאַריאַט.

דיזראַעלי איז געווען אַ ראָמאַנטיקער וואָס האָט פֿאַראַכט גלײַכהײַט, מיטלמעסיקײַט, דעם דורכשניטלעכן מענטש. ווי אַן אַנטי־ראַציאָנאַליסט איז ער איבערצײַגט אַז אינטויִציע און פֿאַנטאַזיע שטייען העכער ווי אינטעלעקט און מעטאָד. ער גלייבט אין טעמפּעראַמענט, בלוט, ראַסע, זשעני, העלדן; בעת מאַרקסעס דרך איז געווען דער היפּוך פֿון דעם: ער האָט געהאַלטן פֿון אינטעלעקט, שׂכל, מעטאָד. זײַנע אַנטי־

סעמיטישע באַמערקונגען וועגן ייִדן קומען פֿון זײַן אַליין־האַס. ער האָט אונטערגעשאַצט נאַציאָנאַליזם און דעם כּוח פֿון רעליגיע. פּונקט ווי דיזראַעלי האָט זיך אידענטיפֿיצירט מיט דער ענגלישער אַריסטאָ־קראַטיע, אַזוי האָט מאַרקס זיך פּרובירט באַפֿרײַען פֿון דער סאָציאַלער גרופּע אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן דורך אידענטיפֿיצירן זיך מיטן פּראָלעטאַריאַט. אָבער ער האָט אַזוי ווייניק קרובֿישאַפֿט מיט אינדיווידועלע פּראָלעטאַריער ווי דיזראַעלי מיט דער בריטישער אַריסטאָקראַטיע. „ביידע זענען געבליבן פֿון דרויסן פֿון זייערע גרופּעס — אַנאַליטיקערס, אָבסערווירערס, פּראָפּאַגאַנדיסטן, טשעמפּיאָנען, פֿירערס — אָבער ניט אַ טייל פֿון זיי, אין זיי. די באַליידיקונגען וואָס מאַרקס וויל נוקם זײַן זענען די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אינטעלעקטואַלן... די פֿונקציעס פֿון מאַרקסעס פּראָלע־טאַריאַט אין זײַן שיטה איז ענלעך צו פּונקט דעם קעגנזאַץ — די ראַסן־עליטע — בײַ דיזראַעלין. דער קלאַס וואָס פֿאַרקערפּערט זײַן וויזיע ווערט אידעאַליזירט. עס רעדט אין אים אַ מיטגליד פֿון אַ לאַנג באַליידיקט פֿאָלק״.

מע קען בערלינס טעזיס אַזוי סומירן: איין מקור פֿון מאַרקסעס און דיזראַעליס וויזיע איז באַשטאַנען אין זייער באַדערפֿעניש צו עטאַבלירן אַ פּערזענלעכע אידענטיטעט, צו אַנטשיידן צו וועלכער נאַציע, קלאַס אָדער פּאַרטיי זיי געהערן. זיי האָבן געדאַרפֿט אַ פֿעסטן באָדן אין וועלכן זיי זאָלן זיך קענען פֿאַרפֿלאַנצן צוליב זייער אויסגעוואָרצלטקייט פֿון דער ייִדישער מינאָריטעט; און אַזוי ווי זיי זענען ניט געבוירן געוואָרן אויף אַ זיכערן באָדן, האָבן זיי אים דערפֿונדן: איינער אין דער ענגלי־שער אַריסטאָקראַטיע, און דער צווייטער אין פּראָלעטאַריאַט. אָבער זיי האָבן דערבײַ איגנאָרירט אַ היפּש ביסל פֿון דערווירקלעכקייט.

דיזראַעליס אָנשויונגען זענען געווען רעאַקציאָנער, און מאַרקס האָט פֿאַרזען די ראָלע פֿון ניט־עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרן אין געשיכטע. ביידע האָבן ניט געקענט אַקצעפּטירן זייער אָפּשטאַם און זיך אַליין, ווי זיי זענען אין דער אמתן געווען. זייער ביידנס דאָקטרינעס האָבן דעריבער, צום טייל, געשטאַמט פֿון דער פּסיכאָלאָגישער באַדערפֿעניש

וואָס האָט געמוזט ווערן באַפרידיקט: „זייער פֿונקציע איז ניט געווען דער עיקר צו שילדערן אָדער אַנאַליזירן דיווירקלעכקייט, נאָר גיכער צו טרייסטן, צו שטאַרקן אַנטשלאָסנקייט, צו קאָמפּענסירן פֿאַר דורכ־פֿאַלן און שוואַכקייטן, צו פּראָדוצירן אַ קעמפֿנדיקן גייסט קודם־כּל אין די אויטאָרן פֿון די דאָקטרינעס גופֿא".

הגם פּראָפ' בערלין גיט צו אַז ער איז ניט קיין פּסיכאָלאָג, און דעריבער איז זײַן טעזיס אַ טענטאַטיווער, פֿון דעסטוועגן איז זײַן אַנאַליז פֿון ביידנס פּערזענלעכקייט שׂכלדיק, אינטערעסאַנט, און ביז גאָר באַלערנדיק: ווײַל אויב דער יסוד פֿון ביידנס וויזיע האָט טאַקע געוואָרצלט אין זייערע באַדערפֿענישן און איז ניט געווען באַזירט אויף אָביעקטיוו־ וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען, דעמאָלט דאַרף מען נעמען מיט אַ „גרויסער דאָזע זאַלץ", זייערע דאָקטרינעס.

(1982)

# ריימאָן אַראָן — ייִדיש־פֿראַנצייזישער סאָציאָלאָג וועגן געצנדינערײַ צו געשיכטע

## I

דעם 17טן אָקטאָבער, 1984, איז געוואָרן אַ יאָר זינט ס'איז אַוועק אין דער אייביקייט דער ייִדישער־פֿראַנצייזישער סאָציאָלאָג און פּובליציסט ריימאָן אַראָן. אַ דענקער וואָס האָט געפֿירט אַ לעבנס־לאַנגן וויכּוח מיט דער „געצנדינערײַ" פֿון אַ סך פֿראַנצייזישע אינטעלעק־טואַלן צו רעוואָלוציע, צו דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, צום מאַרקסיזם־לעניניזם. זײַנע קעגנער האָבן אים באַצייכנט ווי אַ קאָנסער־וואַטאָר, ער איז אָבער געווען אין דער אמתן, ווי מיר וועלן באַלד אָנווײַזן, אַ ליבעראַל: מעסיק, באַלאַנסירט אין זײַנע אידייען, מיושבֿדיק,

באַקעמפּנדיק מיט שאַרפער לאָגיק, די פּילפּוליסטישע תּירוצים מיט וועלכע די פּראַנצייזישע „מיטלויפער" אויפן לינקן וואָגן פלעגן פּרובירן פאַרענטפערן דעם סאָוועטישן טעראָר. ער האָט פאַרנומען אַ צענ־טראַלע פּאָזיציע אין פּראַנצייזישן אינטעלעקטועלן לעבן, און איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע אין עלטער פון 78 יאָר. דער באַרימטער ייִדיש־פּראַנצייזישער אַנטראָפּאָלאָג, קלאָוד לעווי־שטראַוס, האָט אים אָנגערופן „אונדזער לעצטער חכם".

אַראָן האָט אָנגעשריבן איבער 40 ביכער וועגן פילאָסאָפיע, סאָציאָ־לאָגיע און געשיכטע. ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון סאָציאָלאָגיע אין סאָרבאָן־אוניווערסיטעט, און אויך אין האַרוואַרד און קאָרנעל־אוניווער־סיטעט, אין אַמעריקע. ער איז געבאָרן געוואָרן אין פּאַריז אין אַן אַסימי־לירטער ייִדישער פאַמיליע פון אַדוואָקאַטן.

נאָך דער דײַטשער אינוואַזיע אויף פראַנקרײַך סוף 1939, איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן, און זיך אָנגעשלאָסן אין די „פרײַע־פּראַנצויזן" אונטער דע גאָלס פירערשאַפט, ווערנדיק דער רעדאַקטאָר פון זייער צײַטונג „פּראַנסליבר". נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געוואָרן אַ קאָלומניסט פון דער צײַטונג „פיגאַראָ", און אין 1977, איז ער אַריבער אין וואָכנבלאַט „ל'עקספּרעס". אַראָן פלעגט אָפט שרײַבן אין בריטישן חודש־זשורנאַל „ענקאַונטער", ווו איך פלעג אים לייענען מיט גרויס אינטערעס און פאַרערונג.

דער לייט־מאָטיוו איז זײַן וועלט־באַנעס איז געווען זײַן באַגרינדן די פאַלשקייט פון די „סעקולערע רעליגיעס": מאַרקסיזם־לעניניזם, פאַשיזם און אַנדערע דאָגמאַטיזמען וואָס פּרעטענדירן צו וויסן און פאַרויסצוזאָגן דעם גאַנג פון געשיכטע. זײַן פילאָסאָפיע האָט באַטאָנט שפּאַנונגען, פאַרשידנקייטן, די געפאַר פון אַבסאָלוטיסטישע אידעאַלן און צווייפלהאַפטע האַנדלונגען. גלײַכצײַטיק האָט ער פאַרטיידיקט ליבעראַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס וואָס זענען באַזירט אויף פרײַהײַט, טאָלעראַנץ און מעסיקייט. די נביאות־זאָגערײַ וועגן דעם צוקונפטיקן גאַנג פון דער געשיכטע, האָט ער געהאַלטן, איז מער „אידעאָלאָגישע פּאָעזיע ווי פּראָזע פון דערווירקלעכקייט".

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן בלויז אויף צוויי פֿון זײַנע ביכער: „דער אָפּיום פֿון די אינטעלעקטואַלן”, דערשינען אין 1955, און „דע גאָל, ישׂראל און ייִדן”, דערשינען אין 1969 — ווײַל ביידע ווערק זענען אַקטועל און צענטראַל אין זײַן וועלט־באַנעם ווי אַ ליבעראַל און אַ ייִד. אין דעם ערשטן בוך באַצייכנט ער דעם מאַרקסיזם־לעניניזם „דער אָפּיום פֿון די אינטעלעקטואַלן”, וואָס האָט אַן אײַנשלעפֿערנדיקע ווירקונג אויף דער אינטעליגענץ. אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס קאַרל מאַרקס האָט אַמאָל צוגעשריבן צום רעליגיעזן גלויבן פֿון די מאַסן. דאָס בוך איז רעלעוואַנט נאָך איצט, הגם אַ סך פֿון די פֿריערדיקע פֿראַנצייזישע אינטעלעקטואַלן זענען געוואָרן „בעלי־תּשובֿה”, און זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו זייער אַמאָליקער יוגנט־געליבטער: דעם סאָוועטישן דעספּאָטיזם.

## II

די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַראָן פֿאַרבראַכט אין לאָנדאָן, ווי אַ פּובליציסט. דאָס האָט אים געגעבן אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיטן ענגליש־אַמעריקאַנער געדאַנק. דערצו האָט די „קאַלטע־מלחמה” אים דערווײַטערט פֿון זײַן יוגנט־פֿרײַנד זשאַן סאַרטר, וועלכער האָט מיט אַלערליי דריידלעך פּרובירט פֿאַרענטפֿערן די סאָוועטישע מושלים. אַראָן האָט זיך געשטעלט אויף דער זײַט פֿון די אַמעריקאַנער און ענגלענדער, און ער האָט איבערגעריסן זײַנע פֿאַרבינדונגען מיט די לינקע עלעמענטן אין פֿראַנקרײַך.

אין די איצטיקע באַדינגונגען, האַלט ער, מוז מען קוועסטיאָנירן צי די טערמינען „רעכטע און לינקע” גיבן אַ קלאָרע פֿאָרשטעלונג פֿון דער־שיינונגען. ער טענהט אַז בעת אין ענגלאַנד און אַמעריקע האָט מען דיסקוטירט מאַרקס' סאָציאָלאָגיע, אָדער פּאָליטישע עקאָנאָמיע ווי וויכטיקע ווערק וואָס צייכענען אָן אַ געוויסן עטאַפּ אין דער אַנט־וויקלונג פֿון סאָציאַלן געדאַנק, זענען אין פֿראַנקרײַך די דאָזיקע טעאָריעס באַטראַכט געוואָרן ווי טרואיזמען, און דאָס האָט דערפֿירט צו אַ געצנדינערײַ פֿון געשיכטע. פֿאַר די אינטעלעקטואַלן פֿון לינקס האָט

געשיכטע אַ ציל — דער נצחון פֿון פּראָלעטאַריאַט. אין זײַן נאָמען קען מען פֿאַרענטפֿערן די גרעסטע פֿאַרברעכנס.

אַראָנס שטודיעס האָבן אים דערפֿירט צום געדאַנק אַז מען דאַרף זיך אָפּזאָגן פֿון די דאָזיקע טעאָריעס, זײַנע פֿאָרשונגען האָבן אים געבראַכט צו אַ קריטישער פֿילאָסאָפֿיע פֿון געשיכטע, וואָס האָט אָפּגע־וואָרפֿן אירע פּרעטענזיעס אויף וויסנשאַפֿטלעכקײַט, און האָט זי פֿאַר־שטופּט אין אַ קאַטעגאָריע פֿון פּאָעטישע אַרײַנבליקן, אָדער מאָראַ־לישער דערהויבונג[1]. דער פֿראַנצייזישער סאָציאָלאָג וואַרפֿט נישט אָפּ אַלע אַספּעקטן פֿון מאַרקסיזם, נאָר זײַן היסטאָריאָסאָפֿיע, זײַן משיחיזם. מאַרקס׳ סאָציאָלאָגיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע דאַרף מען באַטראַכטן אָן ליידנשאַפֿט. ער גיט צו אַז קיין מאָדערנער היסטאָריקער, אָדער עקאָנאָמיסט טראַכט נישט איצט אַזוי ווי ער וואָלט געטראַכט אויב מאַרקס וואָלט נישט עקסיסטירט. אַ דאַנק מאַרקסן איז דער הײַנטיקער עקאָנאָמיסט געוואָרן באַוווסטזיניק וועגן עקספּלואַטאַציע, דער היסטאָ־ריקער קען נישט צומאַכן די אויגן אויף דעם שפּלדיקן מצבֿ פֿון מיליאָנען מענטשן. אָבער ער וואַרפֿט אָפּ סאַרטרס קוק וועלכער זעט אין מאַרקסיזם נבֿיאישקײַט, און פֿילאָסאָפֿישע אמתן, פֿון אַ פּראָפֿעטישן כאַראַקטער: אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וועט זײַן אַנדערש פֿון אַלע רעוואָלוציעס אין עבֿר, און זי וועט מעגלעך מאַכן די הומאַניזירונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. טיף מאָראַליש, וואָס שייך דער קעגנוואַרט, איז דער רעוואָלוציאָנער ציניש אין זײַנע האַנדלונגען בנוגע דער צוקונפֿט. ער פּראָטעסטירט קעגן פּאָליציי־ברוטאַליטעט, קעגן בורזשואַזע געריכטן, אָבער גלײַכצײַטיק האַלט ער אַז פֿאַר זײַן דערהויבענעם ציל זענען אַלע מיטלען כּשר[2].

מאַרקס האָט געוואָלט עטאַבלירן די געזעצן לויט וועלכע דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פֿונקציאָנירט, אָבער נישט די מלחמות, נישט די רעוואָלוציעס פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שטימען מיט דער טעאָריע וואָס ער האָט אַנטוויקלט. „זוכנדיק האָפֿענונג אין אַ צײַט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָבן די פֿילאָסאָפֿן באַשלאָסן אַן אָפּטימיזם וואָס איז באַזירט אויף אַ קאַטאַסטראָפֿע"[3]. עס קען געמאָלט זײַן, מיינט ער, צו

פּרעפֿערירן אַ געפּלאַנטע ווירטשאַפֿט קעגן דעם פֿרײַען מאַרק, אָבער יעדער וואָס דערוואַרט אַז פּלאַנירונג וועט אָנזאָגן פּראָספּעריטעט משפּט פֿאַלש די געניטשאַפֿט פֿון ביוראָקראַטן, און די פֿאַראַנענע רעסורסן. יעדער וואָס מיינט אַז די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט וועט ברענגען פֿרײַהײַט משפּט פֿאַלש די מענטשלעכע נאַטור, און איגנאָרירט די אומפֿאַרמײַדלעכע רעזולטאַטן פֿון קאָנצענטרירן די מאַכט אין די הענט פֿון עטלעכע מענטשן[4]. די מאַרקסיסטישע געצנדינערײַ פֿון געשיכטע איז אַ קאַריקאַטור, האַלט ער, פֿון היסטאָרישן באַוווּסטזײַן, וואָס לערנט אונדז רעספּעקט פֿאַר פֿאַקטן, און די פֿילפֿאַכיקע באַטײַטן וואָס זיי האָבן. דער היסטאָרישער באַוווּסטזײַן לערנט אונדז אויך די גרענעצן פֿון אונדזער וויסן, בעת יענע וואָס ווילן באַפֿעלן דער געשיכטע חלומען אָדער צו עלימינירן די אינטערווענץ פֿון אַקצידענטן, פֿון גרויסע פּערזענלעכקײַטן, אָדער זיי מיינען אַז מען קען איבערבויען די געזעלשאַפֿט לויט אַ גלאָבאַלן פּלאַן, אַז מען קען אָוועקוואַרפֿן טראַדיציעס, אָדער מאַכן אַ סוף פֿון אַלע קאָנפֿליקטן וואָס צעטיילן די מענטשהײַט. די דאָזיקע פּראָמעטייאישע אַמביציע איז איינע פֿון יענע סיבות פֿון וואַנען עס שטאַמט דער טאָטאַליטאַריאַניזם[5].

אַראָן קומט צו דער מסקנא אַז געשיכטע איז אַזוי פֿאַרשטענדלעך ווי די האַנדלונגען פֿון מענטשן. געשיכטע האָט אַ זין אויב מען שטעלט אַרײַן אַ פּאַסירונג אין אַ קאָנטעקסט, און געשיכטע האָט אַזוי פֿיל באַטײַטן ווי די דימענסיעס פֿון דער ווירקלעכקײַט. אין לעצטן אַנאַליז, גלייבט ער, האָט געשיכטע דעם זינען וואָס די פֿילאָסאָפֿן גיבן איר. דער פֿילאָסאָף, נישט דער היסטאָריקער זאָגט אונדז וואָס דער מענטש האָט געפֿונען, וואָס ער וועט אפֿשר געפֿינען מאָרגן[6].

נאָך 1975, טיילווײַז צוליבן רושם פֿון סאָלזשעניצינס ביכער וועגן די סאָוועטישע גולאַגס, האָט אַ גרויסער טייל פֿון דער פֿראַנצייזישער אינטעליגענץ אָפּגעוואָרפֿן דעם לענין-מאַרקסיזם, און אַראָן איז געוואָרן רעהאַביליטירט בײַ זיי.

### III

אַראָנען פֿלעגט מען רופֿן דער פֿראַנצייזישער וואָלטער ליפּמאַן, און ס׳איז געווען אַ געוויסער אמת אין דעם פֿאַרגלײַך: ביידע זענען געווען ערשט־ראַנגיקע פּובליציסטן, און טיפֿזיניקע דענקער׳: ביידע זענען געווען ערודיטן וואָס האָבן געקענט אַלע לאַבירינטן פֿון דער אייראָפּעיש־אַמעריקאַנער קולטור; ביידע זענען אין דער יוגנט געווען סאָציאַליסטן און פֿאַרבליבן ליבעראַלן; ביידע זענען געווען אַסימילירטע ייִדן און אַגנאָסטיקער; ביידע האָבן פֿאַרמאָגט דעם טאַלאַנט מסביר צו זײַן קאָמפּליצירטע ענינים. אָבער דאָ, דוכט מיר, ענדיקט זיך די אַנאַלאָגיע. אין זייער באַציִונג צום ייִדנטום און מדינת ישׂראל זענען זיי געווען ווײַט איינער פֿון אַנדערן: בעת דער אַמעריקאַנער פּובליציסט האָט צווישן זײַנע הונדערטער אַרטיקלען קיינמאָל נישט באַהאַנדלט די ייִדישע מדינה פֿון אַ ייִדישן קוק־ווינקל: וואָס זי באַטייט פֿאַר ייִדישן קיום, אָדער פֿאַר ייִדישע אינטערעסן; ער האָט זי צײַטנווײַז באַטראַכט, אָבער נאָר ווי אַן אַמעריקאַנער פּאָליטיש־סטראַטעגישער פּראָבלעם. דער ייִדיש־פֿראַנצייזישער פּראָפֿעסאָר, אָבער האָט זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע און שטאָלץ לגבי דער ייִדישער מדינה, און זיך אײַנגע־שטעלט פֿאַר ייִדישן כּבֿוד און פֿאַר דער עקסיסטענץ פֿון ישׂראל.

אין דער צײַט פֿון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, אין 1967, איז ער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דע גאָלן, וועלכער האָט אויף אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ קריטיקירט ישׂראל און ייִדן ווי „אַן עליטע פֿאָלק וואָס וויל זײַן דאָמינירנדיק״. אין אַרײַנפֿיר צו זײַן בוך געווידמעט דעם ענין דערקלערט אַראָן: ווײַל נישט מאָלראָ און נישט מאָריאַק, און נישט קיין אַנדערער פֿראַנצייזישער שרײַבער, אַלע וואָס רעדן אַזוי אָפֿט ווי די פּירשפּרעכער פֿון געוויסן פֿון דער מענטשהײַט און ווײַל קיינער פֿון זיי האָט נישט אָפּגעענטפֿערט דע גאָלן פֿאַר זײַנע אומפֿרײַנדלעכע רייד וועגן ייִדן און ישׂראל, דערפֿאַר פֿילט ער זיך געצוווּנגען צו נעמען אַ וואָרט אין דעם ענין[7]. צו פֿאַרטיידיקן די ייִדישער מדינה קעגן אַ באַשול־דיקונג וואָס איז פֿאַלש. אויף יענער פּרעסע־קאָנפֿערענץ האָט דע גאָל

צווישן אַנדערע באַהויפּטונגען געזאָגט: „ווען מען האָט אויפגעשטעלט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אַ ציוניסטישע היים אין פּאַלעסטינע, האָבן אַ סך מורא געהאַט אַז ייִדן... וואָס זענען פאַרבליבן אַן עליטע פאָלק, וואָס זענען אַלעמאָל געווען זיכער ביי זיך און דאָמינירנדיק, וועלן, אויב זיי וועלן ווערן פאַראייניקט, פאַרוואַנדלען זייער האָפענונג פון לשנה הבאה בירושלים, אין אַן אַמביציע פון נצחון. אָבער צוליב דיליידן פון ייִדן, ספּעציעל די רדיפות אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיי באַקומען הילף און סימפּאַטיע... פון אַ סך לענדער און פון פראַנקרייך. ס'איז אויפגעקומען מדינת ישׂראל וואָס איז געוואָרן קריגעריש, און זיך געגרייט צו עקספּאַנסיע. אָט דערפאַר האָט פראַנקרייך איבערגעבראָכן די ענגע פאַרבינדונג וואָס דער פריערדיקער רעזשים האָט איינגעשטעלט מיט ישׂראל".

פּראָפּ' אַראָן פרעגט דע גאָלן ווי האָט ער געזען אַז ייִדן זענען דאָמינירנדיק, אָדער אַז די ישׂראלים האָבן פּראָוואָצירט אַ כוואַליע פון שלעכטע געפילן? ער הייסט אים לייענען ביכער וועגן אַנטיסעמיטיזם, וועט ער זיך דערוויסן אַז דאָס קריסטנטום האָט פאַרפלאַנצט פאַראַכטונג צו ייִדן. ער דערמאָנט אים אין די קרייץ־צוגן, און ער פירט אויס אַז ביז היינט צו טאָג קען מען נישט זאָגן אַז ייִדן האַלטן זיך העכער פון אַנדערע פעלקער, אַחוץ מיט אומגליקן, און ס'איז אויך נישטאָ גאָרנישט מיט וואָס זיי זענען נידעריקער פון אַנדערע פעלקער[8]. ווי אַ יחיד פאָדער איך די רעכט צו זיין אַ פראַנצויז, און גלייכצייטיק נישט צו פאַרראָטן מיינע אָבֿות, צו האָבן אַ לאַנד, און נישט אויפצוגעבן מיין רעליגיע; אַפילו ווען איך פּראַקטיציר זי נישט".

נאָך שאַרפער דריקט ער אויס זיין ייִדישע לאָיאַליטעט אין זיין אינטערוויו מיט עדווין ניומאַן, אין 1974, אויף דער נ. ב. סי. טעלעוויזיע: „איך וויל נישט פאַרלייקענען מיין אידענטיטעט ווי אַ ייִד, און מיין פאָטער, זיידע און עלטער־זיידע זענען געווען מיטגלידער פון דער ייִדישער געמיינדע מיט אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט מיט זייערע ייִדישע ברידער. פון דעם דאָזיקן געפיל פון סאָלידאַריטעט וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן, וואָס דער פּרייז דערפון זאָל נישט זיין. פאַרוואָס? צוליב אַ

געפּיל פון ווירדע, און אפשר דערפאַר, ווייל איך וויל נישט זיך אָפּ־שניידן פון מיינע וואָרצלען, און דאָס מיינט אַן עמאָציאָנעלע התחייבות אַז ישראל זאָל בלייבן לעבן, און ווען ישראל איז אין סכנה פיל איך אינטענסיוו די דאָזיקע התחייבות".

ווי אַ גוטער בירגער פון פראַנקרייך, זאָגט ער, איז ער מחוייב צו פאַרטיידיקן זיין לאַנד, אָבער ער האַלט מיט מאָנטעסקיע: „פאַרן אייגענעם לאַנד דאַרף מען גרייט זיין צו שטאַרבן, אָבער נישט צו זאָגן ליגנס"; „איך האַלט אַז מיין רעכט צו זיין לאָיאַל צו אידייען, אָדער צו אַן עטנישער גרופּע, אָדער צו אַ קליינער מלוכה ווי ישראל". אַזוי רעדט אַן אַסימילירטער, אָבער אַ ווירדיקער, אַ שטאָלצער, און ערלעכער מענטש וואָס איז גאַנץ מיט זיך און זיין געוויסן.

1) The Opium of the Intellectuals by Raymond Aron, London. 1957: p. 105.
2) ibid. p. 105.
3) ibid. p. 106.
4) ibid. p. 158.
5) ibid. p. 160.
6) ibid. p. 190-200.
7) DeGaule. Israel and the Jews: Raymond Aron, N. Y., 1969 (1985)
8) ibid. p. 158.

# סידני הוק, פילאָסאָף פון דעמאָקראַטיע און הומאַניזם

(צו זײַן אַכציקסטן געבוירנטאָג)

## I

אין דער אַמעריקאַנער אַקאַדעמישער און אינטעלעקטועלער וועלט איז פּראָפעסאָר סידני הוק אַנערקענט ווי אַ צענטראַלע פיגור אי ווי אַ דענקער, אי ווי אַ קעמפער פאַר זײַנע איבערצײַגונגען. ער צייכנט זיך אויס מיט טיפן וויסן, מיט שאַרפזין, מיט אַ קלאָרן סטיל, און מיט אומגעווײנלעכן קוראַזש, מיט אַ כאַראַקטער־גבורה פאַר זײַנע אמתן און אידעאַלן וואָס איז זעלטן צו געפינען צווישן אַקאַדעמיקער.

ווי אַן אַנהענגער פון דעמאָקראַטישן וועלט־באַנעם איז ער אַ קעגנער פון קאָמוניזם, אָבער גלײַכצײַטיק דערמיט באַקעמפט ער אַלע פאָרמען — סײַ פון רעכטס, סײַ פון לינקס — פון טאָטאַליטאַריאַניזם, און ווען סענאַטאָר דזשאָזעף מעקאַרטי (1957־1908) האָט געבושעוועט אין דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקײַט איז סידני הוק שאַרף אַרויס־געטראָטן קעגן אים. אין אַ בריוו צו דער „ניו־יאָרק טײַמס" (דעם 8טן מאַי, 1953) שרײַבט ער: „אַפילו די וואָס שווײַגן וועגן מעקאַרטיס מעטאָדן דאַרפן געדענקען וועגן דעם גרויסן שאָדן וואָס ער טוט דער רעפּוטאַציע פון אַמעריקע אין אויסלאַנד... ער איז אַ שרעקלעכער מינוס פאַר די פרײַנד פון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע און אינטער־נאַציאָנאַלער פרײַהײַט, און אַ שטערונג קעגנצווווירקן די קאָמוניסטישע ליגנס וועגן דעם אמתן כאַראַקטער פון דער אַמעריקאַנער געזעל־שאַפט. די צײַט איז געקומען צו אָרגאַניזירן אַן אַל־אַמעריקאַנישע באַוועגונג... אַז סענאַטאָר מעקאַרטי זאָל ווערן צוריקגעצויגן פון עפנטלעכן לעבן".

איז אָט דער פילאָזאָף און קעמפער, סידני הוק, איצט געוואָרן אַ בן־שמונים. צו דער געלעגנהײַט איז דעם 28טן אָקטאָבער, 1982, פאָרגע־

קומען אין ניו־יאָרק אַ פֿײַערונג, בײַ וועלכער עס האָבן אים באַגריסט די פּני פֿון דער אַמעריקאַנער ליבעראַלער, אינטעלעקטועלער וועלט. צווישן די באַגריסערס זענען געווען די אָנגעזעענע סאָציאָלאָגן: דאַניעל בעל, פֿון האַרוואַרד; עדוואַרד שילס, פֿון שיקאַגער אוניווערסיטעט; בעיאַרד ראָסטין, פּאַרזיצער פֿון דער אַמעריקאַנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. עס זענען געקומען פֿאַרשטייער פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און אויך פֿון די ייִדישע רעקאָנסטרוקציאָניסטן. מען האָט פּרעזענטירט דעם בעל־יובֿל מיט אַ שריפֿט, און דער פּראָפֿעסאָר האָט באַדאַנקט מיט אַ טיפֿזיניקער רעדע אין שייכות צו זײַן אַני־מאַמין.

וועלן מיר זיך דאָ נישט קענען אָפּשטעלן אויף אַלע מאָמענטן אין פּראָפֿ׳ הוקס געדאַנקען־גאַנג, און אַוודאי נישט אויף זײַנע צאָלרײַכע ווערק; דאָס וואָלט פֿאַרלאַנגט אַ בוך. מיר וועלן דאָ פֿאַרצייכענען בלויז עטלעכע צענטראַלע אידעען אין הוקס וועלט־באַנעם וואָס זענען אי ברענענדיק אַקטועל, אי ווערטפֿול פֿאַר אונדזער דור. סעקולערער הומאַניזם איז אַן עיקר אין הוקס אַני־מאַמין. הומאַניזם דעפֿינירט ער ווי דער באַנעם אַז מאָראַל איז אומאָפּהענגיק פֿון רעליגיעזן גלויבן, אַז די מאָראַל איז רעלעוואַנט בנוגע אמתן וועגן דער נאַטור און דער מענטשלעכער נאַטור־אמתן וואָס זענען באַזירט אויף וויסנשאַפֿטלעכע באַווײַזן. מיט סעקולערן הומאַניזם מיינט ער אַז רעליגיעזער גלויבן און אומגלויבן זענען פּריוואַטע ענינים, און דעריבער דאַרף מען אָפּזונדערן דעם שטאַט פֿון רעליגיע. סעקולערע הומאַניסטן, שטרײַכט ער אונטער, זענען די שטאַרקסטע פֿאַרטיידיקערס פֿון רעליגיעזער פֿרײַהײַט.

אין אַן אינטערוויו מיט זײַן תּלמיד, פּראָפֿ׳ פּאָול קורץ, וואָס ער האָט געגעבן צו זײַן אַכציקסטן געבוירניאָר, דערקלערט דער בעל־יובֿל אַז די וויכטיקסטע פֿראַגע וואָס עס שטייט איצט פֿאַרן הומאַניזם אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, איז: צי אַ פֿרײַע געזעלשאַפֿט וועט קענען איבערקומען די אַטאַקע פֿון טאָטאַליטאַריאַניזם. ס׳איז נישט קיין אויסוואַל צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם, באַטאָנט ער, נאָר צווישן דעמאָקראַטיע און טאָטאַליטאַריאַניזם. פּאָליטישע דעמאָקראַטיע ווי אַ לעגאַל־

אַנערקענטע אָפּאָזיציע־פּאַרטיי קען פונקציאָנירן אונטער גאַראַנטירטע ציווילע רעכט איז אַ נייטיקער באַדינג פאַר אַ פרייער און אָפענער געזעלשאַפט. סאָלזשעניצינס „גולאַג אַרכיפּעלאַגאָ" דאַרף זײַן אָבליגאַטאָריש צו לייענען פאַר יעדן וואָס באַהאַנדלט דעם אינערלעכן רעזשים אין ראַטן־פאַרבאַנד, האַלט ער. אָבער דערבײַ, שטרײַכט ער אונטער, אַז בעת ער באַוווּנדערט סאָלזשעניצינס מוט, עלאָקווענץ און טיפע פּסיכאָלאָגישע אַרײַנבליקן, איז ער נישט מסכּים מיט זײַן סופּערנאַטוראַליזם, מיט זײַנע הנחות וואָס שטאַמען פון דאָסטאָיעווסקין, אַז עטיק איז באַזירט אויף רעליגיע, און אַז די פאַרטיידיקונג פון פרײַהײַט, און אַ פרײַער געזעלשאַפט מוז זײַן באַזירט אויף אַ רעליגיעזער אַפירמאַציע.

אויב די פאַרטיידיקונג פון אַ פרײַער געזעלשאַפט דאַרף ווערן באַגרינדעט אויף דער אויפלעבונג און קאָנסטאַטירונג פון אַ רעליגיעזן גלויבן, טענהט הוק, דעמאָלט האָבן מיר פאַרלוירן. ראשית, פרעגט ער, וואָס איז דאָס פאַר אַ רעליגיעזער גלויבן: קאַטוילישער, פּראָטעסטאַנטישער, ייִדישער, מאַכמעדאַנישער? היסטאָריש, האָט זיך דאָך די מערבֿדיקע פרײַע געזעלשאַפט אַנטוויקלט אין אָפּאָזיציע צו די אויטאָריטאַרע טענדענצן פון אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע! טאָלעראַנץ און די פרײַהײַט נישט מתפּלל צו זײַן איז נישט געוואָרן פאַרטיידיקט פון מערסטע רעליגיעס. רעליגיעזע פרײַהײַט אַפילו אין אַמעריקע איז היסטאָריש גיכער באַזירט אויפן פאַקט וואָס קיין סעקטע איז נישט געווען גענוג שטאַרק אַרויפצוצווינגען אירע דאָגמעס אויף אַנדערע, ווי אויף דער פאַרטיידיקונג פון מענטשנסרעכט יאָ אָדער נישט מתפּלל צו זײַן לויט איינעמס געוויסן.

צווייטנס, פרעגט דער פילאָסאָף, מיט וועלכער אויטאָריטעט נעמען מיר אָן אַז גאָט, אויב ער עקזיסטירט, איז אויף דער זײַט פון דעמאָקראַטיע, אָדער דער אָפענער געזעלשאַפט? דער הימל און דער גיהנום זענען דאָך היעראַרכיש אײַנגעשטעלטע געמיינשאַפטן (זע: „פרי אינקווייערי", האַרבסט 1982).

אין דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקײַט הערט מען לעצטנס אָפט וועגן נעאָ־קאָנסערוואַטיזם אין וועלכן אַ צאָל געוועזענע ייִדישע ראַדי־

קאָלן שפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע. די דאָזיקע אינטעלעקטואַלן זענען געוואָרן די אידעאָלאָגישע פֿאַרטיידיקערס פֿון סטאַטוס-קוואָ, אויב נישט נאָך ווייניקער. שאַפֿט זיך בײַ אייניקע מענטשן דער אײַנדרוק אַז דער אומדערשראָקענער קעמפֿער קעגן אַלע פֿאָרמען פֿון טאָטאַלי-טעריאַניזם, פּראָפֿ׳ הוק, איז געוואָרן אַ סימפּאַטיקער פֿון דער פּאָליטישער אידעאָלאָגיע. הוק לייקנט קאַטעגאָריש די דאָזיקע השערה. די וואָס באַצייכענען אים ווי נעאָ-קאָנסערוואַטיוו האָבן נישט געלייענט, זאָגט ער, וואָס ער האָט געשריבן. פֿאַר אים איז אַ ליבעראַל איינער וואָס איז גרייט צו טעסטירן זײַנע אידעאַלן אין ליכט פֿון שײַכותדיקער דער-פֿאַרונג. יעדער וואָס האַלט זיך בײַ אַ פּאָזיציע „נישט געקוקט אויף וואָס עס זאָל נישט זײַן” איז אַ פֿאַנאַטיקער. און אַזוי ווי אַ גוט עטיש לעבן באַשטייט פֿון אַן איבערגעגעבנקײַט צו אַ סך אידעאַלן, איז דעריבער, יעדער וואָס איז גרייט מקריבֿ צו זײַן אַלצדינג פֿאַר איין ציל, ווי דער-הויבן דער ציל זאָל נישט זײַן, אַזאַ מענטש וועט מאַכן אַ תּל פֿון זײַן מאָראַלישער ווירטשאַפֿט און אויך פֿון דער וועלט.

אַוודאי גיט דער פֿילאָסאָף צו אַז ער האָט געלערנט פֿון דער-פֿאַרונג, און איז נישט געבליבן בײַ אַלע זיכערקײַטן אין וועלכע ער האָט אַמאָל געגלייבט. ער זעט איצט אײַן אַז קאַרל מאַרקס׳ אַנאַליז איז געווען פֿאַלש. די רעלאַטיווע פּראָספּעריטעט פֿון די מערבֿדיקע ווירטשאַפֿטן, דער אויפֿקום פֿון די וווילשטאַנד-שטאַטן, און די פֿאַרשטאַרקונג פֿון נאַציאָנאַליזם האָבן אָפּגעלייקנט מאַרקס׳ פֿאָרויסזאָגונגען. דער סאָוועטן-פֿאַרבאַנד האָט טראַנספֿאָרמירט אַ חלום אין אַ טאָטאַליטאַרן קאָשמאַר. הוק דערציילט אַז ער איז אַ מיטגליד אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, און ער שטיצט אונטער אַ שטאַרקן און אמתן וווילשטאַנד-שטאַט. ער איז סימפּאַטיש צום פּראָגראַם פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג (אַ. פֿ. אָוו ל. און סי. איי. אָ.) — די אויסגעהאַלטנסטע קעגנער פֿון טאָטאַליטאַריאַניזם אין דער היים אָדער אין אויסלאַנד.

וואָס עס באַזאָרגט אים שטאַרק הײַנט-צו-טאָג איז די היפּאָקרי-טישקײַט פֿון דעם טאָפּלטן סטאַנדאַרט וואָס עס עקזיסטירט אין

פּאָליטישן און אינטעלעקטועלן לעבן. ווי אַן אילוסטראַציע פון דער צביעות ווײַזט הוק אַן אויף אַ בריוו אין צײַטונג וואָס אַ נאָבל־פּרײַז געווינער האָט געשריבן, ווו יענער טענהט אַז די ישׂראלדיקע מלחמה אין לבֿנון טאָר נישט געמשפּט ווערן לויט דער קריטעריע צי ס׳איז גוט פאַר ישׂראל אָדער אַמעריקע, נאָר אויפן יסוד פון „יושר, אָנשטענדיקײַט און רחמנות״; און דאָס, באַטאָנט הוק, שרײַבט אַ מענטש וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַראורטיילן די סאָוועטישע אינוואַזיע פון אַפגאַניסטאַן, די אונטערדריקונג פון פּוילן, די אינוואַזיע פון טשעכאָסלאָוואַקיע און אונגאַרן. דערבײַ גיט הוק צו אַז מען דאַרף די פּאַלעסטינער געבן די אויטאָנאָמיע וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט אין „קעמפּ דייוויד אָפּמאַך״.

## II

במשך זײַן רײַכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט האָט פּראָפעסאָר הוק זיך געווידמעט אַלגעמיינע, אָדער אַמעריקאַנער ענינים; ער האָט זיך לײַדער וויייניק אָפּגעגעבן מיט ספּעציפיש־ייִדישע נויטן. ער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע אָפּהאַנדלונגען איבער ייִדישע פּראָבלעמען, און ווי זײַנע אַנדערע אַרבעטן צייכענען זיי זיך אויס מיט אַנאַליטישקײַט און קלאָרקײַט. אַזוי למשל שרײַבנדיק וועגן סאַרטערס באַקאַנטער עסיי: „דער אַנטיסעמיט און דער ייִד״ אַנערקענט ער אַז דער פראַנצייזישער שריפטשטעלער האָט דורכגעפירט אַ ריכטיקן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון דעם ראַנד־ייִד און דעם פאַנאַטישן אַנטיסעמיט. סאַרטר איז גערעכט, אַז אַ האַפנונגסלאָזע מיטלמעסיקײַט וואָס ברענט מיט אַמביציע נאָך מאַכט אָדער באַרימטקײַט, איז אַלע מאָל אַנטיסעמיטיש, אָבער, פרעגט ער, ס׳איז דאָך דאָ אַן אַנדער סאָרט אַנטיסעמיט, וואָס ווערט כמעט נישט באַטראַכט פון פראַנצייזישן דענקער: דער „שיער נישט געניאַלער״ אַנטיסעמיט, דער טיפ וואָס האָט צוגעשטעלט אַמוניציע פאַר די פריידיקער פון אויסראָטונג. דאָס זענען: שאָפּענהויער, וואַגנער, דיורינג, יוסטאָן טשעמבערליין, סאָרעל, דאָסטאָיעווסקי, הענרי אַדאַמס, דרייזער, טשעסטערטאָן, אאַ״וו.

פּראָפֿ׳ הוק געפֿינט נישט ביַי סאַרטערן קיין ענטפֿער אויף דער רעטעניש, און ער בלייבט מיט אַ תּיקו. אָבער מיר דוכט זיך אַז דער אַנטיסעמיטיזם פֿון די „שיער נישט געניאַלע״ איז אַ ראיה אַז אויך אויף זיי, די שעפֿערישע יחידים, איז חל דער ביאָלאָגישער געזעץ פֿון מימיקרי: אויך זיי נעמען אָן דעם קאָלאָריט, די פֿאָראורטיילן פֿון זייער סבֿיבֿה און צײַט; און פֿון המנען ביז היטלער־סטאַלין האָבן זיי פֿײַנט אַ פֿאָלק וועמענס קולטור ס׳איז אַנדערש, אייגנאַרטיק, וואָס וויל נישט זײַן ווי „אַלע״. אויך זיי, די אויסנאַם־מענטשן, זענען אויסנעמלעך בלויז אויף זייער שטיקל שטח; אויף אַלע אַנדערע שטחים בלײַבן זיי דורכשניטלעך אַנטיסעמיטיש.

פּראָפֿ׳ הוק קומט צו דער מסקנא, אַז אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט זײַן אַ קריסטלעכע רעליגיעזע דערציִונג, וואָס מאָלט דעם ייִד ווי אַ גאָט־מערדער, וועט זײַן אַנטיסעמיטיזם. אַ סעקולערער הומאַניזם איז דערי־בער די זיכערסטע און אמתדיקסטע פֿילאָסאָפֿיע פֿאַר אַ דעמאָקראַטיש לעבן. ער פֿאַרגעסט נישט אַז אויך אין מאַכמעדאַנישע לענדער איז דאָ אַנטיסעמיטיזם, אָבער דאָרטן, מיינט ער, איז עס נישט אַזוי אינטעגראַל ווי דער אַנטיסעמיטיזם אין קריסטנטום.

סידני הוק האָט זיך אויך באַטייליקט ווי אַ רעדנער אויף אַ מאַסן־מיטינג, גערופֿן פֿון דער פֿרײַלאַנד־ליגע אין ניו־יאָרק (אונטערן פֿאָרזיץ פֿון ש. גוטמאַן, דעם 17טן יאַנואַר, 1945). דאָרט האָט ער דערקלערט אַז ער איז אַ פּלוראַליסט אין פֿילאָסאָפֿיע, און אין זײַן קוק אויף ייִדישע פּראָבלעמען: אַז דאָס ייִדישע פּראָבלעם איז צו קאָמפּליצירט, און מ׳קען עס מיט בלויז איין ענטפֿער נישט לייזן: „אַלע וועגן וואָס פֿירן צום ווײַטערדיקן קיום פֿון ייִדן, און צו דער אויפֿהאַלטונג פֿון דער אייגנ־אַרטיקער ייִדישער קולטור מוזן אויסגעפֿאָרשט ווערן. צי דאָס מיינט פֿאַרגרעסערטע עמיגראַציע קיין ארץ־ישׂראל, אָדער די עטאַבלירונג פֿון נײַע ייִדישע יישובֿים אין אַנדערע וועלט־טיילן... די לעצטע וועלט־געשעענישן האָבן באַוויזן דעם באַנקראָט פֿון אַסימילאַציע... וואָס שייך דער אַמעריקאַנער ייִדישער יוגנט, מוז זי זיך אויסלערנען אַז עס זאָל זי נישט פֿאַרדריסן אויף איר ייִדישקײַט, נאָר זי זאָל אַקצעפּטירן און שלום

מאַכן דערמיט ווי מיט אַ פּאָזיטיוון עלעמענט אין איר לעבן". („אויפֿן שוועל", יאַנואַר־פֿעברואַר, 1945).

### III

עס וועט זײַן אינטערעסאַנט צו הערן ווי דער פּלוראַליסט הוק באַציט זיך צו היפּוכדיקע אמתן — אמתן וואָס זענען אין ווידערשפּרוך איינער צום אַנדערן. אין זײַן רעדע אויף דער פֿײַערונג לכּבֿוד אים, האָט דער פֿילאָסאָף דערקלערט, אַז כאָטש ער ווייסט אַז צווישן די פֿרײַנד וואָס זענען געקומען אים באַערן זענען דאָ חילוקי־דעות, און אַז יעדער איינער פֿון זיי גייט זיך פֿונאַנדער מיט אים אין געוויסע פֿראַגן, איז ער פֿון דעסטוועגן צופֿרידן וואָס ס'איז דאָ אַ געוויסער ווערט, — פֿרײַנד־שאַפֿט, אָדער געמיינזאַמע זכרונות פֿון אַן אויפֿטו פֿאַר אַ גוטער זאַך — וואָס שטײַגט אַריבער די אַלע מיינונגס־פֿאַרשידנקײַטן. דערצו קען מען זיך אויך טרייסטן מיטן פֿאַקט וואָס די דאָזיקע מיינונגס־פֿאַרשידנקײַטן שטעלן מיט זיך פֿאַר אַ פּלוגתא וועגן טיפֿע אמתן.

לויט דעם באַרימטן דענישן פֿיזיקער ניעלס באָהר (1962־1885) איז אַ טיפֿער אמת, אַזאַ אמת וואָס זײַן היפּוך איז אויך אמת. למשל: מיר נעמען אָן אַז די וואָס פֿאַרגעסן דעם עבֿר זענען פֿאַרמשפּט אים איבער־צוחזרן. אָט דאָס איז אַ טיפֿער אמת. אָבער ס'איז אויך אַ טיפֿער אמת אַז די וואָס געדענקען אַלע מאָל דעם עבֿר ווייסן אָפֿט נישט ווען ער איז שוין עבֿר־זמניק, ווען עפּעס וויכטיקס וואָס איז נײַ איז אויפֿגעקומען. אָדער נעמט אַן אַנדער בײַשפּיל: ס'איז דאָ אַ טיפֿער אמת, אַז צופֿיל רעגירונג פֿירט צו דעספּאָטיזם; אָבער ס'איז אויך דאָ דער קעגנ־זעצלעכער טיפֿער אמת, אַז אָן אַ רעגירונג, אין אַנאַרכיע, וועלן מיר האָבן די הערשאַפֿט פֿון טויזנט דעספּאָטן. חכמה, פֿאַרשטאַנדיקײַט, באַשטייט אין וויסן וועלכער טיפֿער אמת, און וויפֿל דערפֿון קען מען אָנווענדן אויף אַ באַשטימטער סיטואַציע. הוק פֿירט אויס, אַז מיר זענען אפֿשר נישט קיין חכמים, אָבער מיר טראַכטן טיף און מיר דאַרפֿן רעספּעקטירן איינער דעם אַנדערנס טיפֿקײַט.

די הויפּט־געפֿאַר אין פּאָליטישן און מאָראַלישן דענקען ליגט, לויט

דעם בעל־יובֿל, אין דעם פֿאַנאַטיזם פֿון צידקות, אין די התחייבֿותן צו אַן אולטימען, פֿאַרהייליקטן אידעאַל, אין וועמענס נאָמען מ׳קען באַרעכ־טיקן יעדע האַנדלונג. די סכּנה ליגט אין נישט־פֿאַרשטיין אַז אַ שׂכלדיק לעבן מוז זײַן באַגרינדעט אויפֿן יסוד פֿון אַ פּלוראַליטעט, פֿון קאָנ־פֿליקט פֿון ווערטן; אַז בלויז דער שׂכל דאַרף זײַן דער שופֿט איבער זײַנע באַגרענעצונגען. חכמה באַשטייט אין וויסן אַז ס׳איז נישט קיין חכמה צו זײַן בלויז קלוג.

נישט געקוקט אויף דער איצטיקער געשפּאַנטער וועלט־סיטואַציע, האַלט הוק, דאַרפֿן מיר נישט פֿאַרצווייפֿלען. עס זענען דאָ אַ סך וואַרי־אַבלען, אומבאַשטענדיקײַטן, פֿאַרבײַגייענדיקע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פֿון וואַנען מיר קענען שעפּן זיכערקײַט. פֿון צופֿיל מורא קען מען ווערן אַפּגענאַרט, פּונקט ווי פֿון צופֿיל האָפֿנונג. מיר אַלע זענען אויך איינע פֿון די וואַריאַבלען אין דער געשיכטע, און אונדזער אײַנפֿלוס און כּוח איז אויך אַ פֿאַקטאָר. „דער פּאַראַדאָקס איז אַז מיר מוזן באַטראַכטן געוויסע ווערטן טײַערער ווי דאָס לעבן, כּדי צו פֿאַר־איידלען און פּרעזערווירן דאָס לעבן . . . אויב מיר זענען גרייט מקריבֿ צו זײַן אונדזער לעבן בײַם פֿאַרטיידיקן מענטשלעכע פֿרײַהײַט, וועלן מיר מעגלעך אויסמײַדן אונטערגאַנג״.

און מיר דאַרפֿן צוגעבן אַז אַזעלכע געוויסנהאַפֿטע, אַחריותדיקע, ווײַטזעענדיקע דענקערס און מוטיקע קעמפֿערס ווי סידני הוק, זענען אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין דער פּרעזערווירונג פֿון אַ פֿרײַער דעמאָ־קראַטישער וועלט.

(1983)

# אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין — דער סלאַוואָפּיל און קינסטלער

## I

עס קענען זײַן חילוקי־דעות וועגן דעם צי אַלעקסאַנדער סאָלזשע־ניצין איז דער גרעסטער רוסישער פּראָזע־קינסטלער, אָדער נישט; אָבער ווי איר זאָלט נישט טראַכטן וועגן זײַן קינסטלערישן טאַלאַנט מוזט איר אַלץ איינס באַוווּנדערן זײַן אויסערגעוויינלעכן מוט, כאַראַקטער, און זײַן אַלזײַטיקע ווירטואָזיטעט. אויב איר האָט בלויז געלייענט זײַן „ערשטן קרײַז״ און „גולאַג אַרכיפּעלאַג״, און דערצו געדענקט איר אויך די אויסטערלישע באַדינגונגען אונטער וועלכע די ווערק זענען געשאַפֿן געוואָרן, מוזט איר אַנערקענען אַז דאָ שטייט פֿאַר אײַך אַן אומגעוויינטלעך־שאַפֿערישע פּערזענלעכקײַט פֿון מאָראַלישער גרויסקײַט און נבֿיאישן פּאַטאָס. אָבער מיינט דאָס אַז ווײַל ער איז גרויס ווי אַ קינסטלער און מענטש, איז ער אויך אַ גרויסער פּאָליטישער דענקער? מיינט דאָס אַז מיר דאַרפֿן אָננעמען זײַנע מיינונגען וועגן דער מערבֿ־ציוויליזאַציע, און וועגן דער וועלט־פּאָליטיק? לאו דווקא. גרויס־קײַט אויף איין געביט מיינט נישט אויך גרויסקייט אויף אַן אַנדער געביט, און דער כלל איז אויך חל אויף אָט דעם רוסישן קינסטלער.

זינט סאָלזשעניצין איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון רוסלאַנד, און ער האָט זיך באַזעצט אין אַמעריקע, איז ער אויך פּראָדוקטיוו ווי אַן עסייאיסט און פּובליציסט וואָס הערט נישט אויף צו קריטיקירן דעם מערבֿ און צו רופֿן צו אַ קרייץ־צוג קעגן רוסלאַנד. און דערבײַ אַנט־פּלעקט זיך פֿאַר אונדז אַלץ מער דער קאָנסערוואַטיווער רוסישער סלאַ־וואָפּיל מיט אַ גלאָריפֿיקאַציע פֿון אַלץ וואָס איז רוסיש, אַז ממש ער זעט נישט קיין פֿלעק אָפּילו אויפֿן צאַרישן דעספּאָטיזם. אין דער אַמערי־קאַנער פּרעסע און פּעריאָדיק זענען לעצטנס דערשינען אַ ריי אַרטיקלען פֿון פּאַראַנטוואָרטלעכע פּובליציסטן וואָס ווײַזן אָן אויף אַ

געוואַלדיקן אויפשטייג אין סאָוועטן־רוסלאַנד פון אַ גרויס־רוסישן שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם, מיט אַ שׂנאה צו אַנדערע סאָוועטישע נאַציאָנאַליטעטן, צוזאַמען מיט אַ ווידערגעבורט פון אַנטיסעמיטיזם אויף אַלע פאַזן פון דער רעגירונג, צווישן אַרבעטער, און אַפילו אויך אין לאַגערן פון די אַרעסטאַנטן.

אַזוי, למשל, דערציילט אונדז דער רוסישער שרייבער אַנדרעי סיניאַווסקי, וועלכער איז געווען פאַרשיקט אין תּפיסות און לאַגערן פון 1966 ביז 1972, פאַר דרוקן זײַנע ווערק אין מערבֿ אונטערן פּסעוודאָנים אַבראַם טערץ, אַז אין פאַרלויף פון זײַנע זעקס יאָר אין די לאַגערן האָבן געוויסע אַרעסטאַנטן אים געגעבן אַן אולטימאַטום, אַז ער מוז איבער־רײַסן זײַן פרײַנדשאַפט מיט די ייִדישע אַרעסטאַנטן, און אויב נישט...

„אַנטיסעמיטיזם אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט אַלע מאָל עקזיס־טירט אין רוסלאַנד, אָבער ס׳איז נײַ און שאָקירנדיק עס צו געפינען אויך צווישן געבילדעטע מענטשן. אין די רייען פון די דיסידענטן ווערן געבאָרן נײַע ליידנשאַפטן, אומטאָלעראַנץ, און אַ וויזיע פון רוסלאַנד ווי אַ טעאָקראַטישע מלוכה. אַזעלכע סענטימענטן זענען באַאומרואיקנדיק אַפילו ווען אַ סאָלזשעניצין רעדט“. און סיניאַווסקי זעצט פאָר, אַז אין סאָלזשעניצינס טעאָקראַטישער מלוכה איז נישטאָ קיין אָרט פאַר ליבעראַלן, ווײַל פאַר אים איז די פאַר־רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד ווי אַ כּמעט אידעאַלע מלוכה, העכער ווי די מערבֿ־דעמאָקראַטיעס; אַז ער (סאָלזשעניצין) באַטראַכט רוסלאַנדס ירידה ווי אַ רעזולטאַט פון שלעכטע דרויסנדיקע כּוחות: מאַרקסיזם איז געקומען פון מערבֿ; לעניִן איז געקומען פון דער שווייץ; אַ טייל פון דער באָלשעוויסטישער פירערשאַפט איז געווען ייִדיש; די לעטישע רעגימענטן האָבן געהאָלפן אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע[1].

דריקט טאַקע סאָלזשעניצין אויס אַזעלכע עקסטרעם־קאָנסער־וואַטיווע סענטימענטן? ס׳איז כּדאַי צו הערן וואָס ער אַליין זאָגט. אין דעם זאַמלבוך „פון אונטער דעם ברוכוואַרג“ טרעט סאָלזשעניצין אַרויס מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן דעם באַרימטן רוסישן וויסנשאַפטלער און ליבעראַל, אַנדרעי סאַכאַראָוו, פאַר יענעמס טאַדלען דעם רוסישן

נאַציאָנאַליזם. גלײַכצײַטיק באַקעמפט דער קינסטלער אויך דעם פּאַרלאַ־מענטאַריזם און דעם פּאַרטיי־סיסטעם פֿון מערבֿ־אייראָפּע. דאָס איז לויט אים אַ גערץ וואָס דערדריקט זײַנע מיטגלידער, ווײַל — פּסקנט סאָלזשעניצין — אַ געזעלשאַפט ווו פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אַקטיוו קען קיין מאָל נישט שטײַגן מאָראַליש. ער זעצט פֿאָר זײַן באַשולדי־קונגס־אַקט און ער פֿרעגט: „צי קען אויסערלעכע פֿרײַהײַט זײַן דער באַוווסטזיניקער ציל פֿון מענטשן? אָדער איז עס בלויז אַ ראַם אין וועלכער אַנדערע העכערע צילן קענען רעאַליזירט ווערן? אויסער־לעכע פֿרײַהײַט איז ווינטשנסווערט, אָבער ס׳איז בלויז אַ מיטל צו אַ ציל. מיר קענען פֿעסט באַשטימען אונדזער אינערלעכע פֿרײַהײַט אַפֿילו אין אויסערלעכע באַדינגונגען פֿון אומפֿרײַהײַט. אין אַ נישט־פֿרײַער סבֿיבֿה פֿאַרלירן מיר נישט די מעגלעכקײַט צו פּראָגרעסירן צו מאָראַלישע צילן״[2].

אויבנאויפֿיק קלינגט זײַן קריטיק זייער נאַאיוו, ווי איינער זאָל פֿרעגן צי קען מען דען לעבן בלויז מיט לופֿט אַליין, אָן ברויט? אַוודאי ווייסט יעדער אַז פּאָליטישע פֿרײַהײַט איז בלויז אַ ראַם פֿאַר מענטש־לעכער עקזיסטענץ, און זי איז נישט דער זין און אינהאַלט פֿון יחידס לעבן; אָבער אָן איר, פּונקט ווי אָן לופֿט, איז דאָך פֿאַר אַ שטאָלצן, ווירדיקן מענטש אוממעגלעך צו אָטעמען. אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון פּאָליטישער פֿרײַהײַט קען מען רעאַליזירן „אַנדערע, העכערע צילן״.

ווען איר טראַכט זיך אַרײַן אין זײַן צוגאַנג זעט איר פֿאַר זיך אַ מיסטיקער, וואָס איז דער עיקר פֿאַראינטערעסירט צו ראַטעווען די נשמה, נישט דעם גוף. אַ ביסל שפּעטער דערגרעדט ער זיך טאַקע צו דעם אָפּן: „אין שייכות צו די אמתע צילן פֿון מענטשן אויף דער ערד איז די מלוכה־פֿאָרם פֿון צווייט־קלאַסיקער באַדײַטונג. ווײַל יעזוס האָט געזאָגט: „גיב צעזאַרן וואָס איז צעזאַרס, נישט ווײַל יעדער צעזאַר פֿאַר־דינט עס, נאָר ווײַל צעזאַרס אינטערעס איז נישט פֿון די וויכטיקסטע זאַכן אין אונדזער לעבן״. (זײַט 20־22).

אויב אַזוי, מעגן מיר דאָך אים פֿרעגן: טאָ וואָס גייט אײַך אין לעבן צי ס׳איז אַ צאַרישער דעספּאָטיזם, אָדער אַ קאָמוניסטישער — אַפֿילו

ווען דער לעצטער איז שווערער ווי דער ערשטער? און ווו איז דער זכות פֿון דער פֿאַר־רעוואָלוציאָנערער רוסישער אויטאָקראַטיע?! ווײַל, דערקלערט אונדז סאָלזשעניצין, די אויטאָריטאַרישע מלוכה (ס׳הייסט, די צאַרישע, ש. ג.) האָט פֿאַרמאָגט סטאַבילקײַט, קאָנטינויִטעט, און אימוניטעט פֿון פּאָליטישע אויפֿטרייסלונגען. צווייטנס, איז, הגם יענע רעגירונג איז געווען באַזירט אויף געוואַלד, און אויף אַרביטראַרע באַשלוסן, האָבן די אַמאָליקע אויטאָקראַטן זיך געפֿילט פֿאַראַנט־וואָרטלעך צו גאָט און צו זייער געוויסן.

יעדער וואָס איז באַקאַנט מיט דער רוסישער געשיכטע מוז דאָך שטוינען ווען ער גיט אַ טראַכט וועגן „געוויסן" פֿון איוואַן גראָזני, פּיאָטער דער גרויסער, די ראָמאַנאָווס מיט זייערע תּליות, קאַטאָרגעס, און פּאָגראָמען אויף ייִדן! זיי האָבן זיך געפֿילט פֿאַראַנטוואָרטלעך צו זייער געוויסן?! האָבן זיי דען פֿאַרמאָגט אַ געוויסן?

## II

אין זײַן נײַעסטער אַטאַקע אויפֿן מערבֿ פּרוּווט סאָלזשעניצין באַווײַזן אַז די אַמעריקאַנער געלערנטע, זשורנאַליסטן, און דיפּלאָ־מאַטן, פֿאַרשפּרייטן אַ פֿאַלשע טעאָריע וועגן רוסלאַנד, דהיינו: אַז ס׳איז דאָ אַן אומצערײַסבאַרע פֿאַרבינדונג צווישן קאָמוניזם און רוסלאַנד; אַז די קראַנקײַט פֿון קאָמוניזם האָט אַטאַקירט רוסלאַנד, ווײַל איר נאַציאָ־נאַלער אָרגאַניזם איז געווען גרייט זיך אָנצושטעקן מיט דער מחלה. די דאָזיקע טעאָריע איז פֿאַלש, טענהט ער. די אַלע געלערנטע, האַלט ער, נעמען אָפּט איבער, ניט ווילנדיק, די ראָם פֿון דער סאָוועטישער היסטאָריאָגראַפֿיע. און נישט־באַוווּסטזיניק אַקצעפּטירן זיי דעם צוגאַנג, די מעטאָדאָלאָגיע פֿון דער סאָוועטישער וויסנשאַפֿט. ווי אַ בײַשפּיל גיט ער אָן דעם פֿאַקט, אַז ביז דער לעצטער צײַט איז די עקזיסטענץ פֿון גולאַג־אַרכיפּעלאַג נישט געוואָרן אָנערקענט פֿון דער מערבֿדיקער וויסנשאַפֿט[3].

ס׳איז אַ פֿאַלשער, איין־דימענסיאָנעלער צוגאַנג, באַטאָנט דער רוסישער קינסטלער, צו וועלן דערקלערן דעם קאָמוניזם אין רוסלאַנד,

און שפּעטער אין אַנדערע לענדער, נישט ווי אַ נײַעם פּענאָמען אין דער געשיכטע, נאָר גלײַך ווי די סיבה וואָלט געלעגן אין רוסישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. עס איז אַ ראַסיסטישער קוק, פּראָטעסטירט ער, צוצו־שרײַבן דעם קאָמוניזם צו דער רוסישער שקלאַפישער מענטאַליטעט..

באַזונדערס שאַרף, טרעט ער אַרויס קעגן דעם אַמעריקאַנער היסטאָ־ריקער ריטשאַרד פּייפּס פֿאַר זײַן בוך: „רוסלאַנד אונטערן אַלטן רעזשים", ווו דער היסטאָריקער באַגרינדט דעם טעזיס אַז די געשיכטע פֿון רוסלאַנד האָט געהאַט איין ציל: צו שאַפֿן אַ פּאָליציי־שטאַט. אַלע געלערנטע מיט אָט דער טענדענץ רעדוצירן די רוסישע געשיכטע צו צוויי נעמען: איוואַן גראָזני און פּיאָטער דער גרויסער, און דערמיט ווילן זיי באַווײַזן אַז קאָמוניזם איז מעגלעך בלויז אין לענדער מיט אַ „מאָראַליש־דעפֿעקטיווער" געשיכטע, אַזוי וואָרפֿט סאָלזשעניצין פֿאַר דעם אַמעריקאַנער היסטאָריקער. לויט דעם טעזיס, הייסט עס, אַז אין אַלע געמיינהײַטן פֿון קאָמוניזם איז שולדיק דער רוסישער נאַציאָ־נאַלער כאַראַקטער און אירע אויטאָקראַטישע טראַדיציעס. אין דער אמתן, טענהט דער רוסישער שרײַבער, האָט רוסלאַנד פֿאַר 1914 געהאַט אַ דעצענטראַליזירטע ווירטשאַפֿט. זי האָט געהאַט פּראָגרעסירט אויפֿן פֿעלד פֿון אַרבעטער־געזעצגעבונג, און דער עקאָנאָמישער ווווילזײַן פֿון פּויערטום איז געווען בעסער ווי בײַם סאָוועטישן רעזשים. די אינטע־ליגענץ איז נישט געווען באַגרענעצט אין אירע טעטיקײַטן; מ'האָט טאָלערירט רעליגיעזע און פֿילאָסאָפֿישע אידייען פֿון אַלע ריכטונגען.

אָבער אַפֿילו ווען דאָס אַלץ וואָלט געווען אמת, איז עס בלויז אַ טייל פֿון בילד, נישט דאָס גאַנצע בילד פֿון דער צאַרישער רוסלאַנד מיט אירע אויטאָקראַטישע צאַרן, שוואַרץ־מאהניקעס, און פּאָגראָמען אויף ייִדן, וועגן וועלכע דער רוסישער שרײַבער האָלט נישט פֿאַר נייטיק צו דערמאָנען. אָבער, לאָמיר צוריקגיין צו זײַן קריטיק פֿון די מערבֿ־היסטאָריקערס פֿאַר זייער אינטערפּרעטאַציע פֿון רוסישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

אַוודאי איז דער ענין: נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, נאָך אַלץ נישט קיין וויסנשאַפֿט; סאָציאַל־פּסיכאָלאָגן און סאָציאָלאָגן זענען מחולק וועגן

באַשטענדיקייט פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. ס'איז אַ קאָמפּליצירטער פענאָמען מיט פאַרשידענע גייסטיקע שטרעמונגען און אַספּיראַציעס. אָבער נישט געקוקט אויף דער פאַרשידנקייט פון קלאַסן און יחידים אין יעדן פאָלק, איז פאַראַן, ווייניקסטנס במשך יאָרהונדערטער, אַ געוויסע באַשטימטע דויערנדיקייט אין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. מען טאָר דערי־בער נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף געוויסע צענטראַלע פאַקטן אין דער רוסישער געשיכטע: אַ לאַנד וואָס האָט זינט דעם פאַלן פון דער ביזאַנ־טישער אימפּעריע — די צווייטע רוים — (אין 1453) — אונדז אָפּט געלאָזט וויסן אַז זי איז די דריטע רוים, וואָס רעפּרעזענטירט דאָס אמתע קריסטנטום; אַ לאַנד וואָס האָט נישט דורכגעמאַכט דעם רענעסאַנס און די אויפקלערונג, נאָר בלויז געהאַט אַן „אויפגעקלערטע אויטאָקראַטיע" פון יעקאַטערינאַ דער צווייטער.

פּראָפ' פּייפּס, אָפּשלאָגנדיק די טענות פון סאָלזשעניצין און אַנדערע רוסישע קאָנסערוואַטיוון, האַלט אַז ס'איז ממש אַן אַבסורד צו וועלן פאַרלייקענען אַז ס'איז פאַראַן אַ קאָנטינואיטעט אין דער אויפ־פירונג מצד דער סאָוועטישער רעגירונג און דער רוסישער היסטאָ־רישער דערפאַרונג. מען מוז אָנערקענען, דערקלערט ער, אַז ס'איז דאָ אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד אין דער פּסיכאָלאָגיע און אַספּי־ראַציעס פון דער וועלטס פאַרשידענע פעלקער, בעת ביי יעדן פאָלק באַזונדער גייט אָן אַ המשך פון דור צו דור; ווייל נאָך אַלעמען קענען נישט די זעלביקע מענטשן, וואָס פאַרנעמען די זעלביקע טעריטאָריעס, וואָס רעדן די זעלביקע שפּראַך, און האָבן איבערגענומען די זעלביקע טויזנט־יעריקע געשיכטע, אָט די דאָזיקע מענטשן, פאַר זיי איז אומ־מעגלעך זיי זאָלן האָבן אַנטוויקלט צוויי באַזונדערע פּאָליטישע סיסטע־מען, וואָס האָבן נישט קיין בשותפותדיקע שטריכן. דער געדאַנק אַז אַ פאָלק פון איבער הונדערט מיליאָן מענטשן קאָן ווערן איבערגעמאַכט און געצווונגען במשך צענדליקער יאָרן, צוליב דער השפּעה פון געוויסע רשעותדיקע אידייען — ווי עס מיינט סאָלזשעניצין און אַנדערע רוסישע קאָנסערוואַטיוון — קומט אים אויס פאַנטאַסטיש[4].

ווייל, ווי דערקלערט מען, וואָס דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט",

געשריבן אין דײַטש, האָט אין דײַטשלאַנד געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג? „דאָס קאַפּיטאַל", געשריבן אין ענגלאַנד, האָט דאָרטן קיין רושם און קיין השפּעה נישט געהאַט? פאַרוואָס דווקא איז די אינדוסטריעל־צוריקגע־שטאַנענע רוסלאַנד אײַנגענומען געוואָרן פון דער מאַרקסיסטישער תורה?

זײַן ענטפער איז אַז אידייען דערפירן נישט צו קיין גרויסע שינויים; זיי ווירקן בלויז דאָרטן ווו דער קלימאַט און דער באָדן איז פאַר זיי גראָד גינסטיק. אַפילו דער מאַרקסיזם גופא האָט אַן אַנדער פּנים בײַ די מערבֿ־אייראָפּעישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. און אַפילו אין מזרח אייראָפּע, ווו דער קאָמוניזם איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, איז ער מילדער און מענטשלעכער ווי אין רוסלאַנד. דאָס פירט דעם אַמעריקאַנער היסטאָריקער צו דער מסקנה, אַז די פּאַקטישע פאָרם וואָס דער קאָמוניזם נעמט אָן בײַ אַ רעגירונג וואָס איז אויף אים באַזירט, איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון די היימישע פּאָליטישע טראַדיציעס, וועלכע זענען אין אייראָפּע ליבע־ראַלער ווי אין רוסלאַנד, מיט אירע אויטאָריטאַרע היסטאָרישע טראַדיציעס.

מיר וואָלטן געקענט באַקרעפטיקן דעם טעזיס פון אַמעריקאַנער היסטאָריקער מיט סאָלזשעניצינען גופא: זײַן סלאַוואָפילישע אידעאָ־לאָגיע און מענטאַליטעט איז דאָך אַ המשך פון דער פאַררעוואָלוציאָ־נערער רוסישער ראָמאַנטיק. ווײַל נאָך אַלע ליידן און טראַנספאָר־מאַציעס וואָס זײַן פאָלק האָט דורכגעמאַכט במשך דעם הײַנטיקן יאָר־הונדערט, צי אין נאָמען פון „געטלעכן רעכט" פון די צאַרן, אָדער אין נאָמען פון דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", חזרט ער אַלץ איבער, מיט גאָר קליינע אונטערשידן, דעם זעלביקן ראָמאַנטישן פּזמון פון די אַמאָליקע סלאַוואָפילן, צווישן וועלכע עס זענען געווען פאַרשידענע ניואַנסן בנוגע זייער קעגנערשאַפט צום מערבֿ, אָבער אַלע זענען געווען פאַראייניקט אין זייער אידעאַליזירן רוסלאַנד.

אין אַ בריוו פון זשענעווע, אין 1868, שרײַבט דאָסטאָיעווסקי, אַז „בעת אייראָפּע האָט אַנטוויקלט איר צעפּוילטע ציוויליזאַציע האָבן מיר

זיך געפֿורעמט אין אַ גרויס פֿאָלק; מיר האָבן געצאַמט אַזיע אויף אייביק, מיר האָבן דורכגעמאַכט אומענדלעכע ליידן; מיר האָבן נישט פֿאַרלאָרן די רוסישע אידעע וועלכע וועט באַנײַען די וועלט, נאָר מיר האָבן זי געשטאַרקט, סוף־כּל־סוף האָבן מיר אויסגעהאַלטן פֿון די דײַטשן, און דאָך נאָך אַלעמען איז דאָך אונדזער פֿאָלק אומפֿאַרגלײַכלעך העכער, נאָבעלער, ערלעכער, נאַאיווער, פֿעאיקער, פֿול מיט אַן אַנדער אידעע, די העכסטע קריסטלעכע אידעע וואָס ווערט אַפֿילו נישט פֿאַרשטאַנען פֿון אייראָפּע, מיט איר שטאַרבנדיקן קאַטאָליציזם און איר נאַרישן סתירהדיקן לוטעראַניזם״[5].

אויך סאָלזשעניצין גלייבט אַז רוסלאַנד וועט „מיט איר פּראַוואָס־לאַוונער קולטור אָפּראַטעווען די מענטשהײַט פֿון די פֿאַרפּירערישע אידעען פֿון דעם רענעסאַנס און אויפֿקלערונג, וועלכע האָט אונדז אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום גײַסט און מיר האָבן אָנגענומען אַלץ וואָס איז מאַטעריאַליסטיש, און מיר האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון דער מאָראַ־לישער ירושה פֿון די קריסטלעכע יאָרהונדערטער... דורך אינטענ־סיווע ליידן האָט אונדזער לאַנד דערגרייכט אַזאַ אינטענסיווע גײַסטיקע אַנטוויקלונג, אַז דער מערבֿ, אין זײַן איצטיקן צושטאַנד פֿון גײַסטיקער אויסשעפּונג, קוקט נישט אויס אַנציענדיק. במשך די לעצטע זעכציק יאָר זענען מיר דורכגעגאַנגען אַ גײַסטיקע אַנטוויקלונג וואָס איז אַ סך מער פֿאַרגעשריטן ווי די מערבֿדיקע דערפֿאַרונג״.

און בעת דער רוסישער קינסטלער זאָגט אונדז אַז ער האָט נישט קיין ענדגילטיקע מיינונג וועגן דער רעגירונגס־פֿאָרם פֿון רוסלאַנד אין דער צוקונפֿט, לאָזט ער גלײַכצײַטיק נישט דורך די געלעגנהײַט צו אַטאַקירן די ענגלישע לייבאָר־רעגירונג, די דײַטשע ווײמאַר־רעפּובליק און די הײַנטיקע מערבֿ־דעמאָקראַטיעס. דער אמת, פּסקנט ער דאָגמאַטיש, קען נישט באַשלאָסן ווערן דורך שטימען, ווײַל די מער־הײַט האָט נישט קיין טיפֿערן אַרײַנבליק אין אמת. גלײַך ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן „אייביקע״ פֿילאָסאָפֿישע פֿראַגן, און נישט וועגן ערדישע, סאָציאַל־פּאָליטישע ענינים וואָס זענען שטאַרק נוגע דעם פֿאָלק. מיינט דאָס אַז די „אַלצוויסנדיקע״ אויטאָקראַטן האָבן אַ טיפֿערן

אַרײַנבליק אין די אמתע באַדערפֿענישן און נויטן פֿון פֿאָלק, ווי דאָס פֿאָלק גופֿא?!

סאָלזשעניצין לאָזט אונדז אויך וויסן אַז ער איז נישט פֿאַר אַ טעאָ־קראַטישן רעזשים; ער וויל בלויז אַז די רעליגיע זאָל בײַטראָגן צום גײַסטיקן לעבן פֿון פֿאָלק „אַזוי ווי עס איז אין ישׂראל — און קיינער פֿאַרדאַמט עס נישט". ווי ס'ווײַזט אויס איז אים נישט באַקאַנט אַז ווײַט נישט אַלע ייִדן אין מדינת ישׂראל און אין די תּפֿוצות זענען צופֿרידן מיטן קאָנטראָל און מאָנאָפּאָל וואָס דער אָרטאָדאָקסישער ראַבינאַט האָט איבער רעליגיעזע ענינים אין ישׂראל...[6]

## III

אין איין פּרט, און פֿאַר אונדז ייִדן זייער אַ וויכטיקער, פֿאָלגט דער רוסישער קינסטלער נישט נאָך דאָסטאָיעווסקין: אין שׂינאה צו ייִדן. דער לעצטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ טיפֿער אַרײַנדרינגער אין אַלע אָפּגרונטן פֿון דער מענטשלעכער נשמה, האָט זיך אויך, ווי באַקאַנט, „אויסגעצייכנט" מיט זײַן ווילדן אַנטיסעמיטיזם. אין דעם פּרט איז דער הײַנטצײַטיקער רוסישער קינסטלער אַנדערש. אמת, מיר האָבן נישט געפֿונען בײַ אים ביז איצט קיין וואָרט פֿון סימפּאַטיע צום ייִדישן פֿאָלק מיט זײַנע זעקס מיליאָן קרבנות, אָבער אויך ניט קיין וואָרט פֿון שׂינאה.

ער זעט נישט קיין שום געפֿאַר אין איצטיקן אויפֿשטײַג פֿון נאַציאָ־נאַליזם אין רוסלאַנד. ער מיינט אַז דאָס איז אַ סימן אַז דער קאָמוניזם האָט נישט געקענט אויסראָטן די אײַנגעבאָרענע נאַציאָנאַלע סענטי־מענטן; אָבער ער זעט יאָ אַ סכּנה אין פֿאַקט וואָס די סאָוועטישע רעגירונג וויל אויסניצן פֿאַר אירע אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס דעם רוסישן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן. פּונקט אַזוי, ווײַזט ער אָן, נוצט די סאָוועט־רעגירונג אויס די ייִדישע עמיגראַציע פֿון רוסלאַנד פֿונאַנדער־צובלאָזן די פֿלאַמען פֿון אַנטיסעמיטיזם. („איר זעט? זיי זענען די איינ־ציקע וואָס קענען אַנטלויפֿן פֿון דעם גיהנום, און דער מערבֿ שיקט סחורה דערפֿאַר"); אָבער, שטרײַכט ער אונטער, דאָס מיינט נישט אַז

ייִדן האָבן נישט קיין רעכט צו פֿאָרן וווּהין זיי ווילן. אין שייכות דערמיט, ווײַזט ער אָן, אַז דאָס טראַנסמיטירן באַריכטן פֿון ייִדישע אימיגראַנטן פֿון רוסלאַנד, ווי גליקלעך זיי זענען אין אַמעריקע, העלפֿט מיט צו פֿאַר־שפּרייטן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, ווײַל מען ווייסט דאָרטן אַז נאָר ייִדן האָבן אַ רעכט צו עמיגרירן.

סאָלזשעניצין איז מודה אַז ער איז נישט קיין פּאָליטישער דענקער, נאָר אַ קינסטלער; אָבער ער פֿאַרגעסט זיך אָן דעם און רעדט צײַטנווײַז ווי אַ נבֿיא וואָס באַזיצט דעם געטלעכן אמת, און ער ווייסט בעסער ווי די מערבֿ־פּאָליטיקער און געלערנטע וואָס עס איז גוט פֿאַר דער מענטשהײַט. די צרה איז וואָס לעבן אין אַ געזעלשאַפֿט געפֿירט פֿון קנאים און ראָמאַנטיקער פֿון עבֿר, ווי דער רוסישער קינסטלער, וועט זײַן געפֿערלעך פֿאַר אַלע וואָס טיילן נישט זײַן וויזיע, און זײַנע אידעען.

ווי איינער וואָס האָט שטאַרק געליטן און וואָס איז פֿאַרליבט אין זײַן פֿאָלק און קולטור, איז ער גרייט אויף אַלע קרבנות פֿאַר זײַנע איבער־צײַגונגען; אָבער גלײַכצײַטיק וועט ער זיך אויך נישט אָפּשטעלן מקריבֿ צו זײַן זײַנע מיטמענטשן פֿאַר זײַנע אידעען, און דאָס איז געפֿערלעך, און אויף דעם האָט ער אויך נישט קיין רעכט: ער האָט בלויז אַ רעכט אויף זײַן אייגן לעבן. ער ווייסט נישט פֿון טאָלעראַנץ פֿאַר פֿאַרשיידענע אידעען; פֿון הכנעה פֿאַר די אולטימע אמתן, און די געפֿאַר וואָס ליגט אין איבערגעבן די מאַכט צו פֿאַנאַטיקער וואָס זענען דער עיקר באַזאָרגט וועגן יענעמס נשמה און נישט וועגן יענעמס גוף. פֿון לאַנגער, ביטערער דערפֿאַרונג האָבן מיר געלערנט, אַז „רעטער פֿון נשמות" זענען גרייט מוותר צו זײַן אויף דעם גוף... און דערפֿאַר טאָר מען זיי ניט אָנגעטרויען די מאַכט.

(1980)

1) "New York Review of Books": Nov. 22, 1979.
2) A. Solzhenitzyn: *From Under the Rubble,* 1976.
3) *"Foreign Affairs" quarterly,* Spring, 1980.
4) *"Encounter"*, April, 1980.
5) Hans Kohn: *Prophets and Peoples;* p. 199.
6) *"Jewish Frontier"*, May, 1980.

# האַלטן מיר ביי אַ צוריקקער צו רעליגיע?

## I

ס'איז נישט קיין נייעס אַז אין דער מערבֿ־וועלט קומט איצט פֿאָר אַ גייסטיקער קריזיס, און ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם — אַן איבערשאַצונג פֿון ווערטן. אונדזער יאָרהונדערט, פֿון די גרויזאַמסטע אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, צייכנט זיך אויס מיט זיינע גולאַגס און אַנטוישונגען, אַז ס'איז נישט קיין וווּנדער וואָס מענטשן זוכן פּאַנאַציייען צו זייערע ביז איצט אומהיילבאַרע חולאתן. די וויסנשאַפֿט און די פֿילאָ־סאָפֿיע קענען נישט באַפֿרידיקן די גייסטיקע נייטן פֿון מאָדערנעם מענטש, ספּעציעל דעם יחיד מיט אַ התלהבֿות־געפֿיל, פֿאַר וועמען גלויבן איז אַ האַרץ־באַדערפֿעניש, נישט קיין שׂכל־פּראָבלעם. פֿאַר די דאַזיקע עמאָציאָנעלע נאַטורן איז די וויסנשאַפֿט צו קאַלט און טרוקן, און דערצו ענטפֿערט זי נישט אויף די אולטימע פֿראַגן פֿון מענטשנס עקזיס־טענץ. אַ סך מענטשן קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק פֿון דער מענטשלעכער באַגרענעצטקייט און פֿאַרגענגלעכקייט. ס'איז אַ צייט פֿון רעוויזיע, פֿון אַנטוישונג אין נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאָלאָגיעס וואָס האָבן צוגעזאָגט גן־עדנס אויף דער וועלט.

איינער פֿון די געלערנטע, וואָס מעסט כּסדר דעם פּולס פֿון אונדזער עפּאָכע, איז דער פּראָמינענטער ייִדיש־אַמעריקאַנער סאָציאָלאָג, דאַניעל בעל, אַ פֿאָרשער וואָס האָט מיט יאָרן צוריק מאַניפֿעסטירט אַ סענסיטיוווקייט צו ייִד־זיין, און זיך אַרויסגעוויזן אַז ער איז נישט אומבאַקאַנט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור. אין דער פֿערטל־יאָר־שריפֿט פֿון די אַמעריקאַנער הומאַניסטן איז ער לעצטנס אַרויס־געקומען מיט אַן עסיי וועגן „צוריקקער צום הייליקן" (זע: „פֿרי אינקווייררי", האַרבסט 1981), ווו ער פּרובירט אָנצייכענען זיין בליק אויף רעליגיע און איר ראָלע אין דער צוקונפֿט.

זײַן טעזע אין אַ שטאַרק סימפּליפיצירטער און קאָנדענסירטער פאָרם, קען מען סומירן אַזוי: בײַם סוף פון 18טן און ביזן 19טן יאָר־הונדערט האָט כּמעט יעדער אויפקלערונג־דענקער דערוואַרט אַז רעליגיע וועט פאַרשווינדן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. רעליגיע איז געוואָרן אַסאָציאירט מיט איבערגלויבן, פעטישיזם, מיט גלויבענישן וואָס קענען נישט באַוויזן ווערן, מיט מורא. לויט דעם קוק איז רעליגיע אויפגעקומען צוליב שרעק פאַר דער נאַטור — סײַ די פיזישע מורא פאַר דער אומגעבונג, סײַ די סכּנות וואָס לאָקערן אין דער נשמה און ווערן באַפרײַט בײַנאַכט. דעם מער ראַציאָנאַלן ענטפער אויף אַלע מענטש־לעכע רעטענישן און דילעמעס האָט מען געזוכט אין דער פילאָסאָפיע.

פון סוף 19טן ביזן מיטן 20טן יאָרהונדערט האָבן כּמעט אַלע סאָציאָלאָגן דערוואַרט אַז רעליגיע וועט פאַרשווינדן בײַם אָנהייב פון 21טן יאָרהונדערט, ווי דער סאָציאָלאָג מאַקס וועבער האָט עס אויסגע־דריקט: „מיטן פּראָגרעס פון וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע האָט דער מענטש אויפגעהערט גלייבן אין מאַגישע כּוחות, אין גײַסטער און טייוואָלים. ער האָט פאַרלוירן זײַן חוש פאַר פּראָפעטישקײַט און דער עיקר, זײַן חוש פאַרן הייליקן”. דאָס, מיינט פּראָפ׳ בעל, איז די מיינונג פון מערסטע סאָציאָלאָגן הײַנט־צו־טאָג. אויך דער סאָציאָלאָג ברייען ווילסאָן, פון אָקספאָרדער אוניווערסיטעט, האַלט אַז סעקולאַריזאַציע איז די שטאַרקסטע טענדענץ אין דער איצטיקער צײַט, און דאָס מיינט דער בריטישער געלערנטער, באַווײַזט די ירידה פון גלייבן אין איבער־נאַטירלעכן.

פּראָפ׳ בעל טרעט אַרויס קעגן דעם צוגאַנג צו רעליגיע. ער האַלט, אַז ווען מען נוצט אַזאַ טערמין ווי סעקולאַריזירונג פאַרפלאָנטערט מען בלויז זאַכן, ווײַל מען מישט דאָ צוזאַמען דרײַ ענינים וואָס זענען אַנטאַ־גאָניסטיש צווישן זיך: די טעכנאָ־עקאָנאָמישע ספערע, די מלוכה, און די קולטור, ווו עס דאָמינירט איצט אַליין־רעאַליזירונג, אָדער אַליין־צופרידנקײַט. געזעלשאַפטן זענען צעשפּאָלטן און די שפּאַנונגען צווישן די פריער־דערמאָנטע דרײַ ספערן, זיי שאַפן די סתירות אין דער מאָדערנער וועלט — סתירות וואָס ווערן פאַרשטאַרקט אונטער

קאַפּיטאַליזם. דער באַגריף סעקולאַריזאַציע איז אַ צעמישעניש: ער מישט צוזאַמען צוויי פֿאַרשידענע פֿענאָמענען: די סאָציאַלע און קולטורעלע.

מיר דאַרפֿן פֿאַרשטיין, טענהט בעל, סעקולאַריזירונג אין אָריגי־נעלן זינען: די באַפֿרייונג פֿון רעליגיע לגבי דעם פּאָליטישן לעבן. עס מיינט די איינשרימפּונג פֿון אינסטיטוציאָנעלער אויטאָריטעט אין דער ספֿערע פֿון עפֿנטלעכן לעבן, און דער צוריקטריט פֿון רעליגיע אין דער פּריוואַטער ספֿערע, ווו זי האָט אויטאָריטעט בלויז איבער אירע נאָכ־פֿאָלגערס. אָבער, די דאָזיקע סעקולאַריזאַציע וואָס איז פֿאָרגעקומען במשך די לעצטע צוויי הונדערט יאָר איז נישט מחייב קיין איינ־שרימפּונג אין כאַראַקטער און פֿאַרנעם פֿון אמונה. אַ סימן אַז דאָס איז אַזוי, אַרגומענטירט בעל, איז דער פֿאַקט, אַז במשך דער גאַנצער סעקולאַריזאַציע פֿון רעליגיעזע אינסטיטוציעס זענען פֿאָרגעקומען אויפֿלעבונגען אין רעליגיעזן ענטוזיאַזם פֿון מאַסן מענטשן, און אויך ביי אַזעלכע גדולים ווי קיערקעגאַרד, סאָלאָוויאָוו, טיליך, סימאָן וויל, און אַנדערע.

דאָ ווילט זיך פֿרעגן דעם סאָציאָלאָג: און אַזעלכע פֿילאָסאָפֿן ווי בערטראַנד ראַסל, מאָריס ר. קאָהען, זשאַן פּאָול סאַרטער, וואָלטער קאַופֿמאַן, וואָס זענען געווען ווייט פֿון רעליגיעזע אָרטאָדאָקסאַלקייטן, זענען זיי ווייניקער רעפּרעזענטאַטיוו פֿאַרן היינטיקן ציייטגייסט ווי די פֿון אים אויסגערעכנטע אינטעלעקטואַלן?

דער אַמעריקאַנער סאָציאָלאָג גיט צו אַז במשך די לעצטע צוויי הונדערט יאָר איז די דאָמינירנדיקע טענדענץ אין דער קולטור — אומ־גלויבן: אַז די וועלט האָט פֿאַרלוירן איר מיסטעריעזקייט, און מענטשן, נישט געטער, קענען פֿירן די וועלט, און אַז אויף יענער זייט איז גאָר נישטאָ, אַחוץ חלל, אָט דאָס וואָס מאַקס וועבער האָט אָנגערופֿן „אַנט־צויבערונג״, אַנטכּישופֿונג פֿון דער וועלט. גלייכצייטיק, שטרייכט בעל אונטער — אַ וויכטיקן פּונקט אין זיין געדאַנקען־גאַנג — זיין דעפֿיניציע פֿון קולטור: מיט קולטור מיינט ער די רעאַקציעס פֿון סענסיטיווע מענטשן צו די עיקר־פֿראַגן פֿון מענטשנס עקזיסטענץ: ווי מען

קאָנפֿראָנטירט טויט, דעם זין פֿון טראַגעדיע, דעם כאַראַקטער פֿון ליבע, און דעם יחידס התחייבֿותן; די דאָזיקע פֿראַגן געפֿינט מען אין אַלע געזעלשאַפֿטן.

וועלן מיר האָבן — פֿרעגט ער — אַן אויפֿשטײַג פֿון נײַע רעליגיעזע פֿאָרמען? בעל איז זיכער אַז: יאָ. אין די אַלע נײַע קולטן וואָס זענען לעצטנס אויפֿגעקומען זעט ער אַ סימפּטאָם פֿון דער פֿענאָמען. לויט אים וועלן אין דער מערבֿ־וועלט אויפֿקומען דרײַ פֿאָרמען פֿון רעליגיע: א) אַ פֿונדאַמענטאַליסטישער גלויבן וואָס וועט באַטאָנען זינד. די אָנהענגער פֿון אָט דער רעליגיעזער שיטה וועלן זיך ווערבירן פֿון נידעריקן מיטלקלאַס, פֿאַרמערס, און בעלי־מלאכות אין קליינע שטעט. 2) אינטעלעקטואַלן און פּראָפֿעסיאָנאַלן וועלן זיך צוריקציען פֿון די עקסצעסן פֿון מאָדערניזם. 3) אַן אומקער צו אַ מיסטישער פֿאָרם פֿון געדאַנק. די וועלט איז געוואָרן צופֿיל פֿאַרוויסנשאַפֿטלעכט און סומנע, און איינטאָניק; דער מענטש בענקט נאָך נײַעס און מיסטעריע.

בעל פֿאַרענדיקט זײַן עסיי אויף אַ קאַבאַליסטישער נאָטע: מיר קענען ווײַט נישט דערגיין מיט אונדזער פֿאַרשטאַנד, ווײַל דער עקזיס־טענציעלער קלעם וואָס מיר קאָנפֿראָנטירן, שטאַמט פֿון אַ מיסטעריע, וואָס מיר וועלן אפֿשר קיינמאָל נישט קענען דורכדרינגען. אין דעם זין פֿאַרשטייט ער דעם קאַבאַליסטישן באַגריף פֿון ניצוצות, די פֿונקען וואָס פֿאַרקערפּערן דאָס הייליקע אין קאָסמאָס. דאָס הייליקע אין דער שיטה פֿון וווּנדער און יראת הכּבֿוד וואָס פֿאַרבלײַבט אַ מיסטעריע. כּדי צו באַגרײַפֿן דאָס הייליקע מוז מען אָנערקענען דעם פּרינציפּ פֿון הבֿדלה פֿון אונטערשיידן די ספֿערע וואָס איז רעזערווירט פֿאַר די טעג פֿון פּחד, און די ספֿערע פֿון טאָג־טעגלעכן און וועלטלעכן. ביז דער איצטיקער צײַט איז דער פּרינציפּ געוואָרן אָנערקענט פֿון יעדער מענטשלעכער גרופּע. אונדזער צײַט איז די ערשטע צו אָנולירן די גרענעצן צווישן די צוויי ספֿערן. ווען עס זענען דאָ וויניק ריטואַלן, ווען אַלע געשעענישן ווערן אַלץ איינס, אָן צערעמאָניעס וואָס באַצייכענען די אונטערשיידן, דעמאָלט ווערט דאָס לעבן גרוי.

מיר שטייען איצט, פֿאַרענדיקט בעל, בײַם סוף פֿון מאָדערניזם, פֿאַר

ווען דער לייטמאָטיוו איז געווען פון יענער זײַט, מחוץ („בעיאַנד") פון יענער זײַט נאַטור, פון יענער זײַט קולטור, פון יענער זײַט טראַגעדיע. מיר זוכן איצט אַ נײַעם וואָקאַבולאַר, ווען שליסל־וואָרט ס'איז: גרענעצן — אַ גרענעץ צום קאַליע־מאַכן די סבֿיבֿה, אַ גרענעץ צו באַוואָפֿנונג, צו טאָרטורן, צו גאווה. די קולטור, גלייבט ער, וועט זיך איצט באַוועגן אין דער ריכטונג פון צוריקגעווינען אַ חוש פאַרן הייליקן.

אַ היפּש ביסל פון בעלס אָרײַנבליק און אָבסערוואַציעס דערמאָנען אײַך אין די רעיונות פון די רעליגיעזע עקזיסטענציאַליסטן. ער דריקט פאַקטיש אויס זייערע אידעען און שטימונגען מיט אַנדערע ווערטער. אין דעם איצטיקן גײַסטיקן קלימאַט, אין אַמעריקע, בײַם סוף פון אַפּנאַ־רערישן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ער איז גערעכט ווען ער שטרײַכט אונטער אַז סעקולאַריזאַציע מיינט נישט דער אונטערגאַנג פון רעליגיע, און עס באַטייט אויך נישט אַז זי האָט אויפגעהערט שפּילן אַ ראָלע אין לעבן פון יחיד. רעליגיע, אפשר אין נײַע פאָרמען, וועט, איז צו גלייבן, פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. דער מקור פון רעליגיע איז דויערנדיק, אַזוי לאַנג ווי די מענטשהײַט וועט זוכן תּרופות צו אירע ביז־איצט־אומלייזבאַרע פּראָבלעמען: מלחמות, נאַטור־קאַטאַס־טראָפעס, קראַנקײַטן און טויט, הגם די אַקאַדעמישע און וויסנשאַפט־לעכע אינטעליגענץ, ספּעציעל אין מערבֿ־אייראָפּע, וועט מסתּמא ווײַטער פאַרבלײַבן געניי׳גט צו אומרעליגיעזקײַט.

פּראָפ' בעל איז אָבער אומגערעכט ווען ער וואַרפט פאַר די הומאַ־ניסטן זייער אומפאַרשטיין, און נישט אָפּשאַצן ריטואַל און פײַער־לעכקײַטן. אַזאַ נישט־רעליגיעזער דענקער ווי פּראָפ' מאָריס רפאל קאָהען האָט גוט פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט דעם ווערט און זינען פון ריטואַל. אין זײַן אויטאָביאָגראַפיש ווערק שרײַבט ער: „אין די טעג פון מײַן ערשטן יוגנטלעכן רעוואָלט קעגן יידישע פרומקײַטן בין איך געווען געניי׳גט צו פאַרשטיין קולטוס, תּפילה און ריטואַל, פון קנאַפּער וויכטי־קײַט... מײַנע אייגענע שטודיעס פון די גרויסע היסטאָרישע רעליגיעס האָבן מיך אָבער געפירט אײַנצוזען אַז ריטואַל איז אַן עיקרדיקער פאַקט אין מענטשלעכער רעליגיעזער דערפאַרונג... פאַר מיר זענען די

אַלטע צערעמאָניעס, וואָס פּײַערן דאָס אָנקומען און אַוועקגיין פֿון לעבן, די חתונה־צערעמאָניע, דער ברית, די לוויה — זיי אַלע גיבן אַן אויס־דרוק דער קאָנטינואיטעט פֿון דער גײַסטיקער טראַדיציע, וואָס איז מער עלאָקווענט ווי וועלכע עס איז פּראָזן וואָס איך קען אויסטראַכטן".

II

אין דער זעלביקער שריפֿט, ווו דער סאָציאָלאָג בעל האָט פֿאַר־עפֿנטלעכט זײַן עסיי, געפֿינען מיר אַ פּרטימדיקן ענטפֿער מצד דעם רעדאַקטאָר, פּראָפ׳ פּאָול קורץ, וואָס אַרגומענטירט אַז בעלס אויס־פֿירונגען זענען טעותדיק. בעל, ווי אַנדערע נעאָ־קאָנסערוואַטיוון, פֿאַר־מאַסקירט אַן אַנטי־הומאַניזם און אַנטי־פּלוראַליזם, מיינט ער. זיי, די דאָזיקע נעאָ־קאָנסערוואַטיוון, באַדויערן די מאָראַלישע עקסצעסן פֿון די לעצטע דעקאַדעס, ווי די סעקסועלע רעוואָלוציע, די מיליטאַנטישע פֿרויען־באַוועגונג, דעם וווּקס פֿון פּאָרנאָגראַפֿיע, פֿאַרברעכן, נאַר־קאָטיקס. כּדי אײַנצוהאַלטן די דאָזיקע כוואַליע רופֿן זיי מ׳זאָל צוריק אײַנפֿירן רעליגיעזע אויטאָריטעט אין אונדזער קולטור. אַ סך סעקולערע הומאַניסטן, טענהט דער פֿילאָסאָף קורץ, זענען אויך קריטיש צו די אַלע דערשײַנונגען, אָבער זיי האַלטן אַז עס זענען דאָ אַלטערנאַטיוון צום רעליגיעזן טראַדיציאָנאַליזם: הומאַניזם, גלויבן זיי, קען זײַן די דאָזיקע אַלטערנאַטיווע: אַ הומאַניזם, ווו זאָרג פֿאַר דער מענטשהײַט איז אַן עיקר.

פּראָפ׳ קורץ איז מסכּים מיט בעלן אַז ס׳איז געווען אַ טעות די מיינונג פֿון יענע דענקערס, אַז מיטן וווּקס פֿון בילדונג, ראַציאָנאַליזם און וויסנשאַפֿט, וועלן רעליגיעזע גלויבונגען פֿאַרשווינדן. אונדזער צוטרוי צו דעם אײַנשטעל איז געוואָרן צעטרייסלט דורך דער מערדערישקײַט פֿון די משיחישע סעקולערע אידעאָלאָגיעס — פֿאַשיזם און קאָמוניזם, און צוליבן וווּקס פֿון די אומשׂכלדיקע קולטן. ער גיט אויך צו, אַז די וויסנשאַפֿט קען נישט שטילן דעם עקזיסטענציעלן דורשט, און זי קען נישט פֿאַרענטפֿערן אַ סך פֿראַגן. אָבער אַזוי ווי אַ הומאַניסט איז אַן עקשנותדיקער סקעפּטיקער, קען ער נישט געפֿינען

קיין געטלעכן ציל פֿאַר דעם מענטשלעכן מין, אַחוץ דעם וואָס מיר אַליין גיבן זיך. אמת, דער אוניווערס איז נישט אָן מיסטעריע, עס זענען דאָ כּוחות אין דער נאַטור וואָס מיר קענען נישט קאָנטראָלירן: סטאָישע רעזיגנאַציע אין דער סימן פֿון חכמה. נישט געקוקט אויפֿן מענטשנס באַגרענעצטקייט און טויט, קען דאָס לעבן זײַן אָן אַוואַנטורע פֿול מיט זין און געשפּאַנטקייט. אַ סך דורות האָבן עס אַנטדעקט אָן קרענקלעכע אָבסעסיעס וועגן „גאָרנישט און אַנגסט".

פֿאַר בעלן, טענהט ער, איז די סעקולערע וויזיע צו מאָגער. אָבער, פֿרעגט ער, פֿאַרוואָס זיך נאַרן און נישט זען די צווייטע זײַט פֿון רעליגיע: „צי וועט אַ הייליק מאכל שפּײַזן דעם נאָך־מאָדערנעם מענטש, און אים צושטעלן אינספּיראַציע, טרייסט און דעדיקאַציע? איז גלויבן אין הייליקן נויטיק פֿאַר מאָראַלישקייטן? ס'איז אמת אַז רעליגיע האָט צוגע־שטעלט מאָראַלישע אינספּיראַציע, גערעכטיקייט און ליבשאַפֿט, אָבער זי האָט אויך אינספּירירט פֿאַנאַטיזם און האַס. דאָס „הייליקע" דינט נישט בלויז ווי אַ באַלזאַם פֿאַרן ווייטיק פֿון מענשטנס באַגרענעצטקייט, נאָר אויך ווי אַ מאַסקע פֿאַר דער פֿאַנאַטישער איבערצײַגונג, אַז איינעמס אידעע איז געטלעך סאַנקציאָנירט". דער פֿאַקט וואָס דער מאַרקסיזם איז דורכגעפֿאַלן ווי אַ סעקולערע רעליגיע פֿון גאולה, מיינט ניט, לויט קורצן, אַז אַנדערע סעקולערע אַפּרופֿן אויף דעם מענטשנס מערכה וועלן אויך דורכפֿאַלן. עס מיינט אויך נישט אַז די איינציקע אַלטער־נאַטיווע צו די סעקולערע גולאַגס פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז מחייבֿ צוריקצוגיין צו די דיסקרעדיטירטע גײַסטיקע גולאַגס. פֿרײַהײַט און שׂכלדיקייט האָבן נאָך אַלץ אַ באַטײַט פֿאַר דעם נאָך־מאָדערנעם מענטש.

מיר דוכט זיך, אַז קורץ איז אומגערעכט ווען ער שרײַבט צו בעלן פֿאַרמאַסקירטן אַנטי־פּלוראַליזם און אַנטי־הומאַניזם. ערשט לעצטנס האָט בעל, אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿישן עסיי, זיך דערקלערט פֿאַר אַ לעבנס־לאַנגן דעמאָקראַט (מענשעוויק) בנוגע עקאָנאָמישע ענינים, אָבער איינער „וואָס שרעקט זיך פֿאַר די מאַסן אין פּאָליטיק, און פֿאַר יענע וואָס זענען גרייט אונטערצוװאַרעמען די לײַדנשאַפֿטן פֿון המון

'אין נאָמען פֿון פֿאָלק', ווי מ'האָט עס אַמאָל געטאָן אין נאָמען פֿון גאָט".
(זע: „פּאַרטיזאַן רעוויו", נומער 4, 1981).

ס'איז אויך ווערט צו געדענקען אַז דער סאָציאָלאָג בעל מיינט נישט מיטן טערמין רעליגיע דעם געוויינלעכן טעאָלאָגישן טײַטש, נאָר ווי ער דעפֿינירט עס:

„אַ צאָל זיך בינדנדיקע ענטפֿערס אויף די הויפּט־עקזיסטענציעלע פֿראַגעס וואָס קאָנפֿראָנטירן יעדע מענטשלעכע גרופּע". דאָס איז אַזאַ מטושטשע, אומקלאָרע דעפֿיניציע, וואָס איז גאָר ווײַט פֿון דעם ווי רעליגיע ווערט געוויינלעך פֿאַרשטאַנען אָדער דעפֿינירט אין אַלע ווערטערביכער. דאָס איז פֿון יענע אַרביטראַרע דעפֿיניציעס וואָס איר קענט מיט זיי באַצייכענען אי סאָציאָלאָגיע, אי פֿילאָסאָפֿיע. פּאַקטיש דריקט בעל אויס מיט זײַן צוגאַנג די שטימונג פֿון אַ סך דיסאילוזיאָנירטע מיט אונדזער „פּראָגרעסיוון" יאָרהונדערט — אַ יאָרהונדערט פֿון מאָנסטעריעזע ברוטאַליטעטן, גולאַגס, ייִדישן חורבן. נאָך אַזעלכע קאַטאַקליזמען איז עס בפּירוש אַ זינד, אַ טעמפּקײַט צו פֿאַרבלײַבן בײַם אינטעלעקטועלן און מאָראַלישן סטאַטוס־קוואָ.

אין אַזאַ צײַט מוז אַ סענסיטיווער, ערלעכער אינטעלעקטואַל מאַכן אַ חשבון־הנפֿש. אין אַ צײַט ווי אונדזערער זוכט דער פֿאַראייניזאַמטער מענטש אַן אָנהאַלט אין דער קולטורעלער טראַדיציע פֿון דורות. ער וויל זיך דערפֿילן ווי אַ רינגעלע אין אַ קייט וואָס ציט זיך פֿון ווײַטן עבֿר. דורך דעם האָפֿט ער צו געפֿינען אַביסל שלווה פֿאַר זײַנע ספֿקות, אומזיכערקײַטן און אַנטוישונגען. אַזעלכע בענקשאַפֿטן און זוכונגען זענען נישט אַנטי־הומאַניסטיש. זיי זענען גיכער אַן אויסדרוק פֿון מענטשנס לעכצן נאָך פֿאַרוואָרצלטקײַט און אייביקײַט.

(1982)

## II ייִדישע פּראָבלעמאַטיק — נעכטן און הײַנט

# מאָדערניזאַציע און ייִדישער קיום

## I

עס וואָלט געווען אַ סימן פֿון אינטעלעקטועלער סטאַגנאַציע, ווען נאָך דעם קאַטאַקליזם וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט דורכגעמאַכט, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָלט נישט פֿאָרגעקומען קיין איבער־שאַצונגען פֿון פֿרע־מלחמה־היסטאָריאָסאָפֿיעס, פֿון סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע שיטות; צום גליק איז עס נישט אַזוי. הגם מיר האַלטן זיך נאָך אַלץ בײַ פֿאַר־מלחמה־אידעאָלאָגיעס, פּרובירט פֿונדעסטוועגן די ייִדישע מחשבֿה רעאַגירן אויף דער פֿאָרגעקומענער ערד־ציטערניש מיט נײַע קאָנצעפּציעס, נײַע הנחות, פֿאָרמולירונגען, בנוגע דער ייִדישער צוקונפֿט.

לאָמיר דערמאָנען, בקיצור, כאָטש עטלעכע שינויים אין וועלט־ייִדנטום. אין 19טן יאָרהונדערט האָבן דרײַ־פֿערטל פֿון ייִדישן פֿאָלק געלעבט אין אייראָפּע, אַ סך פֿון זיי אין די אָרעמע שטעטלעך, בעת אין 1980 האָבן צוויי דריטל געלעבט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און מדינת־ישׂראל. במשך הונדערט יאָר איז פֿאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע טראַנספֿאָרמאַציע אין דער ייִדישער וועלט. עס זענען אַנטשטאַנען עמיגראַציע־כוואַליעס, פֿאַרשידנאַרטיקע רעליגיעזע גרופּירונגען, פּאָליטישע פּאַרטייען, פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, און פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, און מאַסן ייִדן זענען אַרײַנגעטראָטן אין די אוניווער־סיטעטן. די נײַע ייִדישע ישובֿים וואָס זענען אויפֿגעקומען אין אַמעריקע און ישׂראל זענען אַנדערש פֿון די ייִדישע קיבוצים אין מזרח־ און מערבֿ־אייראָפּע. אָט די אַלע טיף־גייענדיקע ענדערונגען פּרובירן צוויי געלערנטע אַנאַליזירן און אינטערפּרעטירן אין אַ נײַ ליכט. און אַפֿילו אויב מיר וועלן נישט קענען מיטגיין דעם גאַנצן וועג מיט די מחברים, מוז מען צוגעבן אַז זייער ווערק איז אַ דרײַ־דימענסיאָנעלע־שטודיע וואָס זיי

באַגרינדן אויפֿן יסוד פֿון אַ סך פֿאָרשונגען. הגם נישט אויף די ערשטע מקורים*.

קודם כל, ווער זענען די צוויי פֿאָרשער? קאַלווין גאָלדשיידער איז אַ פּראָפֿעסאָר אין סאָציאָלאָגיע און דעמאָגראַפֿיע אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, און אַלען צוקערמאַן — אַ פּראָפֿעסאָר פֿון פּאָליטישער וויסנשאַפֿט, אין בראַון־אוניווערסיטעט, פּראָווידענס, ר. א. זיי לאָזן אונז גלײַך בײַם אָרײַנפּיר וויסן, אַז זייער שטודיע פֿאַרנעמט זיך נישט מיט אידעאָלאָגישע ריכטונגען, כאָטש זיי סקיצירן די אַנטוויקלונג פֿון דער ציוניסטישער, בונדיסטישער, און אגודת־ישׂראל־באַוועגונג. זיי פֿאַרגלײַכן די גרונט־פּראָצעסן וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין עטלעכע גרויסע ייִדישע קהילות־בערלין, ווילנע, וואַרשע, בודאַפּעסט, און ניו־יאָרק, אין 1780 און 1880, און אין די 1920ער יאָרן.

דער צענטראַלער טעזיס וואָס די מחברים פּרובירן באַגרינדן וואָלט מען געקענט אַזוי סומירן: די איבערקערענישן וואָס מאָדערניזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע האָבן מיט זיך געבראַכט צווישן ייִדן איבער דער וועלט, האָבן נישט געפֿירט צו אַסימילאַציע, נאָר טראַנספֿאָרמירט דעם אופֿן פֿון ייִדישער קאָנסאָלידאַציע, צעמענטירונג, שאַפֿנדיק נײַע גע־מיינדע־באַנדן אויפֿן אָרט פֿון דער פֿריערדיקער צוזאַמענ־געבונדנקייט.

אין ערשטן טייל פֿון דער שטודיע אַנאַליזירן די פֿאָרשער די ענדע־רונגען וואָס זענען פֿאָרגעקומען במשך די לעצטע הונדערט יאָר אין די גרעסטע ייִדישע תּפֿוצות: ווו ייִדן זענען פֿון סוחרים און בעל־מלאכות אַריבער אין גרויסע צאָלן אין די פּראָפֿעסיעס, און קאָמוניקאַציע־מעדיומס. זיי צייכענען אָן די וועלט־שווינדלדיקע שינויים וואָס די לעצטע ייִדישע דורות האָבן דורכגעמאַכט אין זייערע פּרנסות, און אין אינהאַלט פֿון זייער ייִדישקייט. זיי גיבן צו אַז די דאָזיקע טראַנספֿאָר־מאַציע האָט געשאַפֿן נײַע דאגות פֿאַר ווײַטערדיקן ייִדישן קיום;

*) The Transformatio of the Jews by Calvin Goldscheider & Alen Zuckerman. The Univercity of Chicago Press. 279 pp. 1984.

זײַענדיק אינטעגרירט אין די פרײַע ייִדישע צעשפּרייטקײַטן זענען ייִדן באַזאָרגט צי דאָס וועט נישט פירן צו אַסימילאַציע. דער דריטער חורבן־אין אונדזער צײַט, די מלחמות און קאָנפליקטן אין מיטעלן־מזרח, און די אָפענע געזעלשאַפט אין מערבֿ־אייראָפּע און אַמעריקע זענען אַן ארויס־רוף צו ייִדישער קאָנטינואיטעט אין דער הײַנטיקער וועלט.

די צוויי געלערנטע אַרגומענטירן אַז ביז איצט האָבן מערסטע ייִדישע סאָציאָלאָגן, דעמאָגראַפן, און היסטאָריקער דערקלערט די שינויים אין ייִדישן לעבן ווי אַ פּועל־יוצא פון נײַע אידייען און ווערטן; מען האָט אָנגענומען אַז די אידעאָלאָגיעס וואָס ייִדישע דענקער האָבן פאָרמולירט, האָבן באַשטימט דעם כאַראַקטער און אויפפיר פון ייִדן; מען האָט ווייניק אַכט געלייגט אויף די סאָציאַלע, פאָלקישע און פּאָ־ליטישע קאָנטעקסטן אין וועלכע ייִדן האָבן געלעבט. זיי וואַרפן אָפּ דעם צוגאַנג: זיי האַלטן אַז די אידעאָלאָגיעס פון דער ייִדישער עליטע האָבן בלויז געהאַט אַ מאַרגינאַלע השפעה אויפן לעבן פון ייִדן.

דאָס איז, לויט מײַן מיינונג אַ שטאַרק איבערגעטריבענע באַהויפּ־טונג. צי האָבן אַזעלכע דענקער ווי לעאָן פּינסקער, יעקבֿ לעשצינסקי, ליבמאַן הערש, אַרטור רופּין, צו דערמאָנען בלויז עטלעכע פון די פּראָמינענטסטע, נישט געפאָרשט די עקאָנאָמישע, דעמאָגראַפישע, און סאָציאַל־פּאָליטישע פאַקטאָרן, אין שייכות צו דער אומגעבונג ווו ייִדן האָבן געלעבט?! דערצו גיבן די צוויי מחברים צו, שפּעטער אין זייער שטודיע, אַז די דרײַ הויפּט־באַוועגונגען אין פּוילישן ייִדנטום — די ציוניסטן, בונדיסטן, און די פרומע „אגודת ישׂראל" האָבן — צווישן די צוויי וועלט־מלחמות פאַרמאָגט הונדערטער טויזנטער מיטגלידער. דאָס איז דאָך סותר זייער פריערדיקע טעזע (זײַט 113־115). פאַקטיש וואַרפן די צוויי פאָרשער אָפּ די אידייע פון ייִדישער אַנדערשקײַט, אַז מיר זענען אַן „עם לבֿדד ישכּון"; זיי טרעטן ארויס שאַרף קעגן דער שיטה: „די אייגנאַרטיקײַט פון ייִדן איז אפשר אַ קאַרדינאַלער פּרינציפּ אין ייִדישער טעאָלאָגיע, אָבער בײַם פאָרשן פון ייִדישע קיבוצים און שטעט דינט עס בלויז צו פאַרבײַטן טעאָרעטישן וויסן מיט מעטאַפיזיק און זעלבסט־גראַטולאַציעס. מיר שטעלן אַוועק ייִדן אויף פילפאַכיקע

צווישנבאַציִענדיקע דימענסיעס פֿון סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און קולטור־רעלן לעבן, און מיר אַנאַליזירן יעדן אַספּעקט אין שייכות צו די אַנדערע אַספּעקטן: באַפֿעלקערונג־וווּקס, זיך בײַטנדיקע עקאָנאָמישע מעגלעכ־קײַטן, און דערציִערישע סיסטעמען, נײַע פּאָליטישע אָרגאַניזירונגען, רעליגיעזע ריטואַלן, און עמיגראַציעס — אָט די אַלע אַספּעקטן באַווירקן איינע די אַנדערע... דער אַנאַליז פֿון ייִדן איז אַ פּרווו צו פֿאַרגלײַכן זיי מיט אַנדערע פֿעלקער".

איז עס טאַקע אמת אַז ביז דער שטודיע האָט מען נישט געפֿאָרשט ייִדיש לעבן אין קאָנטעקסט מיט שכנישע פֿעלקער? שמעון דובנאָוו האָט אָנגערופֿן זײַן גרויס ווערק: „די וועלט־געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק", און האָט עס אויסגעמײַסטערט אויף סאָציאָלאָגישע יסודות, אונטער־שטרײַכנדיק אַז ייִדישקײַט איז געפֿורעמט געוואָרן לויט די סאָציאַלע תּנאים אין וועלכע ייִדן איז אויסגעקומען צו לעבן. עס וואָלט געווען איינזײַטיק צו טראַכטן אַז די ייִדישע אמונה האָט נישט אַרויפֿגעלייגט איר חותם אויפֿן גאַנג פֿון דער ייִדישער געשיכטע. דער יודאַאיזם און די ייִדישע געשיכטע האָבן זיך קעגנזײַטיק באַווירקט. די צוויי מחברים גיבן עס שפּעטער צו מיט אַ סך... „אָבערס", און „אויבס".

אַז מאָדערניזאַציע האָט טראַנספֿאָרמירט דאָס ייִדנטום, וועגן דעם קען מען נישט מחולק זײַן מיט די אויטאָרן, די פּראַגע איז: ווי האָבן ייִדן רעאַגירט אויף דער מאָדערניזאַציע? זענען זיי פֿאַרבליבן אַ צוזאַמענ־געבונדן פֿאָלק, שאַפֿט די טראַנספֿאָרמאַציע נײַע יסודות פֿאַר ייִדישן המשך, אָדער מוז עס אומפֿאַרמײַדלעך פֿירן צו אַסימילאַציע? די מחברים באַטראַכטן פֿאַרשידענע אײַנשטעלונגען צו עטנישקײַט און זיי מיינען אַז מאָדערניזאַציע האָט בלויז מאָדיפֿיצירט די עקזיסטירנדיקע צעמענטירונג פֿון ייִדישע קיבוצים, אָבער נישט צעשטערט; נישט די רעליגיע, נישט די ייִדישע געגנט, נישט די פֿרײַנדשאַפֿט, עטנישקײַט בכלל, האַלטן זיי, איז נישט אַ פֿאַראיבערגייענדיקער פֿענאָמען, נאָר אַ המשכדיקע דערשיינונג. עס רעפֿלעקטירט אַ סך יסודות פֿון סאָציאַלע צווישנבאַציִונגען, און צווישנהאַנדלונגען; און וואָס מער די צווישנ־טעטיקײַטן אין דער גרופּע עס האַלטן אַן אַלץ שטאַרקער איז די

פֿאָלקישע צעמענטירונג. אין ליכט פֿון די דאָזיקע הנחות באַטראַכטן זיי אַ ריי ייִדישע קהילות אין מערבֿ־ און מזרח־אייראָפּע, און זייער פּראָגנאָז איז אַז ייִדישע קאָנטינואיטעט וועט ווײַטער אָנהאַלטן.

## II

לאָמיר זען ווי זייער טעזע באַשטעטיקט זיך אין דער ווירקלעכקייַט. זיי פֿירן דורך אַ פֿאַרגלײַך לגבי ייִדישער צוזאַמענהאַלטונג אין די אייראָפּעיִשע געמיינדעס אין אייראָפּע, פֿאַרן און נאָכן אויפֿקום פֿון מאָדערניזאַציע. זיי ציען אַנאַלאָגיעס צווישן ייִדישע קהילות פֿון פֿאַרשידענער גרייס, סטאַדיעס און אינסטיטוציאָנאַליזירונג. זיי דיסקוטירן דעם גורל פֿון ייִדן אין די טאָטאַליטאַרע לענדער פֿון נאַצי־דײַטשלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד. אין צווייטן טייל פֿון בוך — אויף וועלכן מיר וועלן זיך שפּעטער ברייטער אָפּשטעלן, אַנאַליזירן זיי דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קיבוץ, אין זײַן אימיגראַנטישן פּעריאָד, ווען ייִדן זענען געקומען אין גרויסע מאַסן אין באַרירונג מיט אַ הויכער מדרגה פֿון מאָדערניזאַציע. אין דעם זעלביקן צווייטן טייל פֿאָרשן זיי אויס די דילעמאַס מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך מדינת ישׂראל, ווו דער ייִדישער ישובֿ איז אַ טאָטאַלע געזעלשאַפֿט פֿון שנעלער מאָדערניזאַציע — און איז שטאַרק צעמענטירט.

די ווירקונג פֿון דער פֿראַנצויזישער און אינדוסטריעלער רעוואָלוציע אויף ייִדן ווערט אָנגעצייכנט, און עס ווערט אַנאַליזירט ווי די צוויי רעוואָלוציעס האָבן געביטן דעם מצבֿ פֿון ייִדן אין מערבֿ־אייראָפּע, באַטאָנענדיק אַז די דערמאָנטע רעוואָלוציעס האָבן געעפֿנט קאַריערעס פֿאַר פֿעיקע ייִדן, הגם נישט אין אַלע פּראָפֿעסיעס, און נישט אויף אַלע געביטן דאָך זענען די געלעגנהייטן אין מערבֿ־אייראָפּע, אַ דאַנק די צוויי רעוואָלוציעס, געוועזן אויסערגעוויינלעך, און ווײַט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט מיט זײַן היעראַרכישן און סטאַטישן אידעאַל פֿון עבֿר. די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט אויך געפֿירט צו דער שאַפֿונג פֿון נײַע סאָציאַלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס, און צו דער מאָדיפֿיצירונג פֿון דער ייִדישער רעליגיע. יודאַאיזם איז געוואָרן בײַ די מערבֿ־אייראָ־

פּעישע ייִדן דער סימן־מובֿהק פֿון ייִדנטום. אָבער אויך זייער יודאַאיזם איז געוואָרן טראַנספֿאָרמירט. די פֿילאָסאָפֿן און ראַבײַס וואָס האָבן אָרגאַניזירט די רעפֿאָרם־באַוועגונג און די נעאָ־אָרטאָדאָקסיע האָבן געשאַפֿן נײַע פּירושים וועגן ייִדן און דער פּאָזיציע פֿון ייִדישקײַט אין דער מאָדערנער וועלט.

לויט דער מיינונג פֿון די צוויי מחברים האָבן נישט אידעאָלאָגישע מאָטיוון געפֿירט צו דער רעליגיעזער מאָדערניזאַציע, נאָר דער הויפּט־פֿאַקטאָר איז דאָ געווען פּאָליטישע, און בילדונגס־אינאָוואַציעס, דער וווקס פֿון דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג, און די אורבאַניזאַציע פֿון ייִדן. די נײַע רעליגיעזע אידעאָלאָגיעס — רעפֿאָרם, נעאָ־אָרטאָדאָקסיע, און קאָנסערוואַטיווע ייִדישקײַט — באַטראַכטן זיי נישט ווי פֿאָרמען פֿון אַסימילאַציע, ווײַל אַפֿילו די ייִדן וואָס האָבן נישט באַקומען קיין ייִדישער דערציִונג, אָדער האָבן נישט באַזוכט די סינאַגאָגעס, האָבן פֿונדעסטוועגן פֿאַרמאָגט יסודות פֿאַר ייִדישער קאָנטוניאיטעט: קאָמו־נאַלע אָרגאַניזאַציעס, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן ווײַטער אויפֿגעהאַלטן ייִדישע צעמענטירטקײַט. מאָדערניזאַציע האָט, האַלטן זיי, געשאַפֿן נײַע שטיץ־פּונקטן פֿאַר דער ייִדישער געמיינדע. זיי מינימיזירן דעם אַנטיסעמיטיזם, און ייִדישע ווערטן ווי פֿאַקטאָרן אין ייִדישן קיום. און הגם זיי פֿאַרגעסן נישט אַז די מערבֿ־אייראָפּעיִשע ייִדישע געמיינדעס האָבן געליטן דעמאָגראַפֿישע פֿאַר־לוסטן — די ייִדישע געבורט־ראַטע איז געפֿאַלן און געמישטע חתונות האָבן זיך פֿאַרמערט — פֿונדעסטוועגן, טענהן זיי, אַז דאָס זענען אַלץ געווען ראַנד־דערשיינונגען בײַ ייִדן מיט שוואַכע באַנדן צום ייִדישן ציבור.

ס'איז, דוכט מיר, אַ פֿײַנער פּילפּול, וואָס איז אין תּוך אַן אַפּלייקע־נונג פֿון זייער טעאָריע: וואָרעס די דאָזיקע ראַנד־ייִדן זענען דאָך גאָר נאָענט צו אַסימילאַציע, אויב נישט אינגאַנצן אַסימילירט! אָבער די פּראָפֿעסאָרן גאָלדשיידער און צוקערמאַן פּרובירן באַפֿעסטיקן זייער דיקטום מיט אַ קאָנפֿירמאַציע פֿון באַרימטן געלערנטן גרשום שלום, וועלכער האָט גוט געקענט דאָס דײַטשע ייִדנטום. פּראָפֿ׳ שלום האָט

אַנאַליזירט דעם מצבֿ פֿון די דײַטש־ייִדישע געמיינדעס, פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ער איז געקומען צו אַזאַ מסקנא: עס זענען געווען דרײַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע ייִדישע טיפּן: אַ קליינע גרופּע פֿון טאָטאַל־געגערמאַניזירטע, געשמדטע ייִדן; אַ קליינע צאָל רײַכע ייִדן וואָס האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט די סאָציאַלע און פּאָליטישע עליטע פֿון דער ייִדישע קהילה. די צאָלרײַכסטע און שטאַרקסטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון דער ברייטער ייִדישער ליבעראַלער און מיטעלער בורזשואַזיע. די דאָזיקע גרעסטע גרופּע, זאָגט שלום, ווערט מיספֿאַרשטאַנען, ווײַל ס'איז געווען אַ סתירה צווישן זייער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיי באַטראַכט ווי אַסימילירטע, און זייער פֿאַקטישע אויפֿפֿירונג אין וויכטיקע לעבנס־סיטואַציעס. גרשום שלום גיט בײַשפּילן פֿון זײַן אייגענער פֿאַמיליע, ווו מע האָט אָנגעהאַלטן געוויסע רעליגיעזע מנהגים, און אַ באַגרענעצטן קאָנטאַקט מיט נישט־ייִדן (זײַט 92־93). פֿון דעם דרינגען ביידע אויטאָרן אַז אַפֿילו אין דײַטשלאַנד האָט די מאָדערניזאַציע נישט צעשטערט די שטאַרקע באַנדן פֿון ייִדישער קאָנסאָלידאַציע.

וואָס גרעסער עס איז געווען אַ ייִדישע קהילה, און וואָס לענגער זי האָט עקזיסטירט אַלץ מער זענען פֿאַרבליבן די טראַדיציאָנעלע פֿאַרמען פֿון ייִדישער צוזאַמענהאַלטונג. גרויסע און לאַנג־עטאַבלירטע ייִדישע געמיינדעס האָבן פֿאַרמאָגט פֿונדאַמענטאַלע באַזעס — קינדערשולן, סינאַגאָגעס, בתי־דין — וואָס האָבן צעמענטירט ייִדן אין אַ באַזונדער קאָלעקטיוו. דאָס איז חל סײַ אויף מערבֿ, סײַ אויף מזרח־אייראָפּע, באַטאָנען די אויטאָרן. אָבער אַזוי ווי מאָדערניזאַציע איז אָנגעקומען שפּעטער אין מזרח־אייראָפּע, האָט דערפֿאַר די טראַדיציאָנעלע צוזאַמענהאַלטונג געדויערט לענגער ווי אין מערבֿ־אייראָפּע.

די ייִדישע געמיינדעס אין מזרח־אייראָפּע ווערן אויספֿירלעך עקזאַמענירט. פֿון די פֿינף מיליאָן ייִדן וואָס האָבן געלעבט אין דער צאַרישער אימפּעריע, ערבֿ דער ערשטער וועלט־מלחמה — לויט דעם צענזוס פֿון 1897 — האָבן 95 פּראָצענט געוווינט אין תּחום־המושבֿ, און האָבן דאָרטן באַטראָפֿן 12 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג. ייִדן זענען, ווי באַוווּסט, געווען אַ שטאָטישער עלעמענט אין אַ דאָרפֿישער געזעל־

שאַפט. כמעט 40 פּראָצענט יידן זענען געווען האַנטווערקער, אָדער פּראָלעטאַריער, אין פאַרגלייך מיט 11 פּראָצענט נישט־יידן; אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט אין האַנדל און קרובישע בראַנזשעס; בלויז 3 פּראָצענט האָבן זיך פאַרנומען מיט אַגרי־קולטור; ביי גויים איז געווען פונקט פאַרקערט.

פאַרגלייכנדיק דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען אין מזרח־ און מערבֿ־אייראָפּע באַטאָנען די מחברים אַז די באַרימטע ליטווישע ישיבֿות שפּיגלען נישט אָפּ קיין גענעטישע אונטערשידן צווישן די ליטווישע יידן און יידן פון אַנדערע תפוצות; די דאָזיקע ליטווישע ישיבֿות, האַלטן זיי, זענען געוואָרן פאַרשמט ווי אַ פּועל־יוצא פון צוויי עקאָנאָמישע פאַק־טאָרן; 1. די העכערע פּראָפּאָרציע פון יידישע און נישט־יידישע פּראָלע־טאַריער וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַבריקן אין ליטע; 2. די גרעסערע אָרעמקייט און מאַנגל אין עקאָנאָמישע געלעגנהייטן אין ליטע.

ווען דאָרטן זענען אויפגעקומען שאַנסן פאַר אַרבעט און בילדונג, האָט מען זיך ווייניקער אָפּגעגעבן מיט לערנען אין ישיבֿות. די צוויי געלערנטע באַשטרייטן די מיינונג פון די סאָציאָלאָגן רופּין און ענגעל־מאַן, אַז די אורבאַניזאַציע, די פאַרקלענערטע געבורט־ראַטע, און די עקאָנאָמישע מאָדערניזאַציע האָט געפירט צו דער אָפּשוואַכונג פון יידישער צעמענטירטקייט; זיי גיבן צו אַז די עווידענץ וואָס די דער־מאָנטע סאָציאָלאָגן גיבן אָן איז אמתדיק, אָבער נישט זייער אינטער־פּרעטאַציע: ס'איז טאַקע אמת אַז עס זענען פאָרגעקומען טיפע שינויים אין דער יידישער געזעלשאַפט, אָבער יידן זענען געבליבן אַ באַזונדער פאָלק. די דאָזיקע סאָציאָלאָגן האָבן פאַרזען די וויכטיקייט פון די נייע יידישע סאָציאַלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, און באַוועגונגען וואָס האָבן צוזאַמען מיט די רעליגיעזע אינסטיטוציעס צוגעשטעלט אַ יסוד פאַר יידישער צוזאַמענהאַלטונג. זיי פאַררופן זיך אויפן „צענטראַל פאַראיין פון די דייטשע יידן", אויפן „בונד", אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג, און דער „אגודת ישראל" פון די פרומע יידן. זיי סקיצירן אַגבֿ, גאַנץ סקרופּולעז די עוואָלוציע פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם אין „בונד".

אַרום יאָר 1920, שרײַבן זיי, האָט אַן ערך אַ פֿינפֿטל ביז אַ פֿערטל פֿון ייִדישן פֿאָלק אין פּוילן זיך אידענטיפֿיצירט מיט די דערמאָנטע סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע באַוועגונגען. אַוודאי, גיבן זיי צו אַז ייִדישע באַזונדערקײַט איז געווען שוואַכער אין מערבֿ־אייראָפּע, ווו די צאָל ייִדן איז געווען קלענער ווי אין מזרח־אייראָפּע, זייערע אינסטי־טוציעס שוואַכער, און די מאָדערניזאַציע אינטענסיווער.

די אַנטוויקלונג פֿון די צוויי גרעסטע ייִדישע קיבוצים — מדינת ישׂראל און די פֿאַראייניקטע שטאַטן — באַהאַנדלען די צוויי פֿאָרשער אין צווייטן טייל פֿון בוך. די פּראָבלעמאַטיק פֿון די דאָזיקע צוויי צאָל־רײַכסטע ייִדישע ישובֿים איז ברענענדיק־אַקטועל און אַנטשיידנדיק פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק.

### III

זיי סקיצירן די פֿאַרשידענע עטאַפּן אין דער געשיכטע פֿון מאָדער־נעם ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל; דאָ האָט מאָדערניזאַציע ניט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך קיין געפֿאַר פֿאַר ייִדישן המשך. רעליגיעזע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע פֿאַרבינדונגען האָבן צוזאַמענגעהאַלטן ייִדן, און זיי אָפּגעזונדערט פֿון ניט־ייִדן. אָבער די אינעווייניקסטע קאָנ־פֿליקטן אין ארץ־ישׂראלדיקן, און שפּעטער אין ישׂראלדיקן ייִדנטום, זענען דאָ שאַרפֿער ווי אין די תּפֿוצות. גלײַכצײַטיק שאַפֿט דער קיבוץ־גליות אין ישׂראל אַן ענגע פֿאַרבינדונג מיטן וועלט־ייִדנטום, וואָס לעבט ווי אַ מינאָריטעט אין דער וועלט. זיי אַנאַליזירן די פֿאַקטאָרן וואָס האָבן געפֿירט צו די עליה׳ס קיין ארץ־ישׂראל און מדינת־ישׂראל. זיי האַלטן אַז בלויז בײַ אַן ערך צען פּראָצענט פֿון די אַרײַנגעקומענע ייִדן איז אידעאָ־לאָגיע — ס׳הייסט ציוניזם — געווען דעצידירנדיק. אַ סימן — די ערשטע און צווייטע עליה איז אין פֿאַרגלײַך מיט דער ייִדישער אימי־גראַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן געווען קליין.

ערשט אָנהייבנדיק אין 1932, איז די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע שטאַרק געוואַקסן. יעדעס יאָר זענען אַרײַנגעקומען איבער דרײַסיק טויזנט ייִדן, דער אויפֿשטײַג פֿון נאַציזם, און די פֿאַרערגערטע פּאָלי־

טישע לאַגע פֿון אייראָפּעיִשן ייִדנטום זענען געווען די הויפּט־סיבות. צווישן 1936־1932 זענען אַרײַנגעקומען כּמעט 200,000 ייִדן, און דאָס האָט פֿאַרגרעסערט די ייִדישע באַפֿעלקערונג ביז 355,000; ווען די ייִדישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אין 1948, האָבן געלעבט אין לאַנד 650,000 ייִדן. דעמאָלט האָט דער פּאַלעסטינער ייִשובֿ רעפּרע־זענטירט 5.7 פּראָצענט פֿון וועלט־ייִדנטום. אין 1951 האָט זיך די פּראָ־פּאָרציע פֿאַרטאָפּלט. 25 יאָר נאָך דער עטאַבלירונג פֿון דער ייִדישער מדינה האָט שוין די ישׂראלדיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג באַטראָפֿן אַרום צוואָנציק פּראָצענט פֿון וועלט־ייִדנטום.

די מחברים דיסקוטירן די צוויי קאָנצעפּציעס לויט וועלכע מ'קען כאַראַקטעריזירן דעם ייִשובֿ: 1) די עטנישע אונטערשידן פֿון די פֿאַר־שיידענע עדות זענען צײַטווײַליק, און מיט דער צײַט וועלן זיך די אייראָפּעיִשע און אָריענטאַלישע ייִדן צונויפֿמישן, און ס'וועט פֿאָרקומען אַ מיזוג, אַ צוזאַמענשמעלצונג; 2) די אַלטערנאַטיווע טעאָריע מיינט אַז די אייראָפּעיִשע ייִדן וועלן ווײַטער דאָמינירן דאָס פּאָליטישע לעבן און די עקאָנאָמישע רעסורסן פֿון לאַנד. די פֿאַרשער באַטאָנען אַז די צוויי קאָנצעפּציעס שליסן נישט אויס איינע די אַנדערע; ביידע פֿאַרמאָגן אין זיך די עלעמענטן וואָס שפּיגלען אָפּ דיווירקלעכקײַט. אָבער ניט געקוקט אויף דעם איז דער ייִשובֿ צעמענטירט, און אין דער זעלביקער צײַט אויך צעטיילט, ספּעציעל אין שייכות צו דער פּאָליטיזירונג פֿון רעליגיע, וועלכע פֿאַרשאַרפֿט דעם קאָנפֿליקט סײַ אין ישׂראל, סײַ צווישן די ייִדן אין די תּפֿוצות.

אַלע וואָס פֿאָלגן נאָך די געשעענישן און אַנטוויקלונגען אין ישׂראל ווייסן אַז וויכטיקע סעקטאָרן אין דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט האַלטן אויף אַ סך רעליגיעזע שולן, ישיבֿות, יוגנט־באַוועגונגען, פּאַרטייען, און אַנדערע אינסטיטוציעס וואָס באַפֿעסטיקן רעליגיע. דאָך, דערקלערן די צוויי געלערנטע — און דאָס ווערט באַשטעטיקט מצד זיי, און אַנדערע פֿאַרשערס — איז די פּראָפּאָרציע פֿון רעליגיעזע ייִדן אין דער ישׂראל־באַפֿעלקערונג געפֿאַלן, בעת די פּראָפּאָרציעס פֿון וועלטלעכע איז געשטיגן; און לויט זייער מיינונג וועט די רעליגיעז־וועלטלעכע צעטיי־

לונג זיך פֿאַרשאַרפֿן. זיי שטעלן זיך אָפּ אויף דעם אינטערעסאַנטן פֿענאָ־מען אַז צוויי מאָל אַזוי פֿיל ישׂראלים זענען רעליגיעז ווי די וואָס סע שטימען פֿאַר די רעליגיעזע פּאַרטייען; מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס אַז אויך רעליגיעזע ייִדן זענען אין סאָציאַל־פּאָליטישע פֿראַגן ליבעראַל, אָדער סאָציאַליסטיש; און דאָס איז דערמוטיקנדיק פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון ישׂראל. מע מעג אָבער ספֿקן אין זייער באַהויפּטונג אַז די ישׂראל־דיקע הויפּט־פּאַרטייען האָבן נישט פּאָליטיזירט די עטנישע צעטיילונג (זײַט 217). איז דאָס טאַקע אַזוי געווען אונטער דעם בעגין־רעזשים?

זייער אָפּהאַנדלונג וועגן מדינת־ישׂראל פֿאַרענדיקן די מחברים, ווי עס פּאַסט וויסנשאַפֿטלערס: פֿאַרזיכטיק, אײַנגעהאַלטן: מע קען דער־וואַרטן ווײַטערדיקע מאָדערניזאַציע, טעכנאָלאָגישע אינאָוואַציעס, און וועסטערניזאַציע. „אין דער ווירקלעכקײַט שטייט ישׂראל פֿאַר אַ ריי קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿאַר וועלכע ס'איז דאָ ווייניק לייזונגען (זײַט 218).

## IV

אַריבערגייענדיק צום ייִדישן ייִשובֿ אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן צייכענען די מחברים די צענטראַלע ענדערונגען וואָס דער עמיגראַנ־טישער דור האָט דורכגעמאַכט אין אַמעריקע פֿון סוף 19טן יאָר־הונדערט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. יענעם פּעריאָד כאַראַקטע־ריזירן זיי ווי אַ צײַט ווען די אַמעריקאַנער ייִדישע געמיינדע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט עקאָנאָמישער קאָנצענטרירטקײַט אין באַשטימטע געגנטן, און מיט לינגוויסטישער בשותּפֿותדיקײַט — ס'הייסט ייִדיש איז געווען די אומגאַנג־שפּראַך בײַם רובֿ אימיגראַנטן. די הײַנטצײַטיקע ייִדישע אַמעריקע קען מען באַצייכענען ווי אַ קאָלעקטיוו וווּ עס גייט ווײַטער אָן אַן אינטענסיווע מאָדערניזאַציע, און עס קומען אויף נײַע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קאָנצענטראַציעס, צוזאַמען מיט אַ סך פּאָל־קישע און רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. די אַמעריקאַנישע געזעלשאַפֿט האָט ניט פֿאַרמאָגט די אייראָפּעיִשע שטײַפֿקײַט פֿון קלאַסן און קאַס־טעס, און דערצו האָט די דאָמינירנדיקע אַמעריקאַנער אידעאָלאָגיע

געשטיצט די אינטעגרירונג פֿון די אימיגראַנטן, און די פּרעזערווירונג פֿון רעליגיעזער פֿאַרשידנקייט. ס'איז ניט געווען דאָ קיין אויסער־לעכער דרוק זיך צו אַסימילירן.

אַזאַ פּליסיקע געזעלשאַפֿט האָט געמאַכט פּלאַץ פֿאַר אַמעריקאַנער ייִדן. צו הילף איז אויך געקומען אַן עקאָנאָמיע וואָס האָט זיך כּסדר אויסגעברייטערט — אָט די דאָזיקע פֿאַקטאָרן האָבן אַרויסגערופֿן ווייניק אַנטיסעמיטיזם, און אַנשטאָט אַטאַקעס אויף ייִדן האָט מען אַפּעלירט פֿאַר ייִדישע שטימען בעת די וואַלן.

ייִדן האָבן רעאַגירט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים בעת ס'איז אָנגע־גאַנגען דער פּראָצעס פֿון אַמעריקאַניזאַציע: זיי זענען געווען סאָציאַל און געאָגראַפֿיש באַוועגלעך, רירעוודיק, זיי זענען געוואָרן געבילדעט, און בהדרגה זענען זיי געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פֿון אַמעריקאַנער מיטלקלאַס. די פֿאַרשערס באַשטרײַטן דעם פֿאַרשפּרייטן קוק אַז בלויז ייִדן זענען געקומען אַהער ווי אַ מינאָריטעט־פֿאָלק פֿון לענדער וווּ זיי זענען פֿריער אויך געווען אַ מיעוט; און דעריבער זענען זיי בעסער געווען צוגעגרייט זיך צוצופּאַסן צו דער נײַער אַמעריקאַנער סבֿיבֿה. די אויטאָרן פֿון דער שטודיע טענהן אַז ווייניק פֿון די ניט־ייִדישע אימי־גראַנטן־גרופּעס זענען געווען אַ טייל פֿון דער דאָמינירנדיקער מאַיאָ־ריטעט אין זייערע געבורט־לענדער; סיציליאַנער האָבן זיך ניט באַטראַכט ווי איטאַליענער; פּאָליאַקן זענען געווען אַן אונטער־געדריקטע מינאָריטעט אין דער רוסישער אימפּעריע.

דער שרײַבער פֿון די שורות מיינט אָבער אַז דער ייִדיש־אַמערי־קאַנער סאָציאָלאָג בצלאל שערמאַן, וועלכער שטיצט זיך אויף פּראָ־פֿעסאָר האָראַס קאַלען, איז טיפֿער אַרײַנגעדרונגען אין די סיבות פֿון דער שנעלער ייִדישער צופּאַסונג צו אַמעריקע. לויט שערמאַנס שׂכל־דיקער דערקלערונג זענען אימיגראַנטן פֿון ניט־ייִדישע פֿעלקער צום ערשטן מאָל געוואָרן אַ מינדערהײַט אין אַמעריקע, בעת ייִדן זענען פֿאַר אַ לאַנגער צײַט אומעטום געווען אַ מינדערהײַט. זיי זענען געווען מיט־גלידער פֿון אַ פֿאָלק וואָס איז געווען היימלאָז. אַנדערע אימיגראַנטן זענען געקומען אַהער מיט איין קולטור; ייִדן־מיט צוויי, אָדער מער. ייִדן

האָבן געדאַרפט אויסבײַטן איין קולטור (די פרעמדע) אויף אַן אַנדערער כּדי זיך צו אינטעגרירן מיטן נײַעם לאַנד, בעת אַנדערע מינדערהײַטן האָבן געדאַרפט אויפגעבן זייער נאַציאָנאַלע קולטור, כּדי זיך אײַנצו־גלידערן אין דער לאַנדקולטור (זע ס. בי. שערמאַן: טהי דזשו אין אַמעריקאַן סאָסײַעטי; דעטראָיט, וועין יוניווערסיטי; ז. 127-122). און צי קען מען פאַרגלײַכן די טעריטאָריעל־קאָנצענטרירטע סיציליאַנער, אָדער פּאָליאַקן מיט ייִדן וואָס זענען ניט געווען קיין מערהײַט־פאָלק אויף קיין טעריטאָריע אין די צעשפּרייטקײַטן!

וואָס שייך די דײַטשע ייִדן אין אַמעריקע, וואָס זענען אין רובֿ פאַלן צוגעשטאַנען צו דער רעפאָרם־באַוועגונג, שטרײַכן די מחברים אונטער, אַז זיי זענען געווען געבונדן צווישן זיך און זיך ניט אַסימילירט. 65 פּראָ־צענט האָבן געוווינט אין די צען גרעסטע שטעט, און אין ייִדישע קוואַר־טאַלן. דער אינהאַלט פון זייער ייִדישקײַט אין אַמעריקע האָט זיך געביטן, אָבער האָט זיי ניט אַסימילירט.

אין 1918 האָבן כּמעט אַ העלפט פון די אַמעריקאַנער ייִדן געלעבן אין ניו־יאָרק, און כּמעט צוויי־דריטל אין דרײַ שטאַטן: ניו־יאָרק, פּענסילוואַניע און מאַסאַטשוזשעטס.

ייִדן האָבן זיך שנעלער אויסגעלערנט ענגליש ווי אימיגראַנטן פון אַנדערע לענדער. די אויסברייטערונג פון דערציערישע געלעגנהײַטן פאַר ייִדן, אין די שטאַטישע צענטערס בײַם אַטלאַנטיק, נאָענט צו די שטאַטישע פרײַע קאָלעדזשעס, דאָס זענען אַלץ געווען וויכטיקע פּלוסן. קיין אַנדערע עטנישע גרופּע אין אַמעריקע האָט זיך ניט געפונען אין אַזעלכע גינסטיקע באַדינגונגען, ווען זי איז געווען צוגעגרייט פאַר אַ דורכבראָך אַרײַנצוגיין אין העכערער בילדונג (זײַט 169).

## V

דאָס אַלץ איז חל אויפן ערשטן און צווייטן דור ייִדן אין אַמעריקע; אָבער די פראַגע וואָס איז איצט אַקטועל איז: ווי וועט דער דריטער און פערטער דור אַמעריקאַנער ייִדן ווערן באַווירקט דורך אַ ווײַטערדיקער מאָדערניזאַציע, און פון אַ גרעסערער דיסטאַנץ פון זייערע מזרח־

אייראָפּעיִשע וואָרצלען? אין אַ רעלאַטיוו קורצער צײַט ווי זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אימיגראַציע זענען אַמעריקאַנער ייִדן געוואָרן אינטעגרירט אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. פֿון אַרבעטער זענען זיי געוואָרן פּראָפֿעסיאָנאַלן, געשעפֿט־אָנפֿירערס, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, קאָמפּיוטער־ספּעציאַליסטן, אַ דאַנק דעם זענען זיי געוואָרן פֿאַרמעגלעך. די דאָזיקע שינויים אין באַשעפֿטיקונגען האָבן געפֿירט צו דער אָפּשוואַכונג פֿון טראַדיציאָנעלער רעליגיעזער פּראַקטיק, אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿריערדיקע דורות.

אָבער צי מיינט דאָס אַסימילאַציע פֿון אַמעריקאַנער ייִדן, און דאָס פֿאַרשווינדן פֿון היגן ייִדישן יישובֿ? די מחברים דערקלערן קאַטעגאָריש, און מיר האַלטן אַז זייער פּסק איז גוט באַגרינדעט — ניין! די פּראָצעסן פֿון טראַנספֿאָרמאַציע און אַמעריקאַניזאַציע האָבן ניט געפֿירט און פֿירן ניט צו אונטערגאַנג. זיי וואַרפֿן אָפּ די מיינונג פֿון אַ טייל דעמאָגראַפֿן אַז דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום וועט ווערן איבערגעשטיגן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, אין כּמות, פֿון ישׂראל. די נײַע נאָך־מלחמה־אימיגראַציע פֿון חסידים, רוסישע ייִדן און ישׂראלים זענען אַ נײַער מקור פֿון צעמענטירונג פֿאַרן אַמעריקאַנער ייִדישן קאָלעקטיוו.

אין שייכות צום פּראָבלעם פֿון געמישטע חתונות בײַ אַמעריקאַנער ייִדן — אַ פּראָבלעם וואָס גייט ניט אַראָפּ פֿון סדר־היום אין דער היגער ייִדישער עפֿנטלעכקײַט — איז כּדאַי צו דערמאָנען וואָס אַן אַמעריקאַנער ייִדישער סאָציאָלאָג, פּראָפֿ' עגאָן מייער, ברוקלין־קאָלעדזש, האָט בײַ אַ קאָנפֿערענץ פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט — פֿאָרגעקומען אין נאָוועמבער, 1985 — באַריכטעט, אויפֿן סמך פֿון אַן אויספֿאָרשונג, אַז עס קומען פֿאָר אַרום 100,000 חתונות אַ יאָר בײַ אַמעריקאַנער ייִדן, פֿון וועלכע איין דריטל זענען געמישטע. אַרום צען טויזנט פֿון די קריסטן אין געמישטע חתונות זענען זיך מגייר אַ יאָר. אויפֿן סמך פֿון זײַן 18־חדשימדיקער אויספֿאָרשונג האַלט פּראָפֿעסאָר מייער, אַז אַפֿילו אויב די צאָל געמישטע חתונות וועט וואַקסן, וועט די ייִדישע קולטור אין אַמעריקע ניט אונטערגיין, ווײַל אַן אַלץ גרעסערע צאָל פֿון די געמישטע פּאָרפֿעלקער בלײַבט אין דער ייִדישער געמיינדע, און זיי

פּרובירן ווײַטער לעבן מיט און אין דער ייִדישער קולטור (זע „פֿאָר־ווערטס" פֿון 22סטן נאָוועמבער, 1985). ייִדיש־אַמעריקאַנער סאָציאָלאָגן גיבן צו אַז מיר ווייסן נאָך ניט גענוג וועגן די קינדער פֿון געמישטע חתונות, צו קענען פֿאָרויסזאָגן דעם ווײַטערדיקן גאַנג פֿון דעם פֿענאָ־מען. אונדזערע צוויי פֿאָרשער גאָלשיידער און צוקערמאַן באַהויפּטן אַז געמישטע חתונות פֿון אַמעריקאַנער ייִדן און קריסטן זענען ניט דער לעצטער טראָט צו טאָטאַלער אַסימילאַציע, און די אַלאַרמירנדיקע נבֿיאות וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום במשך די קומענדיקע הונדערט יאָר איז פֿאַרפֿירעריש און דעמאָגראַפֿישער שטות (זײַט 181). דערצו דאַרף מען געדענקען דעם פּאָזיטיוון פֿאַקט, אַז די הויכע בילדונג־מדרגה בײַם דריטן און פֿערטן דור ייִדן אין אַמעריקע פֿאַרבינדט ענגער עלטערן און קינדער. ניטאָ בײַ זיי דער ריס וואָס ס'האָט עקסיסטירט בײַם אימיגראַנטישן דור, און זייערע קינדער.

ניט געקוקט אויף דער אָפּשוואַכונג פֿון טראַדיציאָנעלער ייִדיש־קייט, וואָס די סעקולאַריזאַציע האָט גורם געווען, פּראַקטיצירן נאָך אַלץ מערסטע אַמעריקאַנער ייִדן פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון דער ייִדישער טראַדיציע: זיי פּײַערן געוויסע ייִדישע יום־טובֿים; זיי אידענטיפֿיצירן זיך מיט דער ייִדישער געמיינדע, זענען פֿאַרבונדן סאָציאַל, און וווינען צווישן ייִדן. אַ סך ניט־ייִדן וואָס האָבן חתונה מיט ייִדן אַנטוויקלען קאָמונאַלע קאָנטאַקטן און ווערן אַ טייל פֿון דער ייִדישער עדה.

וואָס הערט זיך מכּוח דער קוואַליטעט פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן? לאַמענטירן מיר אַלע וואָס וואָלטן געוואָלט דאָ זען אַ המשך פֿון דער ייִדישער מזרח־אייראָפּע. די צוויי פֿאָרשערס ציען אונדזער אויפֿ־מערק צו דעם פֿאַקט אַז זינט די זעכציקער יאָרן איז פֿאָרגעקומען אַ געוואַלדיקער וווּקס פֿון ייִדישע טעטיקײַטן אין אַמעריקאַנער ייִדנטום, און עס זענען אויפֿגעקומען נײַע מקורים פֿון ייִדישער צוזאַמענ־געבונדנקײַט: ייִדישער באַוווּסטזײַן צווישן סטודענטן, חב"ד־הײַזער, ייִדישע שטודיעס אין אַ סך קאָלעדזשעס, און פֿאַרצווײַגטע טעטיקײַטן לטובֿת ישׂראל און די סאָוועטישע ייִדן.

פֿון דער שטודיע איז קלאָר אַז די צוויי מחברים געהערן צו די

**אָפּטימיסטן וועגן דער צוקונפֿט פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום, הגם זיי פֿאַרזעען ניט די שאַנסן אין דעם זוניקן אַמעריקאַנער ייִדישן ייִשובֿ. זיי קומען צו דער מסקנא אַז במשך די לעצטע צוויי הונדערט יאָר האָבן ייִדישע קהילות אין די תּפֿוצות זיך געענדערט, אָבער זיי זענען פֿאַר־בליבן צעמענטירט, דאָס קען מען באַזונדערס אָנווענדן אויף די צוויי מוסטערן פֿון ייִדישע קיבוצים, זינט דעם דריטן חורבן. אין אייראָפּע: ישׂראל און אַמעריקע. ביידע האָבן גרויסע ייִדישע באַפֿעלקערונגען, און אַ סך יסודות וואָס האַלטן זיי צוזאַמענגעבונדן.**

**דער שרײַבער פֿון די שורות האָט שוין פֿריער אויסגעדריקט רעזערוואַציעס בנוגע דער גרונט־טעזע פֿון דעם בוך, אַז „ווי עס קריסטלט זיך אַזוי ייִדלט זיך", מע דאַרף ניט זײַן אַ ייִדישער סופֿער־נאַציאָנאַליסט אײַנצוזען די אייגנאַרטיקייט,** די ספּעציפֿישע **טראַגיק פֿון אונדזער געשיכטע. אונדזער גאַנג אין דער וועלט־געשיכטע קען מען ניט פֿאַרגלײַכן צו דער היסטאָריע פֿון די פּאָליאַקן, פֿון די טשעכן, אָדער אירלענדער וועלכע האָבן אויך געליטן פֿון שטאַרקערע און גרעסערע פֿעלקער; זיי זענען פֿאַרט געבליבן אויף זייערע נאַציאָנאַלע טערי־טאָריעס אין גרויסע צאָלן, בעת מיר ייִדן זענען אומעטום געוואָרן אַ היימלאָזן, מינדערהײט־פֿאָלק.**

**ווילן מיר סומירן און אונטערשטרײַכן אַז נישט געקוקט אויף דער ככל־הגוײמדיקער טענדענץ פֿון** דער שטודיע, און נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָ ווערט מינימיזירט די השפּעה פֿון די אינטעלעקטועלע, און אידעאָלאָגישע שיטות אין דער אויפֿהאַלטונג פֿון ייִדישער עקזיסטענץ — פֿונדעסטוועגן איז דאָס ווערק אַ סאָפֿיסטיצירטע פֿאָרשונג וואָס טראָגט אַרײַן אַ קאָרעקטיוו אין דער ביז־איצטיקער ייִדישער היסטאָ־ריאָסאָפֿיע, און ספּעציעל לגבי דעם באַגריף: אַסימילאַציע, **זיי האָבן אַנאַליזירט און סינטעזירט די לעצטע 200 יאָר ייִדישע געשיכטע אין דער וועלט. דאָס ווערק איז אַ וואָגיקער צושטײַער צום ייִדישן געדאַנק און אַן אײַנשפּריצונג פֿאַר ייִדישן קיום אין די פֿרײַע תּפֿוצות.**

(1987)

# שמעון דובנאָוו און שמעון ראַווידאָוויטש — צוויי וואַריאַנטן פון איין פילאָסאָפיע

I

נאָך אַלע אויפטרייסלונגען און טיף־גייענדיקע ענדערונגען אין ייִדישן לעבן במשך דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט; נאָך דעם ווי דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ האָט זיך דערוואָרבן די פּאָזיציע פון „גרויסן ברודער" אין וועלט־ייִדנטום — מוז יעדער אַחריותדיקער ייִד זיך פרעגן: וואָס בלייבט איצט, פנים אל פנים מיט דער הייַנטיקער ווירקלעכקייט, פון די פאַר׳מבולדיקע ייִדישע אידעאָלאָגיעס? קענען זיי, מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס, נאָך אַלץ זייַן אָנווענדבאַר? קענען די דאָזיקע פילאָסאָפיעס, וואָס זענען פאָרמולירט געוואָרן אין אַן אַנדער צייַט, אין אַן אַנדער גייַסטיקן קלימאַט, אויף אַן אַנדער קאָנטינענט, אויך זייַן חל אויפן אַמעריקאַנער ייִדישן שבט, און אויף די איבעריקע שבטים, איצט, בייַם סוף פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט?

צוויי טיפע דענקערס און פאָרמולירערס פון ייִדישע פילאָסאָפיעס ווילן מיר באַהאַנדלען. איינער, שמעון דובנאָוו (1860־1941) איז ברייט באַקאַנט און באַרימט אין דער ייִדישער וועלט; בעת דער צווייטער, שמעון ראַווידאָוויטש (1896־1957) האָט ערשט אָנגעהויבן מפורסם ווערן, ווען זייַן לעבן איז פּלוצלונג איבערגעהאַקט געוואָרן. איצט אַ פערטל יאָרהונדערט זינט ער איז אַוועק אין דער אייביקייַט, איז כּדאַי אַרייַנצוקוקן אין זייַן רייַכער און גייַסטרייַכער אידעען־וועלט, ווייַל ער, פּונקט ווי זייַן עלטערער חבֿר און פרייַנד, קען אונדז שטאַרק בייַהילפיק זייַן בייַם לייזן די דילעמעס פאַר וועלכע מיר שטייען הייַנט־צו־טאָג.

די צוויי דענקערס האָבן זיך אונטערגעשיידט אין עלטער אויף 36 יאָר; זייער הינטערגרונט איז געווען פאַרשידן: דער עלטערער, דובנאָוו, איז רייַף געוואָרן אין לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט, אין תּחום־

המושבֿ פֿון דער צאַרישער רוסלאַנד, בעת דער ייִנגערער, ראַווי־דאָוויטש, האָט געוואָרצלט אין פּוילן, און האָט באַקומען זײַן בילדונג אין דײַטשלאַנד, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אין בערלין זענען ביידע באַפֿרײַנדט געוואָרן און אויך אידעיִש זיך דערנענטערט. זייערע פֿילאָסאָפֿיעס פֿון ייִדישן פֿאָלק, הגם אויסגעדריקט אויף באַזונדערע לשונות — דובנאָווס איז רוסיש און ראַווידאָוויטשעס איז העברעיִש — זענען געבויט אויף ענלעכע הנחות און קאָנצעפּציע וואָס זענען אין תּוך ווײַט נישט פֿאַרעלטערט, עבֿר־זמניק. לאָמיר צוערשט אָנצייכענען די קאָנטורן אין דובנאָוו היסטאָריאָסאָפֿיע, און זײַן ייִדישן וועלט־באַנעם.

ווי באַקאַנט איז דובנאָוו געווען דער פּיאָנער־היסטאָריקער פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, אַ שבֿט וואָס איז כּמעט אינגאַנצן איגנאָרירט געוואָרן פֿון די פֿריערדיקע ייִדישע היסטאָריקערס אין 19טן יאָרהונדערט — יאָסט, גייגער און גרעץ. אַחוץ דעם איז דובנאָוו געווען דער ערשטער אָנצווּוועגדן די מעטאָדן פֿון דער „נײַער געשיכטע", וואָס עס האָבן אין אַמעריקע באַנוצט דזשיימס האַרווי ראָבינסאָן, טשאַרלס בירד און קאַרל בעקער. דובנאָוו האָט אין זײַן געשיכטע באַטאָנט קולטורעלע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרן. דער העלד פֿון זײַן „וועלט־געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק" איז נישט דער קדוש אָדער דאָס ספֿר, ווי בײַ גרעצן, נאָר דאָס ייִדישע פֿאָלק. זײַן „וועלט־געשיכטע" איז די ערשטע ייִדישע היסטאָריע וואָס איז געשריבן געוואָרן פֿון אַ סעקולערן קוקווינקל, און זי שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם אָנהייב פֿון אַ פּרוּוו צו דערקלערן אונדזער געשיכטע אָן דער הילף פֿון טעאָלאָגיע, אָדער מעטאַפֿיזישע אַבסאָלוטן.

ש. דובנאָוו איז געבוירן געוואָרן אין מסטיסלאַוו, ווײַסרוסלאַנד, אין אַ מיוחסדיקער משפּחה. פֿון 1890 ביז 1903 האָט ער געלעבט אין אָדעס, ווו ער האָט זיך געחבֿרט מיט אַזעלכע גדולים ווי מענדעלע מוכר־ספֿרים, אחד־העם, שמעון פֿרוג און שלום־עליכם.

עס זענען דאָ, האַלט דער היסטאָריקער, דרײַ סטאַדיעס אין וווּקס פֿון אַ פֿאָלק: ראַסע, טעריטאָריע (דאָס שליסט אײַן פּאָליטישע סוווערעניטעט) און קולטור. דעם פּראָגרעס פֿון אַ פֿאָלק קען מען מעסטן לויט

דער מאָס אין וועלכער זײַן קיום איז אָפּהענגיק אין יעדן פֿון די דרײַ עלעמענטן. אַזוי אַז אַ פֿאָלק וואָס ווערט אויפֿגעהאַלטן דער עיקר אַ דאַנק זײַן ראַסע געפֿינט זיך אויף דער נידעריקסטער מדרגה פֿון זײַן נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג; אַ פֿאָלק וואָס האַלט זיך מיטן כּוח פֿון זײַן טעריטאָריע איז אויף אַ מיטלער מדרגה און אַ פֿאָלק וואָס עקזיסטירט אַ דאַנק זײַן קולטור, ווי ייִדן אין דער דיאַספּאָרע, אַזאַ פֿאָלק איז אויף דער העכסטער שטופֿע.

אין דעם אַלטערטימלעכן נצחון פֿון די פּרושים איבער די צדוקים זעט דובנאָוו דעם טריומף פֿון פּרינציפּ פֿון גײַסטיקן און קולטורעלן נאַציאָנאַליזם, איבער דעם פּרינציפּ פֿון פּאָליטישן און מיליטאַריסטישן נאַציאָנאַליזם. און פֿון דעם שטאַנדפּונקט איז ער געקומען צום אויספֿיר אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק דאַרף אין תּוך ווערן דעפֿינירט דורך גײַסט, קולטור און נישט דורך טעריטאָריע — אַפֿילו נאָך איידער עס איז געוואָרן צעשפּרייט איבער דער וועלט. מיט גײַסט האָט ער נישט געמיינט בלויז רעליגיע, נאָר אויך אידעען, ווערטן און לעבנסשטייגער. רעליגיע און ראַסע זענען טאָקע וויכטיקע פֿאַקטאָרן, אָבער זיי אַליין קענען נישט דערקלערן דעם פֿאַקט פֿון אונדזער עקזיסטענץ, ווײַל די פֿרײַדענקער שטייען אין די ערשטע רייען פֿון אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. דער „עפּעס" וואָס האַלט אונדז צוזאַמען איז געמיינזאַמקײַט פֿון היסטאָרישן גורל פֿאַר אַלע צעוואָרפֿענע טיילן פֿון דער ייִדישער נאַציע. „דעריבער שטעלט דאָס גלות־ייִדנטום מיט זיך פֿאָר דעם קווינטעסענץ פֿון אַ נאַציע, אַ נאַציע פֿון דער ריינסטער גײַסטיקער פּראָבע"[1].

דובנאָוו שטעלט זיך אָפּ אויף פֿאַרשידענע מינים נאַציאָנאַליזם: אַן אימפּעריאַליסטיש־דעספּאָטישן און אַ פּראָגרעסיוו־הומאַניטאַרן. צוליב די ספּעציעלע תּנאים אין גלות, שטרײַכט ער אונטער, קען דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם נאָר זײַן אַ ריין אינדיווידועלער און עטישער. פּונקט ווי זײַנע רביים קאַנט, ספּענסער און דזשאָן סטיוּאַרט מיל זעט ער אין געשיכטע אַן אַרויפֿשטײַגנדיקע ליניע וואָס גייט פֿון אַ נידעריקער צו אַ העכערער מדרגה.

ווי אַ קולטור־עוואָלוציאָניסט האָט דובנאָוו געהאַלטן אַז די ייִדישע אמונה איז געפֿורעמט געוואָרן לויט די סאָציאַלע תנאים אין וועלכע דאָס פֿאָלק האָט געלעבט, און ייִדישקייט מיינט פֿאַר אים די גאַנצע ייִדישע קולטור, וואָס שליסט איין אין איר היקף אַחוץ רעליגיע, אַלע אַנ־דערע עלעמענטן פֿון עטישן, סאָציאַלן און פֿילאָסאָפֿישן כאַראַקטער. ער באַשטייט דערויף אַז אַ ייִד קען ניט איבערגיין צו אַן אַנדער אמונה, און בלייַבן אַ מיטגליד פֿון ייִדישן פֿאָלק; ווייַל דער היסטאָריקער נעגירט בלויז דעם סופּרעמאַט פֿון אמונה, אָבער ער וויל זי נישט עלימינירן פֿון פֿאָלקס גייַסטיקן פֿאַרמעגן. דער צענטער פֿון דער ייִדישער אויטאָ־נאָמיע, וואָס איז אַמאָל געווען דער בית־המדרש, דאַרף איצט ווערן די אַלץ־אַרומנעמענדיקע, וועלטלעכע, דעמאָקראַטישע קהילה, וואָס שליסט איין אַלע פֿונקציעס: סאָציאַלע, פּאָליטישע, דערציִערישע, רעליגיעזע, און אַנדערע.

אין דער שפּראַכן־פֿראַגע איז דובנאָוו געווען אַ פּלוראַליסט — ייִדיש, העברעיִש און די לאַנד־שפּראַך, דאַרפֿן זייַן די אינסטרומענטן פֿון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמער קהילה. עס וואָלט געווען אַ נאַציאָ־נאַלער פֿאַרברעכן, האַלט ער, נישט אויסצונוצן אין קאַמף מיט דער אַסימילאַציע די גאַנצע ווידערשטאַנד־קראַפֿט וואָס ייִדיש גיט אונדז, ווייַל מיר האָבן נישט קיין האָפֿענונג אַז העברעיִש וועט זיך פֿאַר־וואַנדלען אין אַ לעבעדיקער אומגאַנגס־שפּראַך אין דער דיאַספּאָרע. אָבער ער בויט נישט אַלץ אויף ייִדיש. „ייִדיש איז אונדז טייַער . . . אָבער בויען אויפֿן ייִדישיזם די גאַנצע נאַציאָנאַלע קולטור — דאָס הייסט מפֿקיר זייַן מיליאָנען ייִדן וואָס רעדן נישט אויף דער שפּראַך, און גרייטן צום באַנקראָט שפּעטער נאָך מיליאָנען”[2].

## II

עס איז שוין אָפּגעלאָפֿן אַ פֿערטל יאָרהונדערט, ווי מיר האָבן פֿריער דערמאָנט, זינט עס איז אַוועק פֿון אונדז דער שאַרפֿזיניקער, אַנטי־שטראָמיקער פּובליציסט און דענקער שמעון ראַווידאָוויטש — אַ העבראַיִסט מיט אַ פּאָזיטיווער באַציִונג צו ייִדיש; אַ ציוניסט און אַ

באַיאָער פֿון די תּפֿוצות. מיר פֿלעגן באַוווּנדערן זײַן אַלזײַטיקע לומדות אין דער אַלגעמיינער ווי אין דער ייִדישער קולטור, זײַן אָריגינאַליטעט, זײַן הומאָר, בעת זײַנע אויפֿטריטן בײַ די „צוקונפֿט"־סימפּאָזיומס, בײַם ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ניו־יאָרק. ער האָט אין זיך קאָמבינירט אַ טיפֿן דענקער, אַ גרויסן געלערנטן און אַ ווײַט־זעענדיקן קריטיקער פֿון די אָרטאָקסאַלקײַטן וואָס דאָמינירן אין דער ייִדישער וועלט.

ראַווידאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין גראַיעווע (לעבן ביאַליס־טאָק) בײַ אַ טאַטן אַ למדן, אַ סוחר. ער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג, און אין 1919 פֿאָרט ער קיין בערלין זיך גרייטן אין אוניוועריסיטעט; אין 1930 קריגט ער זײַן דאָקטאָראַט אין פֿילאָסאָפֿיע פֿון בערלינער אוניווערסיטעט. ער אַנטוויקלט דאָ אַ ברייטע פֿילאָסאָפֿישע און ליטעראַרישע טעטיקײַט. אין 1931 ווערט אויף זײַן איניציאַטיוו צוזאַמענגערופֿן אין בערלין אַ קאָנפֿערענץ צו גרינדן דעם וועלט־פֿאַר־באַנד „ברית עבֿרית עולמית"; גלײַכצײַטיק פֿאַרטיידיקט ער אַ פּאָזיטיווע גלות־אידעאָלאָגיע, און ער פֿאַרלאַנגט פֿון די העבראַיִסטן צו שאַפֿן אַ מאָדוס וויוועגדי צווישן ייִדיש און העברעיִש.

אין 1933, ווען די נאַציס נעמען איבער די מאַכט אין דײַטשלאַנד, באַזעצט ער זיך אין לאָנדאָן, וווּ ער ווערט פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע אין לאָנדאָנער אוניווערסיטעט. דאָ דערשײַנען אונטער זײַן רעדאַקציע די העברעיִשע זאַמלביכער „מצודה" (7 בענדער) און שפּעטער (אין 1954) — דאָס העברעיִשע זאַמלבוך: „ספֿר שמעון דובנובֿ". אין 1948 באַזעצט ער זיך אין אַמעריקע, וווּ ער לערנט אין שיקאַגער „קאָלעדזש פֿאַר ייִדישע שטודיעס" (1948־1951) און שפּעטער ווערט ער פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע אין בראַנדייס־אוניווער־סיטעט (1951־1957). ער שטאַרבט פּלוצלונג דעם 20טן יולי 1957.

שמעון ראַווידאָוויטש האָט געשריבן הויפּטזאַכלעך אין העברעיִש, איבער ייִדישע פּראָבלעמען, איבער פֿילאָסאָפֿישע טעמעס און דענ־קערס, וועגן סעדיה גאון, דעם רמב"ם. נ. קראָכמאַל, משה מענדעל־סאָן, משה העס, גוסטאַוו לאַנדויער און אַנדערע. ער האָט פֿאַר־עפֿנטלעכט אין ייִדיש אַ ריי אַרבעטן אין די „ייִוואָ־בלעטער", אין

„צוקונפֿט״, „ייִדישער קעמפּער״, „אויפֿן שוועל״, און אַנדערע. צווישן זײַנע וויכטיקע ווערק דאַרפֿן דערמאָנט ווערן דער „ספֿר המדע לרמבם״, „כתבי רנ״ק״, מיט אַן אַרײַנפֿיר פֿון 200 זײַטן; זײַן קרוין־ווערק: „בבֿל וירושלים״, און די 7 בענדער „מצודה״. אין ענגליש איז ביז איצט דערשינען איין באַנד: „שטודיעס אין ייִדישער מחשבֿה״ — אַ קווערשניט פֿון ראַווידאָוויטשעס שעפֿערישקײַט.

ווען מדינת ישׂראל איז עטאַבלירט געוואָרן שטיצט זי ש.ר. מיט באַגײַסטערונג. „מען דאַרף זי בויען״, שרײַבט ער, „מיט אַלע כּוחות, מיט די גרעסטע קרבנות; זי באַפֿעסטיקן ווירטשאַפֿטלעך, פּאָליטיש, אין יעדער הינזיכט. מ׳טאָר אָבער נישט מאַכן מדינת־ישׂראל קיין באַדינג פֿון ייִדישן קיום... ייִדישער קיום איז באַדינגונגסלאָז; אויף זייער לשון „אַנקאַנדישאַנעל סורווייוול״[3]. אָט פֿאַר דער אַפּיקורסות לגבי דעם ציוניס־טישן הויפּט־שטראָם, און פֿאַר אַנדערע נישט־קאָנפֿאָרמיסטישע אָפּנייגן איז ש.ר. געוואָרן אַ דרויסנדיקער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם שלילת־הגלות שטאַנדפּונקט פֿון מערסטע ציוניסטן און זייער אײַנשטעל אַז די ייִדישע מדינה איז דער ענטפֿער אויף אַלע דילעמעס פֿון ייִדישער עקזיסטענץ. ער הערט נישט אויף צו אַרגומענטירן אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק באַשטייט פֿון צוויי גלײַך־וויכטיקע צענטערס וואָס שטיצן זיך קעגנזײַטיק — די תּפֿוצות און ארץ־ישׂראל.

בבל און ירושלים — די תּפֿוצות און ארץ־ישׂראל — באַווײַזט ער מיט אַן אַ שיעור ראיות, האָבן געווירקט אין דער ייִדישער געשיכטע. „ירושלים און בבֿל״ סימבאָליזירן פֿאַר אים די קולטור פֿון דער צײַט פֿון תּנ״ך, און די קולטור פֿון דער צײַט פֿון בית־שני, אַרײַנגערעכנט די תלמודישע תּקופֿה. לאַנד, פֿאָלק און מלוכה — זענען איינס אין דער צײַט פֿון בית־ראשון. אין בבֿל אָבער, פֿאַרנעמט תּורה און מצוות דעם פּלאַץ פֿון לאַנד און מלוכה. גאָט פֿירט מלחמות אין דער צײַט פֿון בית־ראשון; גאָט איז אָנגעטאָן אין טלית און תּפֿילין, זיצט און לערנט תּורה אין צײַט פֿון בית־שני. אין ראַווידאָוויטשעס ווערטער: „דאָס פּנים פֿון ישׂראל האָט צוויי פּראָפֿילן — בבֿל און ירושלים. דאָס איז אַזוי געווען במשך צוויי טויזנט יאָר; אַזוי איז עס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; אַזוי

וועט עס זײַן פֿאַר אַ צײַט ווײַטער. ישׂראל (ד״ה דאָס ייִדישע פֿאָלק — ש. ג.) איז נישט ירושלים, און אויך נישט בבֿל. עס איז ירושלים און בבֿל, בבֿל און ירושלים. יעדער ייִד וואָס פֿאַרדינט דעם נאָמען ייִד וואָרצלט איןביידע — אין אַ ירושלים וואָס איז פֿאַרוואָרצלט אין בבֿל, און אַ בבֿל וואָס וואָרצלט אין ירושלים. מיט ירושלים מיינען מיר ירושלים ווי אַ סימבאָל פֿון ארץ־ישׂראל און איר גאַנצקײַט. מיט בבֿל מיינען מיר נישט בלויז די טעריטאָריע וואָס ליגט בײַ די ברעגן פֿון חידקל און פּרת, נאָר יעדער פּלאַץ וואָס איז נישט ירושלים.

„בבֿל איז דערשינען אין אַ סך געשטאַלטן: ווי די בבֿל פֿון עזרא־נחמיה, פֿון הלל און ר׳ חייא, און אַלע באַבילאָנישע תּנאים ביז רבֿ האי גאון... ווי די עגיפּטן פֿון חוניו׳ס בית המקדש, און פילאָן, ווי די שפּאַניע פֿון ר׳ חיסדאי איבן שפּרוט, ר׳ שלמה איבן גבירול, ר׳ יהודה הלוי, דער רמב״ם, ווי פֿון רש״י... ווי די פּוילן און אוקראַיִנע פֿון בעל שם טובֿ און זײַנע תּלמידים, ווי די ליטע פֿון ווילנער גאון און דער השׂכּלה; ווי פֿון אַלע מאָדערנע אייראָפּעיִשע קהילות מיט זייערע שטרעבונגען און דאגות, גײַסטיקע און מאַטעריעלע... בבֿל איז אויך געווען דער פּלאַץ פֿון צוויי דריטל פֿון דער ייִדישער געשיכטע... ירושלים האָט באַקומען די פּריאָריטעט אין פּרט פֿון הייליקײַט און פֿאַר־ערונג אין די הערצער פֿון פֿאָלק. דאָך זענען אַזעלכע פּריאָריטעטן אילוזאָריש, ווײַל ס׳איז דאָ בלויז בבֿל און ירושלים, ירושלים און בבֿל — איין ענטיטעט״.[4]

דער תּלמוד, לערנט אונדז ש. ר., איז נישט בלויז אַ פּירוש צום תּנ״ך, נייערט אַ זעלבסטשטענדיקע שאַפֿונג און איבערשאַפֿונג פֿון תּנ״ך. דער בית־שני (530 פֿ.ק.צ. ביז 70 נ.ק.צ.) שטייט העכער ווי דער בית־ראשון (1000־586 פֿ.ק.צ.) ווײַל די תּורה שבעל פּה, ד״ה דער פּירוש, קען נישט אויפֿגענומען ווערן ווי סתּם אַ קאָמענטאַר, ווײַל זי איז אַן אָריגי־נעלע שאַפֿונג. דער אָריגינאַל — די תּורה שבכּתבֿ — איז סובאָרדינירט צום פּירוש, ס׳הייסט צו דער תּורה שבעל פּה — און דער פּירוש שטײַגט אַרויף צו דער מדרגה פֿון אַן אָריגינאַל וואָס איז אַנדערש, סתּירהדיק צום מקור. „דער גרונט־טעזיס וואָס די פֿאַרשטייערס פֿון דער תּורה

שבעל פּה האָבן פֿאַרמולירט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים באַשטייט אין דעם אַז דאָס וואָס דער תּלמיד ותיק וועט לערנען אין דער צוקונפֿט איז שוין געזאָגט געוואָרן צו משהן אויפֿן הר סיני. דער טעזיס מיט וועלכן דער רמב״ם עפֿנט אויף די „משנה תּורה" איז: כל המצוות שנתנו לו למשה, מסיני בפירושן ניתנו. (אַלע מצוות וואָס משה האָט באַקומען אויפֿן הר סיני, זענען געגעבן געוואָרן צוזאַמען מיט זייער אינטערפּרעטאַציע). דאָס באַווײַזט אויך ווי די שאַפֿערס פֿון דער תּורה שבעל פּה האָבן דער־הויבן די מינדלעכע תּורה צום סטאַטוס פֿון תּורה שבכּתבֿ, און אַז דער פּירוש האָט דעם זעלביקן סטאַטוס ווי דער טעקסט"[5].

דער בית־שני, וועלכער איז געווען פֿאַרבונדן מיט תּורה לערנען, און מיט דער גאַנצער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פֿון יענער תּקופֿה, האַלט ש. ר., איז גרעסער און שטאַרקער ווי דער בית־ראשון. די צוויי „הײַזער" האָבן צוויי באַזונדערע פּרצופֿים, און דאָס וואָס איינער האָט, פֿאַרמאָגט נישט דער צווייטער. דאָס זענען צוויי ייִדישע פֿורעמס, וואָס אין זיי האַלט זיך אָן דאָס ייִדישע פֿאָלק, און זיי זענען דער מקור פֿון אַלע שעפֿערישע פּערמענטאַציעס וואָס זענען אויפֿגעקומען בײַ אונדז פֿון ווײַטן אַמאָל ביז איצט[6].

אַוודאי אַנערקענט ש. ר. די וויכטיקײַט פֿון בית־ראשון מיטן תּנ״ך ווי די קרוין־שאַפֿונג. אָבער דער תּנ״ך, דערמאָנט ער אונדז, איז שוין פֿאַר אַ לאַנגער צײַט אַ טייל פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע. די אייגנ־אַרטיקײַט פֿון ייִדישן פֿאָלק איז דער רעזולטאַט פֿון די ספּעציפֿישע פּירושים מצד די חז״ל פֿון די נאָך ביבלישע דורות. די דאָזיקע אינטער־פּרעטאַציע פֿון תּנ״ך מצד דער תּורה שבעל פּה איז אייגנאַרטיק ייִדיש, און איז קיין מאָל נישט אַקצעפּטירט געוואָרן פֿון קיין אַנדער אומה אַחוץ ייִדן. בעת דער בית־ראשון האָט אײַנגעשלאָסן זײַן ספּעציפֿישקײַט בלויז פֿאַר ייִדן אין ארץ ישׂראל, האָט דער בית־שני זיך אויסגעטיילט פֿאַר דער תּפֿוצה, ווּ עס איז אויפֿגעקומען די „תּורה־קיניגרײַך". ווי אַ קאָנ־טראַסט זעט ש. ר. דאָס קאַראַימערטום וואָס האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם, און זיך געריסן צום בית־ראשון, וואָס איז ריין פֿון די פּירושים און די פּרושים פֿון בית־שני. אויך די משיחישע באַוועגונגען וואָס האָבן זיך

געבונטעוועט קעגן דער תּורה־קיניגרײַך, און אויך אין חסידיזם לאָזן זיך באַמערקן סימנים פֿון ענלעכן רעוואָלט קעגן לומדות.

דער בית־שני, ציט ראַווידאָוויטש ווײַטער זײַן געדאַנקען־גאַנג, האָט דאָמינירט בײַ ייִדן אומבאַגרענעצט ביזן סוף פֿון 18טן יאָר־הונדערט, און דער קריזיס וואָס איז דעמאָלט געקומען אין ייִדישן לעבן איז אין תּוך אַ קאָנפֿליקט צווישן בית־ראשון און בית־שני. ביזן מיטן פֿון 18טן יאָרהונדערט האָט, הייסט עס, דאָמינירט בבֿל, דער תּלמוד, מיטן אויסנאַם פֿון די צדוקים, די קריסטן, די קאַראַימער וועלכע האָבן געוואָלט צוריקגיין צום בית־ראשון, צום תּנ״ך. נאָך 1850 האָט דאָס אייראָפּעיִשע ייִדנטום אָנגעהויבן דעם צווייפֿאַכן רעוואָלט קעגן אויסער־לעכער אונטערדריקונג, און דעם אינערלעכן „עול״ פֿון תּלמוד. רעליגיעזע און וועלטלעכע ייִדן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם רעוואָלט. דער בית־ראשון איז געוואָרן דער צוציִונג־כּוח פֿאַר דער השׂכּלה. זינט דער השׂכּלה און דער רעפֿאָרם־באַוועגונג לאָזט זיך אַלץ מער הערן דער רוף: צוריק צום תּנ״ך! צוריק צום בית־ראשון! תּנ״ך־ייִדישקײַט, אָדער גמרא־ייִדישקײַט?! אויך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג הערן מיר דעם רוף: צוריק צום בית־ראשון, צוריק צום תּנ״ך! דאָס נײַע ישׂראל, פֿירט ש.ר. אויס, הייבט אָן זײַן וועג מיט אַ פּרוּוו זיך אומצו־קערן צום בית־ראשון.

אויב מיר אַנערקענען די פֿריערדיקע פּאָסטולאַטן און אינטער־פּרעטאַציעס פֿון ש.ר., מוזן מיר אויך אָננעמען נאָך אַ קאַרדינאַלן פּונקט אין זײַן שיטה: אַז ציון און תּפֿוצה דערגאַנצן זיך — „צוויי וואָס זײַנען איינס״: ביידע זענען גלײַכוווערטיק. „אויב דער גלות האָט נישט קיין מאָרגן האָט אויך ציון נישט קיין מאָרגן! די ביידע טיילן פֿון פֿאָלק ישׂראל מוזן זיך קעגנזײַטיק אָנערקענען ווי צוזאַמענגעהעריק, אומ־לייזבאַר פֿאַרבונדן... מדינת ישׂראל פֿון איר זײַט אָבער מוז אויך אָנער־קענען די תּפֿוצות, כּל־זמן זיי זענען דאָ, ווי אַן אַבסאָלוט גלײַכ־ווערטיקן, גלײַך־פֿליכטיקן, גלײַך־באַרעכטיקטן, מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכן טרעגער פֿון המשך, פֿון פֿאָלק ישׂראל״[7].

דעם פֿאַרשפּרייטן שטאַנדפּונקט אין ציוניסטישע קרײַזן, אַז ייִדן

לעבן אין די תּפֿוצות מיט „חסד״, „גנאָד״, און נישט מיט רעכט, אָט דעם אײַנשטעל וואַרפֿט ער אָפּ ווי שעדלעך פֿאַר ייִדישער עקזיסטענץ אין די תּפֿוצות. די רעכט פֿון ייִדן אין חוץ־לאָרץ, אַרטיקולירט ער, זענען נישט פֿון אַ נידעריקערן גראַד, נאָר פֿון אַן אַנדער מין. די דאָזיקע גנאָד־טעאָריע, טענהט ער, האָט אָפּגעשוואַכט דעם נאַציאָנאַלן ווילן פֿאַר קיום אין גלות; די פֿאָרמולע „מיט גנאָד און נישט מיט רעכט״ איז אַ גרויסע געפֿאַר פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון ייִדן אויף דער וועלט. זי גיט אַרײַן אַ שווערד אין די הענט פֿון אונדזערע אויסערלעכע שׂונאים. זיי וועלן קומען און טענהן: איר אַליין גיט דאָך צו, אַז מחוץ ארץ ישׂראל איז אײַער עקזיסטענץ בלויז אַ „גנאָד־עקזיסטענץ״ און אויב גנאָד וועלן מיר די גנעדיקע באַשטימען די מאָס גנאָד וואָס מיר קענען און ווילן צומעסטן אײַך, די באַגנאַדיקטע״[8].

אַנשטאָט אחד־העמ׳ס קאָנצעפּציע פֿון ארץ־ישׂראל ווי אַ מרכּז־רוחני (אַ גײַסטיקער צענטער) און די תּפֿוצות ווי אַ פּעריפֿעריע, גלייבט ש.ר. אַז ייִדיש פֿאָלק איז אַן עליפּס מיט צוויי צענטערס: ישׂראל און די דיאַספּאָרע: ביידע זענען איינס. די דאָזיקע דאָקטרין פֿון צוויי וואָס זענען איינס פֿאַרפֿליכטעט צו קעגנזײַטיקײַט: ביידע צדדים האָבן התחייבֿותן איינע צו דער אַנדערער. דער גלות מוז העלפֿן בויען די מדינת ישׂראל און די מדינה מוז אַנערקענען די תּפֿוצה ווי פֿון גלײַכן ווערט. מיט דעם מיינט ער נישט אַז ישׂראל איז גלײַך צו יעדער תּפֿוצה. ניין! ארץ־ישׂראל פֿאַרנעמט אַ ספּעציעל אָרט אין דער ייִדישער נשמה און געשיכטע. אָבער זיי זענען גלײַכע שותּפֿים אין ייִדישן וועלט־פֿאָלק. זיי, די ייִדן, וואָס לעבן דאָרטן אין ארץ ישׂראל האָבן נישט מער ווערט ווי די בני אבֿרהם, יצחק ויעקבֿ אין די תּפֿוצות... מדינת ישׂראל איז נישט דאָס פֿאָלק ישׂראל, נאָר אַ טייל פֿון פֿאָלק ישׂראל, נאָר אַ שבֿט; אַ גרויסער, שעפֿערישער, פֿרײַער שבֿט — אָבער נאָר איין רינגעלע אין דער קייט פֿון ישׂראל וואָס האָט אַ סך רינגעלעך״[9].

אין שייכות צו דער גרויסער וועלט, ס׳הייסט כּלפּי חוץ, איז מדינת ישׂראל סוּווערן, אומאָפּהענגיק, אָבער אין שייכות צו אַנדערע ייִדישע קיבוצים איז די מדינה בלויז אַ טייל פֿון אַ גרעסערן אָרגאַניזם. די אַלטע

יִדישע רעליגיעזע קאָנסטיטוציע האָט אויסגעדריקט איר תּוך אין דער פאָרמולע: כל ישׂראל יש להם חלק לעולם הבא: אונדזער מאָדערנע קאָנסטיטוציע דריקט זיך אויס אין דער מאָטאָ: איין פֿאָלק ישׂראל״. דער געדאַנקען־גאַנג איז מחייב אַז די ישׂראל־יוגנט זאָל געלערנט ווערן זיך צו באַטראַכטן ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון יִדישן וועלט־פֿאָלק.

פֿון די אַלע פֿריער סקיצירטע פּאָסטולאַטן אין ראַווידאָוויטשעס אני־מאמין קומט ער צום אויספֿיר אַז אין פֿריעמבל צו דער ישׂראל־דיקער קאָנסטיטוציע דאַרף מען אָפּגעבן כּבוד די גרויסע אויפֿטוען פֿון גלות־יִדנטום, אָנהייבנדיק פֿון תּלמוד בּבלי דורכן רמב״ם, רבי יהודה הלוי, ביז צום בעל־שם־טובֿ, ווילנער גאון, מענדעלע, ביאַליק, פּרץ און אַזוי ווײַטער[10].

### III

טראַכט מען זיך אַרײַן אין ראַווידאָוויטשעס קאָנצעפּציע וועגן דער סופּעריאָריטעט פֿון בית־שני וויזאַווי דעם בית־ראשון דערקענט מען גלײַך אַ פּאַראַלעל צו דובנאָווס דאָקטרין אין שייכות צו דער עוואָלוציע פֿון יִדישן פֿאָלק פֿון אַ שבֿטים־פֿאָרמאַציע, צו אַ מלוכה־פֿאָלק, ביז אַ גײַסטיקער נאַציע. בײַביידע דענקערס איז פֿאַראַן אַן אידעאַליזאַציע פֿון תּורה, פֿון גײַסטיקײַט, און ביידע באַטאָנען אַז יִדן זענען דערגאַנגען צו דער העכסטער שעפֿערישקײַט נישט ווען זייער פּאָליטיש־טעריטאָ־ריעלער כּוח איז געווען אַמשטאַרקסטן, אין דער צײַט פֿון בית־ראשון. ביידע געלערנטע גרענעצן זיך שאַרף אָפּ פֿון שאָוויניסטישן ענגהאַרציקן נאַציאָנאַליזם. ראַווידאָוויטש, פּונקט ווי דובנאָוו, שטרײַכט אונטער אַז אונדזער עקזיסטענץ אין די תּפֿוצות דאַרף זײַן אַ יִדישער המשך, אָבער טאָר נישט געטאָאיזירט ווערן, און טאָר נישט זײַן פֿאַרבונדן מיט אַן עקסקלוסיוון יהדות־באַגריף וואָס וועט פֿאַרצאַמען דעם וועג צו אַ פֿרײַער יִדישער אַנטוויקלונג. ער שטרעבט צו אַן אָפֿן יִדנטום, „אַן אָפֿן סיסטעם פֿון יִדישן דענקען, פֿילן, גלייבן און אויך צווייפֿלען... וואָרעם אונדזער המשך פֿאַרלאַנגט שעפֿערישע אָפֿנקײַט — כּלפּי חוץ וכּלפּי פּנים״[11].

און אין אַ בריוו צו ש. ניגערן דריקט ער עס אויס שאַרף־איראָניש: „אַ געוויסער מין בעל־תּשובֿה איז אַ סכּנה אין יעדער אומה ולשון — און ספּעציעל בײַ אונדז. האָבן נישט אין אַלע ליטעראַטורן די בעלי־עבֿירה־ניקעס אָפּט מער אויפֿגעטאָן ווי די בעלי־תּשובֿה?... ווי גרויס איז געווען טאָלסטאָי דער קינסטלער בעת ער האָט נאָך גע'בעלי־עבֿירה'ט און נישט פֿאַרקראָכן אין שערי תּשובֿה?"[12].

אויך אין שייכות צו אחד־העמ'ס מרכּז־רוחני הערן מיר בײַביידע אַ סקעפּטישע באַציִונג, און פּונקט ווי דובנאָוו האָט באַטאָנט אַז אונדזער אַנדערשקייט מיינט נישט זײַן נידעריקער פֿון די אומות העולם, אַזוי האָט ש. ר. אויסגעדריקט אַ פּראָטעסט קעגן אונדזער שטרעבן צו ווערן זײַן ככל הגויים, וואָס איז בײַ אַ סך ייִדישע נאַציאָנאַליסטן, סאָציאַליסטן און אַסימילאַטאָרן אַ פֿאָרם פֿון אַ שפֿלות־קאָמפּלעקס: אַז מיר דאַרפֿן זיך אויסגלײַכן מיט אַנדערע פֿעלקער, אַנשטאָט צו זײַן אייגנאַרטיק, געטרײַ צו זיך, און אויסער די דאָמינירנדיקע פּאָליטיש־מלוכהשע קאַטעגאָריעס.

דער ייִנגערער פּונקט ווי דער עלטערער דענקער שטעלט זיך אַ סך מאָל אָפּ אויפֿן רעכט פֿון אַנדערשקייט. ער האַלט אַז צו פּרעזידענט רוזוועלטס „פֿיר פֿרײַהייטן" דאַרף מען צוגעבן אַ פֿינפֿטע: די פֿרײַהייט צו זײַן אַנדערש[13]. דאָ רופֿט ער זיך איבער מיט דובנאָווס רעיון אַז אונדזער אַנדערשקייט איז אַן אויסדרוק פֿון העכערקייט, נישט אינפֿעריאָריטעט. ביידע טיף־גראָבנדיקע וועלטלעכע לומדים אַקצעפּטירן די ייִדישע צעשפּרייטקייט נישט ווײַל זיי האַלטן אַז דאָס איז אַ ברכה, נאָר ווײַל זיי גלייבן אַז דאָס איז אומפֿאַרמײַדלעך פֿאַר אַ לאַנגער צײַט. אין זײַן פּאָלעמיק מיט אחד־העמען גיט דובנאָוו צו אַז זײַן גלות־אַקצעפּטירונג שטאַמט נישט פֿון דער „געוווּנטשנקייט און ברכהדיקייט פֿון ייִדישער צעשפּרייטקייט; ניין. מיר מאַכן נאָר אַ פּשרה מיט דער פֿאַטאַלער אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿונעם גלות, און מיר שטרעבן אײַנצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן קיום פֿון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פֿון פֿאָלק וואָס פֿאַרבלײַבט ווײַטער אין גלות".

## IV

לאָמיר איצט, בקיצור, זען ווי אַקטועל זענען די גרונט־אידעען פֿוןביידע דענקערס אין דער אַמעריקאַנער תּפֿוצה. זינט דובנאָוו האָט פֿאָר־מולירט זײַן גײַסטיקן נאַציאָנאַליזם האָט זיך אַ סך געביטן אין דער וועלט, און אין יידישן וועלט־פֿאָלק. ווי אַ פּועל־יוצא קענען נישט אַלע אַספּעקטן פֿון דובנאָוויזם זײַן גילטיק פֿאַר די הײַנטיקע תּפֿוצות. אויך די שייכות צווישן דער אַמעריקאַנער תּפֿוצה צו מדינת ישׂראל האָט דורכ־געמאַכט אַ ריי גילגולים זינט ראַווידאָוויטש האָט אויסגערײַפֿט זײַנע גרונט־אידעען; נישטאָ יענע האַפֿערדיקײַט און אַליין־זיכערקײַט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג ווי אין די ערשטע יאָרן ווען די יידישע מדינה איז עטאַבלירט געוואָרן. די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען מיט וועלכע די מדינה ראַנגלט זיך, סײַ כּלפּי חוץ, סײַ כּלפּי פּנים, האָבן לײַדער אונטער־געמינעוועט אַ סך אילוזיעס און האָפֿענונגען בײַ אירע געטרײַסטע פֿרײַנד צווישן יידן אין די תּפֿוצות. אַ סך אַמעריקאַנער ציוניסטן האָבן מאַניפֿעסטירט מיט זייער עולה־רגל זײַן, אַנשטאָט עולה צו זײַן קיין ישׂראל, אַז פֿאַקטיש אַקצעפּטירן זיי, אַז די גרעסטע און שטאַרקסטע תּפֿוצה אין וועלט־יידנטום — דער אַמעריקאַנער יידישער קיבוץ — האַלט זיך נישט און וויל זיך ניט אויפֿלייזן.

ס׳איז נישט נייטיק צו באַווײַזן אַז אַמעריקאַנער יידן פֿון צווייטן און דריטן דור זענען ווײַט פֿון אַ שלילת־הגלות־אײַנשטעל. מיר וואָלטן געקענט ברענגען אַ סך אַרויסזאָגונגען און ציטאַטן פֿון פּראָמינענטע היגע יידישע מנהיגים וואָס באַשטעטיקן דאָס. מיר מוזן זיך באַנוגענען מיט בלויז איין רעפּרעזענטאַטיווער פֿיגור וואָס דריקט אָן ספֿק אויס די שטימונג און איבערצײַגונג פֿון רובֿ אַמעריקאַנער יידן. מאָריס ב. אייבראַם, דער געוועזענער פּרעזידענט פֿון בראַנדייס־אוניווער־סיטעט און פֿון „אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט״, האָט בײַם יערלעכן „אַמעריקאַנער־ישׂראל־דיאַלאָג״ וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ירושלים, אין יולי, 1980, דערקלערט אָט וואָס: „איך בין אַן אַמערי־קאַנער און אַ ייד. די דיאַספּאָרע איז מײַן היים. פּונקט ווי דער ציוניסט

לואיס ד. בראַנדייס פֿאַרשטיי איך די וויכטיקייט און נייטיקייט פֿון אַ ייִדישער מלוכה — אָבער איך האַלט נישט אַז דאָס איז אַ לייזונג פֿון ייִדישן פּראָבלעם... פּונקט ווי בראַנדייס גלייב איך אין דעם צוקונפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק וואָס לעבט אין צוויי גלײַך־וויכטיקע צענטערס, יעדער איינער שטיצנדיק דעם אַנדערן. קיין איינער פֿון זיי איז נישט צווייט־קלאַסיק, און יעדער איינער פֿון זיי שפּילט אַ צענטראַלע ראָלע אין המשך פֿון פֿאָלק. די דאָזיקע צוויי צענטערס זענען ישׂראל און די תּפֿוצות. פֿון דעם איז געדרונגען אַז דער גרעסטער אָרגאַניזירטער ייִדישער קיבוץ אין אַמעריקע איז נישט קיין צוגאָב אָדער אַן איבער־בלײַב פֿון ייִדישן לעבן, נאָר אַ כּוח אין הויפּט־שטראָם״[14].

מיר מיינען דעריבער אַז ס׳איז פּרוכטלאָז צו פֿירן ווײַטער די אַלטע דיסקוסיע צי דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום ווי בכלל די תּפֿוצות שטעלן מיט זיך פֿאָר בבֿל אָדער אַלעקסאַנדריע. זיי, די הײַנטיקע ייִדישע צעשפּרייטונגען זענען נישט קיין קאָפּיע פֿון דער אַמאָליקער בבֿל, און אויך נישט פֿון אַלעקסאַנדריע, ווײַל ס׳איז דאָך אומבאַשטרייטלעך, ווי ש.ר. האָט אָנגעוויזן: אַלע מאָדערנע ייִדישע קיבוצים פֿון אייראָפּע און אַמעריקע — און מיר מעגן צוגעבן: פֿון דרום־אַפֿריקע און אויסטראַליע — געהערן אין דער קאַטעגאָריע בבֿל. זיי דאַרפֿן נישט זײַן מאָדעלירט ווי די אַלטע בבֿל, פּונקט ווי די הײַנטיקע ירושלים איז נישט אַזוי ווי די ירושלים פֿון די נבֿיאים און די תּנאים. בבֿל האָט נישט איין באַשטימטע פֿאָרם, איין לבֿוש וואָס איז אַ מוז פֿאַר אַלע ייִדישע קיבוצים אין אַלע צײַטן. הײַנטיקע צײַטן מוז מען שאַפֿן אַ לבֿוש וואָס פּאַסט פֿאַר אונדזערע מאָדערנע באַדינגונגען. דעם פֿאָלק ישׂראלס וואַקסנדיקע גאַרדעראָבע שליסט אײַן אַ סך מלבושים, אַן אַנדערע פֿאַר יעדער בבֿל (ס׳הייסט תּפֿוצה) וואָס שטרעבט אויסצודריקן שעפֿעריש איר ייִדישע אידענטיטעט.

„בבֿל און ירושלים: די תּפֿוצות און מדינת ישׂראל — אַלע זענען מיר איין שעפֿעריש פֿאָלק, און יעדער ייִדישער קיבוץ מוז פֿירן זײַן ייִדישע באַלעבאַטישקייט גלײַך ווי אויף אים האַלט זיך דאָס גאַנצע פֿאָלק, און אַז ער טראָגט די אַחריות פֿאַרן ייִדישן קיום״.

מיר קומען דעריבער צו דער מסקנא אַז שמעון דובנאָוו און שמעון ראַווידאָוויטש זכרונם לבֿרכה פֿאַרבלייַבן אַקטועל אין אונדזער צייַט; זיי זענען אי פּראַגמאַטיש־רעאַליסטיש, אי ווייַט־זעענדיק, און דער קערן פֿון זייערע פֿילאָסאָפֿיעס וועט נאָך זייַן רעלעוואַנט פֿאַר אַ לאַנגער צייַט. דערצו זענען ביידע סובטילע אַנאַליטיקערס נישט בלויז געווען טעאָרע־טיקערס, קאַבינעט־פֿילאָסאָפֿן, נאָר פּערזענלעכקייַטן וואָס זענען געשטאַנען אויפֿן „מאַרק־פּלאַץ“ און געשטריטן פֿאַר זייערע אידעאַלן, און זענען בלבֿ ונפֿש געווען אַנגאַזשירט אין קאַמף פֿאַר ייִדישן קיום.

(1981)

1) אויספֿירלעכער וועגן שמעון דובנאָווס היסטאָריאָסאָפֿיע זע: ש. גוטמאַן: טראַדיציע און באַנייאונג, פֿאַרלאַג מתנות; ניו־יאָרק, 1967, זייַט 25־31, 138־152.

2) איביד. זייַט 29.

3) ש. ראַווידאָוויטש: שריפֿטן, בוענאָס איירעס, 1962, ז' 311.

4) ראַבידוביץ: בבל וירושלים, כרך ראשון, 1957, ז' 508־526.

5) „סטאַדיס אין דזשואיש טהאָוט“, ז' 45־55.

6) ג. קרעסעל: אין שריפֿטן פֿון ש. ר. ז' 35־36.

7) איביד. ז' 352.

8) איביד. ז' 273־382.

9) איביד. ז' 312־315.

10) איביד. ז' 328־320.

11) „מצודה“, ספר שביעי, 1954, ז' 29־38, און „שריפֿטן“ ז' 351־354.

12) איביד. ז' 402.

13) זע ש. ר. „סטאַדיעס אין דזשואיש טהאָוט“, ז' 24־25.

14) זע: „קאָנגרעס מאָנטהלי“, ניו־יאָרק נאָוו.־דעצ. 1980.

# בער באָראָכאָוו — זײַן וויזיע און איר רעאַליזירונג

## (צו 80 יאָר זינט פּאָלטאַווער גרינדונג־צוזאַמענפאָר)

### I

איידער איך גיי איבער צו באַטראַכטן באָראָכאָווס טעאָרעטישן בנין פיל איך אַז איך דאַרף איבערגעבן, כאָטש זייער בקיצור, קאָנספּעקט־מעסיק עטלעכע עטאַפּן אין מײַן אידייאישער עוואָלוציע אין שייכות צום פּראָבלעם ישׂראל בין העמים. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָב איך געלייענט אַ בוך פון אַ פילאָסאָף, ווו ער דערקלערט אין דער הקדמה, אַז ער וויל מודה זײַן, און לייענער זאָלן עס וויסן, אַז נישט געקוקט אויף זײַנע דורכגעטראַכטע פילאָסאָפישע הנחות און לאָגישע אַרגומענטן, האָט ער סוביעקטיווע סימפּאַטיעס אָדער פאָראורטיילן וואָס באַפאַרבן זײַן פילאָסאָפיע. אויך דער באַרימטער אַמעריקאַנער פילאָסאָף און פּסיכאָלאָג וויליאַם דזשיימס האָט דעם זעלביקן געדאַנק אויסגעדריקט מיט אַנדערע ווערטער: דזשיימס האַלט אַז „האַרטנעקיקע כאַראַקטערן" („טאַף־מײַנדעד") זענען גענייגט אָנצונעמען מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיעס, בעת סענסיטיווע נאַטורן („סאָפט־מײַנדעד") זענען נוטה צו אידעאַליסטישע פילאָסאָפיעס.

ווען איך האָב, זײַענדיק אַ יונג בחורל, אין פּוילן, בײַם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געטראַכט וועגן דער ייִדן־פראַגע, האָב איך, ווי אַ סך אַנדערע פון מײַן דור, סימפּאַטיזירט מיטן סאָציאַליסטישן גלותיזם. איך האָב געגלייבט און געהאָפט אַז די רוסישע רעוואָלוציע, פון איין זײַט, און דער וועלטסאַילער שלום־טראַקטאַט, פון דער אַנדערער זײַט, וועט אונדז מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן גאַראַנטירן בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט מיט אַ ברייטער אויטאָנאָמיע. די רוסישע מערץ־רעוואָלוציע, אין 1917, האָט טאַקע געשאָנקען ייִדן די דאָזיקע רעכט.

אָבער די אָקטאָבער־איבערקערעניש און דער בירגער־קריג אין רוסלאַנד, מיט זייַנע שוידערלעכע פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע אויף די „באַפרייַטע" ייִדן, האָט באַוויזן אַז די רוסישע ייִדן זענען געוואָרן באַפרייַט פֿון נאָך אַן אילוזיע: די שלום־קאָנפֿערענץ אין ווערסאַיל, אין 1919, האָט טאַקע אָנגענומען אַ טראַקטאַט וועגן מינדערהייַטן, אין וועלכן פּוילן, רומעניע, לאַטוויע און ליטע האָבן זיך פֿאַרפּליכטעט אָפּצוהיטן דעם פּרינציפּ פֿון פֿולער גלייַכבארעכטיקונג פֿאַר אַלע מינדערהייַטן, און בתוכם פֿאַר ייִדן, אויף זייערע טעריטאָריעס. ס'איז אונדז גוט באַקאַנט וואָס פֿון די אַלע פּאַפּירענע טראַקטאַטן האָט זיך אויסגעלאָזט. אין די קליינע באַלטישע מלוכות האָט די ייִדישע אויטאָנאָמיע געדויערט אַ פּאָר יאָר, אָבער אין פּוילן, ווו די ייִדישע פּאַרטייען האָבן געהאַט אין סיים און סענאַט עטלעכע צענדליק דעפּוטאַטן, האָט די רעגירונג סיסטעמאַטיש אַרויסגעשטויסן ייִדן פֿון אַלע ווירטשאַפֿטלעכע צווייַגן, און זיי נישט צוגעלאָזט צו קיין שום מלוכה־אַמטן; דערצו האָט מען אָנגעווענדט אַ „נומערוס קלאַוזוס" פֿאַר סטודענטן אין די הויכשולן.

נאָך דעם ווי ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער ריגער־שלום צווישן פּוילן און סאָוועטן־רוסלאַנד — מערץ, 1921 — האָב איך עמיגרירט קיין אַמעריקע. דאָ האָבן דעמאָלט דאָמינירט אויף דער ייִדישער־גאַס די קאָסמאָפּאָליטן (לייען: אַסימילאַטאָרן) מאָריס הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, אַבֿ קאַהאַן, פּענקין — אַלע קעגנער פֿון ציוניזם, פֿאָלקיזם, אָדער נאַציאָנאַליזם. צווישן די אַמעריקאַניזירטע ייִדן האָבן דעם הויפּט־טאָן געגעבן די רעפֿאָרם־ייִדן מיט לואיס מאַרשאַל ווי דער פּאָפּולערסטער און אייַנפֿלוסרייַכסטער פֿירער; אויך די יאַהודים זענען, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַסימיליאַטאָריש, מיט אַ ביסל צדקה־ייִדישקייַט, און קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

וואָס מער איך האָב זיך באַקענט מיט דער אַמעריקאַנער ייִדישער סצענע אין די צוואַנציקער יאָרן, אַלץ ווייניקער האָב איך געגלייבט אין דער מעגלעכקייַט אויפֿצוהאַלטן דאָ די נאַציאָנאַלע ייִדישע קולטור, מיט ייִדיש ווי די רייד־שפּראַך. איך האָב זיך צוגעהערט צו די דעבאַטעס צווישן חיים זשיטלאָווסקי און ב. וולאַדעק, און מייַן האַרץ איז געווען

מיטן ערשטן, אָבער דער קאָפּ האָט געטענהט אַז וולאַדעק איז ווײַט־זעענדיקער, און רעאַליסטישער. איך בין בהדרגה געקומען צום טעריטאָריאַליזם. איך בין געקומען צו דער איבערצײַגונג אַז ייִדישע קולטור און ייִדיש נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ קען מען אַמבעסטן פֿאַר־זיכערן אין אַן אייגענער טעריטאָריע. לכל הפּחות דאַרפֿן ייִדן זיך אָנשטרענגען צו עטאַבלירן אַ גײַסטיקן צענטער מיט ייִדיש ווי די אָפֿיציעלע שפּראַך. די פּאָגראָמען אין ארץ־ישׂראל, אין 1929, האָב איך ווייטיקלעך איבערגעלעבט, און ס'האָט אַרויסגערופֿן בײַ מיר ספֿקות וועגן דער זיכערקײַט פֿון ייִשובֿ.

ערבֿ דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך שוין געווען טעטיק אין דער ניו־יאָרקער טעריטאָריאַליסטישער גרופּע, און אַ ביסל שפּעטער איז אַהער געקומען אַ גרופּע אַלטע טעריטאָריאַליסטן פֿון פּאַריז: בן־אדיר, א. קין, פּיינלייב און אַנדערע. איך האָב נישט געזען קיין סתּירה צווישן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם, און מיר איז געפֿעלן זשאַבאָ־טינסקיס זאָג: „מיר ציוניסטן וועלן בויען די מעטראָפּאָליע, און די טעריטאָריאַליסטן — די קאָלאָניעס...״

אין יענעם פּעריאָד האָב איך סימפּאַטיזירט מיט דער אידעע פֿון אַ בינאַציאָנאַלן שטאַט אין ארץ־ישׂראל, לויט דער קאָנצעפּציע פֿון „ברית־שלום״ — פֿון מאַרטין בובער, מאַגנעס, גרשום שלום, ערנסט סימאָן און אַנדערע. איך פֿלעג דעמאָלט לייענען זייער אָרגאַן „איחוד״ וואָס איז מיר געווען נאָענט.

ווען אין 1948 איז עטאַבלירט געוואָרן די ייִדישע מדינה, האָב איך פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל ווו איך האָב געשריבן: „די גרינדונג פֿון מדינת ישׂראל איז אַ מײַלשטיין אויפֿן וועג פֿון קיום האומה... דאָס איז אַ פּאָזיטיווע געשעעניש פֿון אַ היסטאָרישן פֿאַרנעם, וואָס איז מחייבֿ יעדן נאַציאָנאַלן ייִד צוצולייגן אַ האַנט, אַז ישׂראל זאָל בשלום אַרויסגיין פֿון אַלע סכּנות און שטרויכלונגען. קיין טעריטאָריאַליסט טאָר נישט זײַן גלײַכגילטיק צום גורל פֿון ייִדישן טעריטאָריעלן צענטער ישׂראל... אין דער מאָדערנער צײַט, ווען אונדזער אמונה איז שוין נישט מער דאָס פּאָרטאַבלע פֿאָטערלאַנד פֿון אַ סך ייִדן (לויט היינעס אויסדרוק) מוזן

מיר בילדן אַ מערהייט אויף אַ פּונקט פֿון ערד־קוגל; ווי אַ מינאָריטעט־פֿאָלק אומעטום דראָט אונדז די שטענדיקע סכּנה צו פֿאַרשווינדן ווי אַ באַזונדער עטנישע גרופּע, מיט אַן אייגענער שפּראַך און קולטור. מעסט מען ישׂראל מיט דער קריטעריע, מוז מען אָנערקענען, אַז דאָ ווערט פֿאַרווירקלעכט טעריטאָריאַליזם פֿאַר אַ טייל פֿון אונדזער פֿאָלק" (זע „אויפֿן שוועל", פֿעברואַר, 1950).

אין 1959 בין איך צום ערשטן מאָל געווען עטלעכע וואָכן אין מדינת־ישׂראל, און האָב מײַנע אײַנדרוקן פֿאַרעפֿנטלעכט אין „וועלט און פֿאָלק". אַ זשורנאַל פֿון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס וואָס יעקבֿ גלאַטשטיין האָט רעדאַקטירט. אָט מיט דעם הינטערגרונט קום איך צו באָראָכאָוון.

## II

לאָמיר דערמאָנען עטלעכע ביאָגראַפֿישע פֿאַקטן אין לעבן פֿון בער באָראָכאָוו (1881־1917). ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ שטעטל, לעבן פּאָלטאַווע, אוקראַיִנע, בײַ אַ פֿאָטער אַ העברעיִשער לערער און חובֿבֿ־ציון. ער לערנט זיך אין פּאָלטאַווער רוסישער גימנאַזיע און ווײַזט אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס אין פֿילאָסאָפֿיע, ער פֿאַרטיפֿט זיך אין ייִדישע פּראָבלעמען, און אין 1904 איז ער קעגן אוגאַנדע־פּראָיעקט. אַרום 1904 ווערט ער איינער פֿון די הויפּט־איניציאַטאָרס פֿון פּועלי־ציון־צוזאַמענ־פֿאָר אין פּאָלטאַווע, וואָס איז פֿאָרגעקומען פּורים, 1906. דאָרטן איז געגרינדעט געוואָרן די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פּועלי־ציון, פֿון וועלכער באָראָכאָוו איז געוואָרן דער הויפּט־אידעאָלאָג. אין 1908 פֿאָרט ער קיין ווין וווּ ער שטודירט די געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. נאָכן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, פֿאָרט ער אַוועק קיין אַמעריקע. דאָ פֿאַרבלײַבט ער ביז סוף אויגוסט 1917. במשך די דרײַ יאָר וואָס ער האָט געלעבט אין ניו־יאָרק איז ער געווען אַקטיוו בײַם אָרגאַניזירן דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, וועלכער האָט שפּעטער געשיקט אַ דעלעגאַציע צו דער ווערסאַילער־קאָנפֿערענץ.

אין זײַן אַמעריקאַנער פּעריאָד איז ב. ב. געוואָרן דער פֿירנדיקער

טעאָרעטיקער פֿון מאַרקסיסטישן פּועלי־ציוניזם. ער האָט דאָ אויך, צוזאַמען מיט א. האַרקאַווי, יודא יאָפֿע א. א., אָרגאַניזירט אַ וויסנ־שאַפֿטלעכע קאָמיסיע פֿאַר ייִדישער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפֿיע. ער פֿאַרעפֿנטלעכט וויכטיקע פֿאָרשונגען וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור און טעאַטער. ביז 1907 האָט ער געשריבן נאָר אין רוסיש און ערשט שפּעטער האָט ער זיך אויסגעלערנט ייִדיש, און איז געוואָרן אַ קעמפּער פֿאַר ייִדיש אין די תּפֿוצות און ארץ־ישׂראל. ער האָט באַקעמפֿט די שטעלונג פֿון די רעכטע פּ. צ. און ער האָט זיי פֿאָרגעוואָרפֿן אַז זייער באַציִונג צו ייִדיש אַפֿילו אין די תּפֿוצות — איז אַ לעבלעכע. ער איז אַחוץ טעראָרעטיקר פֿון סאָציאַליסטישן ציוניזם אויך געווען אַ פּיאָנער פֿון ייִדיש־פֿאָרשונג, און האָט שטאַרק געהויבן די חשיבֿות פֿון ייִדיש, פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און פֿון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור.

לאָמיר זען וואָס עס זענען געווען זײַנע גרונט־אידייען אין שייכות צו ייִדישן קיום און אַרבעטער־ציוניזם. ווי אַ מאַרקסיסט האַלט ער אַז פּונקט ווי דער סאָציאַליזם בכלל ווערט פֿאַרווירקלעכט אין אַ סטיכישן פּראָצעס פֿון קאָנצענטראַציע פֿון דער פּראָדוקציע — אומאָפּהענגיק פֿון אַ באַוווּסטזיניקער ראָלע — אַזוי הייבן אויך אָן די ייִדישע וואַנדער־מאַסן, זיך צו קאָנצענטרירן סטיכיש אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע. די דאָזיקע טעריטאָריע דאַרף זײַן אַ האַלב אַגראַרע, ווּהין עס וועט קענען אַרײַנדרינגען די ייִדישע אַרבעטס־קראַפֿט. דער וווּקס פֿון אָט די פּראָדוקטיווע קרעפֿטן קען זיך פֿרײַ אַנטוויקלען נאָר דאָרט ווו די היימישע באַפֿעלקערונג האָט זיך נאָך נישט צונויפֿגעשמאָלצן, אין איר עקאָנאָמיש לעבן, אין אַ ווירטשאַפֿטלעך־געשלאָסענעם אָרגאַניזם. אָט די טעריטאָריע, האַלט ער, איז פּאַלעסטינע.

לויט באָראָכאָוון איז דאָס אַ וויסנשאַפֿטלעכער פּראָגנאָז פֿון דער ייִדישער צוקונפֿט: „אין דעם סטיכישן פּראָצעס פֿון דער רעאַליזירונג פֿון טעריטאָריאַליזם, מישט זיך אַרײַן דער ווילן פֿון ייִדישן פּראָלע־טאַריאַט"; אָבער גלײַכצײַטיק מיטן בויען אַ ייִדישן צענטער אין ארץ־ישׂראל „שטרעבן מיר אויפֿצוהייבן דעם מצבֿ פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין גלות, און צו פֿאַרשטאַרקן זײַנע פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע". די

אַרבעט דאָ, אין גלות און אין פּאַלעסטינע זענען נישט קיין קעגנזאַצן נאָר צוויי ליניעס אויף דעם זעלביקן שטח; צוויי זײַטן פֿון איין פּראָצעס. אָט דאָס איז דער קווינט־עסענץ פֿון באָראָכאָוויזם. ער רופֿט אָן זײַן ריכטונג אין פּועלי־ציוניזם: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, גלויבנדיק אַז דער ציוניזם לייזט בלויז איין טייל פֿון דער ייִדן־פֿראַגע: דאָס פּראָבלעם פֿון ייִדישער הײמלאָזיקײַט. ער איז אַ רעאַליסט און פֿאַרשטייט אַז ווי ווײַט דער ציוניזם זאָל זיך נישט פֿאַרווירקלעכן, וועט אַ גרויסער טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק בלײַבן אין די תּפֿוצות. „ס׳איז נישט מעגלעך, און נישט ווינטשנסווערט (אונטערגעשטראָכן פֿון מיר — ש. ג.) אומצוקערן דאָס גאַנצע פֿאָלק קיין ארץ־ישׂראל; אַלע פֿעלקער, שטרײַכט ער אונטער, האָבן אַחוץ אַן אייגענער טעריטאָריע, זיך פֿאַרשפּרייט איבער דער וועלט. די ייִדן־פֿראַגע קען געלייזט ווערן, נאָר דורך פֿאַרבינדן אַ געזונטן לעבן אין אייגענעם לאַנד מיט אַ געזונטן לעבן אין גלות״. ער קריטיקירט די דעמאַלטיקע פֿירער פֿון די רעכטע פּ. צ. אין אַמעריקע, נחמן סירקין און ברוך צוקערמאַן, פֿאַר זייער שלילת־הגלות און העברעיִזם. ער באַקעמפֿט אויך דעם „בונד״ וועמענס פּראָגראַם איז „פֿלאַך״, אָבער ער לויבט אים פֿאַר זײַן העראָישן קאַמף, און קרבנות וואָס האָבן געהאָלפֿן אין דער עמאַנציפּאַציע פֿון די רוסישע ייִדן; דאָס איז זײַן היסטאָרישער פֿאַרדינסט; „דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס וועט אַוועקשטעלן דעם „בונד״ אַ פּראַכטפֿולן מאָנומענט אין ירושלים״, שרײַבט ער אין 1915.

לאָמיר זען אויף וויפֿל זײַן וויזיע האָט זיך פֿאַרווירקלעכט, און וואָס עס איז בלײַביק פֿון זײַן טעאָרעטישן בנין. לפי דעתי, האָט אונדזער צײַט באַוויזן אַז אַ ריי פֿון זײַנע פּאָסטולאַטן זענען געווען צינז דעם גײַסטיקן קלימאַט פֿון זײַן עפּאָכע. אַזוי למשל זײַן הויפּט־טעזע אַז דער סטיכי־שער פּראָצעס וועט פֿירן די ייִדישע מאַסן אין אַגראַר־לאַנד פּאַלעס־טינע, און דער קלאַסן־קאַמף פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט וועט פֿאַר־ווירקלעכן דעם ציוניסטישן סאָציאַליזם. ביידע הנחות האָבן זיך אַרויס־געוויזן אילוזאָריש. די ייִדישע מאַסן זענען ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און דעם חורבן געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל ווײַל די טויערן

פֿון אַמעריקע, קאַנאַדע און די אַנדערע אײַנוואַנדערונגס־לענדער זענען געווען פֿאַרמאַכט. דער קלאַסן־קאַמף פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט האָט נישט געשאַפֿן די ייִדישע מדינה, נאָר דער קאַמף פֿון גאַנצן ייִשובֿ — קעגן דער ענגלישער רעגירונג פֿון בעווין, צוזאַמען מיט דעם שולדיקן געוויסן פֿון ליבעראַלע נישט־ייִדן, אין שייכות צו די גרויזאַם אומגעקומענע זעקס מיליאָן ייִדן. אָט די דערמאָנטע, און אַנדערע פֿאַקטאָרן, האָבן באַווירקט די „פֿאַראייניקטע־פֿעלקער" גוטצוהייסן די עטאַבלירונג פֿון דער ייִדישער מדינה. אָבער אין יענעם פּעריאָד, פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען געמוזט געפֿינען אַ הכשר בײַ קאַרל מאַרקסן פֿאַר יעדער פּראָגרעסיווער אידעע. דערפֿאַר האָט ב. ב. נישט אויפֿגעהערט צו באַווײַזן אַז זײַן סינטעז פֿון „דאָ" און „דאָרט" שטימט מיטן מאַרקסיזם; אָן מאַרקסיסטישן פּילפּול וואָלט ער געפֿונען אַ קנאַפּן אָפּקלאַנג, אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס.

אויך בנוגע ייִדיש אין ארץ־ישׂראל האָט זײַן שיטה פֿאַרשפּילט; געזיגט האָבן די העברעיִסטן, הגם די באַציִונג צו ייִדיש אין ישׂראל איז איצט אַ ביסל בעסער ווי אַמאָל. פֿון דער אַנדערער זײַט דאַרף מען צוגעבן אַז ער איז געווען רעאַליסטישער ווי די שוללי־הגלות פֿון ציוניסטישן לאַגער וועלכע הערן נישט אויף מיט זייער פֿאַלשער אידעאָלאָגיע אַז זיי וועלן אויסליידיקן די תּפֿוצות פֿון ייִדן. באַראָכאָוו איז אין דעם פּרט געווען ווײַטזעענדיקער. אויך דער קלאַסן־קאַמף, אויב ער האָט נישט געשאַפֿן די מדינה — איז אַ רעאַליטעט אין ישׂראל. זײַן באַהויפּטונג אַז ס'איז נישט ווינטשנסווערט און נישט מעגלעך אומצוקערן אַלע ייִדן פֿון די תּפֿוצות קיין ארץ ישׂראל, און אַז זיי דאַרגאַנצן זיך איינער די אַנדערע, האָט אונדזער תּקופֿה פֿולשטענדיק באַשטעטיקט. בלויז אַ בלינדער דאָגמאַטיקער וועט באַהויפּטן אַז אָן דער פּאָליטישער און פֿינאַנציעלער הילף פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום וואָלט מדינת ישׂראל דערגרייכט, במשך עטלעכע צענדליק יאָר, דעם מיליטערישן, עקאָנאָמישן, וויסנשאַפֿטלעכן און קולטורעלן וווּקס, וויטאַליטעט, און אינטערנאַציאָנאַלן פּרעסטיזש צו וועלכע זי האָט דערשטיגן.

ס׳איז אַוודאי אויך ניט צו באַשטרײַטן אַז די עקזיסטענץ פֿון מדינת ישׂראל האָט געלייזט דאָס פּראָבלעם פֿון ייִדישער היימלאָזיקײַט, און האָט נישט קיין קליינעם חלק אין ברענגען צוריק אַ סך אַסימילירטע ייִדן צום אייגענעם פֿאָלק, ייִדן האָבן איצט אַ פֿירשפּרעכער אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, און ווען די שׂונאי־ישׂראל אַטאַקירן ייִדן איז דאָ ווער עס זאָל זיי ענטפֿערן — גלײַך אויפֿן אָרט, אויף דער זעלבי־קער טריבונע פֿון די „פֿאַראייניקטע פֿעלקער"; צו דעם אַלעם האָט באַראָכאָווס לעבנס־אַרבעט בײַגעטראָגן. אין דעם אויפֿבוי פֿון דער הסתדרות — די פֿעסטונג פֿון ישׂראלדיקן ייִדישן אַרבעטס־מענטש — האָבן דעם גרעסטן חלק סאָציאַליסטישע ציוניסטן, וועלכע דאָמינירן איר פֿירערשאַפֿט און אידעאָלאָגיע; זיי שטייען אויף דער וואַך פֿון די ייִדישע אַרבעטער־אינטערעסן.

אויך אין דעם אויפֿבלי פֿון ייִדיש־שעפֿערישקײַט אין ישׂראל, אין פּרץ־פֿאַרלאַג, אין „וועלט־ראַט פֿאַר ייִדיש", אין די ייִדיש־קלובן, אין די ייִדיש־זשורנאַלן זײַנע לינקע פּ. צ. צווישן די אַקטיווסטע טוער.

מע קען, ביז אַ געוויסער מאָס, אַנווענדן אויף בער באַראָכאָוו, אחד העמס דרוש וועגן רמב"ם. אין זײַן עסיי „שלטון השכל" פֿרעגט אחד־העם, ווי קומט עס, וואָס דער רמב"ם האָט אין זײַן אני־מאמין אַרײַנ־געשטעלט די צוויי עיקרים אַז אַ ייִד דאַרף גלויבן אין משיחס קומען און תּחית־המתים, בעת דאָס איז אין סתּירה צו זײַן פֿילאָסאָפֿיע פֿון יהדות. אויף דעם ענטפֿערט אחד־העם אַז אַן דער דאָגמע פֿון ביאת־המשיח און תּחית־המתים, האָט דער רמב"ם פֿאַרשטאַנען, וועלן ייִדן נישט קענען אויסהאַלטן די אַלע רדיפֿות און קאַטאַסטראָפֿעס פֿון גלות, האָט ער דעריבער „פֿאַרגעסן" אין זײַן פֿילאָסאָפֿיע, און האָט געגעבן די אויבער־האַנט זײַן נאַציאָנאַלן געפֿיל, און אַרײַנגעשטעלט די צוויי עיקרים וואָס האָבן געגעבן דעם ייִד כּוח איבערצוטראָגן דעם יאָך פֿון גלות.

דעם דרוש קען מען אויך אַנווענדן אויף באַראָכאָווס קאָנצעפּציע פֿון מאַרקסיסטישן ציוניזם: ער האָט פֿאַרשטאַנען, בעת ער האָט געזען ווי דער אוגאַנדאַ־פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, דער עיקר, ווײַל ייִדן האָבן נישט געקענט, אַפֿילו בלויז צײַטווײַליק, אויפֿגעבן דעם

געדאַנק פֿון שיבֿת־ציון. ער האָט אָבער אויך, אין זײַן צײַט, געזען אַז אָן דעם מאַרקסיזם וועט ער נישט געווינען די ייִדישע אָרעמע מאַסן פֿאַרן ציוניזם. דער נאַציאָנאַלער געפּיל פֿאַר ייִדישן קיום, נישט די כּלומרשטע וויסנשאַפֿטלעכקײַט פֿון מאַרקסיזם, האָט אים געפֿירט צו דער גענעזע פֿון זײַן טעאָריע. איז הגם די טעאָריע איז פֿון די געשעעענישן אָפּגעפֿרעגט געוואָרן, איז פֿונדעסטוועגן זײַן אידעאַל רעאַליזירט געוואָרן אין דער פּראַקטיק.

(1986)

# דיאַלאָג פֿון ישׂראל און אַמעריקאַנער ייִדנטום

## I

שוין פֿערצן יאָר אַז דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס אַראַנזשירט יאָר־אײַן יאָר־אויס אַ דיאַלאָג אין ירושלים מיט דער באַטייליקונג פֿון ייִדישע געלערנטע, אינטעלעקטואַלן, שרײַבערס און פּאָליטיקערס פֿוןביידע לענדער — די פֿאַראייניקטע שטאַטן און ישׂראל. בײַ אַזאַ קאָנפֿערענץ דיסקוטירט מען געוויינטלעך אַ ריי צענטראַלע פּראָבלעמען אין ייִדישן לעבן פֿון ביידע ייִשובֿים. דער פֿערצנטער דיאַלאָג איז פֿאָרגעקומען במשך דרײַ טעג אין יולי 1978, אין ירושלים. די טעמע איז געווען: ייִדישע קיבוצים אין אַמעריקע און ישׂראל, אין די קומענדיקע דרײַסיק יאָר. די זעקס סעסיעס אויף דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַזעלכע ענינים: ישׂראל און די באַנײַונג פֿון ייִדישקײַט; די קולטורעלע פּערספּעקטיוון פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום; די דעמאָגראַפֿיע פֿון ייִדישן לעבן אין ישׂראל און אַמעריקע; זיכערקײַט און פּערזענלעכע רעכט אין ביידע לענדער; אַלטערנאַטיווע לעבנסטילן

אין אַמעריקע; ישׂראל און אַמעריקאַנער פּאָליטיק; די ענדערונגען אין ישׂראלדיקן פּאָליטישן סיסטעם*.

אויבנאויפיק קען זיך אויסדוכטן אַז די דרײַסיק באַטייליקטע אין דעם „דיאַלאָג" שטעלן מיט זיך פֿאָר די ייִדישע וועלט אין מיניאַטור: פֿאַראַן צווישן זיי וועלטלעכע און רעליגיעזע, קאָנסערוואַטיווע און ליבעראַלן, „טויבן" און „שפּאַרבערס"; אָבער דאָס איז בלויז אויבן אויף. מיר ווייסן נישט לויט וועלכן מאָדוס די באַטייליקטע ווערן פֿאַרבעטן, אָבער ביז איצט האָבן ייִדיש־ייִדן נישט „זוכה געווען" צו זײַן רעפּרע־זענטירט אויף די דיאַלאָגן. אַלע אַמעריקאַנער אָנטיילנעמער, הגם ניואַנ־סירט אין זייערע אײַנשטעלונגען צום ייִדישן און אַלגעמיינעם לעבן זענען וואַרעמע פֿרײַנד פֿון מדינת־ישׂראל. די ישׂראלדיקע באַטייליקטע, ווידער, רעדן מערסטנטייל, כאָטש נישט אַלע, ווי שוללי־הגלות, און הערן נישט אויף צו באַטאָנען, און „באַווײַזן" דעם באַרג־אַראָפּ פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום און גלײַכצײַטיק צו מאָנען עליה קיין ישׂראל. די אַמעריקאַנער, פֿון דער אַנדערער זײַט, זענען ווײַט נישט קיין האָפֿער־דיקע אָפּטימיסטן וועגן אַלע טענדענצן אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, דאָך גלייבן זיי אין דער צוקונפֿט פֿון היגן ייִשובֿ, און זיי פּרובירן אָפּ־שלאָגן דעם דעפּעטיזם פֿון די ישׂראלים. וואָס שייך דעם ענין עליה האָט קיינער פֿון ביידע צדדים נישט געהאַט צו זאָגן קיין נײַעס; ווועלן מיר דאָס פּראָבלעם פֿאַרבײַגיין.

נישט געקוקט אויף אַלע סוביעקטיוויקײַטן און עקסטרעמקײַטן אין די אײַנשטעלונגען מצד די „דיאַלאָגיסטן" — און אפֿשר טאַקע דערפֿאַר — קריגן מיר פֿונדעסטוועגן, נאָכן באַקענען זיך מיטן אינהאַלט פֿון דער קאָנפֿערענץ, אַן אַרײַנבליק אין דער מענטאַליטעט און אין דער פּראָבלעמאַטיק פֿון ביידע ייִדנטומס, דערפֿאַר איז כּדאַי זיך צו באַקענען כאָטש מיט עטלעכע פֿילאָסאָפֿיש־היסטאָרישע און אַקטועלע טעמעס וואָס זענען בײַ די סימפּאָזיומס באַהאַנדלט געוואָרן.

וועגן די קולטורעלע אויסזיכטן פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום, האָט

*) Congress Monthly, Feb.-March 1979

רעפֿערירט העראַלד בלום, פּראָפֿעסאָר פֿון הומאַניסטיק, אין יעיל־אוניווערסיטעט; אַן אַנגעזעענער קריטיקער וועלכער האָט זיך לעצטנס פֿאַרנומען מיטן שטודיום פֿון קבלה. ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז בלום אַ פֿאַרשער פֿון טעקסטן פֿון ביכער; אויפֿן סמך פֿון זײַן לערערישער פּראַקטיק האַלט ער אַז די הײַנטיקע סטודענטנשאַפֿט, און די ייִדישע בתוכם, איז מער נישט טעקסט־צענטריש. וואָס קענען זײַן די קאָנסעקווענצן פֿון אָט דעם פֿענאָמען? פּראָפֿ׳ בלום רעזומירט די טעאָריע פֿון די ייִדישע היסטאָריקער גרעץ, דובנאָוו, יחזקאל קויפֿמאַן, און ער שטעלט זיך אָפּ אויפֿן לעצטנס געדאַנק אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק איז אייגנאַרטיק דערמיט וואָס עס עקזיסטירט, נישט־געקוקט אויף דער שפּראַך־אַסימילאַציע, אַ דאַנק דער ייִדישער אמונה. אין אונדזער סעקולאַריזירטער וועלט, האַלט דער יעיל־פּראָפֿעסאָר, דאַרף מען פֿאַר־בײַטן די רעליגיעזע אידייע אויף טעקסט־צענטראַלקײַט, אָדער נאָך מער — טעקסט־באַזעסנקײַט.

בלום באַטאָנט שמעון ראַווידאָוויטשעס אידייע פֿון לעצטקײַט: ייִדן זענען אַ סך מאָל, במשך זייער געשיכטע, געווען באַזעסן פֿון לעצט־קײַט, אַז זייער דור איז דער לעצטער. מיר ייִדן ווערן פֿאַרצווייפֿלט צי מיר וועלן אין דער צוקונפֿט נאָך האָבן לערערס, געלערנטע, און פּשוטע ייִדן. עס זעט אויס ווי דער רובֿ ייִדן ווערט געטריבן פֿון אַ פּאַניק אַז מיר זענען די לעצטע. ראַווידאָוויטש איז אָבער איבערצײַגט אַז מיר, „דאָס שטענדיק שטאַרבנדיקע פֿאָלק״, האַלטן נישט בײַ אונטערגיין.

די אָבסעסיע מיט לערנען, אָדער טעקסט־צענטרישקײַט, ווי בלום רופֿט עס, האָט אויפֿגעהאַלטן ייִדן. דאָס איז דער בשותּפֿותדיקער עלעמענט אין בבֿל, אַלעקסאַנדריע, שפּאַניע, מזרח־אייראָפּע און דײַטש־לאַנד. ווי דעם לעצטן גרויסן רעפּרעזענטאַנט פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום, אַנערקענט בלום גרשם שלומען, וועלכער איז לויט אים דער גרעסטער קולטורעלער טריומף פֿון ייִדישקײַט, אַ דאַנק זײַן „שעפֿערישער אָבסעסיע מיט ווידערשפּעניקע טעקסטן״, ס׳הייסט מיט קבלה. שלום קען דעריבער, מיט זײַנע ווערק זײַן דער בעסטער וועגווײַזער פֿאַר אַ ייִדיש־קולטורעלן המשך אין אַמעריקע. ער איז דער מאָראַלישער נבֿיא

פֿון הײַנטיקן ייִדנטום, און אַנווענדנדיק בלומס מדרש, כּדי צו קומען פֿון די „צעבראָכענע לוחות", צו דער „פּרײַהײַט פֿון די לוחות", דאַרף קודם כּל זײַן אַן אינטערעס אין לוחות, אין טעקסטן.

די ענגלישע שפּראַך, פֿירט בלום ווײַטער זײַן געדאַנקען־גאַנג, איז הײַנט־צו־טאָג די וועלטשפּראַך, ווי גריכיש איז עס געווען אין דער העלעניסטישער עפּאָכע, און דערצו ווערט ענגליש די ייִדישע שפּראַך, ווײַל מיר ייִדן קענען זיך אין איר אויסדריקן. אָט דער פֿאַקט שטעלט אַוועק דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום אין אַן ענלעכער שפּראַך־סיטואַציע ווי עס איז געווען דאָס אַלעקסאַנדרישע ייִדנטום. דאָס גרעסטע נאָכ־ביבלישע ווערק איז געווען, האַלט בלום, „דער כּוזרי" פֿון ר' יהודה הלוי, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט אַ טעקסט־צענטריש ייִדנטום, אַזוי ווי פֿילאָן, ווי קאַפֿקאַ. אָבער אויך ישׂראל, מיינט ער, ווי אַ טייל פֿון דער מערבֿ־וועלט, ווערט אַן „טעקסטקײַט", פּונקט ווי אַמעריקע און מערבֿ־אייראָפּע.

אין נאָך אַ וויכטיקן פּרט ציט בלום די אַנאַלאָגיע צווישן אַמעריקע און אַלעקסאַנדריע: אין אַלעקסאַנדריע איז נאָך נישט געווען דאָמי־נירנדיק דאָס נאָרמאַטיווע, דאָס הלכה־ייִדנטום, פֿונדעסטוועגן האָט דער דאָרטיקער ייִשובֿ עקזיסטירט זעקס הונדערט יאָר. אַמעריקע, ווידער, האָט דערגרייכט אַ סאָרט קולטור־אידענטיטעט בלויז מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, און דער הויפּטטייל פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום וואָס שטאַמט פֿון מזרח־אייראָפּע איז אויך בלויז הונדערט יאָר אַלט, דעריבער איז דאָ אַ גרונט צו האָפֿן אַז ס'וועט זיך אַנטוויקלען פֿון אַזאַ גרויסן, פֿאַרשידנאַרטיקן, און אינטענסיוון ייִדישן קיבוץ, נישט געקוקט אויף אַלע מינוסן, געוויסע ייִדישע פֿאָרמען וואָס וועלן זײַן אַ המשך פֿון דער ייִדישער טראַדיציע.

ר' יהודה הלוי, פֿאַרענדיקט בלום זײַן גײַסטרײַכן מדרש, האָט אָפּגעשלאָסן דעם „כּוזרי" מיטן קאַפּיטל תּהילים ק"ב: „וואָרעם דײַנע קנעכט גאָרן נאָך אירע (ירושלימס) שטיינער, און איר שטויב האָבן זיי ליב" (תּרגום יהואש), אַזוי מוזן אַמעריקאַנער ייִדן זײַן פֿאַרליבט, אויב נישט אין הלויס תּהילים־טעקסט, זאָל זײַן אין אַן אַנדער טעקסט, אָבער

עס מוז זײַן אַ טעקסט. פֿונדעסטוועגן דריקט בלום אויס זײַן איבער־צײַגונג, אַז אַמעריקאַנער ייִדן האַלטן נישט בײַ פֿאַרשווינדן, און אויב מע נעמט אין באַטראַכט דעם גאַנצן היקף פֿון דער ייִדישער געשיכטע, מוז מען געדענקען אַז אַ סך מער ייִדן האָבן געלעבט אויסער די גרענעצן פֿון ישׂראל ווי אינעווייניק; אַזוי גלייבט ער, וועט עס אויך ווײַטער זײַן.

אין דער דיסקוסיע אַרום דער רעפֿעראַט, דריקט פּראָפּ׳ אוירווין קאָטלער, פֿון מעגיל־אוניווערסיטעט אין מאָנטרעאָל, אויס די מיינונג, אַז לויט זײַנע אָבסערוואַציעס פֿון ייִדישע סטודענטן אין קוויבעק, זענען יענע וואָס האָבן באַקומען אַן אינטענסיווע ייִדישע דערציִונג געבליבן טעקסט־צענטריש, און דערצו, האַלט ער, איז דער עיקר נישט אַ טעקסט סתּם, נאָר אין וואָס פֿאַר אַ טעקסטן די ייִדישע יוגנט איז פֿאַר־אינטערעסירט.

אויך לי לעווין, אַ לעקטאָר אין בר־אילן־אוניווערסיטעט, איז מסכּים אַז ס׳איז דאָ וואָס אָפּצולערנען פֿון פֿאַרצײַטיקן ייִדישן ייִשובֿ אין אַלעק־סאַנדריע, ווײַל ער איז געווען אַ מוסטער אין אַ צײַט ווען ס׳האָט עקזיס־טירט סײַ אַ ייִדישער צענטער אין ארץ־ישׂראל, סײַ אַ דיאַספּאָרע־קיבוץ, און קיינער פֿון די ביידע קיבוצים האָט זיך נישט געהאַלטן העכער פֿון אַנדערן. אין דעם ליכט דאַרפֿן מיר זיך איצט באַטראַכטן ווי אַ פֿאָלק מיט צוויי הויפּטצווײַגן, וואָס זענען נישט קעגנעריש איינער צום אַנדערן. ביידע ייִשובֿים דאַרפֿן זיך באַראַטן נאָענטער וועגן פּראָבלעמען וואָס רירן אָן ביידע לענדער, און אַמעריקאַנער ייִדן דאַרפֿן האָבן אַ דעה אין שייכות צו ישׂראלס פּאָליטיק.

* * *

ס׳איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף עטלעכע מאָמענטן אין פּראָפּ׳ בלומס רעפֿעראַט. אין דער מאָדערנער ייִדיש־העברעיִשער מחשבֿה און פּובליציסטיק, איז פֿאַרשפּרייט דער געדאַנק, אַז אין דער פֿאַרצײַטיקער דיאַספּאָרע קען נאָר בבֿל — נישט אַלעקסאַנדריע — זײַן אַ מוסטער פֿון אַ שעפֿערישן ייִשובֿ אין חוץ־לארץ; אַלעקסאַנדריע, זאָגט מען אונדז, איז אַפּריאָרי געווען פֿאַראורטיילט צו סטעריליטעט און אונטערגאַנג, און

צוליב אומשעפֿערישקייט און אַסימילאַציע איז זי טאַקע אונטער־
געגאַנגען. טענהט דער אַמעריקאַנער ייִדישער געלערנטער אַז דאָס איז
געווען אַ שעפֿערישער ייִדישער קיבוץ במשך זעקס הונדערט יאָר.
צווייטנס, דערמאָנט ער אונדז, און דאָס ווערט באַשטעטיקט פֿון ייִדישע
היסטאָריקער, אַז ר׳ עקיבֿאס ייִדישקייט, די פּרושימער תורה שבעל פּה
האָט נישט דאָמינירט אין אַלעקסאַנדריער ייִדישן לעבן, און דאָך —
שטרײַכט ער אונטער — איז עס געווען אַ שעפֿערישער ייִדישער קיבוץ
וועלכער איז נישט אונטערגעגאַנגען צוליב אומשעפֿערישקייט — און
העלעניסטישער אַסימילאַציע, נאָר מחמת אויסערלעכע סיבות: פּאָג־
ראָמען, מלחמות, אינוואַזיעס. פֿון דעם קענען מיר אָפּלערנען אַז אין
אונדזער צײַט, אין אַמעריקע, ווען דער רובֿ ייִדן לעבט נישט על פּי
הלכה, מעגן מיר אויך האָפֿן אויף אַ שעפֿערישן ייִדישן המשך.

מיר מיינען אַז עס איז דערמוטיקנדיק צו הערן אַז אַ פּראָמינענטער,
שפּראַכלעך אַסימילירטער, ייִדישער אינטעלעקטואַל, העראָלד בלום,
לאַמענטירט וועגן אָפּגעשוואַכטן אינטערעס אין ייִדישע טעקסטן; זײַן
קימערן זיך וועגן דעם פֿענאָמען — אויב אַזאַ איז טאַקע פֿאַראַן — איז אַ
גוטער סימן: כּל זמן מיר האָבן אַזעלכע קלאָגערס האָלט עס נישט
שלעכט מיט ייִדישע טעקסטן. אָבער מיר דערלויבן זיך צו צווייפֿלען אין
פּראָפֿ׳ בלומס טעזיס, ווײַל ער איז געבויט, ווי ער אַליין גיט צו, אויף
זײַנע דערפֿאַרונגען אין זײַן אוניווערסיטעט. אָבער צי איז דאָס באמת
כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אַמעריקאַנער ייִדישער סטודענטשאַפֿט
בכלל? די אַלע הונדערטער ביכער וואָס אַמעריקאַנער ייִדישע
געלערנטע, קינסטלער און עסייאיסטן שרײַבן, און בלום בתוכם, צי
זענען די דאָזיקע ביכער סימפּטאָמען פֿון אַן אָפּגעשוואַכטער טעקסט־
צענטרישקייט בײַ ייִדן אין אַמעריקע? און די צענדליקער דיסער־
טאַציעס וואָס אַמעריקאַנער ייִדישע סטודענטן שרײַבן אויף ייִדישע
טעמעס — וואָס פֿאַרלאַנגט לייענען און פֿאָרשן ייִדישע מקורים און
ווערק — זענען זיי דען נישט אַן אָפּלייקענונג פֿון דעם וואָס בלום
זאָגט? מען קען זיך גיכער משער זײַן אַז דער שוואַכער אינטערעס בײַ אַ
צאָל ייִדישע סטודענטן אין טעקסטן איז דער רעזולטאַט פֿון אַן איבער־

פּראָדוקציע מצד די אוניווערסיטעטן אין הומאַניסטיק־גראַדואַנטן וועלכע קענען נישט געפֿינען קיין באַשעפֿטיקונג אין די דאָזיקע דיס־ציפּלינען. אויב אַזוי איז דאָס, ווי עס זאָגט פֿאָרויס דער דעמאָגראַף הערבערט בינסטאָק, אַן אַריבערגייענדיקער פֿענאָמען.

II

אין שייכות מיט דער דעמאָגראַפֿיע פֿון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע, האָט הערבערט בינסטאָק, דער קאָמיסיאָנער פֿון אַמעריקאַנער אַרבעט־סטאַטיסטיק, אָנגעצייכנט די קאָנטורן פֿון סאָציאַלן און עקאָנאָמישן קלימאַט אין אַמעריקע, במשך די לעצטע דרײַסיק יאָר. ווי באַוווּסט, איז צוזאַמען מיט דער געוואַלדיקער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג אין לאַנד פֿאָרגעקומען אַ וואַקסנדיקע אינפֿלאַציע. זעכציק פּראָצענט אַמערי־קאַנער ייִדן זענען קאָנצענטרירט אין די צפֿון־מיזרח־שטאַטן, וואָס זענען שטאַרק געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַרבעטלאָזיקײַט במשך די לעצטע צען יאָר.

בנוגע די קומענדיקע דרײַסיק יאָר מאָלט ער אַזאַ בילד: זינט 1960 קומט פֿאָר אין אַמעריקע אַ ירידה אין דער געבורטיקײַט, וועלן מיר ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם האָבן אַ סטאַבילערן פּעריאָד, ווײַל די קאָנקור־רענץ אויפֿן אַרבעטס־מאַרק וועט ווערן שוואַכער, און מע וועט נישט דאַרפֿן צוגרייטן קיין שולן און אַנדערע באַדינונגען, וואָס אַ וואַקסנ־דיקע באַפֿעלקערונג פֿאַרלאַנגט. די צאָל קאָלעדזש־גראַדויִרטע וועט ווערן קלענער אין די אַכציקער יאָרן, וועלן ממילא זײַן מער פּאָסטנס פֿאַר נײַע אַרבעט־זוכער.

די ווירקונג פֿון די דערמאָנטע פֿאַקטאָרן אויפֿן ייִדישן לעבן וועט, לויט בינסטאָקן, זײַן אַזוי: (1) אַ מיגראַציע פֿון די צפֿון־שטאַטן אין די אַנדערע טיילן פֿון לאַנד; (2) אַ פֿאַרקלענערטע קאָנקורענץ צווישן אַרבעט־זוכערס, צוליב אַ פֿאַרקלענערטער יונגער באַפֿעלקערונג; וועלן דעריבער די „אַפֿירמאַטיוו״־פּראָגראַמען (דאָס געבן פּרעפֿערענץ צו די מינאָריטעטן) האָבן אַ קלענערן באַטײַט; (3) די קלענערע געבורטיקײַט

בײַ ייִדן איז אַ וויכטיקער פּראָבלעם ווי גאָמישטע חתונות; (4) צוליב דער קאָנצענטראַציע פון ייִדן אין די צפון־מיזרח־שטאַטן, ווו די אינ־פלאַציע איז גרויס, ווערט אַלץ שווערער פאַר אַ יונגער פאַמיליע צו שיקן די קינדער אין ייִדישע טאָגשולן, ווו דער שׂכר־לימוד איז 1200־1300 דאָלאַר אַ יאָר.

דער רעפערענט וועגן דער דעמאָגראַפיע פון ייִדן אין ישׂראל זעט דאָס בילד, אין פאַרגלײַך מיט אַמעריקע, בלויז אין צוויי קאָלירן: שוואַרץ און ווײַס — שוואַרץ אין אַמעריקע; ווײַס — אין ישׂראל. בערנאַרד לאַזערוויץ, פּראָפעסאָר פון סאָציאָלאָגיע אין בר־אילן־אוניווערסיטעט, האַלט אַז די דרײַ מיליאָן ייִדן אין ישׂראל האָבן מער מאַכט ווי די זעקס מיליאָן אין אַמעריקע. דערצו, שטרײַכט ער אונטער, איז די געבורטיקײַט פון די ייִדן אין ישׂראל גרעסער ווי בײַ די ייִדן אין אַמעריקע. לויט זײַן חשבון קומט אויס, אַז אין דרײַסיק יאָר אַרום קענען מיר זיך ריכטן, אַז ישׂראל זאָל האָבן 4.5 ביז 5 מיליאָן ייִדן. דאָס איז געבויט אויף דער הנחה פון אַ באַשטימטער עליה, פאַר וועלכער דער פּאָטענציעלער מקור איז דאָס רוסישע ייִדנטום. די איצטיקע ייִדישע באַפעלקערונג אין ישׂראל האָט אַ געבורטיקײַט פון אַרום 24, בעת די אַמעריקאַנער ייִדישע געבורטיקײַט איז אַרום 13 אָדער 14. אין 1978 האָט די עליה באַטראָפן 20,000 — 25,000 אַ יאָר. די ירידה, מיינט ער, באַטרעפט אַרום 20,000 אַ יאָר.

איצט באַטרעפן ייִדן 84 פּראָצענט פון דער ישׂראלדיקער באַפעל־קערונג. וואָס שייך דעם דעמאָגראַפישן באַלאַנס צווישן ייִדן און אַראַבער אין ישׂראל — אין דער צוקונפט — ווענדט זיך עס אין אַ ריי נאָך נישט־באַשטימטע פאַקטאָרן: אויב, למשל, די ישׂראל־גרענעצן זאָלן אויסשליסן אַ גרויסע אַראַבישע באַפעלקערונג, און אויב די מחמדאַנישע אַראַבער זאָלן גיין אויפן וועג פון די קריסטלעכע אַראַבער און זאָלן אָנהייבן אַ גרויסן באַרג־אַראָפּ אין פּרט פון געבורט, קען מען פאָרויס־זען, אַז אין דרײַסיק יאָר אַרום וועט ישׂראל זײַן 80 פּראָצענט ייִדיש. אָבער ער גיט צו, אַז די אַלע פּראָיעקטירונגען זענען אָפּהענגיק אין אומבאַקאַנטע עליה־פאַקטאָרן.

לאַזערוויץ זאָגט נביאות, אַז אַמעריקע וועט נישט אַריינלאָזן מער ווי 10,000 רוסישע ייִדן אַ יאָר, און דעריבער וועלן זיי קומען קיין ישׂראל. 37 פּראָצענט עולים פֿון אַמעריקע, גיט ער איבער, פֿאָרן צוריק אַהיים במשך דריי יאָר און אַרום 2000 יונגע אַמעריקאַנער ייִדן זענען עולה יערלעך קיין ישׂראל, פֿון וועלכע 1400 פֿאַרבלייבן.

זיין אויפֿטריט האָט אַרויסגערופֿן שאַרפֿע רעאַקציעס ביי די אַמעריקאַנער. פֿיל באַום, דער אַסאָציאירטער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, האַלט אַז די אימיגראַציע פֿון רוסישע ייִדן קיין אַמעריקע וועט זיך נישט פֿאַרקלענערן, און אַז אַמעריקע וועט אַריינלאָזן אַ גרויסע צאָל פֿון זיי. ער באַטאָנט, אַז דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום האָט זיך בפֿירוש מתחייבֿ געווען צו העלפֿן און צו שטיצן דאָס אַבסאָרבירן אין אַמעריקע רוסישע ייִדן. ער דערמאָנט אויך, אַז אַרום 200,000 ישׂראלים האָבן אימיגרירט קיין ניו־יאָרק, און אויך אַ סך קיין קאַליפֿאָרניע.

מידזש דעקטער, אַ ניו־יאָרקער פּראָמינענטע פּובליציסטין, דערקלערט אַז לאַזערוויצעס פֿאָרויסזאָגונגען זענען באַזירט אויף הנחות, וואָס דאָס לעבן דאַרף ערשט באַשטעטיקן: ערשט ווען די גרענעצן פֿון ישׂראל וועלן באַשטימט ווערן, וועלן מיר קענען וויסן ווי וואָגיק ייִדן זענען דעמאָגראַפֿיש כּלפּי אַראַבער. אויך בנוגע עליה, האַלט זי, איז ער נישט רעאַליסטיש: אַמעריקאַנער ייִדן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס די ישׂראלים זאָלן נישט טראַכטן, פֿילן זיך אין אַמעריקע אין דער היים, און וועלן אַזוי ווייטער זיך פֿילן, סיידן עס זאָל געשען אַ קאַטאַסטראָפֿע. אין אַזאַ פֿאַל וועט ישׂראל אויך טיילן דאָס אומגליק.

אויך הערבערט בינסטאָק באַשטעטיקט, אַז מע קען זיך נישט ריכטן אויף קיין עליה פֿון אַמעריקע, ווייל אַפֿילו אין די לעצטע צען יאָר, ווען עס זענען דאָ געווען עקאָנאָמישע שווערינקייטן פֿאַר יונגע ייִדן, איז די עליה נישט געוואַקסן, מכּל־שכּן אין די קומענדיקע צען יאָר, ווען ער זעט פֿאָרויס, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע וועט זיך פֿאַרבעסערן און ס׳וועט אויך נישט זיין קיין וווּקס פֿון אַנטיסעמיטיזם. אַנדערע אַמעריקאַנער באַטייליקטע קריטיקירן אויך לאַזערוויצעס באַרימעריי וועגן דעם כּוח

פֿון ישׂראל כּלפּי די אוממעכטיקע אַמעריקאַנער ייִדן; ביידע זענען אַ סך מאָל מאַכטלאָז.

פּרעד מאַסאַריק, פּראָפֿעסאָר פֿון סאָציאָלאָגיע אין לאָס־אַנדזשעלעסער אוניווערסיטעט, באַקלאָגט זיך אויף דער טענדענץ צו קאָנסערוואַטיזם בײַ ייִדן, וואָס זעט זיך אָן אַלץ בולטער אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן. ער האַלט, אַז מיר זאָרגן זיך וועגן כּלומרשטע קריזיסן וואָס עקזיסטירן אין ייִדישן לעבן; אַזוי, מיינט ער, אַז דער פּראָבלעם וועגן געמישטע חתונות איז געוואַלדיק איבערגעטריבן. ראשית, פֿאַרגעסן מיר, אַז אין אַ געמישטער חתונה האָבן מיר צוויי חתונות, ד״ה אַז אויב אַ העלפֿט פֿון די קינדער ווערן דערצויגן ווי ייִדן, פֿאַרלירן מיר גאָרנישט אין פּרט פֿון צוריק אָנפֿילן די ייִדישע באַפֿעלקערונג, איידער מיר וואָלטן געהאַט אַ ייִדישע חתונה. דערצו, אויב די פֿרוי אין אַ געמישטער חתונה איז אַ ייִדישע, ווערן די קינדער דערצויגן ווי ייִדן, און אַ סך נישט־ייִדישע פֿרויען זענען גרייט זיך מגייר צו זײַן.

## III

נאָך אויף איין פּראָבלעם וואָס איז באַטראַכט געוואָרן בײַם „דיאַלאָג״ ווילן מיר זיך אָפּשטעלן: אַלטערנאַטיווע לעבנססטילן און די עטנישע באַוועגונג אין אַמעריקע. די רעפֿערענטין איז געווען די פֿריִער דערמאָנטע זשורנאַליסטקע מידזש דעקטער. איר נעגאַטיווע שטעלונג צום נײַעם עטניציזם און זײַן אויסווירקונג אויפֿן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע האָט אַרויסגערופֿן אַ ברייטע דיסקוסיע. זי טרעט אַרויס קעגן דעם אויפֿשטײַג פֿון דער עטנישער באַוועגונג אין אַמעריקע וואָס ווערט, לויט איר מיינונג, דערפֿירן צו דער באַלקאַניזירונג פֿון לאַנד, אַ מאָל, מיינט זי, איז דאָ געווען קולטור־פּלוראַליזם, דעמאָלט האָט מען באַלאַנסירט דאָס, וואָס עס געהערט צו דער עקזיסטענץ פֿון דער עטנישער גרופּע און וואָס באַלאַנגט צו דער אַלגעמיינער קולטור און דעם פּאָליטישן לעבן פֿון דער אַמעריקאַנער נאַציע. איצט אָבער האָבן מיר פֿאַרטריבן דעם פּלוראַליזם אויף קאָרופּטע גרופּע־רעכט און פּאָלאַריזאַציע פֿון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט.

זי זאָגט זיך אַרויס קעגן „אַפירמאַטיוו־עקשאַן", וואָס האָט לעגיטי־מירט פּריווילעגיעס אויפֿן יסוד פֿון בלוט, ראַסע און געבורט. די מילי־טאַנטישקייט פֿון די שוואַרצע, באַדויערט זי, האָט זיך פֿאַרשפּרייט צווישן אַנדערע ראַסן און עטנישע גרופּעס, און ס'גייט צו דער פֿראַג־מענטאַציע פֿון אַמעריקע. אויך אויף דער אַמעריקאַנער ייִדישער יוגנט האָט זי תּרעומות: איר רעליגיאָזיטעט איז, נישט מער און נישט ווייניקער, רחמנא ליצלן, אַ פֿאַרמאַסקירונג פֿון עטנישקייט, פֿאַלקיש־קייט, און דאָס איז הס־מלהזכּיר. זי פֿירט ווײַטער איר אַנקלאָג קעגן דעם, וואָס מיר רופֿן איצט אין אַמעריקע: אַלטערנאַטיווע לעבנססטילן: האָמאָסעקסואַליזם, דאָס צוזאַמענלעבן פֿון אָפֿיציעל נישט־חתונה־געהאַטע פּאָרלעך, די פֿעמיניסטישע באַוועגונג — אָט דאָס אַלץ, וואָס מע מיינט, אַז עס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ ייִדישן רענעסאַנס אין אַמע־ריקע. אין דער אמתן, זאָגט זי, איז עס אַ באַהאַלטענע פֿאָרעם פֿון אַסימילאַציע. די אַלע „בירגערלעכע ווערטן", וואָס די יוגנט וואַרפֿט אָפּ, זענען פֿאַקטיש אַן אָפּזאָגן זיך פֿון אחריות פֿאַר אַנדערע און פֿון צוגע־בונדנקייט צום מיטמענטשן. ס'איז אַ בוקן זיך צו סטעריליטעט. זי איז נישט, באַטאָנט זי, קעגן די לעגאַלע רעכט פֿון האָמאָסעקסואַליסטן, נאָר קעגן דעם פּרווו צו באַווײַזן, אַז האָמאָסעקסואַליזם איז בלויז אַ סעקסועלע פּרעפֿערענץ, פּונקט ווי העטעראָסעקסואַליזם: דו פֿיר זיך ווי דו ווילסט, און איך וועל זיך פֿירן ווי איך וויל, בעת אין דער אמתן איז האָמאָסעקסואַליזם אַ לעבנס־פֿאָרעם, וואָס וואַרפֿט אָפּ פֿרוכפּערונג, פֿאַרמערונג.

די דאָזיקע באַוועגונג, פֿירט זי ווײַטער איר אַטאַקע, פֿון אַלטער־נאַטיווע לעבנססטילן האָט דערהויבן עגאָיִזם צו אַ פּרינציפּ, וואָס ווערט באַזונגען ווי דער נײַער אידעאַליזם: קיין מאָל פֿריִער האָבן מענטשן זיך נישט מאָראַליש געלויבט פֿאַרן „אויפֿטו" אַז זיי רעאַליזירן זיך אַליין, פֿאַר אַליין־דערפֿילונג, ווי זיי רופֿן עס. אָט דאָס, טענהן זיי, איז זייער חובֿ צו זיך און צו דער געזעלשאַפֿט. זי גיט צו, אַז זי ווייסט נישט, אין אַ סטאַטיסטישן זין, ווי ווײַט פֿאַרשפּרייט די אַלע זאַכן זענען, אָבער אין דער ממשלה פֿון אידעען זענען זיי פֿאַרשפּרייט, און אידעען פּונקט ווי

עקאָנאָמישע באַדינגונגען, גלייבט זי, באַשליסן ווען די געבורטיקייט גייט אַרויף אָדער אַראָפּ. און ייִדן, ספּעציעל אין ישׂראל, ווייסן דעם כּוח פֿון אַן אינטעלעקטועלן שטראָם.

מערלי גאָלדמאַן, פּראָפ׳ פֿון געשיכטע אין באָסטאָנער אוניווער־סיטעט, ענטפֿערט איר, אַז דער נײַער עטניציזם איז נישט קיין סטערילע באַוועגונג, נאָר אַ פּאָזיטיווער פֿאַקטאָר פֿאַר ייִדן, און פֿאַר דער ייִדישער יוגנט, וואָס האָט אַ דאַנק דעם באַקומען אַ געפֿיל פֿון אידענטיפֿיקאַציע.

גאָר פּאָזיטיוו וועגן דער אַמעריקאַנער ייִדישער יוגנט רעדט פּראָפ׳ בערנאַרד רײַסמאַן, פֿון בראַנדײַס־אוניווערסיטעט. ער האַלט, אַז דער רענעסאַנס בײַ דער היגער ייִדישער יוגנט איז אַ פּרוּוו צוריקצוגיין צו יסודות, צו טראַדיציע, צו אידעאָלאָגיע, אַ זוכונג פֿון אידעאָלאָגיע און צוזאַמענקײַט; דעריבער פֿאַרמאָגט די באַוועגונג אַ פּאָטענציאַל פֿון אַ פּרוכטיקער ווירקונג אויפֿן גאַנצן אַמעריקאַנער ייִדישן קיבוץ. דאָס גיט אַ מעגלעכקײַט דעם ייִדישן רענעסאַנס צו קאָנטאַקטירן אַ וויכטיקן טייל פֿון ייִדישן ציבור, וואָס איז לעצטנס געוואָרן אָפּגעשוואַכט און אַסימי־לירט, ספּעציעל וואָס שייך דעם דריטן און פֿערטן דור אַמעריקאַנער ייִדן. אָט דער אַסימילירטער טייל זוכט איצט וועגן, ווי אַזוי צו באַ־רײַכערן זײַן ייִדישקײַט און צו געפֿינען אַ לעבנססטיל. דאָס איז אַן אַרויסרוף צו ייִדישע פֿירערס אין אַמעריקע, אַז זיי זאָלן מוטיקן און קולטיווירן דעם אימפּולס. ער איז איבערצײַגט, אַז אויך אין ישׂראל שטייט דער פּראָבלעם פֿון צופּאַסן די ייִדישע גײַסטיקע ירושה צו דער סעקולערער געזעלשאַפֿט פֿון אונדזער צײַט, און דעריבער וועט ישׂראלס בשותּפֿותדיקע צווישן־אַקציע מיט די תּפֿוצות אויפֿהייבן די קוואַליטעט פֿון ייִדישקײַט אין דער ייִדישער מדינה.

* * *

מיר ווילן צוגעבן, אַז מידזש דעקטערס קריטיק אויף דער אַמערי־קאַנער ייִדישער יוגנט פֿאַרמאָגט אין זיך אמתן און האַלב־אמתן. מיר קענען זיך דאָ נישט פֿאַרנעמען מיט אַ דעטאַליזירטער הכחשה פֿון איר אָנקלאָג, ס׳וואָלט פֿאַרנומען צו פֿיל פּלאַץ. בלויז בקיצור וועלן מיר איר

ענטפֿערן. ווי ס'קוקט אויס פֿון אירע רייד מיינט זי, אַז מיר לעבן „אין דער בעסטער פֿון אַלע וועלטן", זי מאַכט זיך נישט וויסנדיק, אַז עס קומט איצט פֿאָר אַ מאָראַלישער קריזיס אין דער מערבֿ־קולטור מיט אירע משיחישע צוזאָגן פֿון פּראָגרעס, שלום און מענטשלעכקײַט. די צוויי וועלט־מלחמות, די מאָנסטערדיקע ברוטאַלקײַט פֿון קאָמוניזם און נאַציזם, און ועל־כּולם דער ייִדישער חורבן אין אונדזער „פּראָ־גרעסיוון" יאָרהונדערט — אָט די אַלע גרויליקע געשעענישן האָבן אַרויסגערופֿן אַ רעוואָלט בײַם סענסיטיווסטן טייל פֿון אונדזער יוגנט קעגן דעם גאַנצן סדר־העולם און קעגן אונדזער ייִדישער עסטאַבליש־מענט. נאָר אַ טעמפּע יוגנט וואָלט שטילשווײַגנדיק אַראָפּגעשלונגען די אַלע באַנקראָטירטע איזמען. צום גליק, האָט דער בעסטער טייל פֿון אונ־דזער ייִדישער יוגנט רעבעלירט. אין איר רעאַקציע איז די יוגנט דער־גאַנגען, ווי עס איז די טבֿע פֿון יוגנט, צו עקסצעסן, צו עקסטרעמיזם, צום אָפּוואַרפֿן דעם שיִער נישט גאַנצן לעבנס־נוסח פֿון פֿריִערדיקן דור. אָבער, ווי עס ווייסן אַלע, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער געשיכטע פֿון רעוואָלוציעס, וועט דער עקסטרעמיזם נישט געדויערן אייביק.

אין דעקטערס רעפֿעראַט הערט זיך נאָך אַלץ דער אָפּקלאַנג פֿון דער סטאַטוס־קוואָ־מענטאַליטעט און דער „שמעלץ־טאָפּ"־טעאָריע פֿון די אַמאָליקע יאַהודים, אין וועמענס אידעען־וועלט די רעפֿערענטין באַוועגט זיך. מיר געדענקען נאָך גוט, אַז ווען האָראַס קאַלען האָט, אין 1924, פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן בוך „קולטור און דעמאָקראַטיע אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן", האָט די ניו־יאָרק טײַמס אויף דער ערשטער זײַט פֿון איר „בוך־רעוויו" רעצענזירנדיק דאָס בוך, אַרויסגערוקט די טענה, אַז קאַלענס קולטור־פּלוראַליזם וועט באַלקאַניזירן אַמעריקע. ביז דער עטנישער באַוועגונג אין די 60ער און 70ער יאָרן האָבן מיר דאָ געהאַט — נישט ווי דעקטער זאָגט — בלויז אַ טעאָריע, אָבער נישט קיין פּראַקטיק פֿון קולטור־פּלוראַליזם. קאַלענס טעאָריע איז אָדער איגנאָ־רירט געוואָרן אָדער מע האָט זי באַקעמפֿט. אויך אויף דער אַמערי־קאַנער ייִדישער גאַס האָט דאָמינירט דער „וואַספּישער" (ווײַס־אַנגלאָ־זאַקסיש־פּראָטעסטאַנטיש) צוגאַנג, אַז אַלע יוונים דאַרפֿן האָבן איין

פּנים, און אַז ייִדישקייט אין אַמעריקע באַשטייט פֿון באַקעמפֿן אַנטי־סעמיטיזם, צדקה און אַ ביסל פֿאַרוואַסערטע רעליגיע. אַמעריקאַנער ייִדן, האָט מען געדרשנט, זענען אַ רעליגיעזע גרופּע אין דער קאַטע־גאָריע: פּראָטעסטאַנטן, קאַטאָליקן און ייִדן. ערשט אין דריטן פֿערטל פֿון אונדזער יאָרהונדערט איז אויפֿגעשטאַנען די באַוועגונג פֿאַר קולטור־פּלוראַליזם, און די בעסטע טיילן פֿון אונדזער יוגנט האָבן זיך געכאַפּט, אַז אויך מיר ייִדן... זענען אַ פֿאָלק.

ס׳איז אויך ווײַט פֿון אמת, אַז ס׳האָלט חלילה בײַ דער באַלקאַני־זירונג פֿון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט. די עטנישע מינאָריטעטן קעמפֿן און וועלן מסתּמא ווײַטער קעמפֿן פֿאַר זייער באַרעכטיקטן חלק אין אַלע אַמעריקאַנער געלעגנהייטן. אָבער אין דער געשיכטע פֿון אַלע פֿעלקער — אויך האָמאָגענע — זענען דאָ שפּאַנונגען צווישן קלאַסן, דורות, וועלט־באַנעמען, שטימונגען, און אין דער אַמעריקאַנער געזעל־שאַפֿט זענען — אַחוץ די דערמאָנטע שפּאַנונגען — אויך דאָ ראַסן־און עטנישע שפּאַנונגען, אָבער דאָס וועט נישט דערפֿירן צו דער באַלקאַ־ניזירונג פֿון לאַנד, ווײַל ס׳איז אויך דאָ אַ סך בשותּפֿותדיקייט צווישן די אַלע מינאָריטעטן: אַ בשותּפֿותדיקע קאָנסטיטוציע, שפּראַך, גורל, אידעאַלן און בשותּפֿותדיקע האָפֿענונגען.

אונדזערע אַסימילירטע אינטעלעקטואַלן האָבן זיך דערשראָקן, אַז מע קען זיי נאָך חלילה פֿאַררעכענען פֿאַר „שבֿט־ייִדן״, פֿאַר „עטניקס״... גערעכט זענען דעריבער געווען די דיסקוטאַנטן אין סימפּאָזיום וועלכע האָבן אַרגומענטירט, אַז נישט־געקוקט אויף געוויסע מינוטן, איז די באַוועגונג פֿון אַלטערנאַטיווע לעבנססטילן אַ רענעסאַנס בײַ אונדזער יוגנט. דאָס זענען די חבֿלי־לידה פֿון ייִדישקייט בײַם הי־געבוירענעם דריטן און פֿערטן דור, און די ייִדישע פֿירערשאַפֿט דאַרף זיי מוטיקן אין זייערע זוכונגען.

(1979)

**ש. גוטמאַן** / אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ אין פּראָפֿיל

# די וועלט־קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש אין ירושלים

**I**

עס איז גוט וואָס ישׂראלדיקע געזעלשאַפֿטלעכע טוער האָבן גענומען די איניציאַטיוו צונויפֿצורופֿן אַ וועלט־קאָנפֿערענץ וואָס צילט צו פֿאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פֿון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור — סײַ אין די תּפֿוצות, סײַ אין מדינת־ישׂראל. דער פּרעסטיזש פֿון מדינת ישׂראל איז איצט אַזוי גרויס אין אַלע ייִדישע קיבוצים אַז אויב די באַציִונג צו ייִדיש זאָל זיך פֿאַרבעסערן מצד דער ישׂראל־געזעלשאַפֿט, וועט עס אָן ספֿק פֿאַרבעסערן די מערכה פֿון ייִדיש אין אַלע ייִדישע צעשפּרייטקײַטן.

אָבער איידער מיר באַטראַכטן די צילן און מעגלעכע אויפֿטוען פֿון אַזאַ קאָנפֿערענץ מוז מען כאָטש בקיצור זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע גרונט־הנחות וואָס די איניציאַטאָרן רוקן אַרויס, ווײַל אויב דער אויסגאַנג־פּונקט איז נישט־ריכטיק, דעמאָלט קענען אויך די באַשלוסן, און אויספֿירן צו וועלכע די קאָנפֿערענץ וועט קומען נישט האָבן קיין ממשות. צוערשט וועגן ייִדיש־פּראָבלעם אין אַמעריקע.

שוין לאַנג ווי ייִדישע קולטור־טוער און פּובליציסטן הערן נישט אויף אײַנצוטענהן אַז די פֿאַרשטאַרקונג פֿון ייִדיש אין אַמעריקע, און אין אַנדערע תּפֿוצות, איז אויך אין די בעסטע אינטערעסן פֿון מדינת־ישׂראל, וואָרעם דורך ייִדיש ווערט אויך באַפֿעסטיקט דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזײַן בײַ ייִדן. ענדלעך הערן מיר פֿון אַן איניציאַטאָר פֿון דער געפּלאַנטער קאָנפֿערענץ (יצחק קאָרן אין „בײַ זיך״, נומער 6) אַז „ייִדיש קען זייער פֿיל צוהעלפֿן בײַם שאַפֿן אַ גוטן ייִדיש־נאַציאָנאַלן גרונט אין די גלות־לענדער״; און ס'איז אַוודאי דערמוטיקנדיק צו הערן אַז אין ישׂראל איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג אין שייכות צו דער ייִדישער שפּראַך און קולטור; „דער געדאַנק אַז ייִדיש איז אַ וויכטיקער פּאָזי־

טיווער און נאַציאָנאַלער ווערט... דרינגט אַלץ מער און מער אַרײַן אין די ערנסטע קרײַזן פֿון לאַנד".

אָבער בעת ס'איז באַשיימפּערלעך אַז די פּאָזיציע פֿון ייִדיש איז געוואָרן שוואַכער אין אַמעריקע, איז עס ווײַט פֿון אמת צו דערקלערן קאַטעגאָריש אַז מיט אונדזער עמאַנציפּאַציע האָבן מיר אַמעריקאַנער ייִדן פֿאַרלאָרן אונדזער קאָמפּס-פֿעיִקײַט ווי אַ קאָלעקטיוו. דער אמת איז פּונקט פֿאַרקערט: דער כּוח פֿון הײַנטיקן עמאַנציפּירטן ייִדנטום אין אַמעריקע איז אַ סך שטאַרקער ווי דער כּוח פֿון וועלכן עס איז ייִדישן קיבוץ אין אונדזער גלות-געשיכטע. און נישט נאָר כּלפּי חוץ, לגבי דער נישט-ייִדישער וועלט, נאָר אַפֿילו אינעווייניק. אין גײַסטיקן לעבן פֿון אַמעריקאַנער ייִדן קומט אויך פֿאַר אַן אויפֿשוווּנג, נישט אַ צוריקגאַנג. דער ייִדישער לעבנס-נוסח פֿון מזרח-אייראָפּע ווערט טאַקע דאָ פֿאַר-בלאַסט, אָבער דאָס מיינט נאָך נישט אַסימילאַציע. דער ייִדישער לעבנס-שטייגער איז אויך אין עבֿר נישט געווען דער זעלביקער בײַ די ספֿרדים ווי בײַ די אַשכּנזישע ייִדן, און אַוודאי איז דער ייִדישער נוסח פֿון וואַרשע און ווילנע נישט געווען אַ קאָפּיע פֿון קאָרדאָוואַ און טאָלעדאָ אין דער מיטלאַלטערלעכער שפּאַניע. ייִדישע סאָציאָלאָגן און גוטע אָבסערווירער פֿון היגן ייִדישן לעבן ווייסן אַז הגם דאָ, אין אַמעריקע, קומט אויף אַ נײַער ייִדישער לעבנס-שטייגער וואָס איז אַנדערש פֿון מזרח-אייראָפּע, איז ער דאָך אַן אייגנאַרטיק-ייִדישער לעבנס-נוסח. די אַלטע טענדענץ בײַ די שוללי-הגלות צו זען בלויז דאָס נעגאַטיווע אין ייִדישן לעבן אין אַמעריקע, טאָר נישט דאָמינירן די קומענדיקע ייִדיש-קאָנפֿערענץ: פֿאַראַן ליכט, נישט בלויז שאָטן, אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן.

אונדזערע פֿרײַנד אין ישׂראל וואָלטן געמעגט אויפֿהערן מעסטן דאָס אַמעריקאַנער ייִדישע לעבן מיט מזרח-אייראָפּעיִשע קריטעריעס: אַמעריקע איז אַ נײַער פֿענאָמען אין דער ייִדישער געשיכטע — אַ קיבוץ פֿון מזרח- און מערבֿ-ייִדן פֿאַר וועמען דער היגער ייִדישער „שמעלץ-טאָפּ" האָט אויך פּאָזיטיווע דערגרייכונגען — ווי דער פּועלי-ציוניס-טישער סאָציאָלאָג בצלאל שערמאַן האָט באַוויזן.

די צוויי־קולטורישקייט פון ייִדישן גייסטיקן לעבן געפינט דעם קלאָרסטן אויסדרוק אין דער ראָלע וואָס שפּראַך האָט געשפּילט אין דער ייִדישער געשיכטע, האַלט שערמאַן. בעת אַנדערע עטנישע גרופּעס הייבן זיך אָן אויפלייזן מיטן מאָמענט ווי זיי הערן אויף רעדן זייער אייגענע שפּראַך, איז דאָס נישט אַזוי ביי ייִדן: „די שפּאַניש־פּאָרטו־געזישע ייִדן זענען דאָ אַהער געקומען אָן אַן אייגענער שפּראַך, פּונקט אַזוי איז עס געווען ביי די דייטשע ייִדן. די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן זענען אַהערגעקומען מיט זייער אייגענער שפּראַך, אָבער זייער אויפ־הערן צו רעדן די שפּראַך האָט נישט געבראַכט מיט זיך די מאָס אַסימי־לאַציע וואָס אַזאַ דערפאַרונג האָט פאַראורזאַכט ביי אַנדערע עטנישע גרופּעס... דער מערקווירדיקער שטריך פון דער ייִדישער אַנט־וויקלונג אין דעם לאַנד איז: וואָס אַ דאַנק דער אינסטאַנץ פון דער ענגלישער שפּראַך האָבן די פריִערדיקע צעבראָקלטע, באַזונדערע שבטים זיך אויסקריסטאַליזירט אין אַ קאָנסאָלידירטער ייִדישער געמיינדע"*.

## II

אין דער „געשלאָסענער" געזעלשאַפט פון מזרח־אייראָפּע האָט מען זיך נישט געדאַרפט אָפּגעבן צו אַנטוויקלען אַ ייִדישע אידענטיטעט ביים יונגן דור; מען האָט אים געדאַרפט געבן ייִדיש וויסן און אַנטוויקלען ביי אים אַ באַציִונג צו ייִדישע ווערטן, אָבער אין דער פריִער, „אָפענער" אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, און אין דער הייַנטיקער נאָכגיביקער פאַמיליע, דאָ איז שווערער צו פאַרפלאַנצן אין יונגן דור לאָיאַליטעט צו ייִדישן המשך. און המשך קען דאָ נישט זיין אַ רעפּליקאַ פון פריִערדיקע אידייען און ווערטן. סעקולאַריזאַציע פון ייִדישן לעבן און מאָדערנקייט שאַפן און פאַרשאַרפן דאָס אידענטיפיקאַציע־פּראָבלעם — און נישט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אויך אין מדינת־ישׂראל. פונדעסטוועגן האָט

*) C. B. Sherman: The Jew Within American Society, pp. 124-125, Wayne State University Press, Detroit, 1965.

אין אַמעריקע געפּלאַצט די „שמעלץ־טאָפּ"־אידייע בײַ אַ באַדײַטנדיקער מינאָריטעט פֿון דער ייִדישער יוגנט, און ס'איז איצט פֿאַראַן בײַ איר אַ גרעסערער אינטערעס ווי אַמאָל פֿאַר ייִדיש, ייִדישער ליטעראַטור, ייִדישער געשיכטע. ייִדישע אינטעלעקטואַלן ווײַזן איצט אַרויס אַ פּאָזיטיווערע באַציִונג צו די ווערטן פֿון ייִדישקײַט. די אַמעריקאַנער תּפֿוצה שאַפֿט אין שאָטן פֿון דער מערהײַט קולטור אַ ייִדישע מינדער־הײַט קולטור. להיפּוך דער פֿאַשיזירטער אייראָפּע — צווישן די צוויי וועלט־מלחמות — און דער סאָוועטישער רוסלאַנד, איז די ייִדישע עמאַנציפּאַציע דאָ געווען און געבליבן אַ דערפֿאָלג. ייִדן זענען אינטע־גרירט אין דער לאַנד־קולטור, און אין דער זעלבער צײַט האַלטן זיי אויף אַן אייגנאַרטיק גײַסטיק לעבן. מיר האָבן אַ גרונד צו האָפֿן אַז ס'גייט צו אַ ייִדישן רענעסאַנס אין אַמעריקע. און דאָ קומען מיר צום ייִדיש־סעקטאָר, און צו דער ייִדיש־קאָנפֿערענץ.

אויב מען וויל עפּעס אויפֿטון פֿאַר ייִדיש אין אַמעריקע, טאָר מען נישט, לפּי דעתּי, אָנהייבן פֿון די „לײַכטע" זאַכן: פֿון טעאַטער, פֿון דער פּרעסע, אָדער פֿון אַ ביכער־פֿאַרלאַג; דאָס זענען זייער וויכטיקע געביטן, וואָס איך וויל נישט מינימיזירן. אָבער דאָך מוז מען צוערשט בויען דעם פֿונדאַמענט, און דער יסוד איז: די ייִדישע שול מיט ייִדיש אין צענטער פֿון קוריקולום. אויב מיר וועלן נישט צוגרייטן ייִדיש־קענער, און ייִדיש־געברויכער וועלן נישט זײַן קיין קאָנסומענטן פֿאַרן ייִדישן טעאַטער, פֿאַרן ייִדישן בוך, אָדער פֿאַר דער ייִדישער צײַטונג. ייִדיש־ייִדישע דערציִונג איז דער געביט וואָס די קאָנפֿערענץ טאָר נישט אָפּפּטרן מיט לאַמענטאַציעס און שאַבלאָנע רעזאָלוציעס. אויב מען וויל טאַקע באמת פֿאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פֿון ייִדיש מוז די קאָנפֿערענץ זיך ווידמען מיט אַלע כּוחות צו דער הויפּט־פּראָבלעם.

יצחק קאָרן שלאָגט פֿאָר אַז מע זאָל אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן לערנען ייִדיש בשותּפֿות מיט העברעיִש, און אַז דער חינוך־דעפּאַרט־מענט בײַ דער ייִדישער אַגענטור זאָל דערמוטיקן און אַנטוויקלען דאָס ייִדיש־לערנען אין די שולן. איך בין זיך משער אַז ייִדישע שול־טוער און לערער וועלן מיט צופֿרידנקײַט שטימען פֿאַר ביידע פֿאָרשלאָגן. דאָס

איז מחייבֿ אַז די קאָנפֿערענץ זאָל אָנהייבן אַן אַקציע אין גרויסן מאָס־שטאַב צוהעלפֿן גרינדן כאָטש עטלעכע טאָג־שולן מיט ייִדיש און העברעיִש אין לימודים־פּראָגראַם. דעם געדאַנק פֿון ייִדיש־העברעיִשע טאָג־שולן אין אַמעריקע טאָר מען נישט אויפֿגעבן, הגם עטלעכע פּרוּוון האָבן זיך נישט איינגעגעבן. נישט־ווייניק איז שולדיק אין דעם דורכפֿאַל די צעשפּליטערונג אין היגן ייִדיש־וועלטלעכן סעקטאָר, און דאָס לייכטע אונטערגעבן זיך די מינימאַליסטן, וואָס מיינען אַז וועלטלעכע ייִדן קענען לעבן בלויז אויף די שיריים פֿון די רעליגיעזע ייִדן... די קאָנפֿערענץ אין וועלכער עס באַטייליקן זיך נישט בלויז ייִדיש־וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס דאַרף פּרובירן באַווירקן די אַמעריקאַנער ייִדיש־רעליגיעזע שולן אַז אויך זיי זאָלן איינפֿירן דעם לימוד פֿון ייִדיש.

אויב די קאָנפֿערענץ זאָל גיין אויפֿן לייכטן וועג און „טאָן וואָס עס לאָזט זיך", וועלן מיר בלויז אַ ביסל אָפּשטופּן דעם גזר אויף ייִדיש; מען מוז אָנהייבן פֿון שווערסטן: פֿון ייִדישן קינד און דער יוגנט; אַן זיי איז נישטאָ קיין צוקונפֿט. אויף דער פֿראַגע דאַרף די קאָנפֿערענץ אָפּגעבן מער צייט ווי דער סדר־היום זעט פֿאָר.

## III

די צווייטע עיקר־פֿראַגע אויף דער טאָג־אָרדענונג איז די פּאָזיציע פֿון ייִדיש אין מדינת ישׂראל. אַלע וואָס האָבן לעצטנס באַזוכט די ייִדישע מדינה גיבן צו אַז ישׂראל איז געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור; עס גייען דאָרטן אַרויס אַ סך ייִדישע ביכער און זשורנאַלן, און עס שאַפֿן דאָרטן אַ גרויסע צאָל ייִדישע וואָרט־קינסטלער. נישט געקוקט אויף דער כּסדרדיקער העברעיִזאַציע רעדן נאָך אַלץ אַ סך ייִדן ייִדיש, און די דאָרטיקע ייִדיש־ריידער זענען מיט אַ 15־20 יאָר ייִנגער ווי די ייִדיש־ריידער אין אַמעריקע. אָבער פֿון דער אַנדערער זייט, איז ייִדיש שטאַרק באַגרענעצט אויף דער ישׂראלדיקער ראַדיאָ, און אויף דער טעלעוויזיע איז ייִדיש נישט בנימצא. אין דער עלעמענטאַרער ישׂראלדיקער דערציִונג איז ייִדיש אין גאַנצן נישטאָ (מיטן אויסנאַם פֿון עטלעכע קליינע נאָכמיטאָג־שולן).

מען זאָגט אונדז אַז ס׳איז לעצטנס פֿאַראַן אַ פֿאַרבעסערטער קלימאַט לגבי ייִדיש, אין ישׂראל; אָבער פֿרײַנד י. קאָרן וואָרנט אונדז אַז מ׳טאָר נישט ווערן אויסנוצן די מלוכה־מאַכט צו מאַכן ייִדיש פֿאַר־פֿליכטנדיק אין שול־וועזן, נאָר ייִדיש דאַרף זיך פֿריער אײַנפֿעדעמען אין אַ פֿאַרצווײַגטער טעטיקײַט אין פּריוואַטן סעקטאָר, און נישט פֿאַר־לאַנגען אַ צענטראַלן פּלאַץ אין עפֿנטלעכן לעבן פֿון דער ישׂראל־געזעל־שאַפֿט; און ווי אַן אילוסטראַציע צו זײַן געדאַנק גיט ער אָן די גרינדונג פֿון אַ קונסט־טעאַטער אין ישׂראל.

צי וועלן אָבער די דאָזיקע פּאַליאַטיוון פֿירן צו אַ פֿאַרבעסערונג פֿון דער ייִדיש־פּאָזיציע אין ישׂראל? אויב מען וועט נישט צוגרייטן אַ קאָנטינגענט ייִדיש־רעדנדיקע יוגנט ווי לאַנג וועט דויערן דער אויפֿבלי פֿון דער ייִדיש־ליטעראַטור אָדער די עקזיסטענץ פֿון אַ ייִדיש קונסט־טעאַטער? אין אַ לאַנד וווּ עס זענען נישטאָ קיין פּריוואַטע ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־סטאַציעס — אין ישׂראל זענען ראַדיאָ און טעלעוויזיע רעגירונגס־מאָנאָפּאָלן — צי קען מען בויען אַ צוקונפֿט פֿאַר ייִדיש אויף „פּריוואַטער איניציאַטיוו״? אויף ווי לאַנג וועט מען אויף „פֿלאַטאָנישער ליבע״ — אָן דער הילף פֿון דער מדינה — פֿאַרזיכערן דעם המשך פֿון ייִדיש? אַוודאי ווייסן מיר אַז מע קען נישט דערוואַרטן אַז די ישׂראל־דיקע געזעלשאַפֿט וואָס איז געבויט אויף אַן אידעאָלאָגיע פֿון העבראַיִזם, און וווּ די וויכטיקסטע עפֿנטלעכע פּאָסטנס זענען באַזעצט מיט העבראַיִסטן — אַז די מדינה זאָל איבערגיין צו צוויי־שפּראַכיקײַט (העברעיִש און ייִדיש) ווי דעם יסוד פֿון עפֿנטלעכן לעבן; מיר זענען נישט אַזוי נאַיִוו. מיר ווילן אָבער יאָ האָפֿן אַז געוויסע ווײַט־זעענדיקע און מעסיקע העבראַיִסטן ווילן מאַכן די ערשטע טריט וואָס זאָלן פֿירן צו פֿאַרזיכערן דאָס לעבן פֿון ייִדיש, ווײַל זיי האָבן אײַנגעזען דעם גרויסן נאַציאָנאַלן ווערט פֿון ייִדיש און דער ייִדישער ליטעראַטור.

מיר דאַרפֿן אויך זאָגן אונדזערע חבֿרים אין ישׂראל אַז אַ ריי רעפּע־רענטן וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אויף דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך ביז איצט נישט אויסגעצייכנט מיט זייער געטרײַשאַפֿט צו ייִדיש, און זיי דערוועקן בײַ אונדז דעריבער נישט קיין צוטרוי. דעפּיטיסטן וואָס האָבן

אויפגעגעבן דעם קאַמף פֿאַר ייִדיש — צי וועלן זיי פּלאַנירן נײַע סטראַ־טעגיעס צוריקצוגעווינען די פֿאַרלאָרענע פּאָזיציעס? עס ווילט זיך האָפן אַז זיי האָבן אײַנגעזען זייערע טעותן...

עס איז נישט קלאָר צי די קאָנפֿערענץ וועט גרינדן אַ נײַע אָרגאַני־זאַציע פֿאַר דער דורכפֿירונג פֿון אירע באַשלוסן. אַזאַ אינסטאַנץ דאַרף לויט אונדזער מיינונג געשאַפן ווערן. מען דאַרף אָבער באַוואָרענען אַז דער דאָזיקער אינסטרומענט זאָל ליגן אין די הענט פֿון מוטיקע אַקטיוויסטן און מאַקסימאַליסטן וואָס קענען די לאַגע אין די ייִדישע קיבוצים, ווו זיי וועלן דאַרפֿן אָנפֿירן די אַרבעט; רוטיניזירטע ביוראָ־קראַטן, אָן אמונה, און אָן שווונג וועלן ווייניק אויפֿטון.

און צום סוף: אויב די קאָנפֿערענץ וועט באמת שטיין אויף דער געהעריקער הייך — נישט פֿטרן צופֿיל צײַט אויף כּיבֿודים־רעדעס און פֿאַרבײַגייענדיקע מאַניפֿעסטאַציעס — אויב זי וועט מאַכן אַן ערלעכן, אָביעקטיוון חשבון־הנפֿש, נישט אַ פּאַרטייִש־דאָגמאַטישן באַזירט אויף די פֿאַרמבולדיקע אידעאָלאָגיעס; אויב זי וועט האָבן אַ וויזיע פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון ייִדיש אין ישׂראל און אין די תּפֿוצות; אויב זי וועט העלפֿן אין אַ מאָביליזאַציע פֿון אַלע ערלעכע פֿאָלקס־כּוחות — וועט זי קענען מיטהעלפֿן שאַפֿן, אַפֿילו אין דער איצטיקער שפּעטער שעה, ברייטע אינדזלען פֿאַר ייִדיש אין אַלע ייִדישע צעשפּרייטקײַטן, און אין דער מדינה.

1976

# אַסימילאַציע און פּלוראַליזם אין אַמעריקע

## I

אין רובֿ אַמעריקאַנער געשיכטע־ביכער ווערט איר ווייניק געפֿינען וועגן דער ראָלע פֿון די מינאָריטעט־פֿעלקערשאַפֿטן אין דער היסטאָריע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. מערסטע היסטאָריקערס זענען יוצא מיט אַ פּאָר פּאַראַגראַפֿן אָדער זײַטלעך. אָבער זינט עס איז אין די זעכציקער יאָרן אויפֿגעקומען די נײַ־עטנישע באַוועגונג אין אַמעריקע, האָט זיך געפֿילט אַ באַדערפֿעניש אין אַ ווערק וואָס זאָל געבן אַן אַרומנעמענדיק בילד פֿון די אַלע עטנישע גרופּעס וואָס שטעלן צוזאַמען די אַמעריקאַנער נאַציע. עס איז דעריבער אַ וויכטיקע געשעעניש וואָס פֿאַרדינט אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט, דאָס דערשיינען פֿון דער „האַרוואַרד ענציקלאָפּעדיע פֿון אַמעריקאַנער עטנישע גרופּעס*. ס'איז אַ וועגווײַזער צו דער געשיכטע און אייגנאַרטיקייטן פֿון 106 פֿעלקערשאַפֿטן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן; אַ בוך פֿון 1076 טאָפּל־עמודים וואָס שילדערט די געשיכטע, די קולטור, די פּראָבלעמען, דעם מצבֿ פֿון די איבער הונדערט עטנישע גרופּעס וואָס לעבן אין אַמעריקע. יעדער פֿעלקערשאַפֿט ווערט באַשריבן בפּרטיות, און צײַטנווײַז ווערט געגעבן נײַער מאַטעריאַל און נײַע אינטערפּרעטאַציעס.

צווישן די הונדערט צוואַנציק אַמעריקאַנער און אייראָפּעיִשע געלערנטע וואָס באַטייליקן זיך אין דער ענציקלאָפּעדיע געפֿינט מען פּראָמינענטע היסטאָריקערס, אַנטראָפּאָלאָגן, סאָציאָלאָגן, פּאָליטישע וויסנשאַפֿטלערס, עקאָנאָמיסטן: אָסקאַר הענדלין, מײַקל וואָלצער, נייטן

*) Harvard Encyclopedia of American Ethnic Groups; Stephan Thornstrom, *Editor;* Ann Orlov, *Managing Editor;* Oscar Handlin, *Consulting Ed.* 1076 Pages; Cambridge Mass. Harvard University Press; 1980.

גלייזער, מײַקל נאָוואַק, און אונדזער אייגענער שיקל פישמאַן. פּראָפ׳ פישמאַן האָט דאָ אַ גרינטלעכע, וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן דער פּרעזערווירונג פון מינאָריטעט־שפּראַכן אין אַ וועלט ווו ס׳דאָמינירט אַן אַנדער שפּראַך. סטעפאַן טהאַרנסטראָם, דער רעדאַקטאָר פון דער ענציקלאָפּעדיע, איז פּראָפעסאָר פון אַמעריקאַנער געשיכטע אין האַר־וואַרד־אוניווערסיטעט.

אַחוץ די אָפּהאַנדלונגען וועגן די אַלע עטנישע גרופּעס שליסט די ענציקלאָפּעדיע אויך איַין אַ סעריע טעמאַטישע עסייען וואָס באַלײַכטן אַ ריי אַספּעקטן פון עטנישקײַט: געמישטע חתונות, טאָפּלטע און צעטיילטע לאָיאַליטעטן, פאָלקלאָר, די פּרעזערווירונג פון עטנישע שפּראַכן, פאָראורטיילן און דיסקרימינאַציעס, אַסימילאַציע און פּלוראַליזם — אַ צענטראַלע טעמע אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע און קעגנוואַרט. אויף דעם דאָזיקן ענין וועלן מיר זיך שפּעטער ברייטער אָפּשטעלן, ווײַל ער איז ספּעציעל וויכטיק פאַרן אַמעריקאַנער יידנטום.

מיר דערוויסן זיך אַז אין די 1950־ער יאָרן זענען אָרײַנגעקומען קיין אַמעריקע דרײַ מיליאָן אימיגראַנטן; פיר מיליאָן אין די 60ער יאָרן, און פיר מיליאָן אין די 70ער יאָרן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. אַלע פעלקערשאַפטן וואָס לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערן דאָ באַהאַנדלט: אירלענדער, איטאַליענער, גריכן, שוועדן, אַראַבער און, פאַרשטייט זיך, יידן. און אויב מען זאָל לויט דער צאָל זײַטן וואָס אַ גרופּע קריגט אין דער ענציקלאָפּעדיע שאַצן איר וויכטיקײַט, דעמאָלט זענען יידן צווישן די וויכטיקסטע; זיי קריגן דאָ 27 טאָפּל־עמודים; די איטאַליענער — 15 זײַטן; די אירלענדער — 21 זײַטן; די שוועדן — 10 זײַטן.

געוויסע געלערנטע האַלטן, אַז אַ מערהײַט פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג געהערט אין דער קאַטעגאָריע „סתם״ אַמעריקאַנער (ד״ה נישט־עטנישע מינאָריטעטן). אַנדערע מיינען אַז ס׳איז בלויז אַ גרויסע מינאָריטעט. די ענציקלאָפּעדיע נעמט אָן אַז נישט אַלע אַמעריקאַנער געהערן צו עטנישע גרופּעס. אַמעריקאַנער פון בריטישער אָפּשטאַמונג, האַלט זי, זענען נישט קיין עטנישע גרופּע. מענטשן וואָס מען האָט

אַמאָל געראָפּן אַנגלאָ־אַמעריקאַנער (איצט רופט מען זיי „וואַספּס״) טיילן אפשר געוויסע אויסערלעכע סטילן, אָבער זייער איצטיק לעבן פאַר־מאָגט אַ שוואַכן חותם פון זייער אַמאָליקער ירושה. צווייטנס, איז עטנישקייט היינט־צו־טאָג אַ ברירה וואָס נישט אַלע אַמעריקאַנער נעמען אָן פאַר זיך. „עטנישע אידענטיפיקאַציע״, האַלט די ענציקלאָפּעדיע, איז אַ פראַגע פון פערזענלעכן אויסוואַל, דערפאַר קען מען נישט זאָגן מיט זיכערקייט צי די עטנישע אַמעריקאַנער זענען אַ מערהייט, אָדער אַ מינדערהייט פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. האַראַס קאַלען האָט געהאַלטן אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד פון בלויז מינדערהייטן.

לאָמיר באַטאָנען, אַז כדי אַ גרופּע זאָל ווערן באַטראַכט ווי אַן עטנישע מוז זי באַזיצן אַ דיסטינקטיווע קולטור, וואָס זי האָט אויפגע־האַלטן ביז אַ געוויסן גראַד. די מיטאַרבעטערס פון דער ענציקלאָ־פּעדיע באַציִען זיך פּאָזיטיוו צו דער פּרעזערווירונג פון עטנישקייט אין אַמעריקע, הגם אייניקע טוען עס מיט באַוואָרעניש. זיי באַטאָנען אַז די אויפהאַלטונג פון עטנישקייט פאָדערט מ׳זאָל אויפהיטן אַלטע שכנה־שאַפטן, און דאָס איז מחייב אַז מענטשן זאָלן פאַרברענגען דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן מיט מיטגלידער פון זייער אייגענער קולטור־ירושה. מיט אַנדערע ווערטער: עס פאָדערט ווייניקער מאָביליטעט.

## II

ווילן מיר, ראשית, זען ווי די ענציקלאָפּעדיע באַהאַנדלט דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום — זיין קעגנוואַרט און צוקונפט. אַרטור גאָרען, אַ פּראָפעסאָר פון אַמעריקאַנער שטודיעס אין ירושלימער אוניווער־סיטעט, צייכנט אָן די הויפּט־מאָמענטן אין אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב — זיין אויפשטייג, זיינע דערגרייכונגען, און זיין אינטעגרירונג אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. וועגן דעם רייכן קאַפּיטל: ייִדיש שעפעריש־קייט — ייִדישע ליטעראַטור, ייִדישע פּרעסע, ייִדיש טעאַטער — זענען פאַראַן בלויז אַ פּאָר בלאַסע פּאַראַגראַפן. כאָטש אין דער ביבליאָ־גראַפיע צו דער אָפּהאַנדלונג ווערט פאַרצייכנט אירווינג האַו׳ס: „די וועלט פון אונדזערע פאָטערס״ — ווו ס׳איז פאַראַן אַן אויספירלעכע

אַרבעט וועגן דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור — פֿונדעסט־וועגן איגנאָרירט דער ירושלימער פּראָפֿעסאָר אָט דעם קאָלאָסאַלן אויפֿטו פֿון דעם ייִדיש־סעקטאָר אין אַמעריקע. להיפּוך צו דער נעגאַ־טיווער באַציִונג לגבי די ייִדיש־קינסטלער געפֿינען מיר דאָ אַן אויספֿיר־לעכן, קאָנדענסירטן איבערזיכט וועגן די ענגליש־שרײַבנדיקע אַמערי־קאַנער ייִדישע שריפֿטשטעלערס.

דאָ דאַרף מען זיך מתווכּח זײַן מיט גאָרענען וועגן אַ ריי פֿון זײַנע באַהויפּטונגען. אַזוי, למשל, שרײַבט ער אַז סאָול בעלאָו, בערנאַרד מאַלאַמוד, און פֿיליפּ ראָטה האָבן „מיט פּאַראַכטונג אָפּגעוואָרפֿן דעם מאַטעריאַליזם און סטערילע עטנישקײַט פֿון זייערע עלטערן" (זײַט 593). ערשטנס איז עס פֿאַלש אַז די עלטערן אונדזערע אין אַמעריקע זענען אַלע געווען „מאַטעריאַליסטן", אָדער אַז עטנישקײַט איז „סטעריל"; צווייטנס, איז אפֿשר ריכטיק וואָס גאָרען זאָגט בנוגע דעם לעצטן שריפֿטשטעלער (ראָטה), ס'איז אָבער ווײַט נישט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די ערשטע צוויי.

וואָס שייך ייִדישן המשך אין אַמעריקע דערקלערט גאָרען קאַטע־גאָריש, אַז אין די פֿאַלן פֿון געמישטע חתונות האָט דער ייִד זיך געשמדט, און עלטערן האָבן איבערגעריסן זייערע פֿאַרבינדונגען מיט די „דעזערטירנדיקע קינדער". דאָס שטימט נישט אין רובֿ פֿאַלן. אַ ריי אַמעריקאַנער ייִדישע סאָציאָלאָגן האַלטן אַז אין פּראָפּציק פּראָצענט פֿון געמישטע חתונות ווערן די קינדער דערצויגן ווי ייִדן. אין דער זעלבי־קער אָפּהאַנדלונג גיט גאָרען צו אַז אַרום 25 פּראָצענט נישט־ייִדישע פֿרויען האָבן זיך מגייר געווען ווען זיי האָבן געהײַראַט מיט אַ ייִד. אייניקע ייִדישע סאָציאָלאָגן האַלטן אַז 50% קינדער פֿון געמישטע חתונות ווערן דערצויגן ווי ייִדן (אויספֿירלעכער וועגן דעם ענין אין „ליבע און טראַדיציע").

פּראָפֿ' גאָרען איז מודה, אַז אַ דאַנק זייער געשיכטע און קולטור זענען אַמעריקאַנער ייִדן געוואָרן צוגעגרייט אויפֿצוהאַלטן זייער קאָלעקטיווע עקזיסטענץ, און זיי האָבן באַוויזן אויפֿצובויען אַ פֿאַר־שידנאַרטיק געמיינדע־לעבן. הייסט עס אַז דער ייִדישער קיבוץ אין

אַמעריקע האָט אויפגעבויט אַ יסוד פאַר דער צוקונפט. אָבער, ווי עס טרעפט מיט שלילת הגלותניקעס פאַרענדיקט ער זײַן עסיי אויף אַ פעסימיסטישער נאָטע: פאַר קיומיסטן, טענהט ער, איז ייִדיש לעבן אין אַמעריקע בלויז אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער קולטורעלער און רעליגיעזער טראַדיציע פון וועלכער עס איז אַ המשך. הגם דאָס גאַנצע בילד וואָס ער מאָלט פון דער ייִדישער פּאַנאָראַמע אין אַמעריקע איז נישט טונקל, פונדעסטוועגן קומט ער צו דער איינזײַטיקער מסקנא, אַז די אינסטיטוציאָנעלע שטאַרקײַט פון דער ייִדישער געמיינדע איז אין גאַנצן אָפּהענגיק פון אירע אָפּרופן אויף די קריזיסן אין ישׂראל. איז אויב אַזוי, פרעגט ער, וואָס וועט געשען ווען די קריזיסן אין ישׂראל וועלן זײַן אַריבער? וואָס וועט דעמאָלט זײַן די טרײַבקראַפט, דער סטימול פאַרן אַמעריקאַנער ייִדישן המשך?

אויף דער דאָזיקער קשיא איז לײַכט צו ענטפערן: דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ הייבט ערשט אָן זײַן תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע, און דער דריטער און פערטער דור ייִדן אין אַמעריקע רוקט ערשט אַרויס זײַנע ערשטע, עכט־ייִדישע, המשכדיקע, שעפערישע פערזענלעכקײַטן. אַלע סימנים ווײַזן אָן אויף אַן אויפשטײַג פון ייִדיש־קײַט אין אַמעריקע. און וואָס שייך דער „סכּנה" אַז ס׳וועלן „חלילה" אויפהערן די קריזיסן אין ישׂראל, איז, ראשית, קען מען אָפּפרעגן די גאַנצע סבֿרא אַז מיר נייטיקן זיך אין קריזיסן כּדי צו סטימולירן ייִדישן קיום אין אַמעריקע. צי זענען דען פון קלענערן באַטײַט פאַר אונדזער צוקונפט די אינטרינזיקאַלישע ווערטן פון ייִדישער גײַסטיקײַט? צווייטנס, הערן מיר נאָך דערווײַל נישט די ערשטע טריט פון משיחן — ווען מדינת־ישׂראל און די תּפוצות וועלן אונדז אויפהערן „צושטעלן" קריזיסן.. אַחוץ ישׂראל, וועלן אונדז אויך די ייִדישע צעשפּרייטקײַטן „פאַרזאָרגן" מיט קריזיסן פאַר אַ לאַנגער צײַט. „לײַדער"... ווי שמעון ראַווידאָוויטש זאָגט: „דאָס שטאַרבנדיקע ייִדישע פאָלק" ווועמען מען זאָגט כּסדר אָפּ דאָס לעבן, הערט נישט אויף צו לעבן און שאַפן.

## III

ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, ווערן אין דער ענציקלאָפּעדיע באַהאַנדלט אַ ריי אַספּעקטן פֿון עטנישקייט וואָס זענען אַקטועל אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט. וועלן מיר זיך אויף די אַלע פֿאַזן דאָ נישט קענען אָפּשטעלן. מיר ווילן יאָ באַטראַכטן דעם ענין: אַסימילאַציע און פּלוראַליזם, אַ צענטראַלער פּראָבלעם וואָס איז שטאַרק נוגע דעם היגן ייִדישן קיבוץ; אַ פּראָבלעם וואָס ווערט אויספֿירלעך דיסקוטירט אין דער ענציקלאָפּעדיע פֿון צוויי געלערנטע: די פּראָפֿעסאָרן מײַקל וואַלצער און מײַקל נאָוואַק, באַהאַנדלען די טעמע פֿון אַ פּאָליטישער און הומאַניסטישער פּערספּעקטיוו.

פּראָפֿ' וואַלצער גיט אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער פּאָליטישן פּלוראַליזם אָנווײַזנדיק אַז די אַלטערטימלעכע גריכן האָבן אָנגענומען די עטנישע האָמאָגענישקייט פֿון די מלוכות וועגן וועלכע זיי האָבן געשריבן. איין פֿאָלק, האָבן זיי געהאַלטן, שאַפֿט איין מלוכה. אויך אַמעריקאַנער פּאָליטיקער — ווי דזשאָן דזשעי (1745־1829), דער ערשטער הויפּטריכטער פֿון סופרים קאָורט — האָבן געהאַלטן אַז אַמעריקאַנער זענען איין פֿאָלק וואָס שטאַמט פֿון די זעלביקע אָבֿות, רעדט די זעלביקע שפּראַך, פּראַקטיצירט די זעלביקע רעליגיע, און איז ענלעך אין זײַנע מנהגים און מאַנירן. ערשט בײַם סוף פֿון 19טן יאָר־הונדערט זענען הנחות פֿון האָמאָגענישקײַט געוואָרן פֿאַרפֿעסטיקט מיט נײַע דעמאָקראַטישע התחייבֿותן און זענען דערגאַנגען צו דער פֿאָדע־רונג פֿון אומאָפּהענגיקײַט.

לויט וואַלצערן האָבן די ערשטע אַמעריקאַנער פּלוראַליסטישע שרײַבערס — האָראַס קאַלען, ראַנדאָלף בוירן, לואי אַדאַמיק — נישט באַוויזן צו פּראָדוצירן אַן אַדעקוואַטן פּלאַן וועגן דער שייכות צווישן דעם איינעם פּאָליטישן שטאַט, און די פֿילצאָליקע קולטור־קאָלעקטיוון. זייער פּאָליטישע שיטה, מיינט ער, איז געווען אַ נישט־דורכגע־טראַכטער ליבעראַליזם. זיי האָבן פֿאַרטיידיקט דעם אינטערינזיקאָלישן ווערט פֿון מענטשלעכער פֿאַרשידנקײַט, און די באַדערפֿעניש פֿון

מענטשן פֿאַר היסטאָרישע און קאָמונאַל־געשאַפֿענע לעבנס־פֿאָרמען. זיי זענען געווען קעגן יעדער סאָרט רעגימענטאַציע, אָבער זיי האָבן נישט קלאָר געמאַכט ווי אַזוי די פֿאַרשידענע עטנישע גרופּעס וועלן ווערן צוזאַמענגעהאַלטן אין איין פּאָליטישן אָרגאַניזם — צי מלוכה־מאַכט וועט באַנוצט ווערן פֿאַר די באַזונדערע פֿעלקערשאַפֿטן, אָדער וועלכע סאָציאַלע טעטיקייטן ס׳דאַרפֿן איבערגעלאָזט ווערן פֿאַר די באַזונדערע גרופּעס.

עטנישער אַליין־אויסדרוק אין אַמעריקע, האַלט וואַלצער, איז דער פֿונקציאָנעלער עקוויוואַלענט פֿון נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג אין אַנדערע טיילן פֿון דער וועלט. עס דינט די דרײַ פֿונקציעס: 1) קאַלענס קולטור־פּלוראַליזם איז דער עיקר באַשעפֿטיקט מיט פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון די נײַע אימיגראַנטן צו שאַפֿן קולטורעלע געמיינדעס; 2) צו באַזינען די אָדער יענע אידענטיטעט; 3) צו בויען און אויפֿצוהאַלטן די צוריק אויפֿגעשטעלטע געמיינדעס, צו שאַפֿן אינסטיטוציעס, צו באַזאָרגן דערציִערישע אָנשטאַלטן. אָבער די דאָזיקע געמיינדעס האָבן נישט ווי די מלוכה, קיין צוואַנג־אויטאָריטעט איבער זייערע מיטגלידער; זיי קאָנען בלויז פֿונקציאָנירן ווי פֿרײַוויליקע געזעלשאַפֿטן. זיי דאַרפֿן מאַכן פֿון עטנישקייט אַן אידעאַל כּדי צו געווינען אַ גרויסע נאָכפֿאָל־גערשאַפֿט.

אויפֿן יסוד פֿון דערפֿאַרונג, פֿירט וואַלצער אויס, קען מען זאָגן אַז עטנישער פּלוראַליזם איז נישט אין סתירה צו אַן אוניפֿיצירטער רעפּובליק. עס איז, ווי קאַלען וואָלט געזאָגט, דער אויסדרוק פֿון דעמאָ־קראַטיע אין דער קולטור־ספֿערע. דעריבער דאַרף מען דערלויבן מלוכה־פֿאָנדן פֿון אַלגעמיינע שטײַערן צו שטיצן פֿאַרשידענע טעטי־קייטן פֿון די עטנישע מינדערהײַטן, אַזעלכע ווי דערציִונג, סאָציאַלער וווילזײַן, און אַנדערע. אין אַ העטראָגענער געזעלשאַפֿט, ווי די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן, וועט, לויט וואַלצערן, דער נאָרמאַלער דעמאָקראַטי־שער פּראָצעס, אַ דאַנק אַ באַלאַנסירטער וואַל־ליסטע, און דער אַראַנ־זשירונג פֿון גרופּן־קאָאַליציעס, באַוואָרענען די עטנישע מינדערהײַטן מיט אַ געוויסער אומפֿאָרמעלער רעפּרעזענטאַנץ בײַם אַסיגנירן פֿאָנדן.

גלײַכצײַטיק מיט דעם רעכט אויפֿצוהאַלטן די אייגענע עטנישע קולטור, שטרײַכט דער געלערנטער אונטער, דאַרף די מלוכה נישט העלפֿן פּרעזערווירן יענע עטנישע פֿעלקערשאַפֿטן וואָס קענען נישט אָדער ווילן נישט זיך אויפֿהאַלטן; די מלוכה דאַרף בלויז זען אַז די געלעגנהײַטן אויפֿצוהאַלטן די עטנישע קולטור זאָלן זײַן בנימצא, און דאָס איז מחייבֿ אַז אַלע בירגער זאָלן האָבן אַ גלײַכן חלק אין די רעסורסן פֿון אַמעריקאַנער לעבן. מיט אַנדערע ווערטער — דער פּלוראַליזם איז אויך אַזוי פֿיל עפֿעקטיוו, אויף וויפֿל דער קאָלעקטיווער ווילן פֿון דער עטנישער גרופּע איז וויטאַל, און אויף וויפֿל די מיט־גלידער זענען איבערגעגעבן דעם אידעאַל.

בעת פּראָפֿ׳ וואַלצער האָט אין דער אָפּהאַנדלונג פֿאַרהײַנט־צײַטיקט קאַלענס קולטור־פּלוראַליזם, און האָט אָנגעצייכנט די ליניע פֿון זײַן פּראַקטישער רעאַליזירונג אין דער פּאָליטישער סטרוקטור פֿון אַמעריקע, באַוואָרנט ער זיך אַז פּאָליטישער פּלוראַליזם איז נאָך אַלץ אַן עקספּערימענט וואָס מען דאַרף אויספּרובירן וויזאַווי דעם היסטאָרישן און טעאָרעטישן כּוח פֿון דער נאַציע־מלוכה. דאָס איז אַוודאי נישט אָפּ־פֿרעגלעך. אָבער דאָס איז אויך חל אויף דעמאָקראַטיע און אויף פֿרײַ־הײַט; אויך זיי מוז יעדער דור אויפֿסנײַ דעראָבערן פֿאַר זיך; אויך זיי זענען בבחינת „עקספּערימענט״. נישטאָ קיין גאַראַנטיע אויף אייביקײַט אַפֿילו פֿאַר דער נאַציע־מלוכה.

## IV

אַ פֿאַרטיפֿטע שטודיע איבער פּלוראַליזם פֿון אַ הומאַניסטישער פּערספּעקטיוו האָט דאָ בײַגעשטײַערט דער באַוווסטער ליבעראַלער קאַטוילישער געלערנטער מײַקל נאָוואַק. אין דער דאָזיקער עסיי, מיט אַ ריי רעפֿערענצן צו דער ייִדישער דערפֿאַרונג אין אַמעריקע, זעצט ער פֿאָר דעם געדאַנקען־גאַנג וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין זײַן בוך: „די נישט־שמעלצבאַרע עטניקס״, אַרויסרוקנדיק די קאָנצעפּציע פֿון אַ פּלוראַליסטישער פּערזענלעכקײַט... ער סקיצירט דעם אויפֿשטײַג פֿון עטנישן באַוווסטזײַן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אונטער־

שטרײַכנדיק אַז גלײַכצײַטיק מיט אַלע האָמאָגעניזירנדיקע השפּעות אין לעצטן טייל פֿון 20טן יאָרהונדערט, איז אומעטום פֿאָרגעקומען אַ וווּקס פֿון עטנישקייט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אויפֿסנײַ זיך אומצוקוקן אויף די מאָראַלישע יסודות פֿון זייער טראַדיציאָנעלער קולטור.

פֿאַר מערסטע מענטשן, האַלט ער, איז דער אויסוואַל נישט קיין דיכאָטאָמיע — אָדער טראַדיציאָנעל, אָדער מאָדערן — נאָר דער סטאַטוס פֿון דער געירשנטער חכמה איז געשטיגן, בעת די פּאָזיציע פֿון דער מאָדערנער קולטור איז געפֿאַלן. דאָס פֿאָרשן פֿון „וואָרצלען" האָט געצויגן אי דעם אויפֿמערק פֿון געלערנטע, אי פֿון פֿאָלק. אין אַ צײַט פֿון קריזיס און מאָראַלישער מבולבלדיקייט זוכט מען אַ באַנײַונג אין עבֿר. פֿעלקער אין יעדן וועלט-טייל ווערן מער באַוווּסטזיניק וועגן אַנדערע און וועגן זייער אייגענער אידענטיטעט.

ספּעציעל אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַ פּלוראַליסטישע נאַציע ווו קולטורעלע פֿאַרשידנקייט שפּילט אַ באַזונדער פּסיכאָלאָגישע ראָלע; דאָ, אין דער פֿיל-פֿעלקערדיקער געזעלשאַפֿט אַנטוויקלט זיך אַן אייגנ-אַרטיקער פּסיכאָלאָגישער טיפּ: „די פּלוראַליסטישע פּערזענ-לעכקייט"... הגם ראַטן-רוסלאַנד, אינדיע, כינע, זענען אויך מולטי-נאַציאָנאַלע שטאַטן, איז אָבער די אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט לכתחילה געגרינדעט געוואָרן אויף דרײַ וויכטיקע פּרינציפּן וואָס האָבן געפֿירט צו אַן אייגנאַרטיקן עקספּערימענט אין פּלוראַליסטישן לעבן.

די דאָזיקע דרײַ פּרינציפּן האָבן צוגעגרייט אַ ציוויליזירטן באַלאַנס צווישן אייניקייט און פֿאַרשידנקייט פֿאַר דער שטודיע פֿון אַ צוקונפֿ-טיקער וועלט-ציוויליזאַציע: 1) אין אַמעריקע איז עטנישקייט נישט געוואָרן אַן אינסטרומענט פֿון טעריטאָריעלער סוווערעניטעט; פּאָליטישע רעכט ליגן דאָ אין יחידים, נישט אין עטנישע עדות (קאָלעק-טיוון); 2) יחידים זענען פֿרײַ זיך יאָ, אָדער נישט צו אידענטיפֿיצירן מיט אַן עטנישער גרופּע; 3) יחידים וואָס אָרגאַניזירן זיך אין וואָלונטאָרע אַסאָסיאַציעס ווערן דערמוטיקט צו שטאַרקן יענע סענטימענטן, זכרונות, אינספּיראַציעס און אויפֿפֿירונגען פֿון דער גרופּע וואָס זיי קלײַבן אויס. דער שטאַט איז דערמוטיקנדיק דורך שטײַער-געזעצן

אָדער אַנדערע לעגאַלע פּרינציפּן, ווי למשל, אַ באַלאַנסירטער וואַל־צעטל, וועמענס ציל ס׳איז איינצושליסן יעדע עטנישע גרופּע אין עפנטלעכן לעבן פון „אַמעריקאַנער פאָלק״.

אין דעם זין, האַלט נאָוואַק, איז דער „שמעלץ־טאָפּ״־באַגריף געווען אַ מעכטיקער מיטאָס אין אַמעריקאַנער לעבן. פון דער אַנדערער זייט, פאַרלאַנגט נישט די שבֿועה ביים ווערן אַ בירגער פון לאַנד מ׳זאָל אויפגעבן די פריערדיקע קולטורעלע געשיכטע. דער „שמעלץ־טאָפּ״ איז נישט מחייבֿ אַז מ׳זאָל אויפשמעלצן די קולטורעלע אונטערשיידן צווישן דער אַמעריקאַנער נאַציע. דער רעזולטאַט פון דעם עקספּערימענט אין פּלוראַליזם איז „אַ פּלוראַליסטישע פּערזענלעכקייט״. אין דער אַמעריקאַנער פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט האָבן אַ סך מענטשן די מעגלעכקייט צו ווערן באַקאַנט און אַריינגעטאָן אין אַ סך קולטורעלע טראַדיציעס וואָס זענען לכתחילה נישט געווען זייערע, און צו אַפּראָפּרייִרן אידעען און ווערטן וואָס זענען נישט געווען קיין טייל פון זייער דערציִונג. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם אַלעם, האַלט נאָוואַק, זענען יחידים אין אַמעריקע גרייט צו אַנטוויקלען אַ סך קולטורעלע וואָרצלען. די וואָס שטאַמען פון אַנגלאָ־אַמעריקאַנער זענען גרייט צו לערנען די פּאָליטישע געשיכטע, די שפּראַך און ליטעראַטור פון אַמעריקע.

„פון דער ייִדישער טראַדיציע לערנען מיר אַ פּסיכאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע סאָפיסטיצירטקייט, צו קוקן אונטער דער אויבערפלאַך פון יחיד און געזעלשאַפט, און אַ חוש פאַר דער לאַנגער ווירקלעכקייט פון דער מערבֿדיקער געשיכטע ווי ייִדן האָבן זי איבערגעלעבט״; פון די אַנדערע עטנישע גרופּעס נעמט מען איבער אַנדערע טייערע ווערטן (זייט 777).

אַחוץ דעם נעמען מיר אַנטייל אין דער „בשותּפותדיקער קולטור״ — מיר טיילן די הויפּט נאַציאָנאַלע דערפאַרונג: פּראָספּעריטעט און דעפּרעסיעס, מלחמה און שלום, גרויסע מאָראַלישע פירערשאַפט און טרויעריקע אַפּיציעלע דורכפאַלן. די בשותּפותדיקע קולטור ווערט אויפגעבויט דורך דעם מעכטיקן איינפלוס פון דער אַלגעמיינער שפּראַך, און דער לעגאַלער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער טראַדיציע.

אין דעם זינען אַנטוויקלט יעדער איינער אַ „פּלוראַליסטישע פּערזענ־לעכקייט", וואָס איז אַ געווינס פֿאַר דער מענטשלעכער קולטור, ווײַל זי האָט אַ מעגלעכקייט צו זען זאַכן פֿון אַ סך פּערספּעקטיוון. אַוודאי פֿאַר־שטייט נאָוואַק אַז נישט אַלע מענטשן זענען גלײַך; יעדער מענטש איז באַגרענעצט אין זײַנע סימפּאַטיעס און אויפֿנעם־פֿעיִקייטן; קיינער האָט ניט די פֿעיִקייט צו פֿאַרשטיין אַלצדינג וועגן אַלץ.

פֿאַר ייִדן וואָס האָבן במשך צוויי טויזנט יאָר געלעבט צווישן אַלערליי פֿעלקער און קולטורן וועט נישט זײַן פֿרעמד נאָוואַקס היפּאָ־טעזע פֿון אַ „פּלוראַליסטישער פּערזענלעכקייט". מיר האָבן אין אַלע תּפֿוצות אַנטוויקלט, אויב נישט קיין פּלוראַליסטישע איז אַ צוויי־קולטו־רישע פּערזענלעכקייט. מיר האָבן געקענט, און צום טייל אַפֿילו אַפּראָ־פּריאירט טיילן פֿון דעם נישט־ייִדישער קולטור און ציוויליזאַציע, ווי עס דערציילן אונדז ייִדישע היסטאָריקערס. נאָוואַקס הנחה דערמאָנט אײַך — ווען איר ווענדט זי אָן אויף ייִדן — אין דער דאָקטרין פֿון דעם אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסט־סאָציאָלאָג טהאָרסטאָן וועבלען (1857־1929) וועלכער האָט אין זײַן באַרימטער עסיי וועגן דער אינטעלעקטועלער פּראָמינענץ פֿון ייִדן אין מערבֿ־אייראָפּע אַנטוויקלט די טעזע פֿון דער ייִדישער „סקעפּטישער פּערזענלעכקייט", וואָס האָט אַ דאַנק איר סקעפּטיציזם און צוויי קולטורישקייט זיך באַפֿרײַט פֿון די קאָנווענ־ציאָנעלע אמתן און טראַדיציעס, און דערפֿאַר האָבן ייִדן אַזוי פֿיל בײַגעֿ־שטײַערט צו דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער קולטור. דער דאָזיקער זאָג וועגן ייִדישן חלק אין דער מאָדערנער קולטור איז אַוודאי אויך חל אויפֿן ייִדיש־אַמעריקאַנער שבֿט, און פּראָפֿעסאָר נאָוואַק גיט דאָס צו.

די האַרוואַרד־ענציקלאָפּעדיע שפּיגלט אָפּ דעם איצטיקן גײַסטיקן קלימאַט און די דאָמינירנדיקע אידעען אין שייכות צו עטנישקייט וואָס זענען הײַנט־צו־טאָג אָנגענומען אין ברייטע קרײַזן אין אַמעריקע. און פּונקט ווי די פֿראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיע אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט רעפֿלעקטירט די אידעען פֿון דער אויפֿקלערונג־עפּאָכע, און האָט מיטגעהאָלפֿן אין זייער פֿאַרשפּרייטונג, אַזוי קען די איצטיקע ענציקלאָ־פּעדיע וועגן אַמעריקאַנער עטנישע גרופּעס מיטהעלפֿן צו פֿאַרפֿעסיקן

אירע גרונט־אײַנשטעלונגען וואָס זענען פּאָזיטיוו צום אויפֿהאַלט פֿון עטנישע טראַדיציעס בכלל, און צו אַ ייִדיש־קולטורעלן המשך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

(1983)

# ליבע און טראַדיציע ביַי אַמעריקאַנער ייִדן

## I

די פּראָבלעם געמישטע חתונות צווישן ייִדן און קריסטן אין אַמע־ריקע הערט נישט אויף צו באַשעפֿטיקן ייִדישע סאָציאָלאָגן, כּלל־טוערס, און פּשוטע ייִדן. בעת מײַנע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונגען מיט רעפֿע־ראַטן אין פֿאַרשידענע אַמעריקאַנער שטעט — אַפֿילו ווען כ'האָב גערעדט אויף טעמעס וואָס האָבן געהאַט אַ קנאַפּע שייכות מיט דעם ענין, האָט דער עולם נישט פֿאַרגעסן מיר צו שטעלן פֿראַגעס בנוגע דעם פֿענאָמען. מ'קען נישט לייקענען אַז ס'איז אַ ברענענדיק אַקטועל פּראָבלעם פֿאַר וועלכער קיינער האָט ביז איצט נישט געפֿונען קיין לייזונג.

איז אָט נאָר וואָס דערשינען אַ שטודיע וואָס איז געבויט אויף אַן 18־חדשימדיקער אויספֿאָרשונג*. דער מחבר פֿון דעם בוך, ד"ר עגאָן מייער, איז אַ פּראָפֿעסאָר פֿון סאָציאָלאָגיע אין ברוקלין קאָלעדזש — געבוירן אין בודאַפּעסט, און אין עלטער פֿון 12 יאָר — אין 1944 — עמיגרירט קיין אַמעריקע; אין 1975 האָט ער באַקומען זײַן דאָקטאָראַט אין סאָציאָלאָגיע פֿון ראַטגערס אוניווערסיטעט. פּראָפֿ' מייער און זײַן

*) *LOVE AND TRADITION Marriage Between Jews and Christians By* Egon Mayer. Plenum Press, New York & London 1985, 311 pp.

פּרוי זענען דערצויגן געוואָרן ווי אָרטאָדאָקסישע יידן, און זיי האָבן אַ טיפן אינטערעס אין יידישער עקזיסטענץ.

פאַרשטייט זיך אַז די אויספאָרשונג וואָס מיר ווילן דאָ באַטראַכטן איז געמאַכט געוואָרן לויט די אָנגענומענע סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן. די שטודיע איז באַגרינדעט אויפן יסוד פון אַנקעטעס און אינטערוויוען מיט הונדערטער געמישטע פּאָרלעך און מיט זייערע קינדער — ווי זיי נעמען אויף דעם קאָנפליקט צווישן ליבע און טראַ־דיציע; ווי זיי האַרמאָניזירן זייער צוגעבונדנקייט צו געירשנטע טראַ־דיציעס און צו זייערע משפחות; ווי זייערע קינדער קוקן אויף זייער רעליגיעזער און עטנישער אידענטיטעט — באַטראַכטן זיי זיך ווי אָנגע־העריקע צו יידן, אָדער צו קריסטן, אָדער זענען זיי פרעמדע אין ביידע וועלטן.

מיר וועלן זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַלע טאַבעלעס, ציפערן און פּראָפּאָרציעס וואָס ד״ר מייער גיט אָן, כּדי צו באַפעסטיקן זיינע אויספירן; מיר וועלן אויך נישט ציטירן זיינע אָריגינעלע פּסיכאָלאָגישע אַריינבליקן אין דער מענטאַליטעט פון די געמישטע פּאָרלעך — דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. מיר וועלן זיך מוזן באַנוגענען מיט אַ פּאָר ציפערן און פּראָצענטן וואָס זענען אומבאַדינגט נייטיק כּדי אָפּצו־שאַצן די קאָמפּליצירטקייט פון דער פּראָבלעם.

פון די קנאַפּע זעקס מיליאָן יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין 1980, האָבן 350,000 יידן חתונה געהאַט מיט נישט־יידן. זיי האָבן געבוירן צווישן פיר און זעקס הונדערט טויזנט קינדער. עס איז פאַראַן אַן ערך אַ מיליאָן יחידים וואָס זענען באַטייליקט אין געמישטע חתונות. דער מחבר האָט אינטערוויואירט געמישטע פּאָרלעך זינט 1975. צווישן 1977־1979 האָט ער געפאָרשט 450 פּאָרלעך איבער גאַנץ אַמעריקע: לאָס־אַנדזשעלעס, ניו־יאָרק, קליוולאַנד, דאַלאַס און אַנדערע שטעט. ביי אַרום אַ פערטל פון די פּאָרלעך האָבן זיך די קריסטלעכע שותפים מגייר געווען. צווישן 1981־1983 האָט ער געפאָרשט די קינדער פון די געמישטע פּאָרלעך.

עס איז וויכטיק זיך צו באַקענען מיט דעם וווּקס פון געמישטע

חתונות. אָט איז דער פּראָצענט פֿון ייִדן וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט נישט־ייִדן במשך דרײַ־פֿערטל פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט:

1920-1900 — 2 פּראָצענט
1930-1921 — 3.2 פּראָצענט
1940-1931 — 3 פּראָצענט
1950-1941 — 6.7 פּראָצענט
1955-1951 — 6.4 פּראָצענט
1960-1956 — 5.9 פּראָצענט
1965-1961 — 17.4 פּראָצענט
1971-1966 — 31.7 פּראָצענט

אָבער צוזאַמען מיטן וווּקס פֿון געמישטע חתונות איז אויפֿגעקומען, באַטאַנט דער געלערנטער, אַ קעגנזיצלעכע טענדענץ: דאָס זוכן וואָרצלען אין דער אייגענער עטנישער גרופּע. לאַנג נאָך דעם ווי מען האָט געהאַט אָנגענומען אַז עטנישקייט איז נישט רעלעוואַנט אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט, האָט מען אָנגעהויבן לויבן די מעלות פֿון עטנישע גרופּעס־פֿאַרבינדונגען און פֿון די קולטורעלע ירושות זייערע. די דאָזיקע היפּוכדיקע טענדענצן האָבן אַרויסגערוקט עטלעכע קשיות בנוגע געמישטע חתונות: פֿאַרוואָס פֿײַערן מענטשן געוויסע סימבאָלן, ריטואַלן און טראַדיציעס ווען זיי האָבן אָפּגעוואָרפֿן? פֿאַרוואָס האַלטן אַזוי פֿיל ייִדן אָן געוויסע יום־טובֿ־פֿײַערונגען, ייִדישע מאכלים, בעת זיי האָבן חתונה געהאַט מיט נישט־ייִדן? פֿאַרוואָס איז די טענדענץ פֿון געמישטע חתונות נישט באַגלייט געוואָרן מיט אַ דיסאידענטיפֿיקאַציע לגבי דעם ייִדישן פֿאָלק? דערצו באַווײַזן אַלע שטודיעס אַז דער פּראָצענט פֿון גרים איז געוואַקסן צוזאַמען מיטן וווּקס פֿון געמישטע חתונות. במשך די לעצטע 30 יאָר איז דער פּראָצענט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון גרים געשטיגן אויף 300 פּראָצענט, און אין אַ דריטל פֿון געמישטע חתונות האָט דער קריסטלעכער שותּף זיך מגייר געווען.

אין 1984 האָט אַ פֿאָרשונג פֿעסטגעשטעלט אַז בלויז 15 פּראָצענט פֿון 1300 אַמעריקאַנער ייִדישע קאַלעדזש־סטודענטן האָבן דערקלערט

אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט האָבן קיין ראַנדעוווּען מיט נישט־ייִדן (זײַט 105). הייסט עס, אַז אַפילו פֿאַר סטודענטן אָפּשטאַמיקע פֿון פֿאַר־וואַרצלטע ייִדישע היימען איז נישטאָ קיין אָפּהאַלט פֿון אָפּטע באַגעגע־נישן מיט קריסטלעכע פֿרויען; און אַפילו ייִדן וואָס קומען פֿון שטאַרק־רעליגיעזע היימען האָבן בלויז 30 פּראָצענט געענטפֿערט, אַז זיי וועלן נישט האָבן קיין ראַנדקעס מיט קריסטן.

דער דאָזיקער אויסגעפֿינס פֿירט דעם פֿאָרשער צו דער קאַרדי־נאַלער פֿראַגע, וואָס ווערט שוין אַ סך יאָרן דעבאַטירט צווישן ייִדישע דערציערס: צי וועט אַן אינטענסיווע ייִדישע דערציִונג אָפּשטעלן, אָדער כאָטש רעדוצירן, געמישטע חתונות? ד״ר מייער האַלט אַז אויף דער פֿראַגע קען מען נישט געבן קיין זיכערן ענטפֿער, ווײַל — ווי מיר האָבן שוין באַריכטעט — אויפֿן סמך פֿון דער 1984 פֿאָרשונג, האָבן בלויז 30 פּראָצענט יונגע ייִדן געענטפֿערט אַז זיי וועלן נישט האָבן קיין ראַנ־דעוווּען מיט נישט־ייִדן. פֿון דער אַנדערער זײַט האָט דער סאָציאָלאָג אויסגעפֿונען אַז אַ סך ייִדן וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטן טיילן די טיפֿסטע ייִדישע ווערטן.

יעדער איינער וואָס קען די אַמעריקאַנער ייִדישע יוגנט וועט נישט באַשטרײַטן די דאָזיקע הנחה, אַז די ייִדישע דערציִונג איז נאָך נישט קיין גאַראַנטיע קעגן געמישטע חתונות. פֿונדעסטוועגן גלייבן מיר, אויפֿן סמך פֿון אונדזער אַרבעט מיט דער היגער ייִדישער יוגנט במשך צענדליקער יאָרן, אַז וואָס מער צידה לדרך מיר וועלן איר געבן, אַלץ וואַרשיינלעכער איז עס, אַז זי וועט דערפֿון ווערן באַווירקט. הלל׳ס זאָג: לא עם־הארץ חסיד, מעגן מיר פּאַראַפֿראַזירן אַז אַ ייִדישער עם־ארץ קען זײַן אַ האַרץ־ייִד, אָדער אַ מעצענאַט, אָבער ראשית טאָר מען נישט איבערלאָזן דאָס האַרץ אויפֿן חשבון פֿון קאָפּ: דער עם־הספֿר טאָר נישט ווערן אין אַמעריקע אַן אומוויסנדיקער שבֿט; צווייטנס, דער ייִדישער יוגנטלעכער וואָס האָט אין דער קינדהײַט און יוגנט אײַנגעזאַפּט אַ היפּשע דאָזע ייִדישקײַט, אַפילו ווען אין אַ געוויסן פּעריאָד פֿון זײַן לעבן וואַרפֿט ער אָפּ אירע רעליגיעזע דאָגמעס און ריטואַלן, האָט שפּעטער, ווען די עמאָציעס און ליידנשאַפֿטן ווערן געצאַמטער, צו וואָס צוריק־

צוקומען און וואָס זיך צו דערמאָנען. גירסא דינקותא האָט אַ טבֿע זיך אָפּצורופֿן אין די רײַפֿערע יאָרן פֿון אַ מענטשנס לעבן.

אָט האָט פּראָפֿעסאָר מאָריס רפֿאל קאָהען, דער פֿילאָסאָף־אַגנאָס־טיקער, צוזאַמען מיטן רעליגיעזן געלערנטן ד״ר חיים טשערנאָוויץ, זיך באַמיט צו שאַפֿן אַן ענציקלאָפּעדיע וועגן תּלמוד, ווײַל ער האָט געוווּסט אַז דער תּלמוד איז נישט בלויז אַ רעליגיעזן הלכה־ווערק, נאָר אויך אַן אייגנאַרטיקער אויפֿטו אין דער געשיכטע פֿון ציוויליזאַציע.

## II

ד״ר מייער סקיצירט אין זײַן שטודיע דעם אויפֿקום פֿון דער עטנישער באַוועגונג אין אַמעריקע אין די 60קער יאָרן, און באַטאָנט, אַז אין דער זעלבער צײַט איז בײַ אַמעריקאַנער קריסטן אַנטשטאַנען אַ נײַער קאָמפּאָנענט אין אימאַזש וועגן ייִדן: דער ישׂראלדיקער פּיאָנערישקײַט־העלדישקײַט־פּאָרטרעט האָט פֿאַרגעשטעלט אַ פּאָזיטיוו בילד פֿון ייִדן און ייִדישקײַט. דאָס, מיינט ער, האָט באַווירקט די גענער־דערטע באַציִונג מצד קריסטן צו געמישטע חתונות. די גאַלאָפּ־אָפּשטי־מונג, אין 1983, האָט אויסגעפֿונען אַז דער פּראָצענט אַמעריקאַנער קריסטן וואָס אַפּראָבירט געמישטע חתונות איז געשטיגן פֿון 59 פּראָ־צענט אין 1968 ביז 77 פּראָצענט. אַ צאָל קריסטן באַטראַכטן ייִדן ווי קולטור־העלדן פֿאַר זייער געלערנטקײַט, און זייערע אויפֿטוען אין ליטעראַטור, קונסט, פֿילמען, און זשורנאַליזם.

אין אַן אויספֿאָרשונג וועגן די קינדער פֿון געמישטע פּאָרלעך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אין 1983, אַז 46 פּראָצענט פֿון 16־יעריקע און עלטער, באַטראַכטן זיך ווי ייִדן; 32 פּראָצענט — ווי קריסטן, און 22 פּראָצענט האַלט זיך פֿאַר מענטשן וואָס האָבן נישט קיין שום רעליגיעזע אידענ־טיטעט. דאָס, מיינט ער, דעמאָנסטרירט די רעלאַטיווע אַנזעעוודיקײַט פֿון דער ייִדישער אין פֿאַרגלײַך מיט דער קריסטלעכער ירושה, און אַז די ראָלע פֿון ייִדישקײַט איז בײַ זיי שטאַרקער ווי וועלכע ס׳איז אַנדערע עטנישע, אָדער רעליגיעזע אידענטיפֿיקאַציע (זײַט 163). די דאָזיקע

אַנקעטע, האַלט ער, וואַרפֿט אָפּ די אַנגענומענע מיינונג אַז געמישטע חתונות זענען די לעצטע סטאַציע אין ייִדישן קיום.

ייִדישע פֿאַמיליעס און דער ייִדישער ציבור, דערמאָנט ער אונדז, האָבן ביז די 1950־ער יאָרן זיך אָפּגעזאָגט פֿון יענע וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטן, און דאָס האָט, לויט אים, פֿאַרזיכערט די עוועג־טועלע אַסימילאַציע פֿון געמישטע פּאָרלעך. אָבער דער געוואַלדיקער וווּקס פֿון געמישטע חתונות זינט 1950, האָט געצוווּנגען ייִדן צו ווערן טאָלעראַנטער. דערצו האָט די טענדענץ וואָס ייִדישקייט האָט באַקומען די איבערהאַנט בײַ די געמישטע פּאָרלעך, דערמוטיקט די דאָזיקע פֿאַמיליעס אָנצוהאַלטן זייערע בונדן מיט דער ייִדישער עדה. ווי אַ פּועל־יוצא זענען ראַבײַס געוואָרן טאָלעראַנטער צו נישט־ייִדן וואָס ווילן זיך מגייר זײַן. עס האָט דערמוטיקט די רעפֿאָרם־ייִדן אָנצונעמען דראַמאַטישע מאָסמיטלען צו אינקאָרפּאָרירן נישט־ייִדן אין דעם ייִדישן ציבור.

ד״ר מייער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם פֿאָרשלאָג פֿון ראַבײַ אַלעק־סאַנדער שינדלער, אין 1978, אַרײַנצונעמען אין ייִדישן קהל די קריסטן וואָס האָבן חתונה מיט ייִדן — אַ פֿאָרשלאָג וואָס האָט איבערגעקערט אַ 1600־יאָריקע טראַדיציע אין יהדות; און וואָס איז ענטוזיאַסטיש אָנגע־נומען געוואָרן מצד דער רעפֿאָרם־באַוועגונג. אין 1983 האָבן די רעפֿאָרם־ייִדן באַנײַט און מפֿרסם געמאַכט זייער שטעלונג אַז פֿאַר זיי איז אַ קינד פֿון אַ ייִדישן פֿאָטער אָדער מוטער אַ ייִד — ניט געקוקט אויף דער הלכה וואָס פּסקנט אַז נאָר קינדער פֿון ייִדישע מאַמעס קען מען פֿאַררעכענען ווי ייִדן.

דער דירעקטאָר פֿון די רעפֿאָרם־ייִדן שאַצט אָפּ אַז פֿון זיבן טויזנט ביז אַכט טויזנט קריסטן זענען זיך יערלעך מגייר. אָרטאָדאָקסישע רבנים האָבן, פֿון 1962־1965, מגייר געווען אַרום טויזנט אַמעריקאַנער נישט־ייִדן; קאָנסערוואַטיווע ראַבײַס שאַצן אָפּ אַז יערלעך זײַנען זיך מגייר בײַ זיי צווישן 3000 און 4000 קריסטן. אַן ערך אַ דריטל פֿון געמישטע חתונות צווישן ייִדן און קריסטן פֿאַרענדיקן זיך מיטן גיור פֿון קריסט־לעכן שותּף צו ייִדישקייט. מערסטע פֿון די גרים זענען פֿרויען. אין 43

פּראָצענט פֿון די געמישטע חתונות פֿאַרבלײַבן די שותּפֿים אין זייער פֿריערדיקער רעליגיעזער און עטנישער אָנגעהעריקײַט. פֿונדעסט־וועגן, באַטאָנט דער מחבר, איז די וואַקסנדיקע צאָל גרים די לעצטע דרײַסיק יאָר אַ מערקווערדיקע טענדענץ אין ליכט פֿון דער ייִדישער היסטאָרישער דערפֿאַרונג במשך 1600 יאָר. עס איז אַן עדות פֿון דער פֿאַרגרעסערטער ווערדע פֿון ייִדן און ייִדישקײַט אין די אויגן פֿון קריסטן, און אַ צייכן פֿון די רעליגיעזע קאָנסעקווענצן אין אַן אָפֿענער און עגאַליטאַרער געזעלשאַפֿט.

לויט די אינטערוויוען וואָס ד״ר מייער האָט געהאַט מיט די גרים, איז זייער הויפּט־מאָטיוו דער ווּנטש צו טיילן אַ בשותּפֿותדיקן רעליגיעזן לעבנס־סטיל מיטן חתונה־שותּף, און צו פֿאַרזאָרגן זייערע קינדער מיט אַ בינדנדיקער רעליגיעזער טראַדיציע. נאָך אַ סיבה פֿאַר גיור איז דער ווּנטש צו איבעראַנדערשן איר סאָציאַלע אידענטיטעט אַזוי אַז עס זאָל האַרמאָנירן מיטן מאַנס און די קינדערס רעליגיע. די דאָזיקע פֿאָרמולע אַרבעט לטובֿת דעם ייִדישן שותּף אין מערסטע געמישטע חתונות.

נישט געקוקט אויף דעם וווּקס פֿון גיור איז דער מחבר מודה, אַז דער וועלט־באַנעם פֿון רובֿ אַמעריקאַנער ייִדן איז אַ סך מער וועלטלעך ווי רעליגיעז, אַ סך מער אַ מאָזאַיִק פֿון אײַנשטעלונגען, ווי אַ סכום ריטואַלן — אַזוי באַשטעטיקן מערסטע פֿאָרשונגען. די בונדן וואָס צעמענטירן דעם ייִדישן קאָלעקטיוו זענען אַחוץ רעליגיעזע פֿאַר־מאַליטעטן — מורא פֿאַר אַנטיסעמיטיזם. אַ טיפֿע זאָרג פֿאַר דער זיכער־קײַט פֿון ישׂראל, אַ ווּנטש צו לעבן צווישן און זיך צו אַסאָציאירן מיט ייִדן. גרים זענען אין דעם פּרט אַנדערש: זיי דעפֿינירן ייִדישקײַט מער אין רעליגיעזע ווי אין עטנישע טערמינען; פֿאַר זיי איז ייִדישקײַט אין תּוך אַן אמונה, אַזוי ווי זייער פֿריערדיקע רעליגיע. די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון גרים, וואָלטן מיר צוגעגעבן, איז אויך חל אויף אַ סך אַסימילירטע ייִדן בײַ וועמען ייִדישע קולטור אין אַלע אירע עמאַנאַציעס איז אַ סינאָנים פֿאַר רעליגיע.

## III

דער פּענאָמען פֿון געמישטע חתונות אין דער אַמעריקאַנער תּפֿוצה איז נאָך צו יונג אַז מען זאָל קענען ענטפֿערן אויף אַ סך פֿראַגעס וואָס באַאומרויִקן ייִדן — ספּעציעל ווי באַווירקט דאָס די קינדער פֿון די געמישטע פּאָרלעך. כּדי אויסצוגעפֿינען דעם קינדס צד האָט דער מחבר דורכגעפֿירט אַ פֿאָרשונג צווישן 1981־1983. אין 1982 האָט ד"ר מייער אַרויסגעשיקט אַן אַנקעטע צו 394 קינדער פֿון געמישטע חתונות. ער האָט באַקומען 117 ענטפֿערס, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט קינדער פֿון 70 פֿאַמיליעס. 55 ענטפֿערס (47 פּראָצענט) זענען געווען פֿון מענער; 62 ענטפֿערס (53 פּראָצענט) פֿון פֿרויען. די גרופּע איז באַשטאַנען פֿון מענטשן אין עלטער פֿון 16 ביז 46 יאָר; אָבער מערסטע זענען געווען אין מיטן די צוואָנציקער יאָרן. 55 פּראָצענט פֿון די ענטפֿערס זענען געווען פֿון פֿאַמיליעס מיט אַ יערלעכער הכנסה פֿון פֿופֿציק טויזנט דאָלער, אָדער מער. 32 פּראָצענט זענען געווען פֿאַרהײַראַט; 68 פּראָצענט — נישט.

42 ענטפֿערערס (36 פּראָצענט) האָבן באַריכטעט אַז זייערע קריסטלעך־געבוירענע עלטערן האָבן זיך מגייר געווען, און 75 (64 פּראָצענט) האָבן דערקלערט אַז זייערע קריסטלעכע עלטערן האָבן זיך נישט מגייר געווען; דרײַ־פֿערטל פֿון די ענטפֿערערס האָבן קריסטלעך־געבוירענע מאַמעס און ייִדיש־געבוירענע טאַטעס. די גרעסטע מערהײַט קינדער פֿון עלטערן וואָס האָבן זיך מגייר געווען, האָבן זיך אידענטיפֿיצירט ווי ייִדן. 16 פּראָצענט האָבן געענטפֿערט אַז זיי אידענטיפֿיצירן זיך נישט מיט קיין שום רעליגיע. אָבער קיינער האָט נישט געזאָגט אַז ער אָדער זי באַטראַכט זיך ווי אַ קריסט.

די ענטפֿערס סוגעסטירן אַז אין פֿאַמיליעס פֿון גרים איז דאָ אַ גרעסערע וואַרשיינלעכקײַט אַז די קינדער וועלן זיך אידענטיפֿיצירן ווי ייִדן. בעת אַן גיור קענען זיך געמישטע חתונות ענדיקן מיט אַ ירידה אין שייכות צו ייִדישער אידענטיפֿיקאַציע, אין שפּעטערדיקן דור. פֿון אַנדערע ענטפֿערס קען מען אָפּלערנען אַז קינדער פֿון ייִדישע טאַטעס,

גיכער ווי פֿון יידישע מאַמעס, ווערן זיך וואַרשיינלעך אידענטיפֿיצירן ווי יידן. דריי־פֿערטל פֿון די קינדער פֿון גרים האָבן באַקומען אַ יידישע דערציִונג, און אַ גרויסע מערהייט פֿון די דאָזיקע קינדער האָבן געפּייערט ראש־השנה, יום־כּיפּור און פּסח.

ווי אַ פּועל־יוצא פֿון אַלע זיינע פֿאָרשונגען קומט פּראָפֿ׳ מייער צו פֿאָלגנדיקע אויספֿירן: אַלע געמישטע פּאָרלעך ראַנגלען זיך עמאָציאָנעל און פּראַקטיש מיט די אונטערשידן אין זייערע ירושות; זיי שטרעבן צו האַרמאָניזירן זייער ליבע פֿון איינעם צום אַנדערן מיט זייערע געירשנטע אַנדערשדיקע טראַדיציעס. ער האַלט אַז געמישטע חתונות קען מען צעטיילן אין פֿיר קאַטעגאָריעס: 1) די וואָס זענען זיך מגייר; 2) אַסימילאַטאָרישע פּאָרלעך; 3) אינטעגרירנדיקע, און 4) די אָפּוואַר־פֿערס. די ערשטע גרופּע באַשטייט פֿון אַרום 33 פּראָצענט געמישטע פּאָרלעך, און דאָ איז דער קריסטלעכער שותּף זיך מגייר. די אַסימי־לאַטאָרישע גרופּע באַשטייט פֿון אַרום 20 פּראָצענט, און דאָ גייט דער שותּף אַריבער צום קריסטנטום. די גרעסטע פּראָפּאָרציע, וואָס באַשטייט פֿון אַרום 43 פּראָצענט — די אינטעגראַציאָניסטישע — האַלט אָן אַ געוויסע פֿאַרבינדונג מיט זייער פֿריערדיקע טראַדיציעס, וואָס זיי פּרו־בירן סינטעזירן אין אַן אייגנאַרטיקער קאָמבינאַציע געשאַפֿן פֿון זיי אַליין. די איבעריקע 15 פּראָצענט פֿון געמישטע חתונות באַשטייען פֿון פּאָרלעך וואָס וואַרפֿן אָפּ זייערע רעליגיעזע אָדער פֿאָלקישע אידענטיפֿיקאַציעס. אויב אַזוי הייסט עס אַז די ערשטע און דריטע גרופּע — גרים און אינטעגראַציאָניסטן, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר 76 פּראָ־צענט פֿון די געמישטע פּאָרלעך — ווייַזן אַז די סכּנה פֿון געמישטע חתונות, וואָס קענען פֿירן צום אונטערגאַנג פֿון אַמעריקאַנער יידנטום איז איבערגעטריבן (זייט 283).

דאָ מוז דער שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות מחולק זיין מיטן מחבר. ערשטנס, איז דער „באַרויִקונגס־פּיל" (טראַנקווילייזער) פֿון די 76 פּראָצענט נאָך נישט קיין ראיה אַז דאָס שפּיגלט אָפּ דאָס אמתע בילד היינט און ספּעציעל מיט אַ דור שפּעטער; די צאָל געמישטע חתונות שטייגט נאָך אַלץ; צווייטנס, אויב אונדזער אַמעריקאַנער יידישקייט זאָל

באַשטיין פֿון אַ פֿײַערונג פֿון עטלעכע ייִדישע יום־טובֿים קען חלילה דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום פֿאַסיליזירט ווערן אין אַ נײַעם קאַראַימער שבֿט וואָס וועט האָבן אַ קנאַפּע שייכות מיט דער היסטאָרישער ייִדיש־קײַט. ס׳איז אויך אַ שוואַכע טרייסט די דערקלערונג פֿון ד״ר מייער, אַז אויב די אָפּשטאַמיקע פֿון אַזעלכע געמישטע פּאָרלעך זאָלן מיט עטלעכע דורות שפּעטער זיך אין גאַנצן אַסימילירן וועט מען עס דאַרפֿן דער־קלערן נישט אויפֿן סמך פֿון געמישטע חתונות, נאָר ווי דעם רעזולטאַט פֿון קאָמפּליצירטערע סיבות.

אַוודאי איז דער מחבר גערעכט מיט זײַן אַרײַנבליק אַז ליבע באַזיגט נישט אַלע אַנדערע געפֿילן, ווי: צוגעבונדנקײַט צו די טראַדיציעס פֿון פֿריִערדיקע דורות; אַז ליבע איז אַן עמאָציע וואָס טרײַבט מענער און פֿרויען צו זיך־אַנטדעקונג, צו זעלבסט־אויסדרוק, און זעלבסט־אויס־בעסערונג; אַז דער מענטש קען נישט באַפֿרידיקט ווערן בלויז מיט סעקסועלע און עמאָציאָנעלע באַנדן. פֿאַראַן אַ סך סובטילע, אָריגינעלע אָבסערוואַציעס אין דער שטודיע. נאָר אויב מיר קענען זיך נישט באַפֿרײַען פֿון דעם זאָרג וועגן געמישטע חתונות, ווײַל קיינער האָט נאָך נישט געפֿונען קיין לייזונג צו דער דילעמע, דאַרפֿן מיר, צום גליק, געדענקען, אַז גלײַכצײַטיק מיטן וווּקס פֿון געמישטע חתונות, זענען אויך אויפֿגעקומען אין אַמעריקאַנער ייִדנטום פּאָזיטיווע פּראָצעסן, צענטריפּעטאַלע פֿאַקטאָרן וואָס דעמאָנסטרירן אַ רעוויטאַליזירונג פֿון ייִדישער קולטור, און ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקײַט אין היגן ייִדישן קיבוץ. עס איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ נעץ פֿון ייִדישע טאָג־שולן; עס וואַקסט די מחנה פֿון אַמעריקאַנער־געבוירענע ייִדישע געלערנטע און אינטעלעקטואַלן — רעליגיעזע און וועלטלעכע. עס קומט אויף אַן אַמעריקאַנער ייִדישע ליטעראַטור אויף ענגליש וואָס איז ייִדישלעך. עס וואַקסט די צאָל יודאַאיקאַ און ייִדיש־לימודים אין די קאַלעדזשעס, און אַ סך אַמעריקאַנער יונגע ייִדן באַטייליקן זיך אין ייִדישע אַקטיוויטעטן.

פּראָפֿ׳ מייער האָט מיט זײַן ווערק אַרויסגעשטעלט אַ צענטראַל פּראָבלעם אין אַמעריקאַנער ייִדנטום, און אונדז באַקענט מיט אַלע אירע אַספּעקטן; ער האָט פֿאָרמולירט טענטאַטיווע שטעלונגען צום שווערן,

קאָמפּליצירטן פֿענאָמען. זײַן שטודיע איז אַ וויכטיקער בײַטראָג צו דער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון ייִדישקײַט אין גרעסטן ייִדישן קיבוץ.

(1987)

# האָבן מיר אַן אַמעריקאַנער ייִדישע קולטור?

ס׳ווערט איצט אָנגענומען פֿון רובֿ אַמעריקאַנער ייִדישע סאָציאָלאָגן און היסטאָריקער אַז אַמעריקאַנער ייִדן, פּונקט ווי די קאַנאַדער פֿראַנצויזן, געהערן צו די מינאָריטעטן אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס ווען אָנהאַלטן זייער אַנדערשקײַט וויזאַווי דער מאַיאָריטעט־קולטור. ייִדן — אַ דאַנק זייער געשיכטע וואָס האָט זיי געלערנט ווי צו לעבן אַלס אַ מיעוט, און ווײַל זיי באַנוצן אייגנאַרטיקע אינסטיטוציעס און סימבאָלן פֿון אַ באַזונדערער עקזיסטענץ. דער ייִדישער היסטאָרישער באַוווסטזײַן, דער אָפּזאָץ פֿון אַ פֿיר־טויזנט־יעריקער געשיכטע קען ווערן פֿאַרגליכן מיט דער טעריטאָריעלער קאָנצענטראַציע פֿון די קאַנאַדער פֿראַנצויזן. פֿונדעסטוועגן הערן אַמעריקאַנער ייִדישע געלערנטע ניט אויף צו וועגן און מעסטן די ייִדישע קולטור־פּאָזיציע אין אַמעריקע, און ווען ס׳קומט אונטער אַ קײַלעכדיקע דאַטע ווערט מען חשבון־הנפֿשדיק. און מע ספּעקולירט בקול רם: צי איז מעגלעך אַן אַמעריקאַנער ייִדישע קולטור? צי זעט מען שוין סימנים פֿון אַן אויפֿקומענדיקער ייִדישער קולטור אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט?

אָט איז די וואָגיקע פֿערטליאָריקע שריפֿט „דזשודאַאיזם״, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, אונטער דער רעדאַקציע פֿון פּראָמינענטן געלערנטן ד״ר ראָבערט גאָרדיס, אַלט געוואָרן דרײַסיק יאָר. האָט מען צו דער געלעגנהײַט אָרגאַניזירט אַ סימפּאָזיום אויף דער טעמע: „די מעגלעכקײַט פֿון אַ ייִדישער קולטור

אין אַמעריקע", מיט דער באַטייליקונג פֿון צוויי אָנגעזעענע אַמערי־קאַנער ייִדישע שריפֿטשטעלער און קריטיקערס: העראַלד בלום, פּראָפֿעסאָר פֿון ליטעראַטור אין יעיל־אוניווערסיטעט, און ראָבערט אַלטער, פּראָפֿעסאָר פֿון העברעיִשער און קאָמפּאַראַטיווער ליטעראַטור, אין אוניווערסיטעט פֿון קאַליפֿאָרניע. ביידע געלערנטע זענען די מחברים פֿון אַ ריי אָנגענומענע ווערק אין אַקאַדעמישע קרײַזן, און ביידע שטייען איצט אויפֿן הויכפּונקט פֿון זייערע ליטעראַרישע קאַר־יערעס. ס'איז דעריבער כּדאַי זיך צו באַקענען מיט זייערע מיינונגען, ספּעקולאַציעס און פּראָגנאָזן (זע: „דזשודאַאיזם", זומער, 1982).

דער ערשטער רעפֿערענט, פּראָפֿ' בלום, האָט באַלד אין אָנהייב געשטעלט אַ פּעסימיסטישן טאָן, און געפּסקנט אַז די איצטיקע אַמערי־קאַנער ייִדישע קולטור איז ניט אַמעריקאַניש, ניט ייִדיש, ניט קיין קולטור, ווײַל קולטור איז נאָך ניט אײַנגעפֿעסטיקט אין אַמעריקע, און זי קען ניט זײַן ייִדיש, ווײַל ייִדיש (דער אַדיעקטיוו) מיינט, לויט אים, עפּעס וואָס איז רעליגיעז, בעת קולטור איז אַ סעקולערע קאָנצעפּציע. ער ציטירט לייאָנעל טרילינג'ס דעפֿיניציע פֿון קולטור: „קולטור מיינט צו שאַפֿן אַ פֿאַרשטאַנדיק לעבן, צו קאָנפֿראָנטירן די פּחדים פֿון דער אויסערלעכער און אינערלעכער וועלט, צו עטאַבלירן דעם ריטואַל און די קונסט, די פּיעטעט און התחייבֿותן וואָס מאַכן מעגלעך דאָס לעבן פֿון כּלל און יחיד — אָט דאָס איז קולטור". ער זעט בלויז צוויי ייִדישע קאַנדידאַטן אויף גרויסקײַט אין דער מאָדערנער קולטור — פֿרויד און קאַפֿקאַ, אָבער אַזוי ווי זיי זענען ניט געווען קיין רעליגיעזע ייִדן זענען זיי ניט קיין רעפּרעזענטאַטן פֿון ייִדישער קולטור. ער גייט נאָך ווײַטער: ער צווייפֿלט צי אַפֿילו מדינת ישׂראל, אין אירע וועסטערניזירטע, קולטורעלע, און ניט נאָרמאַטיווע ייִדישע אַספּעקטן האָט מער שייכות מיט די דיאַספּאָראַ־טראַדיציעס ווי מיר אין אַמעריקע. דעריבער פֿירט ער אויס אַז מיר האָבן נאָך ניט קיין אַמעריקאַנער ייִדישע קולטור. ס'איז צו פֿרי. פֿרויד און קאַפֿקאַ זענען אויפֿגעקומען שפּעט אין דער ייִדישער קולטור אויף דײַטש. מיר האָבן נאָך אַפֿילו ניט פּראָדוצירט קיין היינע. אמת, אַרגומענטירט ער, מיר האָבן עטלעכע גוטע נאָוועליסטן, אָבער

קיינער פֿון זיי איז ניט קיין מעלוויל, אָדער הענרי דזשיימס. מיר האָבן עטלעכע גוטע פּאָעטן, אָבער קיינער פֿון זיי איז ניט קיין וואָלט וויטמאַן, אָדער עמילי דיקינסאָן. מיר האָבן געלערנטע און קריטיקערס, אָבער קיינער פֿון זיי איז ניט קיין עמערסאָן.

אַחוץ דעם, באַצייכענען פּרויד און קאַפֿקאַ די לעצטע ייִדישע אויפֿטוּונגען אין גלות, אָבער אַמעריקאַנער ייִדן זענען ניט אין גלות, און ווײַל אונדזערע היגע קולטורעלע אויפֿטוּונגען וועלן ניט טראָגן אויף זיך דעם פֿלעק פֿון גלותדיקײַט, דערפֿאַר וועט זײַן שווער צו דערקענען אַז ס'איז ייִדיש. צום סוף פֿון זײַנע באַטראַכטונגען ווערט בלום אַ ביסל האָפֿנונגספֿולער און פֿרעגט: וואָס איז די אידענטיטעט פֿון סעקולערן אַמעריקאַנער ייִד? די ייִדישע אמונה איז טאָקע ניט טויט אין אַמעריקע, אָבער זי דאָמינירט ניט דאָס לעבן פֿון רובֿ אַמעריקאַנער ייִדן, און אַזוי ווי מיר זענען מער ניט קיין „טעקסט־באַזעסן" פֿאָלק, ס'הייסט, מיר האָבן מער ניט די אָבסעסיע פֿון טעקסט־צענטרישקײַט, אָדער פֿון לערנען, אַזוי מיינט ער, זענען מיר דעריבער אין געפֿאַר צו פֿאַרשווינדן.

פֿאַראַן נאָך אַ ריי אַרײַנבליקן אין פּראָפּ׳ בלומס רעפּעראַט, אָבער די גרונט־טעזע בלײַבט אַז די צוקונפֿט פֿאַר אַן אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור איז טונקל.

דער דאָזיקער פּראָגנאָז איז, לויט מײַן מיינונג, געבויט אויף אַ גאָר שוואַכן יסוד. מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט דער יעיל פּראָפֿעסאָר זיך באַטייליקט אין אַ סימפּאָזיום אין ירושלים, וווּ ער האָט אויסגעדריקט דעם זעלביקן רעיון אַז מיר ייִדן האָבן אויפֿגעהערט צו זײַן אַ טעקסט־צענטריש פֿאָלק, אַן עם הספֿר. איך האָב שפּעטער קאָמענטירט אַז דאָס שטימט ניט מיט די פֿאַקטן, ווײַל די אַלע דיסערטאַציעס און ביכער וואָס ווערן לעצטנס געשריבן פֿון אַמעריקאַנער ייִדישע געלערנטע, עסייִסטן, נאָוועליסטן זענען ניט קיין באַווײַז פֿון פֿאַרלאָרענעם אינטערעס אין טעקסטקײַט, ווי ער רופֿט עס. צווייטנס, האָבן מיר אויף דעם דער־מאָנטן ירושלימער סימפּאָזיום פֿון אים געהערט, אַז דאָס אַלעק־סאַנדרישע ייִדנטום, אין אַלטערטום, האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ שעפֿערישן ייִדישן קיבוץ וואָס איז אונטערגעגאַנגען ניט מחמת

אינטעלעקטועלער סטעריליטעט, און העלעניסטישער אַסימילאַציע, נאָר צוליב אויסערלעכע סיבות: מלחמות, אינוואַזיעס, פּאָגראָמען. פון דער אַלעקסאַנדריער דערפאַרונג האָט ער אָפּגעלערנט, און דאָס איז אַ ריכטיקער מוסר־השׂכל — אַז אין אונדזער צײַט, אין אַמעריקע, ווען דער רובֿ ייִדן לעבט ניט על פּי הלכה, מעגן מיר אויך האָפן אויף אַ שעפּערישן ייִדישן קיום. וואָס איז געשען במשך די לעצטע דרײַ יאָר, זינט דעם ירושלימער סימפּאָזיום, וואָס זאָלן דעם קריטיקער אָנפילן מיט אַזעלכע טונקעלע מחשבֿות בנוגע דער צוקונפט?

דריטנס, זענען דען אַזעלכע שעפּערישע ייִדן ווי אַ גרעץ, וואָס האָט געשריבן אויף דײַטש, אַ דובנאָוו וואָס האָט געשריבן די וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק אויף רוסיש, אַ סאָלאָ באַראָן וואָס האָט פאַרפאַסט זײַן סאָציאַלע און רעליגיעזע געשיכטע פון ייִדן אויף ענגליש — צו דערמאָנען בלויז עטלעכע מאָדערנע גרויסע ייִדן — ניט קיין אויטענטישע מוסטערן פון עכטן ייִדישן גײַסט?

אַחוץ די אַלע קשיות אויף בלומס קאַפּריזנעם, ניט־לאָגישן טעזיס, איז עס ממש דערשטוינענדיק זײַן איגנאָרירן די הערלעכע ייִדיש־עפּאָפּיי וואָס פיר דורות ייִדן האָבן אַרײַנגעשריבן אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער געשיכטע, פון מאָריס ראָזענפעלד ביז יעקב גלאַטשטיין, און ווײַטער. ייִדן וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט קיין באָדן אונטער די פיס, האָבן שוין געקלעטערט אויף לייטערס צום הימל! אָט די דאָזיקע ייִדיש־שעפּערישקײַט ווערט אַפילו ניט דערמאָנט און אַפילו ניט באַקלאָגט, ניט באַדויערט! אין בלומס טראַכטענישן איז אין גאַנצן ניט בנמצא די אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעזיע, בעלעטריסטיק, עסייִיסטיק, און פּובליציסטיק, ווי אַזוינס וואָלט קיינמאָל ניט עקזיסטירט!

דער פּראָפעסאָר וואָס האָט אַנטדעקט אונדזער נסתר (די קבלה) וואָלט דוכט זיך לײַכט געקענט אַנטדעקן דעם נגלה — די אַמעריקאַנער ייִדישע ליטעראַטור. אפשר, ווען די איצטיקע אינטעלעקטועלע מאָדע פון אַנטיראַציאָנאַליזם און עסאָטעריקאָ וועט זיך בײַטן, וועט דער קריטיקער אויך אַרײַננעמען עטלעכע ייִדיש־קינסטלער אין זײַן פּאַנטעאָן . . .

אין דעם רעפֿעראַט פֿון צווייטן סימפּאָזיאַנט, פּראָפֿ׳ ראָבערט אַלטער, הערן מיר שוין מונטערע טענער וואָס דערוועקן אַ האָפֿענונג אַז אַלץ איז נאָך ניט פֿאַרלוירן. ער לאָזט אונדז וויסן אַז מיטן אויסדרוק קולטור מיינט ער הויכע קולטור ניט די קאָלעקטיווע אויפֿפֿירונג וואָס עטנאָגראַפֿן פֿאָרשן, נאָר די קולטור וואָס ווערט רעפּרעזענטירט דורכן רמב״ם, און ווילנער גאון; ניט בייגל און לאָקס. ער איז מסביר אַז ווען מע זאָגט בײַ ייִדן ייִדיש (דעם אַדיעקטיוו) מיינט מען אַ שייכותדיקע, אויטענטישע קאָנטינואיטעט מיטן ייִדישן עבֿר, און ווען מע זאָגט אַמעריקאַניש מיינט מען עכט אַמעריקאַניש, עפּעס וואָס איז אויפֿגעקומען אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן. ער טענהט, אַז דער פֿאַקט וואָס עס איז אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע ניט געווען קיין אַנדער תּפֿוצה ווו ייִדן זענען געווען אַזוי אינטעגרירט אין לעבן פֿון לאַנד, און ווו זיי האָבן זיך געפֿילט אַזוי היימיש ווי אין אַמעריקע; אָט דער פֿאַקט אַז זיי האָבן דערגרייכט אַזאַ ספּעציפֿיש אַמעריקאַנער אידענטיטעט, שטעלט אין ספֿק צי זיי האָבן רעאַליזירט דעם ייִדישן קאָמפּאָנענט אין זייער אידענטיטעט. ער באַטאָנט אַז די שוועריקייט וועגן אַ מעגלעכקייט פֿון אַ ייִדישער קולטור אין אַמעריקע פֿילט מען אַמשטאַרקסטן בײַם לינגוויסטישן פּראָבלעם, ד״ה אין שייכות צום ענין ייִדיש־העברעיִש כּנגד ענגליש.

פּראָפֿ׳ אַלטער קאָנצענטרירט זיך דער עיקר אין זײַן רעפֿעראַט אויף דער אַמעריקאַנער ייִדישער בעלעטריסטיק וואָס ווערט געשריבן אויף ענגליש. ער שטרײַכט אונטער אַז אַמעריקע קען מען ניט פֿאַרגלײַכן צו דער דײַטש־רעדנדיקער וועלט פֿון קאַפֿקאַ, ווו די טויערן צו אַסימילאַציע זענען ניט געשטאַנען אַזוי אָפֿן ווי דאָ. לויט זײַן מיינונג האָט דער ייִדיש־ליטעראַרישער רענעסאַנס אויף ענגליש אין אַמעריקע געדויערט אַרום צוועלף יאָר, פֿון 1953 ווען ס׳איז דערשינען סאָול בעלאָו׳ס: „די אַוואַנטורעס פֿון אָוגי מאַרטש״, ביז 1964, ווען ס׳איז דערשינען „הערצאָג״.

אַלטער ציטירט פֿון קאַפֿקאַ׳ס אַ בריוו צו מאַקס בראָד, ווו ער שרײַבט אים אַז מערסטע יונגע ייִדן וואָס האָבן אָנגעהויבן שרײַבן דײַטש

האָבן געוואָלט איבערלאָזן זייער ייִדישקייט הינטער זיך, אָבער מיט זייערע הינטערשטע פּיס — קאַפֿקאַ׳ס אויסדרוק — זענען זיי נאָך געווען צוגעבונדן צו זייערע טאַטעס ייִדישקייט, און מיט זייערע וואַרפֿנדיקע פֿאָדערשטע פּיס האָבן זיי ניט געפֿונען קיין נייַעם באָדן. דער ייִאוש וואָס האָט געשטאַמט פֿון דער דערפֿאַרונג איז געוואָרן זייער אינספּיראַציע. אָט דאָס בילד פֿון דייַטשלאַנד פּרובירט אַלטער אַנווענדן אויף דער אַמעריקאַנער סיטואַציע. דערצו, אַרגומענטירט ווייַטער דער קריטיקער, איז די אַמעריקאַנער ייִדיש־ענגלישע בעלעטריסטיק אַ שפּיגל פֿון ייִדן אין איבערגאַנג. דערפֿאַר קען עס ניט אויסהאַלטן די פּראָבע פֿון אויטענטישער ייִדישקייט, הגם געוויסע בעלעטריסטישע ווערק פֿון אַמעריקאַנער ייִדישע שרייַבערס האָבן אַרטיקולירט די אַמביוואַלענץ פֿון אַ פֿאַרפּלאָנטערטער קולטורעלער אידענטיטעט, און דאָס איז אַ וויכטיקע פֿונקציע פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור, דורך דעם ווערט אויסגעדריקט דער אימאַזש פֿון זייערע אינערלעכע קאָנפֿליקטן.

איינע פֿון די בעסטע דערציילונגען וואָס אילוסטרירן די דאָזיקע קאָנפֿליקטן פֿון אידענטיטעט, איז, לויט אים, סינטיאַ אָזיק׳ס נאָוועלע: „קנאה, אָדער ייִדיש אין אַמעריקע". דאָ ווערט אָנגעשטעלט די פּראָבלעם וועגן דער מעגלעכקייט פֿון אַ ייִדישער קולטור אין אַמעריקע, און די צוויי הויפּט־העלדן פֿון דער דערציילונג — אָסטראָווער און עדלשטיין — זענען סימבאָליש פֿאַרן גורל פֿון דער עכטער ייִדישער קולטור, וואָס איז אפֿשר סובטיל, און טיף אין דער ייִדישער שפּראַך, אָבער אין שייכות צום הויפּט־שטראָם פֿון דער וועלט־קולטור איז זי פֿאַרמשפּט צו זייַן אַ קליין ריטשקעלע.

דאָ איז אימפּעראַטיוו צו דערמאָנען אַלטערן, פֿאַראַפֿראַזירנדיק יעקבֿ גלאַטשטיינס קרעדאָ, אַז די גרויסע וועלט האָט פֿונדעסטוועגן געפֿונען דאָס „קליינע ריטשקעלע" הגם ס׳האָט איר גענומען הונדערטער יאָרן ביז זי איז געקומען צו אונדז פֿאָדערן אונדזערע נבֿיאים פֿאַר זייערע סעפּטואַגינטאַס, ווולגאַטאַס, און קינג דזשיימסעס. מיר הייַנטיקע ייִדן מעגן אויך האָבן צייַט צו וואַרטן ביז זיי וועלן קומען צו אונדז אויסזוכן אונדזערע נחמן בראַצלאַוערס, ביאַליקס, שלום־עליכמס, פּרצס —

אויב נאָר אין „ריטשקעלע״ וועלן זיך געפֿינען פּערל, וועט מען זיי אויסזוכן . . .

ציַיטנוויַיז, ספּעציעל אין לעצטן טייל פֿון זײַן רעפֿעראַט, הערן מיר מונטערע טענער. ער זעט אַ ביסל טרייסט אין דעם וואָס די אַמערי־קאַנער תּפֿוצה איז אַנדערש פֿון דײַטשלאַנד: ס'איז אַ לאַנד פֿון מינאָ־ריטעט־קולטורן, דאָ פֿילט ניט דער ייִד קיין ייִאוש, נאָר אַ פֿאַנטאַסטישע שפּרודלדיקייט אין זײַן לעבן צווישן צוויי קולטורן. אָבער באַלד רײַסן זיך אַרײַן אין זײַנע ספּעקולאַציעס סקעפּטישע טענער, און ער פּסקנט אָפּ, אַז כאָטש ייִדן האָבן געלעבט אין אַ סך פֿאַרשידענע קולטורן, און זענען געוואָרן פֿון זיי באַאײַנפֿלוסט, האָבן זיי קיינמאָל ניט געשאַפֿן קיין אייגנאַרטיקע אימאַזשינאַטיווע ליטעראַטור, אַחוץ אין עכט ייִדישע שפּראַכן, ס'הייסט אין העברעיִש אָדער ייִדיש. ער גיט ווי אַ בײַשפּיל ר' יהודה הלוי וועלכער האָט געשריבן דעם כּוזרי אין אַראַביש, אָבער די לידער זענען אויף העברעיִש.

דער דאָזיקער אַרביטראַרער אורטייל פֿאַרזעט אַ ריי צענטראַל ליטעראַרישע דערשיינונגען אין דער ייִדישער געשיכטע וואָס נעגירן אים. ראשית, האָבן ייִדן אין אַלטערטום געשאַפֿן אין בבֿל די גמרא, אין וועלכער די אגדות־בעלעטריסטיק פֿאַרנעמט אַ וויכטיקע פּאָזיציע, אויף אַראַמייִש. און אויך דער זוהר וואָס איז, לויט גרשום שלום, גיכער אַ מיסטישע נאָוועלע ווי אַ סיסטעמאַטישע אָפּהאַנדלונג; אויך אַקדמות, און דער זמר „יה רבון״ זענען פֿאַרפֿאַסט געוואָרן אויף אַראַמייִש. און וואָס איז מכּוח היינע'ס לידער אויף ייִדישע מאָטיוון, און זײַן „רבי פֿון באַכראַך״ און די בעלעטריסטיק און פּאָעזיע פֿון אַ זאַנגוויל, אײַזיק ראָזענבערג, איסאַק באַבעל, אַבֿרהם קליין, ריכאַרד בער־האָפֿמאַן, נעלי זאַקס, און אַ סך אַנדערע וואָס האָבן געשריבן אין פֿאַרשידענע לשונות?!

אָבער צו דער ראָלע פֿון שפּראַך אין דער ייִדישער קולטור וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. צווייטנס, האָט דאָך דער קריטיקער פֿאַרגעסן, אַז אַמעריקע איז אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע תּפֿוצות ווײַל אין ערגעץ האָבן מיר זיך ניט געפֿילט אַזוי פֿרײַ, און אין דער היים ווי דאָ. טאָ ווי קען מען ברענגען ראיות פֿון שפּאַניע, ווען דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ איז

אַ נײַער פֿענאָמען אין דער ייִדישער געשיכטע, צו וועלכן ס'איז ניטאָ קיין אַנאַלאָגיע? ווען עס האַנדלט זיך וועגן שפּראַך־פּראָבלעם ווערט פּלוצלונג דער סאָפֿיסטיצירטער קריטיקער אַ דאָגמאַטיקער...

בײַם סוף פֿון זײַן אָפּהאַנדלונג געפֿינט פּראָפֿ' אַלטער אַ ביסל ליכט אין די אַמעריקאַנער אַקאַדעמיעס. דאָ, אין די אוניווערסיטעטן זעט ער סימנים וואָס זאָגן אָן אַן אויפֿקום פֿון אַן אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור. ער דערציילט אונדז אַז אַנהייבנדיק פֿון די זעכציקער יאָרן האָט זיך באַוויזן אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, אַן אַמעריקאַנער־טרענירטער דור פֿון ייִדישע געלערנטע. עס דערשײַנען אָריגינעלע וויסנשאַפֿטלעכע ווערק, שטודיעס איבער ביבלישער ליטעראַטור, תּלמוד, פֿילאָסאָפֿיע, חסידיזם אאַז"וו; און מערסטע פֿון די דאָזיקע געלערנטע רעפּרע־זענטירן אַ נײַעם סאָרט אַמעריקאַנער ייִד — אַ ייִד וואָס איז אויפֿגע־קומען אין אַמעריקע, און וואָס שטאַמט פֿון היימען מיט קנאַפּער ייִדיש־קײַט. ער דערמאָנט מיט לויב עטלעכע געלערנטע וועמענס ווערק עס זענען לעצטנס דערשינען: אַ בוך וועגן ר' נחמן בראַצלאַווער, אַן אַרײַנ־פֿיר צו דער משנה־תּורה פֿון רמב"ם, און אַ בוך: ראיות פֿון דער משנה. די אַלע ווערק טראָגן אויף זיך דעם חותם פֿון אַמעריקע אין פּרט פֿון די פֿאָרשונג־מעטאָדן, לויט די ניואַנסן פֿון זייערע פֿאָרמולירונגען, און זיי העלפֿן אונדז בעסער פֿאַרשטיין דעם ייִדישן עבֿר.

נאָך מער: דער קריטיקער וואַרפֿט אָפּ די פֿאַלשע נבֿיאות פֿון יענע וואָס זאָגן אונדז אָן אַז דער אַמעריקאַנער ייִד האַלט בײַ פֿאַרשווינדן. פֿאַרקערט: ער איז באַאײַנדרוקט פֿון דער עקשנותדיקער אײַנגע־שפּאַרטקײַט מצד אַ היפּשער צאָל אַמעריקאַנער ייִדן וואָס זוכן וועגן אויסצודריקן זייער ייִד־זײַן. אַזעלכע ייִדישקײַט־אויפֿבליצן, גלויבט ער, וועלן זיך פֿאַרמערן אין דער צוקונפֿט, און מע קען דעריבער האָפֿן אויף אַן אָנהייב פֿון אַן אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור.

ס'איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף אַ צענטראַלן מאָמענט אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור: צי קען עכטע ייִדישע ליטעראַטור — פּאָעזיע און בעלעטריסטיק — געשאַפֿן ווערן פֿון ייִדן אין פֿרעמדע שפּראַכן. מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט די אַלע ייִדישע קינסטלער

וואָס האָבן געשאַפֿן אימאַזשינאַטיווע ווערק, ניט נאָר לומדישע און היסטאָרישע, אין אַראַמייִש, אין דײַטש, אין רוסיש, אין ענגליש, און אַנדערע שפּראַכן. דערבײַ זענען מיר באַוווּסטזיניק, אַז שפּראַך איז מער ווי אַ מיטל פֿון קאָמוניקאַציע, ספּעציעל בײַ אַ מינאָריטעט־פֿאָלק ווי אונדזערס, אין די צעשפּרייטקײַטן. דאָס איז דער מעדיום וואָס שפּיגלט אָפּ די נשמה פֿון פֿאָלק, די ספּעציפֿישקײַט פֿון זײַן ציוויליזאַציע, און איז אויך אַ רעזערוווּאַר פֿון זײַנע ווערטן, פֿון זײַן אייגנאַרטיקײַט, טרויער, און פֿרייד און געלעכטער. דאָס זענען אַלץ טרויִזמען. ס'איז אויך אַקסיאָמאַטיש אַז ייִדיש איז דער בעסטער אויסדרוק פֿון ייִדישער אַנדערשקײַט, און איז דער טויער צו דער טויזנט־יעריקער ייִדישער ציוויליזאַציע וואָס ייִדן האָבן געשאַפֿן אין מזרח־אייראָפּע. די יוגנט אונדזערע וואָס וועט לערנען דאָס לשון וועט דורך דעם ווערן פֿאַרקניפּט אויפֿן אינטימסטן אופֿן מיטן לעבן, מיט די חלומות און בענקשאַפֿטן פֿון די פֿריערדיקע דורות.

דאָס זענען שוין לאַנג באַקאַנטע אמתן. אָבער דאָס איז ניט סותר דעם פֿאַקט אַז מיר האָבן עכטע, טיף־ייִדישע ווערק געשריבן פֿון ייִדן אין אַלערליי לשונות, און די דאָזיקע שאַפֿונגען זענען אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער ייִדישער קולטור, און אַט דעם צוגאַנג דאַרפֿן מיר אַקצעפּטירן בנוגע אַמעריקאַנער ייִדן וואָס שאַפֿן אויף ענגליש, אויב די דאָזיקע קינסטלער האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו אונדזער לעבן, און זייער וויזיע איז דורכגעלויכטן פֿון הומאַניסטישע אידייען. די ווערק פֿון סאָול בעלאָו, בערנאַרד מאַלאַמוד, אברהם קליין זענען פֿאַר מיר ייִדישע ווערק. „הערצאָג" און „סאַמלערס פּלאַנעט" זענען ייִדישע ליטעראַטור פֿאַר יעדן לייענער וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אונדזער עטאָס, און מיט דער דערהויבנקײַט פֿון אונדזער געשיכטע. די צענטראַלע כאַראַקטערן אין ביידע ווערק זענען אייביקע ייִדן וואָס זוכן אַ זין פֿאַר זייער עקזיסטענץ דורך תּיקון־העולם.

און נאָך מער איז דאָס אמת בנוגע דעם נײַעם דור אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערס, אַזעלכע ווי סינטיאַ אָזיק, אַרטור קאָהען, חיים פּאָטאָק, און דער ייִנגערער מאַרק העלפּרין (געבאָרן אין 1947) וועמענס

אינטערעסן און אײַנשטעלונגען פֿאַרקערפּערן אַ באַוווּסטזיניקן ייִדישן דרך, און וועלכע ווילן באַטראַכט ווערן ווי ייִדישע שרײַבערס. די דאָזיקע שרײַבערס פֿאַראורטיילן אַסימילאַציע, און גלויבן אַז ס'וועט קומען אַן אויפֿבלי פֿון אַ ייִדישער ליטעראַטור אויף ענגליש. זיי מאַכן אויך אַן אָנשטרענגונג צו געפֿינען זייער ליטעראַרישע יניקה ניט אין אַליענאַציע, אָפּפֿרעמדונג, קעגן־קולטור, נאָר אין דער ייִדישער טראַדיציע און קולטור.

דער אינהאַלט פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור אויף ענגליש וועט מסתמא זײַן, אין געוויסע אַספּעקטן, אַנדערש פֿון דער ישׂראל־ייִדישקײַט, און פֿון אונדזער ייִדיש־ייִדישקײַט, אָבער אויב זי וועט וואָרצלען אין תנ"ך, אין תּלמוד, אין דער ייִדישער מחשבֿה, און אין דער מאָדערנער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור וועט זי זײַן אי דורותדיק, אי מאָדערן, און דעריבער אויטענטיש ייִדיש. גערעכט איז געווען לודוויק לואיסאָן וועלכער האָט געגלויבט, אַז דער עכטער ייִדישער שרײַבער שרײַבט ווי אַן אינעווייניקסטער אין גײַסט, און אין גורל פֿון זײַן פֿאָלק. אין וואָס פֿאַר אַ שפּראַך עס זאָל ניט זײַן גיט ער צו צו דער תּורה אין ברייטסטן זין פֿון וואָרט.

(1983)

# טאָפּלטע לאָיאַליטעט, אימיטאַציע און אַסימילאַציע

## I

יעדער וואָס איז באַהאַוונט אין דער ייִדישער וועלט־געשיכטע ווייסט אַז די תּפֿוצות אונדזערע האָבן נישט געהאַט איין פּנים: אַז ייִדישע געשיכטע איז די היסטאָריע פֿון פֿאַרשידענע, אַנדערשדיקע ייִדישע קיבוצים. אַבֿרהם העשעל האָט אין זײַן בוך: „די אינערלעכע וועלט פֿון

ייִד אין מזרח־אייראָפּע" פאַרגליכן דאָס אַשכּנזישע און ספּרדישע ייִדנטום, און איז געקומען צום אויספיר אַז די קולטור פון שפּאַנישן ייִדנטום איז געוואָרן פאַרמירט פון אַן עליטע וואָס האָט געצויגן איר אינספּיראַציע פון דער קלאַסישער פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט. די ספּרדישע ייִדישע געלערנטע האָבן אָפּט גענומען אַראַבישע פּאָעזיע און גריכישע עטיק ווי זייערע מאָדעלן. זייערע פּאָעמעס זענען געווען געשריבן אין אַזאַ קאָמפּליצירטן העברעיִש, אַז בלויז די אינטעליגענץ האָט דאָס געקענט פאַרשטיין; בעת, „אויף די ליפּן פון אַשכּנזישע ייִדן איז העברעיִש באַפרײַט געוואָרן פון די גאָלדענע קייטן פון אַ קאָמפּליצירטער רעטאָריק, און ס'איז געוואָרן לײַכט און נאַטירלעך ווי דער העברעיִש פון מדרש"[1].

הגםביידע ייִדנטומס זענען געווען קינדער פון זעלביקן פאָלק ישׂראל, זענען זיי דאָך געווען אַנדערש איינער פון אַנדערן. און אַפילו אין אַשכּנזישן ייִדנטום גופא זענען געווען פאַרשיידנקייטן: דאָס דײַטשישע ייִדנטום איז געווען אין אַ סך פּרטים אַנדערש פון פּוילישן ייִדנטום, הגם ביידע האָבן געליטן פון רדיפות, פאַרהייליקט דעם תּנ"ך און תּלמוד, און ביידע האָבן געשטרעבט צו שיבֿת־ציון.

אויך דאָס הײַנטיקע ייִדנטום אין אַמעריקע איז אַנדערש, נישט נאָר פון דײַטשישן און פּוילישן ייִדנטום, נאָר אויך פון די איצטיקע ייִשובֿים אין מערבֿ־אייראָפּע. אין פראַנקרײַך, ענגלאַנד, איטאַליע, איז די מערהײַט־קולטור פון לאַנד האָמאָגעניש. איז דעריבער דער דרוק אויף ייִדן מצד דער נישט־ייִדישער קולטור אַ סך שטאַרקער ווי אין דער העטעראָגענישער, פיל־פעלקערדיקער אַמעריקע, וווּ ייִדן לעבן אין אַ פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע עטנישע מינאָריטעטן. אין אַזאַ סבֿיבֿה ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז עס אַ געוויינלעכע דערשיינונג צו באַגעגענען אייגנאַרטיקע רעליגיעזע און קולטורעלע גרופּעס. אין אַזאַ אומגעבונג טאָלערירט מען גיכער אַנדערשקײַט. דאָ איז מעגלעך אַז אַ סך קינדער פון געמישטע חתונות זאָלן דערצויגן ווערן ווי ייִדן — אַ פענאָמען וואָס איז נישט בנמצא אין קיין שום אַנדערש תּפוצה, די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע סטרוק־

טור פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז ראַדיקאַל אַנדערש פֿון אַ פּוילן, אַ פֿראַנקרײַך, אָדער וואָסער אַנדער לאַנד, במשך דער גאַנצער לענג פֿון דער ייִדישער געשיכטע.

די פֿאַראייניקטע שטאַטן שטעלן שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ מדינה וואָס איר אייניקײַט איז באַזירט אויף אַ סך לאָיאַליטעטן, ווי דע־טאָקוויל האָט דאָס געזען מיט זײַן שאַרף אויג לאַנג צוריק. אַמעריקע איז נישט קיין מאָנאָ־ליטיש, האָמאָגעניש, נאַציאָנאַליסטיש לאַנד, ווו אַלע יוונים האָבן אָדער דאַרפֿן האָבן איין פּנים. סײַ היסטאָריש, סײַ קעגנוואַרטיק זענען די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן אַנדערש ווי די אייראָפּעיִשע לענדער. ווי אַ רעזול־טאַט פֿון דער באַזונדערקײַט, און צוליב אַנדערע סיבות, אויף וועלכע מיר וועלן זיך שפּעטער אָפּשטעלן, געשטאַלטיקט זיך דער היגער ייִדישער קיבוץ ספּעציפֿיש אַמעריקאַניש, אייגנטימלעך, אַנדערש פֿון די איבעריקע ייִדישע צעשפּרייטקײַטן. אַמעריקאַנער ייִדן האָבן בײַם סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה דערגרייכט אַזוי פֿיל אַנערקענונג און אײַנפֿלוס אין אַמעריקע, אַז זיי האָבן זיך נישט געשראָקן פֿאַר דער באַשולדיקונג אין „טאָפּלטער לאָיאַליטעט". זיי האָבן אָן מורא אויס־געאיבט אַ פּאָליטישן דרוק לטובֿת ישׂראל און וועלן אים ווײַטער אויס־איבן, נישט געקוקט אויף דעם שטורעם אַרום די „אַוואַקס" פֿון סאַודי־אַראַביע, ווי מיר וועלן דאָס באַלד באַווײַזן.

ריימאָן אַראָן, דער ייִדיש־פֿראַנצויזישער פּובליציסט און פּאָליטי־שער דענקער האָט אַנומלט אין זײַנעם אַן אויפֿטריט אויף דער אַמערי־קאַנער טעלעוויזיע צוגעגעבן אַז אויב דער פֿראַנצויזיש־ייִדישער קיבוץ וואָלט אין פּאַריז געשאַפֿן אַזאַ „דרוק־גרופּע" (לאָבי) ווי אַמעריקאַנער ייִדן האָבן אײַנגעשטעלט אין וואַשינגטאָן, וואָלט עס אין פֿראַנקרײַך אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקע רעאַקציע קעגן ייִדן, ווײַל פֿראַנקרײַך איז נאָך ביז אַ געוויסער מאָס אַ „יאַקאָבינער נאַציע" נישט אַזוי טאָלעראַנט צו אַנדערש־דענקענדיקע ווי די פּלוראַליסטישע אַמעריקע. דער אַמערי־קאַנער עטאָס איז אַ וואָלונטאַריסטישער.. דאָ איז פֿאַראַן אַ פֿרײַער אויסוואַל, פֿרײַע באַוועגונג, פֿרײַע פֿאַרזאַמלונגען, פֿרײַער אויסדרוק פֿאַר יעדנס אידעען און מיינונגען. אָט דאָס האָט מעגלעך געמאַכט פֿאַר

אַמעריקאַנער אײַנוווינער, אָפּשטאַמיקע פֿון פֿאַרשידענע לענדער זיך אויסצודריקן און האַנדלען לויט זייערע געפֿילן פֿאַר זייערע פֿריער־דיקע ווױנלענדער. די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך אויסגעלערנט צו אַקאָמאָדירן נאַציאָנאַלע לאָיאַליטעטן אי צום פֿריערדיקן, אי צום נײַעם ווױנלאַנד — אַ פּראָבלעם וואָס איז געוואָרן ברענענדיק־אַקטועל אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען אַמעריקע איז געוואָרן פֿאַרוויקלט אין אינטערנאַציאָנאַלע פֿראַגן. מיט אַנדערע ווערטער: אַן אַמעריקאַנער בירגער אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן קען זײַן פֿאַראינטערעסירט אין זײַן פֿריערדיק געבוירן־לאַנד, און דאָך ווערן פֿאַררעכנט ווי אַ לאָיאַלער בירגער פֿון אַמעריקע. דאָס איז חל אויף אירלענדער, פּאָליאַקן, גריכן און אויך אויף ייִדן, וואָס זענען איבערגעגעבן צו מדינת ישראל.

דאָס פּראָבלעם: טאָפּלטע לאָיאַליטעט, איז דאָ אויפֿגעקומען אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג קעגן דײַטשלאַנד. אין יענער אַנגעגליטער אַטמאָספֿער זענען אַמעריקאַנער דײַטשן באַשולדיקט געוואָרן אין אומלאָיאַליטעט צו אַמעריקע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען יאַפּאַנעזער־אַמערי־קאַנער אינטערנירט געוואָרן אין לאַגערן. אָט די דאָזיקע דערפֿאַרונגען האָבן אַרויסגערוקט דאָס פּראָבלעם פֿון צעטיילטע לאָיאַליטעטן אין אַ מלוכה־סיסטעם פֿון פֿרײַוויליקע לאָיאַליטעטן. ס'איז אַ פֿראַגע אויף וועלכער ס'איז נאָך אַלץ שווער צו געפֿינען איין ענטפֿער וואָס זאָל אַלע־מען צופֿרידנשטעלן. וואָס זענען די קריטעריעס פֿאַר אַמעריקאַנער לאָיאַליטעט? וואָסער פֿאַרבינדונגען צום געבוירן־לאַנד שטימען מיט לאָיאַליטעט צו אַמעריקע? אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, ווי די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן, וועט די קריטעריע אין אַ גרויסער מאָס זײַן אָפּ־הענגיק פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג אין געגעבענעם מאָמענט. אין אַ צײַט פֿון אַ קריזיס — אינערלעכן אָדער אויסערלעבן — וועט דער ענין לאָיאַליטעט אויפֿגענומען ווערן אַנדערש ווי אין אַ רויִקער צײַט.

אָט איז אַ מוסטער פֿון אַמעריקעס שטעלונג צו לאָיאַליטעט ווי רעפּרעזענטירט מצד אַ צענטראַלער פֿיגור אין לאַנד. פּרעזידענט

ווודראָו ווילסאָן האָט אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 10טן מאַי 1915, צו אַ גרופּע נאַטוראַליזירטע בירגער געזאָגט אָט וואָס: „איר האָט נאָר וואָס געשוואָרן טריַיהייט צו אַ גרויסן אידעאַל, צו גרויסע פּרינציפּן, צו אַ גרויסער האָפֿענונג פֿון דער מענטשהייט . . . ווי אַמערי־קאַנער בירגער דאַרפֿט איר נישט בלויז טראַכטן צוערשט וועגן אַמע־ריקע נאָר אַלע מאָל צוערשט אויך וועגן דער מענטשהייט”[2]. דאָס איז גאַנץ וויַיט פֿון אָנגענומענעם פּאַטריאָטיזם אין די דעמאָקראַטישע מלוכות פֿון מערבֿ־אייראָפּע, שוין נישט צו רעדן וועגן די טאָטאַ־ליטאַרע, כּלומרשט אינטערנאַציאָנאַליסטישע לענדער.

אָודאי זענען מיר באַוווּסטזיניק אַז אָט דער ווילסאָנישער קוק איז געווען פּאָפּולער אין אַמעריקע בעת דאָס לאַנד איז נאָך געווען רעלאַטיוו איזאָלירט פֿון וועלט־ענינים. דעמאָלט האָט מען געהאַלטן אַז אַמעריקע קען זײַן פֿרײַ פֿון די אַלע נאַציאָנאַליזמען וואָס האָבן, לויט ווילסאָנס אויסדרוק, צעטיילט די מענטשהייט אין „אייפֿערזיכטיקע לאַגערן”. מלחמה, און קריזיס־צײַטן האָבן אַרויסגערופֿן בײַם אַמערי־קאַנער עולם ענלעכע סענטימענטן פֿון נאַציאָנאַלער לאָיאַליטעט ווי אין אייראָפּע. אין אַזעלכע צײַטן איז דאָס פּראָבלעם פֿון טאָפּלטער לאָיאַ־ליטעט בײַ עטנישע גרופּעס וועמענס היימלאַנד ס'איז פֿײַנדלעך צו אַמעריקע געוואָרן פֿאַרשאַרפֿט, ווי עס באַווײַזט די דערפֿאַרונג פֿון דײַטשישע און יאַפּאַנעזישע אַמעריקאַנער. אָבער, אין פֿאַרהעלטניש־מעסיק רויִקע צײַטן איז אַמעריקע, אָן ספֿק, טאָלעראַנטער.

אַמעריקאַנער טאָלעראַנץ איז היסטאָריש באַזירט אויף דער טראַ־דיציע פֿון אויסנעמלעכקײַט, אַז אַמעריקע איז נישט אַ נאַציע ווי אַלע אַנדערע נאַציעס: זי איז נישט באַזירט אויף בשותּפֿותדיקער געשיכטע, קולטור, בלוט, אָדער רעליגיע, נאָר אויף אַ געמיינזאַמער געטרײַשאַפֿט צו אַ פּאָליטישער סיסטעם וואָס איז געשאַפֿן צו אַקאָמאָדירן ברייטע פֿאַרשידנקייטן — אַ סיסטעם וואָס איז געבויט אויפֿן פּרינציפּ פֿון רעכט פֿון יחידים צו פֿאַרזאָרגן זייערע אינטערעסן לויט זייערע ווערטן און געשמאַק. אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטישער טראַדיציע מיינט לאָיאַ־ליטעט צום לאַנד — לאָיאַליטעט צום פּרינציפּ פֿון פֿרײַהייט, און אַזאַ

**לאָיאַליטעט דאַרף נישט שאַפֿן קיין מחיצות צווישן מענטשן פֿון פֿאַר־שידענע לענדער.**

## II

**אַזוי איז עס געווען ביז אַרום יאָר 1970. אַמעריקאַנער ייִדן וואָס האָבן אַנגעפֿירט מיט דער ישׂראל־לאָבי האָבן ביז יענער צײַט אַרויס־גערופֿן ווייניק אָפּאָזיציע, אָבער ווען די אַראַבישע לענדער מיט זייערע אויל־קוואַלן זענען געוואָרן נייטיק פֿאַר דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע, און דערצו אַ קוואַל פֿון פּראָפֿיטן פֿאַר די אויל־קאָרפּאָראַציעס, דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן הערן שטימען וועגן אומלאָיאַליטעט. אַזוי, למשל, אין דער צײַט פֿון דער אַוואַקס־דעבאַטע אין אַמעריקאַנער סענאַט, אין אָקטאָבער, 1981, האָט פּרעזידענט רייגען, און נאָך מער דער געוועזענער פּרעזידענט ניקסאָן געגעבן אָנצוהערענישן אַז אַמעריקאַנער ייִדן פֿירן זיך נישט אויף לאָיאַל צו אַמעריקע.**

**אויף דעם אויפֿשטײַג פֿון אומטאָלעראַנץ האָט די ליבעראַלע אַמע־ריקע, ווי רעפּרעזענטירט דורך דער „ניו־יאָרק טײַמס" שאַרף רעאַגירט, בזה הלשון:**

**„יאָ, די ייִדישע לאָבי, האָט געפֿירט אַ שטאַרקע קאַמפּאַניע, אָבער פּונקט אַזאַ לאָבי פֿון געווער־פֿאַבריקאַנטן, אויל־פֿירמעס און סאַודי־אַראַבישע אַגענטן און סוחרים האָבן געקעמפֿט לטובֿת דעם אַוואַקס־מסחר. קיינער פֿון דיביידע צדדים האָבן נישט קיין רעכט צו טענהן אַז נאָר ער פֿאַרטרעט אַמעריקאַנער אינטערעסן. פֿאַקטיש זענען אַמערי־קאַנער ייִדן נישט קיין שקלאַפֿישע אַפּאָלאָגעטן פֿאַר יעדער ישׂראל־פּאָליטיק. אָבער אַפֿילו ווען ייִדן זענען פֿאַראייניקט, ס'הייסט לטובֿת ישׂראל, טאָר מען נישט טאָלערירן די טונקעלע מורמלערײַען וועגן אומ־לאָיאַליטעט...**

„ייִדן האָבן אַזוי פֿיל רעכט אַרײַנצוטײַטשן זאָרג פֿאַר ישׂראל אין זייער קוק אויף די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, פּונקט ווי גריכישע אַמערי־קאַנער וואָס זענען קעגן שטיצע מצד אַמעריקע פֿאַר טערקײַ, אָדער ווי שוואַרצע אַמעריקאַנער וואָס פֿאַרלאַנגען אַז אַמעריקע זאָל אַרויס־

טרעטן קעגן דרום־אַפריקעס ראַסיזם. (**אונטערגעשטראָכן פֿון ש. ג.**) אַזעלכע באַמיִונגען שוואַכן נישט אָפּ אַמעריקע; פֿאַרקערט: עס קען נישט זײַן קיין שטאַרקע אויסלענדישע פּאָליטיק מצד אַמעריקע, אויב זי איגנאָרירט די פֿאַראייניקטע לעכצונגען פֿון אינלענדישע אינטערעסן"[3].

דער דאָזיקע פֿאַל לערנט אונז אַז אַפילו אין דער פּלוראַליסטישער, דעמאָקראַטישער, פֿיל־פֿעלקערדיקער אַמעריקע איז דאָ אַ גרענעץ צו פּרײַהײַט פֿאַר אַ מיעוט־גרופּע; אַז כאָטש מיר לעבן דאָ אין אַ לאַנד פֿון „לאָביס" — ס'זענען דאָ אַן אַראַבישע לאָבי, אַן אויל־לאָבי, אַן אַמוניציע־לאָבי — פֿונדעסטוועגן מוז אַ מינאָריטעט־גרופּע זײַן וואַך צו דער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג אין לאַנד.

פֿון דעם אַלעם איז אָבער נישט געדרונגען אַז מען מעג מאַכן נישט באַגרינדעטע היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס בנוגע אַמעריקאַנער ייִדנטום מיט אַנדערע ייִדישע יישובֿים. פּעסימיסטן ווילן אונדז איבערצײַגן אַז יעדער ייִדישער קיבוץ אין די תּפֿוצות האָט זיך אַלע מאָל געענדיקט מיט אונטערגאַנג, און דעריבער וועט דער גזר־דין אויך נישט אויסמײַדן דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום. ערשטנס, זענען נישטאָ קיין אייביקײַט־גאַראַנטיעס אַפֿילו אין דעם אַלט־נײַ־לאַנד ישׂראל, און צווייטנס, איידער מען מאַכט אַנאַלאָגיעס דאַרף מען זיך באַקענען מיט דער איצטיקער אַמעריקאַנער סצענע, מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער סטרוקטור, און מיט די ספּעציפֿישע באַדינגונגען אין אונדזער צײַט. דערבײַ מוז מען אויך אין זינען האָבן אַז די פּאָזיציע פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום איז אַזאַ אַז זײַן אונטערגאַנג אין דער נאָענטער צוקונפֿט וואָלט געמיינט דער אונטערגאַנג פֿון מדינת ישׂראל.

די דאָזיקע שוללי־הגלות רוקן כּסדר אַרויס דעם אַרגומענט אַז די אַמאָליקע ייִדישע קיבוצים האָבן פֿאַרמאָגט אינסטרומענטן פֿאַר ייִדישן קיום וואָס מיר אין אַמעריקע פֿאַרמאָגן נישט: אַן אינטענסיוו רעליגיעז לעבן, אַן אייגענע שפּראַך — ייִדיש, אָדער לאַדינאָ. זיי איגנאָרירן אָבער דעם קאַרדינאַלן פֿאַקט אַז ביז 1948 האָבן די תּפֿוצות נישט זוכה געווען צו האָבן אַ ייִדישע מדינה, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע אירע ראַנגלע־נישן מיט אויסערלעכע און אינערלעכע פּראָבלעמען, איז זי דאָך אַ

צענמענטירנדיקער און נאַציאָנאַליזירנדיקער אינסטרומענט פֿאַר אַלע ייִדישע צעשפּרייטקייטן.

עס זענען נישט גערעכט די דעמאָגראַפֿן וואָס שרעקן אונדז מיט נבֿיאות וועגן דער צוקונפֿטיקער פֿאַרקלענערונג פֿון דער צאָל ייִדן אין אַמעריקע. זיי פֿאַרזען דעם פֿאַקט, אַז עס גייט אָן אַ כּסדרדיקע אימיגראַציע פֿון ייִדן אַהער: פֿון סאָוועט־רוסלאַנד, פֿון איראַן, פֿון דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע, און אויך פֿון ישׂראל. דערצו פֿאַרקלענערט זיך נישט די געבורט־ראַטע אין אַמעריקאַנער ייִדיש־אָרטאָדאָקסישן סעקטאָר. פֿאַקטיש מערקט זיך דאָ, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן די זעלביקע טענדענץ ווי אין מדינת ישׂראל, ווו די פֿרומע ספֿרדישע עדות וואַקסן שנעלער ווי די וועסטערניזירטע אַשכּנזישע ייִדן.

אָבער די אונטערגאַנגיסטן באַנוצן זיך אָפֿט מיטן געשריי: אַסימילאַציע! אַ באַגריף וואָס שליסט איַין אַלערליי „זינדיקע״, וואָס האָט פֿאַרשידענע טײַטשן און מדרגות. אַזוי למשל, ווערט בײַ די וויליאַמסבורגער פֿרומע ייִדן, די אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע מיט איר ישיבֿה־אוניווערסיטעט גילטן ווי אַ האַלב־אַסימילירטע עדה, און מכּל־שכּן די רעפֿאָרם־ייִדן: ווי גאַנץ־אַסימילירטע; בײַ די דאָזיקע אונטערגאַנגיסטן איז יעדער אָפּנייג פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדישקייט־נוסח, אַסימילאַציע. זיי פֿאַרגעסן אַז אויך אין אַלטערטום און מיטלאַלטער זענען די ייִדישע ייִשובֿים נישט געווען ענלעך איינע צו דער אַנדערער, און אַוודאי נישט קיין קאָפּיע פֿון ארץ־ישׂראל.

אַסימילאַציע, האָבן ייִדישע דענקער אַנגעוויזן, האָט דרײַ סטאַדיעס: רעוואָלט קעגן ייִד־זײַן; גלײַכגילטיקייט צום ייִדישן קיום, און אימיטאַציע, ס׳הייסט נאָכמאַכן דער נישט־ייִדישער מערהייט, איבערנעמען אירע פֿירונגען. רעוואָלט קעגן ייִד־זײַן איז אומבאַדײַטנדיק אין אַמעריקע. גלײַכגילטיקייט צום ייִדישן המשך איז הײַנט־צו־טאָג דאָ שוואַכער ווי מיט פֿערציק יאָר צוריק. אפֿשר איז דאָ צוליבן דריטן חורבן וואָס האָט אָנגעצונדן דאָס לאַטענטע פֿינטעלע ייִד, אָדער צוליבן אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל. אימיטאַציע ווידער, נאָכמאַכן דער נישט־ייִדישער מערהײַט, מיינט נישט אַז ס׳מוז דערפֿירן צו אויפֿלייזונג. עס קען אויך פֿירן

און ס׳דערפֿירט אַ סך מאָל צו אַפֿירמאַציע, צו אַקצעפּטירן דעם נאַציאָ־נאַלן „איך״ אין אַ נײַער פֿאָרם. אויף דעם פֿענאָמען האָט ריכטיק אָנגע־וויזן אחד־העם מיט נײַנציק יאָר צוריק.

אין זײַן עסיי: „אימיטאַציע און אַסימילאַציע״ ווײַזט אחד־העם אָן אַז נישט יעדער מין אימיטאַציע פֿון דער נישט־ייִדישער קולטור פֿירט צו אַסימילאַציע. „לאַנג איידער די העלעניסטן אין ארץ־ישׂראל האָבן געוואָלט איבערנעמען די גריכישע קולטור אויפֿן פּלאַץ פֿון יהדות״, שרײַבט ער, „האָבן ייִדן אין עגיפּטן געהאַט אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די גריכן, מיט זייער לעבן, זייער גײַסט און פֿילאָסאָפֿיע. און דאָך באַמערקן מיר נישט בײַ זיי קיין אויסדריקלעכע באַוועגונג לטובֿת אַסימילאַציע. פּונקט פֿאַרקערט: זיי האָבן געניצט זייער גריכיש וויסן צו באַווײַזן דעם אמתן גײַסט פֿון יהדות, צו ווײַזן דער וועלט איר שיינקײַט און פֿאַר־טיידיקן זי קעגן דער שטאָלצער פֿילאָסאָפֿיע פֿון די גריכן. דאָס הייסט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן פֿון אימיטאַציע... און מיט דער הילף פֿון דער אימיטאַציע, וואָס איר ערשטע סיבה איז געווען זעלבסטפֿאַרלייקענונג לגבי אַ פֿרעמדן גײַסטיקן כּוח, האָבן זיי מצליח געווען צו באַנוצן דעם כּוח כּדי צו שטאַרקן די יהדות, אין אַריבערגיין פֿון זעלבסט־פֿאַר־לייקענונג צו אַ קאָנקורענץ מיטן העלעניזם״[4].

אחד־העם קומט דעריבער צו דער מסקנא אַז די רעטונג פֿאַר ייִדישקײַט ליגט אין אַ דריטן וועג — נישט אין סתּם אימיטאַציע און נישט אין אַסימילאַציע, נאָר אין אַן אימיטאַציע פֿון אַ סאָרט קאָנקורענץ. אויב אַסימילאַציע וואָלט דערגרייכט די סטאַדיע פֿון גלײַכגילטיקײַט, און וואָלט דערגאַנגען ביז צו אַ פֿאַרלאַנג צו ווערן פֿאַרשלונגען אין פֿרעמדן לעבן, דעמאָלט וואָלט שוין נישט געווען קיין אינטערעס צוצו־פּאַסן די אייגענע קולטור צו מאָדערנע פֿאָדערונגען. דער נאַטירלעכער גאַנג וואָלט געווען זי צו לאָזן צו רו ביז זי וואָלט פֿאַרשווונדן פֿון זיך אַליין, און דערווײַל זאָל מען זי אָנהאַלטן אָן שום ענדערונג.

אַזוי למשל, ווען אַ ייִד וויל ווערן אַ מיטגליד פֿון אַ גאָלף־קלוב דורך דעם וואָס ער וועט זיך פֿאַרשטעלן ווי אַ גוי, איז דאָס זעלבסט־פֿאַרלייקענונג, דעפּיטיסטיש. אָבער ווען ייִדן שאַפֿן אַן אייגענעם גאָלף־

קלוב ווערן זיי דורך דעם נישט אַסימילירט. ס'איז אַן אימיטאַציע דורך קאַנקורענץ[5]. אויך רעפֿאָרם ייִדישקייט האָט אָנגעהויבן מיט אימיטאַציע, און ס'האָט אויסגעזען, מיט פֿופֿציק יאָר צוריק, אַז זי מוז פֿירן צו שמד, צו פֿולשטענדיקער אויפֿלייזונג פֿון ייִדישן כּלל. הײַנט זעען מיר אַז רעפֿאָרם־ייִדן דיסקוטירן שוין וועגן גרינדן ייִדישע טאָג־שולן, און זיי זענען אין זייער רובֿ ציוניסטיש געשטימט. ראַבײַ אַלעקסאַנדער שינדלער, זייער פֿירער, איז אַן איבערגעגעבענער פֿרײַנד פֿון דער ייִדישער מדינה. גערעכט איז דער היסטאָריקער גרשון קאָהען אַז די גרויסע תּקופֿות פֿון ייִדישער שעפֿערישקייט זענען אַלע מאָל געווען פּראָדוקטן פֿון דעם אַרויסרוף מצד אַסימילאַציע, און דעם אָפּרוף פֿון די ייִדישע פֿירער וואָס זענען צום טייל אַליין געווען אַסימילירט. די פֿעיִקייט זיך צוצופּאַסן צו נײַע סיטואַציעס, און דערבײַ אָנהאַלטן אַ המשכדיקן קאָמפּאָנענט אין ייִדישקייט איז ביז אַ געוויסער מאָס פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר ייִדישן קיום און וויטאַליטעט.

אין דער איצטיקער נאָך־חורבן עפּאָכע האָט די מערבֿ־קולטור אויפֿגעהערט צו זײַן אַן אַטראַקציע פֿאַר אַ סך האַלב־אַסימילירטע ייִדן, ווי זי איז עס געווען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. ייִדישקייט איז נישט אַ משׂא, אַן עול פֿאַר אַמעריקאַנער ייִדן. די ייִדישע צענטערס אין די אַמעריקאַנער שטעט זענען איצט אַ סך ייִדישלעכער, רײַכער אין יודאַיקאַ, פּראָגראַמען ווי אַ מאָל. ייִדישע טאָג־שולן זענען געוואַקסן אין צאָל, און אין איבער דרײַ הונדערט אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס זענען איצט אײַנגעפֿירט געוואָרן ייִדישע קורסן. אויך די ייִדישע זומער־קאָלאָניעס (קעמפּס) זענען געוואָרן ייִדיש־דערציערישע אינסטיטוציעס.

די אַלע אויסגערעכנטע אַנטוויקלונגען אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן פֿירן אונדז צו דער מסקנא אַז אין היגן ייִדישן קיבוץ גייט איצט ייִדישקייט באַרג־אַרויף; אַז נישט געקוקט אויף די שאַטנדיקע זײַטן — די אָפּגעשוואַכטע פּאָזיציע פֿון ייִדיש, געמישטע חתונות — איז די מערכה פֿון ייִדישקייט, אין ברייטסטן זין פֿון וואָרט, בײַ הי־געבוירענע ייִדן, אַ סך בעסער ווי זי איז עס געווען פֿריער. עס זענען דאָ פּערספּעקטיוון אַז דאָ וועט זיך אויסקריסטאַליזירן אַ ייִדישער נוסח־אַמעריקע וואָס וועט

זײַן נישט ווייניקער אויטענטיש, שורשדיק, ווי עס איז געווען נוסח־ספרד און נוסח־אַשכנז.

דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ קען נישט געמאָסטן ווערן מיט מזרח־אייראָפּעיִשע, אָדער ישׂראלדיקע מאָסן. ס'איז אַן אייגנאַרטיקער שבֿט אין פֿאָלק ישׂראל, אין וועלט־ייִדנטום, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קיבוץ־גלויות פֿון אַלע עקן וועלט אין באַדינגונגען פֿון פֿרײַהײַט און פּלוראַליזם, וואָס זײַנס גלײַכן האָט די ייִדישע געשיכטע קיינמאָל פֿריער נישט געקענט. סימפּליציסטישע פֿאַרגלײַכונגען מיט אַנדערע ייִדישע קיבוצים, און פֿריערדיקע תּקופֿות, קענען אונדז ווייניק אַרויסהעלפֿן. אונדזער הויפּט־דאגה און אָנשטרענג דאַרף זיך איצט קאָנצענטרירן אויף איבערגעבן די קומענדיקע דורות אַ וואָס גרעסערן עקסטראַקט פֿון אונדזער גײַסטיקער ירושה, און ספּעציעל פֿון דער טויזנט־יעריקער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופֿה.

(1982)

1) A. J. Heschel: The Earth is the Lord's, pp. 26-28; Henry Schuman, N.Y., 1950.

2) Harvard Encyclopedia of American Ethnic Groups, S. Thernstrom, Editor; pp. 78-86; Harvard University Press, 1980.

3) "New York Times", Nov. 1, 1981.

4) כל כתבי אחד־העם; הוצאת דביר, תל־אביב, 1956, זייט 88־92.

5) Maurice Samuel: The Faith of Secular Jews, by Saul L. Goodman; Ktav Publishing, N.Y., 1976; pp. 249-56.

# דער גײַסטיקער קלימאַט אין דער ייִדישער אַמעריקע

## I

דער אַמעריקאַנער ייִדישער ישובֿ, ווי באַוווּסט, שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ קיבוץ־גלויות פֿון פֿאַרשידענע ייִדישע שבֿטים: ספֿרדישע, דײַטשישע, מזרח־אייראָפּעיִשע און אָריענטאַלישע ייִדן פֿון עטלעכע לענדער. עס איז קלאָר פֿאַר יעדן אָבסערווירער פֿון דער היגער ייִדישער סצענע, אַז די דאָזיקע פּלוראַליסטישע ייִדישע געמיינדע — אין איר רובֿ פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן אָפּשטאַם, ווערט מיט יעדער דעקאַדע אַלץ מער אינטעגרירט אין דער אַמעריקאַנער סבֿיבֿה, און בהדרגה נעמט זי איבער פֿאָרמען, לעבנס־סטילן, גײַסטיקע מאָדעס און געוווינהייטן, וואָס דאָמינירן הײַנט־צו־טאָג אין אַמעריקע.

גלײַכצײַטיק איז פֿאַר יעדן וואָס מעסט נישט אַלץ מיט מזרח־אייראָפּעיִשע קריטעריעס פֿאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע אַקולטוראַציע מיינט נישט אַסימילאַציע, אָדער אונטערגאַנג פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום. ניין! יעדער אָפּנייג פֿון נוסח־אַשכּנז, אָדער נוסח ספֿרד, דראָט נישט מיט אויפֿלייזונג, ווי געוויסע סימפּליציסטן אָדער פּאַרטיי־אידעאָלאָגן דרשנען. עס זענען במשך אונדזער געשיכטע געווען פֿאַרשידענע נוסחאות אין ייִדישקײַט; מעג אויך אויפֿקומען אַן אַמעריקאַנער נוסח. ווילן מיר זיך דאָ באַקענען מיט צוויי גײַסטיקע טענדענצן אין אַמעריקאַנער ייִדנטום בײַם הײַנטיקן טאָג.

פֿאַראַן איצט אַ היפּשע צאָל שרײַבערס, פֿאָרשערס, היסטאָריקערס און סאָציאָלאָגן צווישן אַמעריקאַנער ראַבײַס. איינער פֿון די אָנגעזעענסטע שריפֿטשטעלערס און ערודיטן איז ראַבײַ העראַלד שולוויים פֿון קאַליפֿאָרניע, וועלכער געהערט צו מרדכי קאַפּלאַנס רעקאָנסטרוקציאָניסטישן חדר. האָט ד״ר שולוויים פֿאַרעפֿנטלעכט אַן עסיי ווו ער

רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן לאַמענטירנדיק אַז עפּעס פעלט אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן, וואָס זאָל שטילן די בענקשאַפטן פון דער יידישער נשמה. ער דערציילט אונדז אין אַ לירישן מאמר אַז דער געוויינלעכער אַמעריקאַנער ייד פילט זיך איינזאַם, און דערפאַר הערן מיר כּסדר וועגן שטייגנדיקע גטן, פאַרברעכערישקייט און זעלבסטמאָרדן פון סטודענטן. עס איז נישט געווען פאַרן הײַנטיקן ראַבײַ, טענהט ער, צו ריידן וועגן טעאָלאָגיע, הלכה, מצוות, אָדער פאַלקישקייט; אַנדערע פּערזענלעכע זאַכן באַזאָרגן אַמעריקאַנער יידן: שפּאַנונגען צווישן עלטערן און קינדער, דיסהאַרמאָניעס צווישן מאַן און ווײַב, דער טויט פון עלטערן, די פּוסטקייט פון זייער לעבן. זייערע דאגות און קלעמענישן באַשטייען דער עיקר פון זייער אינערלעך לעבן, בין אָדם לעצמו, צווישן מענטש און זיך אַליין. אין אַ צײַט ווען אַרום אונדז קאָכט אַ רעוואָלוציע אין ווערטן און דערוואַרטונגען; אין אַזאַ צײַט האָבן די אַלטע הייליקײַטן פון גאָט, תּורה און ישׂראל פאַרלאָרן די רעלעוואַנץ פאַר זייער פּערזענלעך לעבן (זע: „קאָנסערוואַטיוו דזשודאַיזם‟, זומער, 1979).

וואָס, פרעגט ער, קען דער ראַבײַ זיי זאָגן? ער האָט בלויז ענטפערס אויף כלל־ישׂראל־ענינים, נישט אויף זייערע יחידישע פּראָבלעמען; דערפאַר מוזן זיי גיין ערגעץ אַנדערש זוכן הילף צו זייערע קלעמענישן. גייען זיי טאַקע ערגעץ אַנדערש: זיי זוכן אויס אַלערליי צונויפטרעף־גרופּעס, טראַנסצענדענטאַלע מעדיטאַציעס, מענטשלעכע פּאָטענציאַלקײַט־באַוועגונגען, און ענלעכע. די דאָזיקע יידן פון אַ גאַנץ הויכן קאַליבער זענען אַן אַרויסרוף צו דער סינאַגאָגע, און דעם עטאָס פון יהדות, האַלט דער ראַבײַ. זיי זאָגן אָן דעם אויפקום פון נײַע סעקולערע רעליגיעס; ס׳איז אַ נײַער גלויבן ווו טעאָלאָגישע איבערנאַטירלעכקײַט ווערט פאַרביטן דורך „פּסיכאָלאָגישער איבערנאַטירלעכקײַט‟.

לויט ד״ר שולוויס קען די דאָזיקע אויפקומענדיקע פּסיכאָלאָגישע באַוועגונג ווערן אַן ערנסטערע סכּנה פאַר יהדות ווי די שמד־פּרוּוון צו קריסטנטום, און אָט צוליב וועלכע טעמים: 1) די סעקולערע רעליגיעס פּרעטענדירן נישט צו וועלן אָפּשמדן; איז דערפאַר דער שאַנדפלעק פון

שמד נישט צוגעקלעפּט צו די „נײַע גלוביקע"; 2) מערסטע ייִדן זענען אַזוי סעקולאַריזירט אַז אַנגעהערן צו אַזעלכע סעקולערע רעליגיעס שאַקירט קיינעם נישט; 3) ס'איז מסתּמא דאָ אַ געוויסע לעגיטימירונג פֿאַר די דאָזיקע ייִדן וועלכע זענען צופֿרידן מיטן פֿאַקט וואָס אַ סך פֿון די פֿירערס, דענקערס און אָרגאַניזירערס פֿון די דאָזיקע באַוועגונגען שטאַמען פֿון ייִדן: עריק פֿראָם, אַבֿרהם מאַסלאָו, פֿריץ פּערלס און אַנדערע.

הגם די דאָזיקע פּסיכאָ־רעליגיעזע באַוועגונג איז, לויט שולווייסן, רעספּעקטאַבלער, סעקולאַריזירטער, ווי די יוגנט־קעגן־קולטור־עקספּערימענטן — אַנדערש אין סטיל און מאָטיווירונג — פֿונדעסטוועגן זענען פֿאַראַן ענלעכקײַטן צווישןביידע שטרעמונגען: זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ טיפֿע אומצופֿרידנקײַט מיט דער אומפּערזענלעכער, דריקנדיקער געזעלשאַפֿט, און אַ לעכצן נאָך געמיינשאַפֿטלעכקייט. ביידע גרופּעס פֿילן זיך דערשטיקט הינטער דער אײַזערנער מאַסקע פֿון ראָלן, אַבליגאַציעס, פֿליכטן צו געפֿעלן אַנדערע; נחת־פּראָדוצירנדיקע מאַשינען פֿאַר עלטערן, לערערס, בעלי־בתּים, אינסטיטוציעס. זיי נייטיקן זיך אויסצודריקן זייער פּערזענלעכקײַט אין אַ קאָלעקטיוו וואָס איז אויפֿמערקזאַם צו זייער „איך", וואָס ווערט פֿאַרשלונגען אין דער אַנאָנימקײַט פֿון דעם קאָנווענציאָנעלן ציבור. אָט דאָס זענען, לויט שולווייסן, די סיבות וואָס באַוועגן זיי צו זוכן אַן אינטימערע געמיינשאַפֿט.

אַוודאי ווייסט דער ראָבײַ ווי אָפֿט זייער ספּאָנטאַנקײַט גייט איבער אין אימפּולסיווקײַט; אַז זייער פֿאַרנעמען זיך כּסדר מיטן אייגענעם איך ענדיקט זיך מיט היפּאָכאָנדריע. אָבער, באַטאָנט ער, אים גייט נישט אָן דער דערפֿאָלג אָדער דורכפֿאַל פֿון די גרופּעס; אים גייט אָן דער הונגער פֿון אונדזערע ייִדן וועלכע די סינאַגאָגעס קענען נישט באַפֿרידיקן. ער דערמאָנט אַבֿרהם העשעל, וועלכער האָט געוואָרנט וועגן די אַלע סכּנות: „די תּורה רעדט אין דער שפּראַך פֿון מענטשן, אָבער די חז״ל האָבן פֿאַרזען דעם מענטשן אין דעם ייִד: זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען זײַן דילעמע. יעדער דור האָט זײַנע אייגענע פּראָבלעמען. יעדער מענטש איז באַלעסטיקט מיט דאגות, אָבער די חז״ל האָבן גע־

שוויגן וועגן דעם, זיי האָבן נישט געוויזן קיין וועג די פּאַרבלאָנ־דזשעטע". און דער ראַבײַ זעצט פאָר, אַז מערסטע ייִדן זענען נישט צופרידן מיט דער סינאַגאָגע־ייִדישקײַט; זיי זענען הונגעריק נאָך דער וואַרעמקײַט און סימפּאַטיע פון אַנדערע ייִדן. זיי קומען אַ מאָל אין שול אַרײַן צוליב די קינדער אָדער די זיידעס, אָבער זיי זענען נישט איבער־צײַגט אַז ס'איז דאָ אַ סך חכמה אין די אַלע צערעמאָניאַלע אַקטן. נישט קיין ביכער און נישט קיין קורסן פאַר דערוואַקסענע קענען באַפרידיקן די דאָזיקע ייִדן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם רובֿ פון ייִדישן ציבור. זיי לעכצן נאָך אַן אינטימער, פּערזענלעכער, סימפּאַטישער באַציִונג מצד און מיט ייִדישע מענטשן.

אין זײַן אָפּנהאַרציקן השתּפּכות הנפש דערקלערט ד"ר שולווייס אַז ער איז אייפערזיכטיק אויף די הײַנטיקע פּסיכאָלאָגן, ווײַל די דאָזיקע סעקולאַריסטן ראַנגלען זיך מיט די גײַסטיקע און מאָראַלישע ווערטן פון וואָקסנדיקן איך: זיי דיסקוטירן די נייטיקײַט פון גרונט־צוטרוי, פון לאָיאַליטעט, פון אידעאָלאָגישע התחייבֿותן. זיי זענען די דאָקטוירים פון דער נשמה, בעת ער, דער ראַבײַ, איז אַ קאָנפעראַנסיע פון מנהגים און צערעמאָניעס, וואָס ווערט פאַרשטופּט אין דער ראָלע פון אַ ריטואַל־פונקציאָנער צוזאַמען מיטן עסנוואַרג־צושטעלער, מיטן פלאָריסט, פאָטאָגראַפיסט, קאַפּעליע־אָנפירער. וואָס גיבן די פּסיכאָלאָגן, פרעגט ער, וואָס ייִדישקײַט גיט נישט? זיי פאַרענטפערן פראַגעס פון פּריוואַטן סדר־היום: זיי פּרוּוון באַפרידיקן די זוכונגען פון גײַסטיקײַט, פון אַן אינטימער געמיינשאַפט, פון זעלבסט־אויסדרוק, ספּאָנטאַנקײַט — אַ הונגער וואָס די רעליגיעזע ייִדישע עדה שטילט נישט.

וואָסער תּרופֿה שלאָגט ער פאָר צו ענדערן די סיטואַציע און צו היילן די מחלה? ער לייגט פאָר צו אַנטוויקלען אַ ליטעראַטור פון ייִדישער חכמה וואָס איז געווענדט צו פּערזענלעכע און פאַמיליע־לעבנס־סיטואַציעס; אַזעלכע ווי: סעקסואַליטעט, צעשיידונג פון מאַן און פרוי, אַלטקײַט, קראַנקײַט און טויט, און דאָס זוכן אַ זין אין לעבן. ער האַלט אויך אַז מ'דאַרף טרענירן פּאַראַ־פּראָפעסיאָנאַלן פון ייִדישקײַט, ס'הייסט אינטעליגענטע, נישט־פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס זאָלן אַרויסהעלפן

דעם ראַבײַ, פּונקט ווי עס זענען דאָ פּאַראַ־מעדיצינישע, פּאַראַ־לעגאַלע, און פּאַראַ־פּסיכאָלאָגישע אַרויסהעלפֿערס.

עס קען נישט זײַן קיין ספֿק אַז ד״ר שולווייסעס דיאַגנאָז פֿון דער אומצופֿרידנקײַט מצד אַ היפּשן ייִדישן עולם מיט דעם אינהאַלט פֿון דער סינאַגאָגע־ייִדישקײַט איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פֿאַר קאַליפֿאָרניע, נאָר פֿאַר דער גאַנצער מערבֿ־וועלט ווו ייִדן לעבן. אין דעם קאַליפֿאָרניער ראַבײַס לירישן עסיי הערן מיר אָפּקלאַנגען פֿון מאַרטין בובער, אַבֿרהם העשעל, און אַנדערע מיסטיש־אָנגעהויכטע ייִדישע דענקערס. יענע האָבן מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק טיפֿער אַרײַנגעקוקט אין די סיבות פֿון דער דאָזיקער מחלה, און האָבן געמאָנט אַ רעמאָנט, אַן איבערבוי פֿון דער שיער נישט גאַנצער מערבֿ־ציוויליזאַציע, און אויך פֿון אַ ריי גרונט־אײַנשטעלונגען פֿון דער ייִדישער עסטאַבלישמענט. ראַבײַ שולווייס ווייסט אַז דער קריזיס אין דער סינאַגאָגע־ייִדישקײַט וואָרצלט אין דעם איצטיקן גײַסטיקן וועלט־קריזיס, אָבער ער באַנוגנט זיך מיט פֿאַרלייגן פּאַליאַטיוון, וואָס וועלן אפֿשר אַביסל לינדערן די מחלה, אָבער נישט אויפֿריכטן די דערשלאָגענע.

אויך די ליבעראַלע, פּראָטעסטאַנטישע קירכעס קלאָגן אויף ענלעכע חולאתן. לויט אַן אויספֿאָרשונג וואָס איז לעצטנס דורכגעפֿירט געוואָרן צווישן פּראָטעסטאַנטן, קאַטאָליקן און רעפֿאָרם־ייִדן וויל מען אַז גלחים און ראַבײַס זאָלן דער עיקר פֿאַרמאָגן אָפּעלירנדיקע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן, נישט קיין לומדות אין טעאָלאָגיע, אָדער עולם־הבאַדיקע ענינים. מען פֿאַרלאַנגט אַז די גײַסטיקע פּאַסטעכער זאָלן קודם כּל זײַן אָפֿן, אַליין־קריטיש, געדולדיק, זיך מתעסק זײַן מיט קהלישע ענינים, און זאָלן זײַן מוסטערהאַפֿט אין כאַראַקטער. זייער פֿרומקײַט אָדער טיפֿקײַט פֿון רעליגיעזן גלויבן איז פֿון קנאַפּער וויכטיקײַט (זע „טײַם" 29טן סעפּט', 1980).

אין אַ צײַט ווען עס קאַכט זיך אין דער גאַנצער מערבֿ־ציוויליזאַציע אַ רעוואָלוציע אין ווערטן און דערוואַרטונגען, ווי ד״ר שולווייס זאָגט ריכטיק, ווען די אַלטע הייליקײַטן זענען מער נישט רעלעוואַנט,

וועלן מיר יידן דען קענען בײַקומען דעם קריזיס מיט דער הילף פֿון פּאַראַ־פּראָפֿעסיאָנאַלן? און צי ווערלן די אַלע וואָס ראַנגלען זיך מיט דעם קריזיס זיך צופֿרידנשטעלן מיט די ענטפֿערס פֿון טעאָלאָגן אויף זייערע קשיות ובעיות? צי קען די סינאַגאָגע מיט אירע פֿאַרעלטערטע ענט־פֿערס אויף אַלע לעבנס־פּראָגעס געווינען און איבערצײַגן די דאָזיקע זוכערס און צווייפֿלערס?

## II

און דאָס ברענגט אונדז צו אַן אַנדער גרופּע אומצופֿרידענע: די קולטור־באַוועגונג וואָס דריקט אויס אויף אַן אַנדער אופֿן איר קעגנער־שאַפֿט צום גײַסטיקן סטאַטוס־קוואָ — די קעגן־קולטור־שטרעמונג בײַ דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט און אינטעלעקטואַלן. דער אַמערי־קאַנער יידישער דיכטער און עסייִסט, עדוואַרד ראָדיטי, באַהאַנדלט די דאָזיקע ריכטונג אין אַן אַרומנעמענדיקער אַרבעט: „די נעאָ קבלה און די אַמעריקאַנע־ יידישע קעגן־קולטור" — אַן ענין וואָס ס'איז כדאי אַז אויך אַנטי־קעגן־קולטוריסטן זאָלן זיך מיט אים באַקענען (זע: „מידסטרים", אָקטאָבער, 1979).

ראָדיטי שטרײַכט אונטער דעם פֿאַקט אַז די קינסטלערישע און אינטעלעקטועלע קעגן־קולטור פֿון די לעצטע דעקאַדעס האָט צוריק אויפֿגעלעבט וואָס מען האָט כמעט געהאַט פֿאַרגעסן, אָדער אָפּגע־וואָרפֿן ווי אומוויכטיק, אָדער אַפּיקורסיש פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער אַקצעפּטירטער טראַדיציע. אין פּאָעזיע, למשל, ווערן די דיכטער: בלייק, רעמבאָ, לאָטרעמאָן, איצט מער געלייענט און דיסקוטירט, אין די אַזוי־גערופֿענע אַוואַנגאַרד־קרײַזן ווי האָמער, ווירגיל, דאַנטע און מילטאָן. אין דער פֿילאָסאָפֿיע ווידער ווערן עקזאָטישע בודיסטישע מיסטיקער באַטראַכט מצד אַ סך מענטשן מער רעלעוואַנט פֿאַר אונדזער הײַנ־טיקער סיטואַציע ווי דעקאַרט, וויליאַם דזשיימס, אָדער דיואי.

אין זייערע זוכונגען אין ווײַטן עבֿר, איז די „אונטערגרונט"־אינטעלעקטואַלן געווען באַשערט ווידער צו אַנטדעקן ניט בלויז אַזיאַטישע, אַפֿריקאַנישע, אָדער אַנדערע עקזאָטישע רעליגיעזע שיטות,

נאָר אויך די פּעריפֿערישע שטרעמונגען פֿון מערבֿ־פֿילאָסאָפֿישן, אָדער רעליגיעזן געדאַנק, ווי גנאָסטיציזם, סאַטאַניזם, מיסטיציזם, וואָס זענען געווען פֿאַרנאַכלעסיקט זינט דער רענעסאַנס־צײַט. אויך אין דער הײַנטיקער יהדות, ווײַזט ריכטיק אָן ראַדיטי, קען מען באַמערקן אַן אָפּנייג פֿון ראַציאָנאַליזם און תּלמודישן געדאַנק אין דער ריכטונג פֿון חסידות, קבלה און אַנדערע מיסטישע אופֿנים פֿון מחשבֿה און לעבן, וואָס מען האָט במשך יאָרהונדערטער אַנטמוטיקט, אָדער באַטראַכט ווי געפֿערלעך, אַחוץ פֿאַר יחידי־סגולה. די וואַקסנדיקע פּאָפּולאַריטעט פֿון מאַרטין בובערס און גרשום שלומס ווערק, פּונקט ווי די בעלעטריסטיק פֿון באַשעוויס־זינגער — דאָס זענען אַלץ סימפּטאָמען פֿון אינטערעס און אויפֿלעבונג אין דעם סאָרט ליטעראַטור במשך די לעצטע צענדלי־קער יאָרן.

אין אַמעריקע איז די דאָזיקע טענדענץ געווען באַגרענעצט צו אַ שיכט יונגע ייִדן וועלכע זענען געווען אומצופֿרידן מיט דער רעספּעק־טאַבלער, געלט־קלײַבנדיקער ייִדישקײַט. אין אייראָפּע איז אויפֿ־געקומען אַן אַנדער פֿאָרם פֿון רעוואָלט קעגן דעם מיטלקלאַס־ייִדישן טראַדיציאָנאַליזם. די פֿראַנצויזיש־ייִדישע פּרעסע האָט געשאַפֿן אַן אויס־דרוק פֿאַר דער באַוועגונג — אַ טענדענץ קעגן „פּאַפּאַס ייִדישקײַט". ביז דעם נאַציזם האָבן פֿראַנצויזישע ייִדן אָפּגעוואָרפֿן ציוניזם, קבלה און חסידות; איצט זענען די אַלע שיטות אויפֿגעשטאַנען צום לעבן אין פֿראַנקרײַך.

בײַ אונדז אין אַמעריקע ווערט אַמשטאַרקסטן מאַניפֿעסטירט דער אויפֿגעלעבטער אינטערעס אין קבלה און חסידות, אין קאַליפֿאָרניע, ווו עס ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט זשורנאַלן און ביכער מצד עטלעכע גרופּעס יונגע אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעטן, ווי דזשעראָם ראָטענבערג, דוד מעלצער, האָוואַרד שוואַרץ, דזשעק הירשמאַן און פּאַמעלאַ האַדאַס. זיי גרופּירן זיך אַרום אַ שריפֿט „טרי" (בוים), וואָס דערשײַנט אין בערקלי, קאַליפֿאָרניע. אויך אין סט. לואיס (מיזורי) און לאָנדאָן עקזיסטירן אַזעלכע גרופּעס.

דער נעאָ־קאַבאַליזם פֿון דער קאַליפֿאָרניער גרופּע איז, לויט

ראַדיטין, אַ ספּעציפֿישער ייִדישער אויסדרוק פֿון אַן אַלגעמיינער טענ־דענץ צווישן אַמעריקאַנער קינסטלערס און אינטעלעקטואַלן וואָס מ׳קען אויך זען אין דער ביטניק־באַוועגונג, אין ראָק־מוזיק, אין דער פֿאַר־שפּרייטונג פֿון זען־בודיזם — אין אַלע פֿאָרמען פֿון רעוואָלט קעגן דעם וואָס פֿרוידיאַנער וואָלטן אָנגערופֿן דעם „סופּער־עגאָ״ (דער טייל פֿון פּסיכישן אַפּאַראַט וואָס איז שייך צום געוויסן), און „עגאָ״ (דער טייל פֿון פּסיכישן אַפּאַראַט וואָס איז אין קאָנטאַקט מיט דער סבֿיבֿה, און פֿאַר־מיטלט צווישן דעם „איד״, און „סופּער־עגאָ״); און לטובֿת די טונקעלע און מיסטעריעזע טרײַב־כּוחות, און אינהאַלט פֿון „איד״ (דער טייל פֿון פּסיכישן אַפּאַראַט וואָס אַנטהאַלט די אומבאַוווסטזיניקע, אינסטינק־טיווע טרײַב־קרעפֿטן).

אין זשורנאַל פֿון די דאָזיקע נעאָ־קאַבאַליסטן ווערן איבער־געדרוקט אויסצוגן פֿון גרשום שלומס איבערזעצונגען פֿון די מיטל־אַלטערלעכע מקובלים, אַבולאַפֿיאַ (1241־1291), אָדער פֿילאָן. אַ סך פֿון זיי זענען גרופּירט אין נישט־פֿאָרמעלע לערן־גרופּעס אַרום ניו־יאָרקס איסט־ווילעדזש, און אין קאַליפֿאָרניע; אייניקע גרופּעס שטודירן און קאָנצענטרירן זיך אויף דער ספֿרדישער קבלה פֿון מיטל־אַלטער. עס קען אפֿשר געשען, מיינט ראַדיטי, אַז אַ טייל פֿון די דאָזיקע נעאָ־קאַבאַ־ליסטן זאָלן מיט דער צײַט דערגיין צו די הויפּט־שטראָמען פֿון יהדות, אָבער ביז דעמאָלט נייטיקן זיי זיך אין אינטעלעקטועלער פֿירערשאַפֿט, ווײַל זיי מיסאינטערפּרעטירן זייערע כּלומרשטע אַנטדעקונגען; זיי פֿאַר־קריפּלען נעמען און ציטאַטן, און אַפֿילו סתּם ווערטער, ווי למשל, אַנ־שטאָט גמטריה זאָגן זיי געריאַטריע, אָדער איינער פֿון זייערע פּאָעטן פֿאַרמישט משה רבינו מיט דוד המלך.

פֿונדעסטוועגן, פֿירט דער מחבר פֿון דער אָפּהאַנדלונג אויס, נישט געקוקט אויף די בלאָנדזשענישן פֿון די נעאָ־קאַבאַליסטן, דאַרף מען זיי באַגריסן פֿאַר זייער צוריקקער צו די פּאָעטישע, אינטואיטיווע, אָדער מיסטישע צוגאַנגען וועלכע זענען פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, ווײַל מיר האָבן צופֿיל באַטאָנט ראַציאָנאַליסטישע אָדער פּראַגמאַטישע איינשטע־לונגען צו אַלע פּראָבלעמען. אָבער דער אומקער, שטרײַכט ראַדיטי

אונטער, דאַרף נישט אונטערגענומען ווערן אויף אַן „אָדער־אָדער"־יסוד; פאַרקערט: מען דאַרף עס נעמען אויף אַן „און"־יסוד, אַזוי אַז עס זאָל זײַן אַ דערגאַנצונג־אײַנשטעל צו די הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען.

* * *

פֿון די ביידע אָפּהאַנדלונגען — פֿון ראַבײַ און דעם עסייִסט — איז קלאָר אַז אי די קאָנסערוואַטיווע ייִדישקײַט, אי דער ראַציאָנאַליזם באַפֿרידיקן נישט די גײַסטיקע נויטן פֿון אַ היפּשן סעקטאָר אין אַמעריקאַנער ייִדנטום. מענטשן מיט אַ התלהבֿות־געפֿיל, בײַ וועמען גלויבן איז אַ האַרץ־באַדערפֿעניש, נישט קיין שׂכל־פּראָבלעם, פֿאַר די דאָזיקע עמאָציאָנעלע נאַטורן, פֿאַר זיי איז צו קאַלט און טרוקן די שׂכלדיקייט פֿון די ראַציאָנאַליסטישע טעאָלאָגן; זיי קענען נישט באַפֿרידיקן די בענקשאַפֿטן פֿון האַרץ. ווי פּאַסקאַל האָט דאָס אַמאָל גלענצנדיק פֿאָרמולירט: דאָס האַרץ האָט זיך זײַן שׂכל, וואָס דער שׂכל קען נישט פֿאַרשטיין.

אויך די קאָנסערוואַטיווע שיטה אין אַמעריקאַנער ייִדישקײַט, ספּעציעל איר רעקאָנסטרוקציאָניסטישער וואַריאַנט, איז אַ מתנגדיש־ראַציאָנאַליסטישע אָריענטאַציע באַזירט אויף אַ סאָציאָלאָגיש־פּראַגמאַטישן צוגאַנג וואָס באַטאָנט דער עיקר דעם ייִדישן קאָלעקטיוו און זײַנע נויטן. לויט דעם אײַנשטעל ליגט דער זכות־הקיום פֿון רעליגיע און איר הויפּט־פֿונקציע אין קאָנסאָלידירן די גרופּע און פֿאַרפֿעסטיקן איר קיום. דער יחידיש־אוניווערסאַליסטישער עלעמענט אין דער יהדות ווערט דאָ מינימיזירט.

דער אַנטי־ראַציאָנאַליסטישער קלימאַט פֿון אונדזער צײַט — אַ צײַט פֿון רעוויזיע, פֿון באַרג־אַראָפּ פֿון אידעאָלאָגיעס מיט זייערע טאָטאַלע לייזונגען, אַ צײַט פֿון אַנטוישונג אין אַלע צוגעזאָגטע גן־עדנס — אין דעם דאָזיקן גײַסטיקן קלימאַט זוכן אַ סך מענטשן, און קודם כּל ייִדן — ענטפֿערס אויף זייערע פּערזענלעכע פּראָבלעמען. ס'איז אַ צײַט ווען עס בײַטן זיך קולטור־סטילן און אַלטע ווערטן ווערן פֿאַרוואָרפֿן; ווען בײַ אַ סך מענטשן, ספּעציעל בײַ דער יוגנט, דאָמינירט דער

פּרינציפּ פֿון אַליין־רעאַליזירונג, אָדער אַליין־באַפֿרידיקונג; מען זוכט ענטפֿערס אויף אולטימע פֿראַגעס, אַ זין אין לעבן. אפֿשר וועט זיך מיט דער צײַט אויסלײַטערן אַ נײַע אַטמאָספֿער וואָס וועט סינטעזירן טראַדיציאָנעלע ווערטן און מאָדערנקײַט, מיסטישע און ראַציאָנאַליסטישע אײַנשטעלונגען. אָדער . . . מיר וועלן שלום מאַכן מיט די אומלייזבאַרע פּראָבלעמען אין יחידס עקזיסטענץ.

(1981)

# אַמעריקאַנער ייִדישע אינטעלעקטואַלן און זייער באַציִונג צו ייִדישקײַט

## I

לעצטנס זענען דערשינען אַ ריי אויטאָביאָגראַפֿיעס פֿון היגע ייִדישע אינטעלעקטואַלן, קינדער פֿון מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן. אַזוי, למשל, האָבן במשך די לעצטע יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אויטאָביאָגראַפֿיעס די קריטיקערס אַלפֿרעד קייזין, אירווינג האַו און ווילִיאַם באַרעט — הגם דער לעצטער איז נישט קיין ייִד, שילדערט ער די סבֿיבֿה און די ראָלע פֿון ייִדיש־אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם ראַדיקאַלן אַנטי־קאָמוניסטישן זשורנאַל „פּאַרטיזאַן רעוויו״, ווּ די גרעסטע צאָל פֿון די מיטאַרבעטערס און טאָנגעבערס זענען געווען ייִדן. איצט האָבן מיר פֿאַר זיך אַ בוך פֿון ביאָגראַפֿישע עסייען, זכרונות און אינטערוויוען וואָס גיבן אונדז איבער די באַציִונג פֿון אַ ריי אָנגעזעענע ייִדישע שריפֿטשטעלערס און געלערנטע צו דער ספּעציפֿישקײַט פֿון ניו־יאָרק, ווי זייער לעבן האָט זיך דאָ פֿאַרמירט, און זייער באַציִונג צו ייִדישע פּראָבלעמען.

אַלע באַטייליקטע אין בוך זענען ייִדן, אָבער זייער צוגאַנג צו ייִדישקײַט איז פֿאַרשידנאַרטיק. מערסטע זענען סימפּאַטיש און שטאָלץ מיט

מדינת־ישׂראל. דאָס „פּינטעלע ייד" קלאַפּט אין אַלעמענס הערצער, אָבער פּאַראַן צווישן זיי אויך עטלעכע וואָס זענען קריטיש צו מדינת־ישׂראל. ס'איז אַ זאַמלונג פון עסייען און שמועסן מיט אינטעלעקטואַלן וואָס זייער רובֿ איז פאַרמירט געוואָרן, און געהאָלפן פאַרמירן די אַמעריקאַנער קולטור וואָס איז אויפגעקומען אין ניו־יאָרק במשך דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט*.

די צוויי מחברים פון זאַמלבוך זענען בערנאַרד ראָזענבערג, אַ פּראָ־פעסאָר פון סאָציאָלאָגיע אין ניו־יאָרקער סיטי־קאָלעדזש, און דער צווייטער רעדאַקטאָר איז ערנסט גאָלדשטיין, דער אויטאָר פון עטלעכע ביכער. 24 שרייבערס באַטייליקן זיך אין בוך, און הגם די רעדאַקטאָרן דערקלערן אונדז נישט לויט וואָס פאַר אַ קריטעריע זיי האָבן אויסגע־קליבן די באַטייליקטע אין בוך, זענען די גרופּע שרייבערס רעפּרע־זענטאַטיוו, און שטעלן מיט זיך פאַר אַ מיקראָקאָזם פון ניו־יאָרקער יידישער עליטע. זיי אילומינירן די אייגנאַרטיקייט פון ניו־יאָרקער יידיש־אינטעלעקטועלן לעבן.

צווישן די באַטייליקטע אין בוך געפינען זיך צוויי יידיש־יידישע שרייבער: יצחק באַשעוויס און דער היסטאָריקער י. טרונק, דער יידיש־דייטשער געלערנטער האַנס מאָרגענטוי; די קריטיקערס אַלפרעד קייזין און אירווינג האַו; דער היסטאָריקער ד"ר גרשון קאָהען, ד"ר אירווינג גרינבערג, פּראָפעסאָר פון יידישע שטודיעס אין סיטי־קאָלעדזש, די ריכטערין דזשאָסטין ווייז פּאָליער, דער קריטיקער טעאָדאָר זאָלאָ־טאַראָף, דער שריפטשטעלער שלמה קאַץ, דער דראַמע־קריטיקער האַראָלד קלאָרמאַן; די שרייבערין מידזש דעקטער, די אַרבעטער־פירערס גאָס טיילער און וויקטאָר גאָטבאָום; מוזיקאָלאָגן, סאָציאָלאָגן און אַרכיטעקטן. מערסטע זענען אויפגעוואַקסן אין די יידישע געגנטן אין מאַנהעטן, בראָנקס און ברוקלין. אַנדערע האָבן זיך אויסגערייפט אין

*) CRERATORS and DISTURBERS *Reminiscences by Jewish Intelectuals of New York.* Drawn from conversations with Bernard Rosenberg and Ernest Goldstein; Columbia University Press; 419 pp., New York, 1982.

דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ, און עטלעכע האָבן זיך געראַטעוועט פֿון דער נאַצי־מגפֿה.

אין אַרײַנפֿיר צום בוך ווײַזן די מחברים אָן אַז ייִדן זענען אין דער מאָדערנער צײַט אין זייער רובֿ געווען שטאָטישע אײַנוווינערס, און אַפֿילו אין אַלטערטום זענען זיי געווען קאָנצענטרירט אין אַלעק־סאַנדריע, אַנטיוכיע, און ירושלים. ווען מ׳האָט זיי אין צאַרישן רוסלאַנד פֿאַרשפּאַרט אין דער טשערטאַ (תחום־המושבֿ) האָבן זיי זיך פֿונדעסט־וועגן דורך אַלערליי מיטלען אַרײַנגעקראָגן אין די גרויסע שטעט, ווו זיי האָבן אַנטוויקלט אַ סעקולערע, נאָן־קאָנפֿאָרמיסטישע, ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. ייִדן האָבן אַרויפֿגעלייגט זייער חותם אויף דער קולטור פֿון בערלין, ווין, פּראַג, בודאַפּעסט, לאָנדאָן און פּאַריז.

בהדרגה האָבן ייִדישע ליבעראַלע באַוועגונגען דערגרייכט די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן. בײַם סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט זענען נאָך די ספֿרדישע און דײַטשישע ייִדן אַרײַנגעקומען קיין אַמעריקע. די מזרח־אייראָפּיִשע ייִדן וואָס האָבן דאָ אַנטוויקלט אַ רײַכע ייִדישע און ייִדיש־קולטור, זייערע סאָציאַלע קאַמפֿן, און קולטורעלע אויפֿטוּונגען, האָבן ניט נאָר באַרײַכערט דעם ייִדישן קיבוץ, נאָר זענען געוואָרן אַ וויטאַ־לער טייל פֿון דער גאַנצער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע.

## II

מיר וועלן זיך דאָ נישט קענען אָפּשטעלן אויף די לעבנס־געשיכטעס און אָנשויוּנגען פֿון אַלע אָנטיילנעמערס אין בוך; ס׳איז אויך נישט נייטיק, וואָרעם באַשעוויס, קייזין און האַו האָבן אונדז שוין אין זייערע ווערק באַקענט מיט זייערע לעבנס־באַנעמען, און זייערע אידעיִשע טראַנספֿאָרמאַציעס. מיר וועלן דעריבער באַהאַנדלען עטלעכע ווייניקער באַקאַנטע געלערנטע און שרײַבערס וועגן וועלכע מיר ווייסן ווייניק; ס׳וועט אונדז זײַן ביז גאָר אינטערעסאַנט זיך מיט זיי צו באַ־קענען, וואָס עס געפֿעלט זיי וועגן ניו־יאָרק, און זייערע מיינונגען וועגן אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן.

עס איז באַלערנדיק זיך צו דערוויסן פֿון האַנס מאָרגענטוי (1904־1980), דער דײַטשער ייִד וואָס איז דאָ געוואָרן באַוווּסט ווי אַ פּאָליטי־שער וויסנשאַפֿטלער און דיפּלאָמאַט, אַז ער איז אין אַמעריקע פֿון אַן אַסימילאַטאָר געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער ייִד. ער האַלט אַז דער הויפּט־אונטערשייד צווישן דעם דײַטשן און אַמעריקאַנעם ייִדנטום, איז דער אָפֿענער אַנטיסעמיטיזם פֿון זײַן געבוירן־לאַנד. ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר, האָט ער אין דער דײַטשער גימנאַזיע געשריבן אַן עסיי אויף דער טעמע: „וואָס האָף איך צו געווינען אין לעבן?״ זיין ענטפֿער איז געווען: צו פֿילן אַז דער עול פֿון אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַראָפּ־גענומען פֿון אים. ער ווייסט אַז אויך דאָ אין אַמעריקע איז ער נישט אין גאַנצן פּטור געוואָרן פֿון דער צרה; ווי אַן אימיגראַנט, די ערשטע יאָרן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן (1937) ווען ער האָט געזוכט אַ פּאָסטן אין די היגע אוניווערסיטעטן האָבן אים די דעקאַנען דערקלערט: „מיר האָבן קיינמאָל נישט אָנגעשטעלט קיין ייִד ווי אַ פּראָפֿעסאָר, און ווועלן עס איצט נישט אָנהייבן״. ער האָט געדאַרפֿט פֿאָרן קיין קענזעס צו קריגן אַ פּאָסטן אין אַ קאָלעדזש.

וואָס האָט אים דערפֿירט צו נאַציאָנאַלער ייִדישקייט און צו אַ וואַרעמער באַציִונג צו מדינת ישׂראל? דער עיקר, די מלחמה פֿון 1967, וואָס האָט אים איבערגעצײַגט אַז ישׂראל איז אַ נאַציע וואָס קען קעמפֿן און שטיין אויף די אייגענע פֿיס, און נישט „אַ פֿאָלק פֿון שנאָרערס, וואָס לעבט פֿון די נדבֿות פֿון אַמעריקע און וועלט־ייִדנטום״ — ווי ער האָט ביז דעמאָלט געמיינט.

ער קריטיקירט זײַן לאַנדספּרוי האַנאַ אַרענדטס שטעלונג צום אייכמאַן־פּראָצעס און אירע טענות צו ייִדן וואָס האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד צו די דײַטשן. ער פֿרעגט, ווי האָבן די דײַטשע ייִדן געקענט זיך גרייטן צו אַ באַוואָפֿנטן קאַמף קעגן די דײַטשן, ווען זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי אמתע דײַטשן! ער דריקט אויס זײַן צופֿרידנ־קייט מיטן אַמעריקאַנעם פּלוראַליזם, וואָס האָט אָפּגעוואָרפֿן די „שמעלץ־טאָפּ״ אידעע, און וואָס באַדייט קאָ־עקזיסטענץ פֿון פֿאַר־שיידענע קולטורן אין אַמעריקע. ער איז שטאָלץ וואָס ער איז אַ מיט־

גליד פֿון אַ ייִדישן סעמינאַר אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, מיט וועלכן סאַלאָ באַראָן פֿירט אָן.

ער דריקט אויך אויס צופֿרידנקייט מיטן פֿאַקט וואָס זײַן זון גייט דאַוונען אין אַ שול יעדן פֿרײַטיק אָוונט, און איז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין דער חסידישער באַוועגונג. נאָך אַן אוידיענץ מיטן ליובאַוויטשער רבין איז דער דײַטשער ייִד מאָרגענטוי געוואָרן שטאַרק באַאײַנדרוקט פֿונעם רבינס פּערזענלעכקייט — אַ רבי מיט אַ סעקולערער בילדונג, וואָס ווידמעט זײַן לעבן צו פּרעזערווירן די ייִדישע גײַסטיקע ירושה. שוין דערמיט אַליין איז ניו־יאָרק פֿאַר אים אַזוי פֿאַסצינירנדיק און סטימולירנדיק. דער געלערנטער באַטאָנט אַז ער האָט במשך זײַן לעבן אין אַמעריקע געלערנט אין פֿאַרשידענע שטעט, אָבער אין ערגעץ האָט ער זיך נישט געפֿילט אַזוי גוט ווי אין דער ניו־יאָרקער אינטעלעקטועלער סבֿיבֿה, ווו עס וווינען אַזוי פֿיל אינטערעסאַנטע און פֿאַרשידנאַרטיקע מענטשן.

פֿאַר אַ ייִדיש־ייִד איז עס נישט קיין אַנטדעקונג אָט דאָס וואָס מאָרגענטוי האָט געפֿונען אין ניו־יאָרק, אָבער עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז דער אַמעריקאַנער קיבוץ־גלויות קען יודאַיִזירן, פֿאַרייִדישן, נישט נאָר אַסימילירן ייִדן, און פּראָפּ׳ מאָרגענטוי איז אין דעם פּרט נישט קיין אוניקום. אָבער ס׳וועדט אומעטיק ווען מען דערמאָנט זיך אַז מיט אַ 25 יאָר צוריק האָבן ייִדיש־ייִדן זיך געפֿילט אין דער ניו־יאָרק פֿון ייִדיש־שרײַבערס, פּובליציסטן, פּאָעטן, און דראַמאַטורגן, ווי אין וואַרשע אָדער ווילנע;ליידער, ליידער איז אונדזער אינטעלעקטועלע סבֿיבֿה זייער אײַנגעשרומפּן געוואָרן...

### III

עס איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף צוויי פּערזענלעכקייטן וואָס פֿאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין ניו־יאָרקער ייִדישן לעבן: די צוויי רעליגיעזע געלערנטע: ד״ר גרשון קאָהען, פּרעזידענט פֿון ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר (געבאָרן אין 1924) און ד״ר אירווינג גרינבערג (געבאָרן אין 1932) קאָמבינירן אַ ברייטע סעקולערע און טראַדיציאָנעל־

ייִדישע בילדונג. דער ערשטער, וועלכער האָט באַקומען זײַן דאָקטאָ־ראַט אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט פֿאַר סעמיטישע שפּראַכן, איז אַ היסטאָריקער און דער מחבר פֿון עטלעכע ווערק פֿון ייִדישער געשיכטע. אויך ער דריקט אויס זײַן צופֿרידנקײַט מיטן אויפֿקום פֿון דער עטנישער באַוועגונג אין אַמעריקע, און ער שטרײַכט אונטער, אַז ער איז נישט מסכּים מיט יענע וואָס פּריידיקן אַז דער ייִדישער און אַמערי־קאַנער עטאָס זענען אידענטיש. ער איז צופֿרידן וואָס אַמעריקע האָט אויפֿגעגעבן די באָסטאָנער „בראַהמינישע" (אַריסטאָקראַטישע) מאָס, און די שמעלץ־טאָפּ־טעאָריע, וואָס האָט געהאַלטן דעם אַנגלאָ־זאַקסישן פּראָטעסטאַנטיזם פֿאַר דעם איינציקן לעגיטימען לעבנס־שטייגער.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס יעדער מענטש איז טיף פֿאַרוואָרצלט אין זײַן עטנישער גרופּע, קענען מיר פֿונדעסטוועגן ביז אַ געוויסער מדרגה, זיך דערנענטערן מיט מענטשן פֿון פֿאַרשידענע קולטורן, אמונות און איבערצײַגונגען. און אַפֿילו ווען ער איז מיט זיי נישט מסכּים, איז אים אָנגענעם צו דיסקוטירן מיט זיי, און אָפֿט קעמפֿן צוזאַ־מען פֿאַר אַ געמיינזאַמען אידעאַל. אָט דאָס איז פֿאַר אים ניו־יאָרק אויף דער העכסטער מדרגה.

דער צווייטער פֿריער דערמאָנטער ראַבײַ, ד"ר אירווינג גרינבערג, וועלכער גיט זיך אַ סך אָפּ מיט פֿאָרשונגען פֿון חורבן 1939־1945, באַ־טראַכט זיך ווי אַן אָרטאָדאָקסישער ייִדישער געלערנטער, און ער האָט באַקומען זײַן דאָקטאָראַט אין אַמעריקאַנער געשיכטע פֿון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. ער דערקלערט אַז די ייִדישע געשיכטע איז איצט אַרײַנגעטראָטן אין דער דריטער ערע — נאָך די ערשטע צוויי תּקופֿות: די ביבלישע און רבנישע — אַן ערע וואָס פֿאַרלאַנגט אַ סינטעז פֿון נײַע און אַלטע ווערטן אין ייִדישן לעבנס־שטייגער. אַלע ייִדן, באַטאָנט ער, דאַרפֿן שטיין מיטן פּנים צו דער ייִדישער טראַדיציע. אָבער ס'איז נייטיק זיך צו פֿאַרנעמען מיט סאָציאַלע און פּאָליטישע ענינים, בעת רעלי־גיעזע ייִדן מוזן זיך צופּאַסן צו דער מאָדערנער וועלט. צוזאַמען מיט עלי וויזעלן האָט ער אין 1974 געגרינדעט דעם „נאַציאָנאַלן ייִדישן רעסורסן־צענטער", אַ באַזע פֿון וועלכער ער פֿאָרשט דעם דריטן חורבן.

דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער חורבן, דערציילט ער, האָט אים נישט געלאָזט צו רו, און וואָס מיר זאָלן נישט שרייבן וועגן אומקום פֿון די זעקס מיליאָן ייִדן, איז עס נישט אַדעקוואַט, ווײַל מיט אונדזער דערקלערונגען און טײַטשונגען פֿאַרהיימישן מיר דאָס אומבאַשרײַבלעכע, דאָס אומצוטריטלעכע. ער איז מודה אַז זײַן שטעלונג שטעלט נישט צופֿרידן אַ סך אָרטאָדאָקסישע ייִדן, אָבער אין היגן ייִדישן קיבוץ, מיינט ער, אַז ער האָט צעבראָכן אַ ריי באַריערן, מחיצות, צווישן די פֿאַרשיידענע ייִדישע גרופּירונגען.

ער אָנערקענט אַז ס'איז נישט גענוג צו זײַן אָרטאָדאָקסיש — ער איז נישט גרייט זיך אָפּצוזאָגן פֿון אַנדערע ייִדן. אויך אין דעם רעפֿאָרם־ייִד, פּראָפֿעסאָר עמיל פֿאַקענהיים, וועלכער האָט טיף איבערגעלעבט דעם חורבן, און הערט נישט אויף זיך צו גריבלען און ווייטיקן איבער דעם ייִדישן אומגליק, האָט ער דערפֿילט אַ נאָענטקייט, וואָס ער פֿילט נישט צו אַ סך פֿון די אָרטאָדאָקסישע ייִדן. זײַנע רעפֿלעקסיעס האָבן אים געפֿירט צו אַ פֿיל־ברייטערער ייִדישער געמיינשאַפֿט: „ייִדן דאַרפֿן זיך באַשיצן, אָבער זיי מוזן אויך זײַן מאָראַליש סענסיטיוו און אַחריות־דיק פֿאַר גויים".

איינער פֿון זײַנע הויפּט־צילן איז אַרײַנצושטעלן דעם דריטן ייִדישן חורבן אין קוריקולום פֿון די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער שולן. ער האָט דאָס שוין דערגרייכט אין אַ סך שטאַטן, אַפֿילו אין אַריזאָנאַ און טעקסאַס. ער איז איבערצײַגט אַז פּונקט ווי יציאת מצרים איז געוואָרן אויפֿגענומען אויך פֿון נישט־ייִדן ווי אַ פֿענאָמען פֿון אוניווערסאַלן באַטײַט, און עס האָט איבערגעשטאַלט די ווערטן נישט בלויז פֿון ייִדן, פּונקט אַזוי האָט דער אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל און דער דריטער חורבן דראַמאַטיזירט אַ קולטורעלן וועלט־קריזיס.

ס'ווילט זיך צוגעבן צו די ריכטיקע רעיונות פֿון גרינבערגן אַז יעדער ייִד צו וועלכער ריכטונג ער זאָל נישט געהערן, דאַרף איבער־שאַצן זײַנע פֿאַר־חורבנדיקע ווערטן פּנים אל פּנים מיט דעם קאַטאַ־קליזם וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט; ס'איז ממש אַ זינד זיך צו

האַלטן בײַ קאַטעגאָריעס און שאַבלאָנען פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## IV

מען דאַרף זיך באַקענען מיט דעם בײַטראַג פֿון דעם טאַלאַנטפֿולן קריטיקער טעאָדאָר זאָלאָטאַראָף, געוועזענער מיטרעדאַקטאָר פֿון „קאָמענטאַרי", און דער רעדאַקטאָר פֿון די פּעריאָדישע זאַמל־ביכער „דער נײַער אַמעריקאַנער רעוויו". דער קריטיקער צייכנט אָן עטלעכע שטריכן אין זײַן פּערזענלעכקײַט און זײַן גײַסטיקע עוואָלוציע. הגם דער שיקאַגער אוניווערסיטעט האָט אים פֿאָרגעשלאָגן אַ סטיפּענדיע, האָט ער באַשלאָסן צו קומען קיין ניו־יאָרק און דאָ צו פֿאַרבלײַבן. ער דער־מאָנט, אַז כּדי צו ווערן אַ שרײַבער אין 1952, האָט מחייבֿ געווען צו זײַן אַליענירט. זײַנע געטער זענען דעמאָלט געווען: דזשיימז דזשאָיס, קאַמו, קאַפֿקאַ, און דער יונג־פֿאַרשטאָרבענער, זייער טאַלאַנטפֿולער נאָוועּ־ליסט אײַזיק ראָזענפֿעלד. זאָלאָטאַראָף איז דעמאָלט געקומען קיין ניו־יאָרק און דאָ, במשך עטלעכע יאָר, געאַרבעט ווי אַ קעלנער, שרײַבנדיק עסייען פֿון צײַט צו צײַט. ער האָט געפֿילט אַז כּדי צו זײַן אַ שרײַבער דאַרף ער קענען דאָס לעבן פֿון פּשוטן מענטש; דאַרף ער לעבן אין זײַן סבֿיבֿה. ייִדישער כאַראַקטער האָט פֿאַר אים געמיינט: אַ פֿול הארץ.

אײַזיק ראָזענפֿעלדס אַ שורה אין זײַן דערציילונג: „די האַנט וואָס האָט מיך געשפּײַזט", האָט אים באַאײַנדרוקט. דער העלד אין דער דערציילונג פֿאַרליבט זיך אין אַ מיידל וואָס שטייט אין דער „וויל־זײַן ריי" (וועלפעיר ליין); שרײַבט ער איר: „זײַ פֿרײַנדלעך צו יענע וואָס האָבן זייערע ווונטשן נישט דערגרייכט". און הגם ייִדישקײַט איז דעמאָלט פֿאַר זאָלאָטאַראָפֿן נישט געווען זײַן הויפּט־אינטערעס האָט עס פֿאַר אים באַצייכנט אַ באַשטימטע עטיק, וואָס ער האָט פּרובירט קאָמבי־נירן מיט דער מאָדערנער קונסט. זײַן באַגריף וועגן קונסט איז געווען באַפֿאַרבט מיט אַ רוסיש־ייִדישן סענטימענט וואָס האָט נישט געשטימט מיט דער קריסטלעכער קאַלטבלוטיקײַט פֿון ט. ס. עליאָט, דזשאָיס און פֿלאָבער. ער האָט פּרובירט סינטעזירן דעם ייִדישן עטאָס פֿון זאָרג פֿאַר יענעם, מיט דער קריסטלעכער קונסט פֿון אינדיפֿערענץ.

אין 1958 האָט ער געשריבן זײַן דיסערטאַציע איבער דעם אַמעריקאַנער נאָוועליסט העניר דזשיימז, און פּלוצלונג זענען אויף דער ליטעראַרישער סצענע אַרויף: באַשעוויס, מאַלאַמוד, בעלאָו און פיליפּ ראָטה. זיי האָבן אַרײַנגעפּירט אין דער ליטעראַטור זײַנע ייִדישע העלדן, וואָס ער האָט ביז דעמאָלט געהאַלטן פֿאַר אומוויכטיק. זיי האָבן גערעדט צו אים וואָס עס באַטײַט צו זײַן אַ ייִד. ער איז אויך באַאײַנדרוקט געוואָרן פֿון קריטיקער און עסייִסט לייאָנעל טרילינג; ער איז געוואָרן פֿאַר אים אַ ייִדישער מעטיו אַרנאָלד, פֿול מיט אַחריות פֿאַרן כּלל.

אין יענער צײַט האָט די ליטעראַרישע בײַלאַגע פֿון דער „לאָנדאָן טײַמז" פֿאַרבעטן זאַלאָטאַראָפֿן אָנצושרײַבן אַן עסיי וועגן דער ייִדישער ראָלע אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ער האָט אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג פֿול מיט לײַדנשאַפֿט, צערודערונג און אַנטדעקונג. ער האָט זיך דערפֿילט שטאָלץ, פֿאַראינטערעסירט, און איבערצײַגט אַז מ׳קען שאַפֿן ליטעראַטור וועגן ייִדישע העלדן, ייִדישער פּראָבלעמאַטיק, ייִדיש לעבן, וועגן ייִד־זײַן. אַ דאַנק דער עסיי איז ער געוואָרן „איבער־נאַכט" באַרימט, און ווי אַ רעזולטאַט האָט פּאָדהאָרעץ אים פֿאַרבעטן צו ווערן אַ מיטרעדאַקטאָר פֿון „קאָמענטאַרי". שרײַבנדיק אין דערמאָנטן זשורנאַל אַ רעצענזיע איבער שוואַרץ־באַרדס: „דער לעצער פֿון די גערעכטע" איז דער קריטיקער געוואָרן באַוווּסטזיניק וועגן דעם גרויל פֿון דער ייִדישער טראַגעדיע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ער האָט שפּעטער רעזיגנירט פֿון „קאָמענטאַרי", אָבער ער איז פֿאַרבליבן וווינען אין ניו־יאָרק, ווײַל ער, ווי מערסטע באַטייליקטע אין דעם בוך, האַלט אַז דאָ פֿילט ער זיך „אין דער היים"; ער דערפֿילט אין זיך „די נשמה פֿון אַ ייִדישן זשורנאַליסט". און דאָס האָט אים געפֿירט זיך נעמען לערנען העברעיִש, און „צו קריגן פֿאַר דער שפּראַך אַ לײַדנשאַפֿט וואָס ער האָט פֿאַר קיין אַנדער שפּראַך נישט געפֿילט". ער איז אויפֿגעוואַקסן אין אַן אַסימילירטער פֿאַמיליע און דאָך זענען די טיפֿסטע דערפֿאַרונגען פֿון זײַן לעבן פֿאַרבונדן מיט ייִד־זײַן; ער איז אַפֿילו געוואָרן אַ מיטגליד פֿון אַ מנין.

מיר מוזן זיך נאָך אָפּשטעלן, גאָר בקיצור, אויף דער עסיי פֿון דער

ריכטערין דזשאַסטין וויַז פּאָליער. זי פּאַרטיידיקט לייַדנשאַפּטלעך און איבערצייַגנדיק איר באַרימטן פֿאָטער: ראַביַ סטיפֿן וויַז, און זי וואַרפֿט אָפּ די באַשולדיקונגען קעגן אים מצד רעוויזיאָניסטישע היסטאָריקער, אַז ער האָט ווייניק געטאָן אָפּצושטעלן דעם אומברענג פֿון די זעקס מיליאָן ייִדן. זי באַטאָנט קודם כּל, אַז די דאָזיקע היסטאָריקערס קענען נישט באַנעמען דעם גייַסטיקן קלימאַט פֿון יענער צייַט וואָס האָט דאָמינירט דאָס עפֿנטלעכע לעבן פֿון אַמעריקע. זי דערמאָנט אונדז אַז בעת רוזוועלט האָט צום ערשטן מאָל אין 1932 קאַנדידירט פֿאַר פּרעזידענט, האָט איר פֿאָטער געשטיצט די קאַנדידאַטור פֿון אַלפֿרעד סמיט, וועלכער איז נישט נאָמינירט געוואָרן פֿון די דעמאָקראַטן. איז שוין דערמיט וויַזעס השפּעה אויף רוזוועלטן געווען באַגרענעצט.

זי שטרייַכט אונטער די היפּאָקריטישקייַט און די אַנטיסעמיטיש־קייַט פֿון אַ סך באַאַמטע אין סטייט דעפּאַרטמענט, און זי שאַנעוועט נישט די דעמאָקלטיקע פּירערס פֿון דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" וואָס זייַנע אייַנפֿלוסרייַכע טאָן־געבערס זענען באַשטאַנען פֿון דייַטש־לאַנד־אָפּשטאַמיקע גבֿירים. מיט זייערע מיינונגען האָט זיך פּרעזידענט רוזוועלט גערעכנט, און זיי האָבן מיטגעהאָלפֿן אין פּרעזידענטס אָרגאַ־מענט אַז מ'טרייַבט איבער בנוגע די דייַטשע גרוילטאַטן לגבי ייִדן.

לאָמיר פֿאַרענדיקן דערמיט אַז הגם מיר ווייסן נישט לויט וואָסער מעטאָדע די מחברים פֿון בוך האָבן אויסגעקליבן די 24 אַנטיילנעמער, זענען זיי פֿונדעסטוועגן רעפּרעזענטאַטיוו פֿאַר אַ גרויסן טייל פֿון ניו־יאָרקער ייִדישע אינטעלעקטואַלן. דער גרויסער רובֿ פֿון די באַטייליקטע איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן פֿון דריטן חורבן, און פֿון אויפֿ־קום פֿון דער ייִדישער מדינה. זייער האַרץ איז „אויפֿן ריכטיקן אָרט" אָבער דער מוח איז פֿאַרגויִשט. זייערע העלדן זענען דערווייַל נאָך נישט פּרץ, ביאַליק אָדער לייוויק. זיי וואָלטן „געמעגט" אינקאָרפּאָרירן אין זייער גייַסטיקן פֿאַרמעגן כאָטש מאָריס סעמיועלן, וועלכער איז געווען אינטים מיט דער מערבֿ־קולטור און גלייַכצייַטיק אַ בן־בית אין דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

אָבער דער אויפֿגעוואַכטער אינטערעס אין ייִדיש און אין דער

מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער ציוויליזאַציע בײַ אַ באַדײַטנדיקן סעק־טאָר פֿון דער היגער ייִדישער סטודענטנשאַפֿט און די יודאַיקאַ־דעפּאַרטמענטס אין אַ סך אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס, גיט אונדז די האָפֿענונג — און די ערשטע שוואַלבן באַווײַזן זיך שוין — אַז דער יינגערער דור אַמעריקאַנער ייִדישע אינטעלעקטואַלן וועט אויך אָנפֿילן זײַנע מוחות מיט ייִדישן אינהאַלט, און וועט נישט אָפּקומען בלויז מיט ייִדישע סענטימענטן.

(1984)

# אַמעריקאַנער ייִד פֿאָדערט אַן איבערשאַצונג פֿון אידעאָלאָגיעס

## I

זינט עטלעכע יאָר גייט אָן אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּובליציסטיק, דער עיקר אויף ענגליש, אַ וויכּוח מיט דער ישׂראלדיקער פֿירערשאַפֿט בנוגע אירע אײַנשטעלונגען צום אַמעריקאַנער ייִדישן ישובֿ. ס'איז נישט בלויז די „פּערמאַנענטע נאַציאָנאַלע דעבאַטע" וועגן דער צענטראַלקײַט פֿון ישׂראל, וועגן דער צוקונפֿט פֿון די תּפֿוצות, וועגן דער ראָלע פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום בײַם באַשטימען די ישׂראל־דיקע פּאָליטיק, וועגן עליה — הגם די אַלע ענינים בלײַבן אַקטועל: ס'איז מער ווי דאָס. די לעצטע צײַט ווערט די דעבאַטע אַלץ מער אויסגעברייטערט און אינטענסיוו. ס'באַטייליקן זיך אין איר נישט בלויז אַמעריקאַנער ייִדישע דיסידענטן, נאָן־קאָנפֿאָרמיסטן, נישט־ציוניסטן. ניין! מען הערט אַלץ מער די שטים פֿון פֿירנדיקע עסטאַבלישמענט־פֿיגורן, ציוניסטישע טוער און איבערגעגעבענע פֿרײַנט פֿון דער ייִדישער מדינה.

עס איז נישט נייטיק צו דערווײַזן, אַז אַזאַ וויכּוח, נאָך 31 יאָר עקזיסטענץ פֿון דער ייִדישער מדינה, נאָך די אַלע גילגולים וואָס דאָס

ייִדישע פֿאָלק האָט דורכגעמאַכט זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז שוין לאַנג געווען איבערפֿעליק. אַ פֿאָלק וואָס האָט דורכגעלעבט אַזאַ קאַטאַקליזם ווי אונדזערער, טאָר זיך נישט צופֿרידנשטעלן מיט עטלעכע מאָדיפֿיקאַציעס אין די פֿאַרמבולדיקע אידעאָלאָגיעס; עס מוז זוכן נײַע וועגן און נײַע ענטפֿערס אויף אונדזערע דילעמעס. איז גוט וואָס עס לאָזן זיך הערן די מאָנערס, און עס מערן זיך די שטימען וואָס פֿאָדערן אַן איבערשאַצונג פֿון אידעאָלאָגיעס. לאָמיר זיך באַקענען כאָטש מיט פֿיר פֿון זיי — פֿירער און אינטעלעקטואַלן; אַלע מיט אַ פּאָזיטיוון אײַנשטעל צו ישׂראל.

## II

טעאָדאָר מאַן איז, איצט, דער פֿאָרזיצער פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן „פרעזידענטן־קלוב”, וואָס באַשטייט פֿון די גרעסטע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. האָט מר. מאַן אין אַ רעדע ווו ער האָט באַהאַנדלט די באַציִונגען צווישן ישׂראל און דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום כאַראַקטעריזירט דעם היגן ייִדישן קיבוץ ווי אַזאַ וואָס האָט נישט קיין גלײַכן אין דער ייִדישער געשיכטע מיט זײַן פֿרײַקײַט, מיט זײַנע מעגלעכקײַטן, מיט זײַן רעליגיעזער פֿאַרשידנקײַט[1]. דער דור וואָס איז רײַף געוואָרן אין די זעכציקער יאָרן איז דער פֿרײַסטער דור אין דער ייִדישער גלות־געשיכטע. מאַן זעט אין דעם וואָס אונדזערע קינדער האָבן אויסגעקליבן צו ווערן פראָפֿעסאָרן, וויסנשאַפֿטלער, דאָקטוירים פסיכאָלאָגן, פסיכיאַטאָרן, סאָציאַלע אַרבעטער און קינסטלער אַ דראַנג מתקן צו זײַן די וועלט. תּיקון העולם איז דער בשותּפֿותדיקער פֿאָדעם וואָס פֿאַרבינדט אַלע זייערע באַשעפֿטיקונגען; זיי ווילן העלפֿן אַלע מענטשן צו געפֿינען לייזונגען צו זייערע פערזענלעכע און געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. אַמעריקאַנער ייִדן האָבן מאַניפֿעסטירט אין דעם דור זייערע אַלטע ייִדישע כאַראַקטער־שטריכן: זיי זענען פֿאַרנומען מיט ייִדישע זוכונגען נאָך געזעצן, וועגווײַזערס, סטאַנדאַרדן לויט וועלכע מענטשן וועלן קענען לעבן אָנשטענדיק, אין קעגנזײַטיקער פֿרײַנטשאַפֿט.

צי וועלן מיר אין אַמעריקע זיך נישט אַסימילירן אין דער צוקונפֿט?

מאַן גיט צו אַז ער האָט נישט די אַבסאָלוטע זיכערקייט, ווײַל מען קען נישט געפֿינען קיין אַנאַלאָגיע צום אַמעריקאַנער ייִדנטום אין דער ייִדישער געשיכטע. אָבער, טענהט ער, עס ענדיקט זיך איצט דער פּעריאָד פֿון „שעפּן נחת" פֿון ישׂראלס פּיאָנערן, און פֿון אַרונטערקוקן אויף זיך, ווײַל עס וואַקסט דער זעלבסט־רעספּעקט צווישן די ייִנגערע פֿירער פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום.

פֿון דער אַנדערער זײַט, באַטאָנט מאַן, גלויבן נאָך אַלץ ישׂראל־דיקע ציוניסטן אין שלילת־הגלות, אַז אין אַ דור, אָדער צוויי, וועט דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום פֿאַרשווינדן דורך אַסימילאַציע. אויף אַזאַ סאָרט איינשטעל, האַלט ער, קען זיך נישט אויפֿבויען קיין קעגנזײַטיקע דרך־ארצדיקע באַציִונג, ווײַל די מערסטע אַמעריקאַנער ייִדישע פֿירער גלייבן, אַז דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום וועט געדײַען ווי אַ בליענדיקער, דינאַמישער, שטאַלצער קיבוץ אין דער ווײַטער צוקונפֿט. און „מיר מוזן זײַן אַ קיבוץ וואָס גלייבט אין זיך און אין זײַן צוקונפֿט, און אין ציון, און איר צוקונפֿט. און דאָס איז וואָס אויך ישׂראל מוז זײַן — אַ קאָלעקטיוו וואָס גלייבט אין זיך און אין זײַן צוקונפֿט, און אין אַמעריקאַנער ייִדנטום, און אין זײַן צוקונפֿט". די דאָזיקע איבערצײַגונגען, שטרײַכט ער אונטער, מוזן ווערן דערמוטיקט. ישׂראלים וואָס גלייבן אין אונדזער אומפֿאַרמײַדלעכער אַסימילאַציע אין אַמעריקע דאַרפֿן זיך באַקלערן, נישט בלויז ווײַל עס בײַט זיך די אַמעריקאַנער ייִדישע ווירקלעכקייט, נאָר אויך ווײַל, אויב מיר וועלן אָנהייבן גלייבן אין דעם, קען עס ווערן אַ פֿאַרווירקלעכטע נבֿואה.

„איך זאָג צו אַזעלכע ישׂראלים" — רופֿט מאַן אויס פּאַטעטיש — „איר האָט אונדז אַ סך געהאָלפֿן. פֿאַר איבער דרײַסיק יאָר האָט איר אונדז געמאַכט שטאָלץ צו זײַן אַ טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק. טוט נאָך איין זאַך פֿאַר אונדז: גלייבט אין אונדזער צוקונפֿט, און האַנדלט אויפֿן יסוד פֿון דעם גלויבן, פּונקט ווי מיר גלייבן אין אײַער צוקונפֿט, און האַנדלען אויפֿן גרונט פֿון דעם גלויבן. דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום זעט ווי ישׂראל איז אַרומגערינגלט מיט אומברחמנותדיקע שׂונאים, אין אַ ים פֿון שׂינאה; עס קוקט אויף די שווערע געאָפּאָליטישע רעאַליטעטן — און גיט דאָס

אַלץ אַ שפּרונג אַריבער צום גלויבן אַז ישׂראל וועט געדייַען... קוקט אויף אונדז און נעמט אויך דעם שפּרונג. פֿון אַזעלכע שפּרונגען קען די ווירקלעכקייט ווערן געפֿורעמט". ער אַרגומענטירט ווייַטער אַז אַמעריקאַנער ייִדן האָבן נישט אַזעלכע שווערע קיום־דאגות ווי ישׂראל: זיי דאַרפֿן נישט קיין זיכערע גרענעצן וואָס לאָזן זיך פֿאַרטיידיקן, אָדער אַדעקוואַטע פֿאַרטיידיקונגס־בודזשעטן, אָדער אויסלענדישע הילף.

ס'קען נישט זייַן קיין ספֿק, אַז מאַן געהערט צו די איבערגעגעבענע פֿרייַנט פֿון ישׂראל, אָבער איר מעגט צווייפֿלען צי מען קען מיט לאָגישע אַרגומענטן אָפּווישן דעם שלילת־הגלות־קאָמפּלעקס פֿון ישׂראלדיקע ציוניסטן, אין אַ צייַט ווען די ייִדישע מדינה נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין עליה. ס'איז, דאַכט מיר, מער אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם ווי אַ לאָגישע. ווען, מיר האָפֿן, ס'וועט אייַנגעשטעלט ווערן אַ שלום צווישן ישׂראל און אירע שכנים, און זי וועט זיך ווייניקער נייטיקן אין דער הילף פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום, דעמאָלט וועט זיך אפֿשר ענדערן ישׂראלס באַציִונג צו דער אַמעריקאַנער תּפֿוצה...

### III

ד"ר יהודה שאַפּיראָ איז גוט באַקאַנט אין דער ייִדישער עפֿנטלעכקייַט ווי אַ פֿירנדיקער אַרבעטער־ציוניסט, ווי אַ גלענצנדיקער רעדנער און פּובליציסט. ער איז במשך די לעצטע זעקס יאָר געווען דער רעדאַקטאָר פֿון היגן פּועלי־ציוניסטישן חודש־זשורנאַל „דזשואיש פֿראָנטיער". אין אָנהייב פֿון הייַנטיקן יאָר האָט ער רעזיגנירט ווי דער רעדאַקטאָר פֿון דערמאָנטן זשורנאַל, און זיך געזעגנט מיט די לייענער.

נאָך דעם ווי ער צייכנט אָן די קאָנטורן פֿון די פֿאַרגאַנגענע זעקס יאָר, ווען די אַרבעטער־ציוניסטישע באַוועגונג אין ישׂראל איז געוואָרן פֿון אַ הערשנדיקער גרופּירונג אַן אָפּאָזיציע צו דער בעגין־רעגירונג, גייט ער אַריבער צו אַ שאַרפֿער קריטיק[2]. „עס איז געווען אַ פּעריאָד ווען די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט זיך אַרויסגעוויזן צו האָבן פֿאַרלוירן איר אָריגינאַליטעט און אומאָפּהענגיקייַט

און . . . זי האָט אָפּגעשפּיגלט די אַבעראַציעס פֿון דער פּירערשאַפֿט פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ישׂראל". ער באַטאָנט די געוואַלטיקע אויפֿטוּונגען פֿון דרײַסיק יאָר מדינת ישׂראל, און זייער השפּעה אויף אַמעריקאַנער ייִדנטום, אָבער גלײַכצײַטיק באַדויערט ער וואָס די „צענטראַלקײַט פֿון ישׂראל" האָט באַזיגט די צענטראַלקײַט פֿון ייִדישקײַט; שטיצע פֿאַר ישׂראל איז געוואָרן אַ נײַע דעפֿיניציע פֿון ייִדישקײַט, מיט וועלכער מען האָט באַשאָנקען די עם־הארצים וואָס האָבן נישט קיין ייִדיש וויסן, און נישט קיין ייִדישע פּראַקטיק. „אַ שטאָל־צער, אַ שעפֿערישער, אינטעלעקטועלער ייִדישער קיבוץ אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן איז אַוועקגעמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט, ווײַל מען האָט געטראַכט, אַז עס וועט אָפּוועגן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון שטיצע פֿאַר ישׂראל. ייִדישע קוואַליפֿיקאַציעס זענען געוואָרן אַ שטערונג פֿאַר יענע וואָס האָבן זיך געקענט באַטייליקן. די ייִדישע מדינה האָט אָפּגע־ווישט אַלע פֿאַרצוימונגען צו ייִדישקײַט, פֿאַרלאַנגענדיק בלויז עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע הילף".

דער פֿאַרוואָרצלטער און באַהאַוונטער אין דער ייִדישער קולטור, ד"ר שאַפּיראָ, באַדויערט וואָס די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך פֿאַרבונדן מיט די נײַע רעאַליטעטן פֿון אַמביציע און אָנווער פֿון ייִדישע וואָרצלען און מאָטיווירונגען. איר חובֿ איז איצט, פֿאַרענדיקט ער זײַן קאָנסטרוקטיווע קריטיק, צו קאָמבינירן ליבע פֿאַר מדינת ישׂראל מיט באַהאַוונטקײַט אין דער ייִדישער קולטור, וואָס דאַרפֿן נישט זײַן אין סתּירה איינע צו דער אַנדערער.

## IV

די פּערטליאַריקע שריפֿט „רעספּאָנס" (אָפּרוף) געהערט צו די אָנגעזעענסטע אַמעריקאַנער ייִדישע אַקאַדעמישע זשורנאַלן. דאָ באַ־טייליקן זיך פּראָמינענטע ייִדישע געלערנטע, אַקאַדעמיקער, סטודענטן און שריפֿטשטעלער. דאָ קומען צום אויסדרוק די זוכונגען פֿון דער יונגער ייִדישע אינטעליגענץ אין אַמעריקע. דער זשורנאַל איז אומאָפּ־

העגניק, פּראָ־ציוניסטיש, און אַ מיטגליד פֿון „צפֿון־אַמעריקאַנער ייִדישן סטודענטן־אַפּעל״.

אונטערן קעפּל „דער ציוניסטישער אַרגומענט, און דער אַרגומענט וועגן ציוניזם״ אַנאַליזירט דאַנאַ ראַבינסאָן דיווין, אַן אַסיסטענט־פּראָפֿעסאָר פֿון פּאָליטישער וויסנשאַפֿט אין סמיטה־קאָלעדזש (מאַסאַ־טשוזעטס) די ראָלע פֿון דער נאַציע־מלוכה אין אונדזער צײַט, און ספּעציעל פֿון מדינת־ישׂראל, אין לעבן פֿון די תּפֿוצות[3]. זי שטעלט פֿעסט, אַז ישׂראל האָט בעסערע מעגלעכקײַטן צו לייזן פֿאַר ייִדן אַ ריי פּראָבלעמען פֿון מאָדערנקײַט ווי אַמעריקע. אָבער די פּראָבלעמען, דערקלערט זי, זענען אויפֿגעקומען מחוץ פֿון דעם אויסשליסלעך־ייִדישן קאָנטעקסט, און זיי קענען דעריבער נישט געלייזט ווערן מיט עקס־קלוסיוו־ייִדישע טעכניקעס. די געשיכטע פֿון מאָדערניזאַציע האָט פֿאַר־לאַנגט מען זאָל אויסבעסערן יעדע עטיק און קולטור; ייִדישקײַט קען נישט זײַן קיין יוצא מן הכּלל. נישט פֿאַר אַלע ייִדן איז רעליגיעזע פּראַק־טיק רעלעוואַנט, אָדער נוצלעך, און אין אַ דעמאָקראַטישער געזעל־שאַפֿט קען אַ סוּווערענע מלוכה נישט אַרויפֿצווינגען איר פּראַקטיק, און זי קען אויך נישט טראַנספֿאָרמירן דעם יחיד לויט איר ווילן.

אמת, טענהט זי, די נאַציע־מלוכה איז אַלעמאָל געווען אַ זינפֿולע ראַם פֿאַר לעבן און אַרבעטן, באַפֿרידיקנדיק די באַדערפֿענישן פֿון פֿאָלק, און צושטעלנדיק אים דער הויפּט־מקור פֿאַר זײַן קולטור; דאָס איז אָבער נישט אמת הײַנט־צו־טאָג. שרײַבער, קינסטלער און מוזיקער — אַלע זוכן זיי איצט אויסער די גרענעצן פֿון זייערע מדינות אינספּי־ראַציע, טעכניקעס, און מאַטעריאַל. דאָס קען מען ספּעציעל אָנווענדן בנוגע ייִדן אין ישׂראל, ווו — לויט סאָול בעלאָו — ייִדן זענען נישט צופֿרידן מיט דעם וואָס זיי קענען קריגן אינעווייניק אין לאַנד; זיי דאַרפֿן די וועלט. קולטור איז הײַנט־צו־טאָג באַזירט אויף אַן אינטער־נאַציאָנאַלער ראַם, און מ׳קען זי נישט רעדוצירן צו די פּראָפּאָרציעס פֿון דער נאַציע־מדינה. דערצו, ווײַזט דאַנאַ ראַבינסאָן אָן, דאַרף מען עפּעס אָפּלערנען פֿונעם פֿאַקט וואָס די גרויסע צאָל אַמעריקאַנער ייִדן האָבן באַשטימט צו בלײַבן אין אַמעריקע, און פֿון דעם פֿאַקט אַז ישׂראלים

קומען אַהער. פֿון דעם מעג מען דרינגען, אַז די תּפֿוצה־אומגעבונג איז נישט אין גאַנצן אָן מעלות פֿאַרן ייִדישן ווייִטערדיקן קיום. סײַדן מיר מיינען צו זאָגן אַז נאָר ישׂראלים זענען באַזאָרגט וועגן ייִדישן המשך, און נאָר יענע וואָס בלײַבן אין ישׂראל. אָבער דאָס דאַרף מען ערשט באַ־ווײַזן. זי פֿירט אויס, אַז זי וויל נישט מינימיזירן דעם באַטייט פֿון ישׂראל פֿאַרן ייִדישן קיום, נאָר אַז ישׂראל קען נישט זײַן די איינציקע לייזונג פֿון ייִדישן פּראָבלעם, און די תּפֿוצות קענען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ שטערונג. אַ פֿאָלק ווי ייִדן קען נישט געפֿינען פּערמאַנענטע זיכערקײַט, און מוז אויפֿבויען אַ סך פֿאַרטיידיקונגען קעגן סכּנות וואָס אַנדערע פֿעלקער האָבן נישט.

נאַציאָנאַל־קולטורעלע ייִדן וואָס זענען אויפֿגעוואַקסן אין אייראָפּע, און קענער פֿון דער ייִדישער וועלט־מאַפּע וועלן אַוודאי מעגן איראָני־זירן איבער דעם איינזײַטיקן, שיער נישט „לוקסוסדיקן" צוגאַנג מצד דער געלערנטער צו ייִדישע קיום־פּראָבלעמען, וועלכע זי זעט בלויז פֿונעם קוק־ווינקל פֿון שעפֿערישן ייִדישן יחיד. און וואָס, וועט ער פֿרעגן, איז מכּוח דעם ברוטאַלן, אָפֿענעם אַנטיסעמיטיזם וואָס איז אַקטועל און דראָענדיק אין סאָוועט־רוסלאַנד? און וואָס איז וועגן דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע פֿון די מערבֿ־אייראָפּעיִשע און אַמערי־קאַנער ייִדן, אין אַ צײַט ווען די וועלט ווערט אַלץ מער סעקולאַריזירט, און די ייִדישע אמונה איז נישט מער דער פּאַנצער פֿון ייִדישן קיום ווי זי איז עס געווען ביז דער השׂכּלה?

אָבער, בעת מיר געדענקען די אַלע אײַנווענדונגען, טאָר מען אויך נישט פֿאַרגעסן אַז דער צוגאַנג פֿון דער אַקאַדעמיקערין איז רעפּרעזענ־טאַטיוו פֿאַר היפּשע טיילן פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער עליטע. דער־פֿאַר דאַרפֿן מיר קענען און זיך רעכענען מיט אירע מיינונגען און טענות.

## V

דער לעצטער פֿון די פֿיר מאַנערס וואָס מיר ווילן דאָ באַהאַנדלען איז אַרטור וואַסקאָו, אַ פֿירנדיקע פֿיגור אין דער „'ברירה'־גרופּע", אַז

אַנגעזעענער מיטגליד אין דער חבורה, — און קעגן־קולטור־באַוועגונג. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר אים געהערט אין אַ סימפּאָזיום וואָס דער ייִוואָ האָט אָראַנזשירט. אין דער ציוניסטישער פּערטליאַריקער שריפט „פאָרום", וואָס דערשיינט אין ירושלים, עקזאַמינירט וואַסקאָו אין אַ לענגערער אָפּהאַנדלונג די צוויי — וואָס ער באַטראַכט — דאָמי־נירנדיקע פילאָסאָפיעס אין ייִדישן לעבן פון אונדזער צײַט — דעם ייִדישן ליבעראַליזם אין אַמעריקע, און דעם אַרבעטער־ציוניזם אין ישׂראל[4]. ער קומט צום אויספיר, אַז בײדע זענען איצט נישט מער רעלע־וואַנט, און בײדע זענען אויך נישט געבליבן לאָיאַל צו זײערע לכתּחילה־דיקע ציִלן. ער רופט דעריבער צו רעקאָנסטרואירן דאָס ייִדישע פאָלק אויף נײַע יסודות, לויט אַ נײַער פּראָגראַם.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ איבערצוגעבן בפּרטיות זײַן אַנאַליז און קריטיק פון די צוויי דערמאָנטע ייִדישע אידעאָלאָגיעס. בקיצור קען מען דאָס אַזוי סומירן: פאַר 1940 איז דער אַרבעטער־ציוניזם, צוזאַמען מיטן בונדיזם און דובנאָווס פאָלקיזם געווען אַן אַלטערנאַטיוו וואָס האָט געדאַרפט אַרײַנפירן דאָס ייִדישע פאָלק אין דער מאָדערנער אינדוסטריעל־וויסנשאַפטלעכער וועלט מיט איר אויפ־לייזנדיקער ווירקונג אויף טראַדיציאָנעלער ייִדישקײַט. אָבער נאָך דעם אויפקום פון מדינת־ישׂראל האָט דער אַרבעטער־ציוניזם נישט פאַר־שטאַנען און נישט געהאַנדלט עפעקטיוו אין שייכות צו געוויסע אומדערוואַרטע פאַקטאָרן אין לעבן פון ישׂראל: 1) דער חורבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום האָט נישט נאָר צעשטערט דעם רעזער־וואַר פון מענטשן פאַר ישׂראל, נאָר האָט אויך באַרויבט ישׂראל און דעם ציוניזם פון דער קעגנזײַטיקער השפּעה מצד דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן, מצד דעם פאָלקיזם און ייִדישן סאָציאַליזם, וואָס וואָלט מיטגע־האָלפן אין וווּקס פון די אידייען און פּראַקטיק פון אַרבעטער־ציוניזם; 2) דער אויפקום פון דער קאַלטער מלחמה און דאָס נייטיקע אָנשפּאַרן זיך פון ישׂראל אויף אַמעריקע האָט אָפּגעשוואַכט אידעאָלאָגיש די ישׂראל־דיקע אַרבעטער־ציוניסטישע ווײלערשאַפט; 3) די פּערמאַנענטע מלחמה צווישן ייִדן און אַראַבער האָט שטאַרק באַגרענעצט די מעגלעכקײַטן פון

סאָציאַלער רעקאָנסטרוקציע; 4) דער מיליטערישער נצחון פון 1967, מיט דעם שטײַגנדיקן ווונטש בײַ א טייל אַרבעטער־ציוניסטן צו אַנעקסירן דעם מערבֿ־ברעג, האָט אַרויסגערופֿן ספֿקות בנוגע דער אַרבעטער־ציוניסטישער אידעאָלאָגיע מיט איר באַטאָנען ייִדישע אַרבעט און אַ ייִדישע דעמאָקראַטיע. ס'איז געוואָרן קלאָר אַז איינער, אָדער מער פֿון די דאָזיקע פּרינציפּן, וועט ווערן אויפֿגעגעבן אויב מען וועט אַנעקסירן דעם מערבֿ־ברעג.

5) די אַנטשטייונג פֿון אַ ספֿרדיש־אָריענטאַלישער מאַיאָריטעט אין ישׂראל צווישן וועלכער דער אַרבעטער־ציוניזם האָט זיך אַרויסגעוויזן אומפֿעיִק אויפֿצובויען אַ פּאָליטישע באַזע. דער רובֿ פֿון די דאָזיקע ייִדן איז דעריבער אַוועק צו די רעכטע פּאַרטייען. 6) דער אַרבעטער־ציוניזם איז נישט געווען צוגעגרייט פֿאַרן ווידעראויפֿלעב פֿון די רעליגיעזע ייִדישע אינסטיטוציעס. די ייִדישע טראַדיציע האָט אַפּעלירט נישט בלויז צו די פֿאָרמעל־רעליגיעזע, נאָר אויך צו די אַלע וואָס זענען געוואָרן אָפּגעריסן פֿון זייער טראַדיציאָנעלער קולטור צוליבן חורבן פֿון איירָאָפּעיִשן ייִדנטום. דער אַרבעטער־ציוניזם האָט בלויז געמאַכט קורץ־טערמיניקע פּאָליטישע מסחרים מיט די אָרטאָדאָקסישע פּאַרטייען, אַנשטאָט צו עקזאַמענירן אויפֿסנײַ זײַנע יסודות אין שייכות צו ייִדישקײַט. דאָס האָט געגעבן די רעליגיעזע פּאַרטייען אַ מאָנאָפּאָל איבער רעליגיעזע ענינים, און דערמיט באַפֿעסטיקט די שטײַפֿסטע און רעגרעסיווסטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. 7) דער אַרבעטער־ציוניזם האָט דערוואַרט, אַז דאָס וועלט־ייִדנטום וועט פֿאַרוועלקן אידעאָלאָגיש און פֿיזיש. ער האָט געמיינט אַז די דיאַספּאָרע וועט זיך באַטראַכטן ווי אַ שטיץ־גרופּע פֿאַר ישׂראל, און אירע אײַנוווינער וועלן אָדער עמיגרירן קיין ישׂראל, אָדער זיך אַסימילירן. אָבער די פֿירער פֿון דער אַמעריקאַנער תּפֿוצה, הגם זיי האָבן גענומען אויף זיך די ראָלע פֿון שטיצערס פֿון ישׂראל, זענען זיי אַליין באַשטאַנען אַז דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום איז אויך אַן אויטענטישער און זעלבסטשטענדיקער ייִדישער קאָלעקטיוו. אָט די אַלע פֿאַקטאָרן, האָלט וואַסקאָ, האָבן געפֿירט צו דער מפּלה פֿון „מערך" אין 1977.

כּדי זיך אָן עצה צו געבן מיט אָט דער אַנטוויקלונג וואָלט דער אַרבעטער־ציוניזם געדאַרפט אָננעמען דעם גלות ווי אַ ספּעציעלן אַספּעקט פון ייִדישער פאָלקישקייט, מיט אַ באַזונדערער ראָלע בײַם בויען ייִדישע קולטור. אָבער אַנשטאָט דעם איז די דיאַספּאָרע באַטראַכט געוואָרן בלויז ווי אַ נוצלעכער אונטערשטיצער מיט געלט און פּאָליטישן כּוח. דערצו האָט מען איר געזאָגט, אַז זי האָט נישט קיין דעה בײַם מאַכן באַשלוסן מצד דער ייִדישער מדינה, נאָר שטיצן ישׂראלס באַשלוסן און איר רעגירונגס־פּאָליטיק.

וואָסקאָ גייט דאַן איבער צו אַנאַליזירן דעם אַמעריקאַנער ייִדישן ליבעראַליזם — די צווייטע דאָמינירנדיקע פילאָסאָפיע אין ייִדישן לעבן. ס'איז נישט אַ פאָרמעלע ייִדישע אידעאָלאָגיע ווי דער אַרבעטער־ציוניזם, אָדער דער בונדיזם, נאָר אַ פּאָליטישער און קולטורעלער ליבעראַליזם נוסח־אַמעריקע, וואָס באַטראַכט דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם ווי אַ פּראָדוקטיוון סיסטעם. ער קוקט אויף דער פאַרשידנאַרטיקייט פון עטנישע און רעליגיעזע קולטורן ווי אויף אַ נייטיקן קאָרעקטיוו צו דער אָפּפרעמדונג און אויסוואַרצלונג פון דער אַלגעמיינער קולטור, ווײַל די אייגענע קולטור גיט אַ געפיל פון „וואָרצלען", פון גײַסטיקער גאַנצקייט און ציבורדיקער אַחריות.

במשך פון איין דור, פון מיטן 30ער ביז מיטן 60ער יאָרן, האָט די אידעאָלאָגיע פון אַמעריקאַנער ייִדישן ליבעראַליזם דערמוטיקט און באַרעכטיקט פאַר די מערסטע אַמעריקאַנער ייִדן זייער סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אַרויפשטײַג, און האָט זיי געגעבן אַן אָננעמבאַרן סאָציאַלן און פּאָליטישן וועלט־באַנעם. דער ליבעראַליזם האָט מעגלעך געמאַכט פאַר זיי צו שאַפן פּאָליטישע פאַראייניקונגען מיט אַמעריקאַנער אַרבעטער, מיט קאַטאָליקן, שוואַרצע, ליבעראַלע פּראָטעסטאַנטן און מיטל־קלאַס־גרופּעס. אָבער אין 1977 האָט מען דערפילט אַז די אידעאָלאָגיע באַנקראָטירט. די מלחמה אין וויעטנאַם, דער באַרג־אַראָפּ פון די שטעט, די ווײַסע און שוואַרצע יוגנט־אויפשטאַנדן, ראַיאָטן, און די אינפלאַציע — דאָס אַלץ האָט אונטערגעמינעוועט די אָפּטימיסטישע הנחות וואָס זענען געלעגן אין דעם יסוד פון ייִדישן ליבעראַליזם. אַחוץ דעם האָבן

די פֿאָדערונגען פֿון דער שוואַרצער געמיינדע פֿאַר אַ גרעסערן חלק פֿון די עקאָנאָמישע געלעגנהייטן אָנגעשטעקט ייִדן מיט מורא, אַז דער ייִדישער חלק קען ווערן רעדוצירט. דערפֿאַר האָבן ייִדישע אָרגאַני־זאַציעס זיך מער גענייגט צו קאָנסערוואַטיזם. און צום סוף דער נצחון פֿון די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן אין די ישׂראל־וואַלן פֿון 1977, האָט אַרײַנגעבראַכט אַ געפֿיל אַז ס'קען זײַן אַ קאָליזיע צווישן דער אַמערי־קאַנער און ישׂראל־רעגירונג, און דעריבער האָבן אַ סך אַמעריקאַנער ייִדן זיך אָנגעהויבן פֿילן אומרויִק.

## VI

אויפֿן גרונד פֿון דעם אַנאַליז פֿאָרמולירט וואַסקאָו אַ פּראָגראַם פֿאַרן ייִדישן וועלט־פֿאָלק — האָבנדיק אין זינען פֿאַרטיידיקונג קעגן אַנטיסעמיטן און פּרעזערווירונג פֿון די אינטרינזיקאַלישע ווערטן פֿון ייִדישקייט. דער ערשטער באַדינג, שטרײַכט ער אונטער, איז, אַז אַלע טיילן פֿון ייִדישן וועלט־פֿאָלק זאָלן זיך רעספּעקטירן ווי אויטענטיש, וויטאַל, און נייטיק פֿאַר דער ייִדישער אומה. ישׂראל און די תּפֿוצות מוזן זיך קעגנזײַטיק אָנערקענען און האַנדלען איינע צו דער אַנדערער ווי דיאַלעקטישע און דערגאַנצנדיקע טיילן פֿון פֿאָלק ישׂראל. אין ישׂראל, ווו ייִדן קאָנטראָלירן זייערע אינסטיטוציעס, זענען זיי אָבער אויך די קרבנות פֿון דער פֿאַרשטיינערטקייט און בלינדקייט פֿון די דאָזיקע אינסטיטוציעס. אין אַמעריקע ווידער, זענען ייִדישע אינסטיטוציעס אַ סך שוואַכער, און ייִדן מוזן שווימען קעגן שטראָם כּדי צו לעבן ייִדישלעך, אָבער די אינסטיטוציעס זענען נישט אַזוי פֿאַרשטיינערט און האָבן נישט דעם גרויסן כּוח איבערן יחידס לעבן וואָס די ישׂראלדיקע אינסטי־טוציעס האָבן. די דאָזיקע שעפֿערישקייט פֿון ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע ווערט פֿאַרשטאַרקט אַדאַנק דעם שטענדיקן צוניפֿטרעף פֿון ייִדישן ציבור מיטן קריסטנטום, מיטן ליבעראַליזם און ראַדיקאַליזם. די געפֿאַר באַשטייט טאַקע אין אַסימילאַציע, אָבער דער שׂכר — צוליב דער מורא פֿאַר אַסימילאַציע — איז דאָ פֿאַראַן אַ גרעסערע אינטעלעק־טועלע שעפֿערישקייט און אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון ייִדישן לעבן.

די צוויי מינים ייִדישע געזעלשאַפֿטן — די ישׂראלדיקע און די אַמעריקאַנער — אײַנע באַזירט אויף סטאַבילקײַט־שטײַפֿקײַט, און די אַנדערע אויף פֿליסיקײַט, דערגאַנצן זיך איינע די אַנדערע, נישט צײַט־ווײַליק, נאָר פּערמאַנענט, אָרגאַניש און פּרינציפּיעל. אַזאַ ייִדיש וועלט־פֿאָלק מוז האָבן אַ סטרוקטור פֿון ייִדישקײַט, אַ פּראָצעדור צו מאַכן באַ־שלוסן, אַ סכום בשותּפֿותדיקע אידייען פֿאַר דיאַלאָג, אַנאַליז, דיס־קוסיע, און אפֿשר אויך אַ בשותּפֿותדיקע שפּראַך. אַזאַ ייִדישער בנין מוז זײַן געבויט אויף ווערטן אויף וועלכע אַלע וועלן זיך קענען אייניקן און וואָס וועלן ענטפֿערן אויף די אוניווערסאַלע נויטן פֿון ייִדישן יחיד און כּלל: „דער מקור פֿאַר אַזעלכע ווערטן איז דער וועלט־באַנעם וואָס שטעלט פֿעסט, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק שטייט טיילווײַז אויסער די גרענעצן פֿון די נאַציע־מלוכות (אַפֿילו אין איר אייגענער ישׂראל־מדינה) נישט בלויז צוליב זײַן צעשפּרייטקײַט, נאָר אויך ווײַל עס שטייט אין אַ בונד מיט גאָט, און אין אַ כּסדרדיקן געראַנגל מיט דער ייִדישער ירושה. דער וועלט־באַנעם האַלט אַז אַלע אויטענטישע אויסדרוקן פֿון ייִדישער פֿאָלקישקײַט — אײַנשליסנדיק רעליגיע, קולטור און נאַציאָנאַליטעט — זענען אויסדרוקן, אינטערפּרעטאַציעס, און שטענדיקע רעאינטער־פּרעטאַציעס פֿון דעם פֿאָלקס קאָלעקטיוון בונד מיט גאָט. דער וועלט־באַנעם האַלט, אַז אַפֿילו אויב אינדיווידועלע ייִדן קענען נישט אַקצעפּ־טירן די אידייע פֿון אַ ברית מיט גאָט, קענען זיי אָבער אײַנזען, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק ווי אַ גאַנצקײַט, האָט אַזאַ בונד, און זיי קענען אַפֿילו בײַ־טראָגן צום פּראָצעס פֿון ראַנגלען זיך מיט דער ייִדישער ירושה, וואָס פּרעטענדירט צו האָבן אַ בונד מיט גאָט".

אַרויסגייענדיק פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט האַלט וואַסקאָו, אַז מען דאַרף באַטראַכטן דעם סעקולערן ציוניזם און דעם ייִדישן ליבעראַליזם ווי „גרויסע מדרשים" וועגן דער ייִדישער טראַדיציע. די דאָזיקע אידייען דאַרף מען פֿאַרשטיין ווי אַ מדרשדיקע אַנטוויקלונג פֿון אַ געוויסן טייל פֿון דער ייִדישער טראַדיציע. און טאָמער מיינט איר, אַז די דאָזיקע וועלטלעכע אידעאָלאָגיעס קענען זיך נישט איבערבעטן מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע, דערווידערט וואַסקאָו, אַז זיי שטאַמען פֿון

דער ייִדישער טראַדיציע אַפּילו ווען זיי האָבן זיך אָפּגעוואָרפן, און דעריבער, נישט געקוקט אויף זייער וועלטלעכקייט קענען זיי זיך צוריק פאַרבינדן מיט איר. דערצו האָבן זיי דערפּאָלגרייך באַוויזן, אַז ס'איז מעגלעך פאַר ייִדן צו האַנדלען עפעקטיוו ווי אַ פאָלק אין דער מאָדער־נער וועלט. דערפאַר דאַרף מען אינקאָרפּאָרירן די אויפטועכן פון די וועלטלעכע אידעאָלאָגיעס אין אַ באַנייטן תורה־פּראָצעס. ער ציטירט שמעון ראַווידאָוויטש, אַז די צוגעבונדנקייט פון דער אַרבעטער־ציוניזם צום נביאישן און סעקולאַריזירטן אינהאַלט האָט געשטאַרקט די ציוניסטישע וויזיע.

וואָס שייך דעם ייִדישן ליבעראַליזם אין אַמעריקע, קאָנסטאַטירט וואַסקאָו, אַז זיינע צוויי בייטראָגן צו ייִדישקייט זענען דער ייִדישער פּלוראַליזם, און דער עלעמענט פון פּערזענלעכער אַליין־רעאַליזירונג — און זיי דאַרפן אויך אינקאָרפּאָרירט ווערן אין דער ייִדישער טראַדיציע.

די צייט אין וועלכער מיר לעבן, האַלט ער, איז צום טייל, אַנאַ־לאָגיש צו דער תּלמודישער תּקופֿה — די 700 יאָר פון 200 פ. ק. צ. ביז 500 נ.ק.צ.; פּונקט ווי אין יענער העלעניסטיש־רוימישער עפּאָכע אַזוי שטייען מיר היינט פאַר אַן ערד־ציטערניש אין לעבן פון ייִדישן פאָלק. גלייכצייטיק איז אונדזער וועלט אַזוי שטאַרק אַנדערש פון יענער פאַר־צייטיקער עפּאָכע, אַז מיר נייטיקן זיך אין אַ נייעם תּלמוד. אָבער אונדזער היינטיקער תּלמוד מוז זיין אַנדערש פון תּלמוד בבלי, נישט נאָר אין אינהאַלט, נאָר אויך אין סאַמע פּראָצעס פון זיין אויפבוי מוז ער זיין אַנדערש: נישט אַן עליטע פון רבנים, נאָר דער גאַנצער ציבור מוז זיך באַטייליקן אין דעם וויכּוח וואָס וועט אויסקריסטאַליזירן אַ נייעם לעבנס־נוסח.

אין הסכּם מיט דעם געדאַנקען־גאַנג שלאָגט וואַסקאָו פאָר „אַ וועלט־פאַרבאַנד פאַר דער באַנייונג פון ייִדישקייט", וואָס זאָל ווערן דערוויילט נישט בלויז פון רעליגיעזע ייִדן, נאָר אויך פון וועלטלעכע ייִדן, וועלכע באַטראַכטן דעם צענטראַלן פּראָצעס פון זייער ייִדישן

דענקען ווי אַ צונויפֿטרעף מיטן גאַנצן פֿאַרנעם פֿון דער ייִדישער מחשבֿה — פֿון תּנך און תּלמוד ביז אחד־העם, דובנאָוו, באָראָכאָוו, בובער און העשעל. דער „וועלט־פֿאַרבאַנד" וועט זײַן די ראָם פֿון ייִדישן וועלט־פֿאָלק וועמענס אויפֿגאַבע ס'וועט זײַן צו רעקאָמענדירן דעם ייִדישן פֿאָלק די ריכטונג אין וועלכער זײַן פּאָליטיק זאָל געפֿירט ווערן. די רעקאָמענדאַציעס דאַרפֿן אײַנשליסן מאַיאָריטעט און מינאָריטעט־שטאַנדפּונקטן, אַזוי ווי דער תּלמוד טוט דאָס. מיט אָט דעם „וועלט־פֿאַרבאַנד" קען מען, לויט וואַסקאָון, דערגרייכן דאָס, וואָס וועט זײַן דער צווייטער גרויסער טראָט — נאָכן אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל — אין דער ווידעראויפֿריכטונג פֿון אַ ייִדישלעך, וויטאַל, אַלוועלטלעך ייִדיש פֿאָלק.

## VII

מיר מוזן, נישט אָננעמען אַלע הנחות און אויספֿירן פֿון מחבר אײַנצוזען, אַז זײַן אָפּהאַנדלונג איז אַן ערנסטער פּרוּוו צו פֿאָרמולירן אַ פֿילאָסאָפֿיע וואָס זאָל שאַפֿן אַ סינטעז פֿון רעליגיעזער און וועלט־לעכער ייִדישקייט פֿאַר אונדזער צײַט. אַזאַ פּרוּוו מצד אַ יונגן אַמעריקאַנער ייִד וועלכער קען ביידע וועלטן — די ייִדישע און די אַמעריקאַנישע — דאַרף מען באַגריסן. דערצו פֿאַרמאָגט זײַן עסיי אַ ריי פֿײַנע אָרײַנבליקן און אמתן. אַוודאי קען מען אָפּפֿרעגן אייניקע פֿון זײַנע באַהויפּטונגען. אַזוי, למשל, זענען מיר ווײַט נישט איבערצײַגט, אַז דער איצטיקער „נײַער קאָנסערוואַטיזם" אין אַמעריקע איז אַ פֿענאָמען וואָס וועט לאַנג דאָמינירן די אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט. מיר מיינען אַז „די קוואַליע פֿון דער צוקונפֿט" געהערט נישט צו די וואָס אידעאַליזירן דעם נעכטן מיט זײַן אָרעמקייט, הונגער און נויט. דער „וווילזײַן־שטאַט" (וועלפֿעיר־סטייט) איז געקומען צו פֿאַרבלײַבן אפֿשר מיט אַ ריי מאָדיפֿי־קאַציעס, און עס זענען דאָ אַלע אויסזיכטן, אַז אַמעריקאַנער ייִדן וועלן אָנהאַלטן זייערע הויכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דער רובֿ אַמעריקאַנער ייִדן פֿאַרשטייען דעריבער, אַז ליבעראַליזם איז און וועט זײַן אין זייערע אינטערעסן. נישט געקוקט אויף געוויסע רײַבונגען און

קאָנפֿליקטן צווישן ייִדן און שוואַרצע, פֿאַרבלײַבן די הויפּט־אָרגאַני־זאַציעס פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום אין דער ליבעראַלער מחנה.

ס'איז אויך נישט אין גאַנצן באַרעכטיקט וואַסקאָס קריטיק אויפֿן אַרבעטער־ציוניזם. ערשטנס, איז לײַכט צו זײַן אַ חכם לאחר המעשׂה; אַלע שפּעטערישע באַוועגונגען וואָס קענען פֿאַרצייכענען גרויסע אויפֿ־טוען אויף זייער חשבון האָבן, ווען מען קוקט פֿון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, געמאַכט טעותן. צווייטנס, זענען אַ סך פֿון די טעותן מצד דעם אַרבעטער־ציוניזם געווען אומפֿאַרמײַדלעך, ווען ער האָט גע־דאַרפֿט אַרבעטן גלײַכצײַטיק אויף אַזוי פֿיל פֿראָנטן: פֿירן מלחמות מיט אַלע אַרומיקע שכנים, אַרײַנברענגען קיין ישׂראל ייִדן פֿון אַזוי פֿיל גלותן, און בויען אַ מאָדערנע מדינה.

אָבער דער תמצית פֿון וואַסקאָס אָפּהאַנדלונג אַז דער שלילת־הגלות־אײַנשטעל פֿון אַרבעטער־ציוניזם איז פֿאַלש און נישט אין די אינטערעסן פֿון ייִדישן פֿאָלק, בלײַבט ריכטיק. ער איז אויך גערעכט ווען ער דערקלערט אַז דער אַרבעטער־ציוניזם און דער ייִדישער ליבע־ראַליזם זענען פֿאַראַנקערט אין דער ייִדישער טראַדיציע, אַפֿילו ווען זיי האָבן זי אָפּגעוואָרפֿן. די מאָדערנע ייִדישע דענקער, פֿון אהרן ליבער־מאַן ביז דובנאָוון, האָבן דאָס שוין לאַנג צוריק באַוויזן, און די אָפּ־קלאַנגען פֿון זייערע אידייען הערן זיך שטאַרק בײַ וואַסקאָון. ער האָט געלערנט בײַ די בעסטע פֿאָרשטייער פֿון דער ייִדישער מחשבֿה. און אויב אַפֿילו ער איז נישט מחדש קיין סך, זאָגט ער אָבער אַ „וואָרט אין דער ריכטיקער צײַט". וועלטלעכע ייִדן, פֿאַר וועמען וואַסקאָס רעלי־גיעזע אונטערטענער וועלן קלינגען דיסהאַרמאָניש דאַרפֿן געדענקען אַז דער הײַנטיקער דור — ווי עס פֿירט זיך אין אַלע דעמאָקראַטישע לענ־דער — האָט אַ רעכט צו אַמענדירן די קאָנסטיטוציע פֿון פֿריערדיקע דורות. ס'איז גוט צו וויסן אַז די סעקולערע ייִדישע מחשבֿה פֿון די לעצטע הונדערט יאָר דרינגט אַרײַן אין די מוחות פֿון אַמעריקאַנער ייִדישע אינטעלעקטואַלן, און זיי באַטראַכטן זי ווי אַ קאָמפּאָנענט אין זייער ייִדישקײַט־פֿילאָסאָפֿיע. זייער חשבון־הנפֿש מוז נישט צוטרעפֿן אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען. דער עיקר איז וואָס זיי ראַנגלען זיך

מיט די האַרבע ייִדישע קיום־פּראָבלעמען פֿון אונדזער צײַט, און זיי ווילן געבן אַ תּיקון דעם ייִדישן יחיד אומעטום, אין גײַסט פֿון דורותדיקן און מאָדערנעם ייִדישן געדאַנק.

1) *"Congress Monthly"*, April, 1979;
2) *"Jewish Frontier"*, Feb. 1979;
3) "Response", Winter, 1978-9;
4) "Forum", Fall, 1978, Jerusalem.

# די ייִדישע מחשבֿה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

## I

ד״ר העשיל קלעפּפֿיש האָט זיך די לעצטע יאָרן קונה־שם געווען אין דער ייִדישער וועלט מיט זײַנע גײַסטרײַכע רעדעס און רעפֿעראַטן. יעדער עפֿנטלעכער אויפֿטריט זײַנער באַאײַנדרוקט די צוהערער מיט זײַן וויסן און עלאָקווענץ. אין דעם איצטיקן בוך ליטעראַרישע עסייען* באַווײַזט ער אַז ער איז נישט בלויז אַן אָראַטאָר, נאָר אויך אַ דענקער און אַ טאַלאַנטפֿולער שרײַבער, וואָס קען אויסדריקן זײַנע געדאַנקען לײַכט און גראַציעז אין אַ לויטערן, פֿאָלקסטימלעך־ראַפֿינירטן ייִדיש.

ווי דער מחבר דערקלערט אין זײַן אַרײַנפֿיר, שטעלט דאָס בוך מיט זיך פֿאָר אַ זאַמלונג פֿון די עסייען וואָס ער האָט געשריבן אין די דרײַסי־

*) „צווישן די צוויי וועלט־מלחמות״ — ליטעראַרישע עסייען, פֿון ד״ר העשיל קלעפּפֿיש. אַרויסגעגעבן דורכן וועלט־ראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור; תּל־אָבֿיבֿ, 1982; 564 זײַטן.

קער יאָרן, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די פּעריאָדישע אויס־גאַבעס אין וואַרשע, דער עיקר אין דער טעגלעכער צײַטונג „דאָס אידישע טאָגבלאַט". דאָס זענען עסייען „וואָס טראָגן איבער דעם לייענער צו דער תּקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות און צום פּיל־מיליאָניקן יידישן קיבוץ וואָס האָט ערבֿ דעם נאַצי־חורבן געלעבט אין פּוילן; זיי פירן אַריבער צו דעם אינטערעסן־קרײַז פון פּוילישן יידנטום אויפן שוועל פון זײַן טראַגישן אונטערגאַנג, צו דער גײַסטיקער שפּאַנונג וואָס האָט אין אים אָנגעהאַלטן אין די ערבֿ־חורבן־יאָרן, צו זײַנע פאַרכטיקע אַנגסטן, און נישט־אויסגעלאָשענעם גלויבן".

די קנאַפּע הונדערט עסייען וואָס געפינען זיך אין דעם ספר קען מען אײַנטיילן אין דרײַ הויפּט־קאַטעגאָריעס: —

1) באַטראַכטונגען וועגן יידן־שרײַבערס וואָס זענען אָנגעזען אין דער וועלט־ליטעראַטור: היינע, יאַקאָבֿ וואַסערמאַן, ליאָן פוכט־וואַנגער, פראַנץ קאַפקאַ, סטעפאַן צווײַג, ערנסט טאָלער, פראַנץ ווערפעל, זשוליאַן בענדאַ, עמיל לודוויג און אַנדערע; 2) וועגן נישט־יידישע דענקערס און שריפטשטעלערס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַרן יידישן גורל און אויפטוונגען. אַזעלכע חסידי אומות־העולם ווי: ציפּריאַן נאַרוויד, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, אַדאַם מיצקעוויטש, עליזאַ אָזשעשקאָוואַ, זשאַק מאַריטען, וויספּיאַנסקי, רודאָלף ראָקער, און אַנדערע; 3) וועגן בעלי־תּשובֿה: אַסימילירטע יידן בײַ וועמען ס'איז פאָרגעקומען אַ גײַסטיקער איבער־בראָך, און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, צו זייער פאָלק: פראַנץ ראָזענצווײַג, לודוויג לואיסאָן, נתן בירנבוים. פאַראַן אויך אַ ריי עסייען וועגן יידן אין דער פּוילישער ליטעראַטור: סלאָנימסקי, טווים, שמעון אַשכּנזי, ווילהעלם פעלדמאַן, וויטלין און אַנדערע.

ביז גאָר אַקטועל איז די אָפּהאַנדלונג איבער פוכטוואַנגערן און זײַנע היסטאָרישע נאָוועלן: „יאָזעפוס" און „ייד זיס" — ביכער וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק געלייענט און האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַר־געסלעכן אײַנדרוק. די סצענע וואָס פוכטוואַנגער צייכנט מיט דראַמאַטישן כּוח, ווען יאָזעפוס (יוסף בן מתתיהו) זיצט אויף דער ערנע, אין

רוים, בעת מען פירט פאַרביי די געפאַנגענע יידישע העלדן־זעלאַטן, און ס׳קעמפן אין זיין ברוסט צוויי נשמות — די יידישע און רוימישע — קריצט זיך איין טיף אין געמיט. לויט פויכטוואַנגערס קאָנצעפּציע האָט יאָזעפוס געשטרעבט צו שאַפן אַ סינטעז צווישן רוים און ירושלים, צונויפצוגיסן יידישע און רוימישע קולטור־עלעמענטן, אָבער עס איז אים נישט געלונגען; זיין אויפפאַסונג פאַלט דורך.

ד״ר קלעפּפיש האַלט אַז אין דער היסטאָרישער נאָוועלע איז דאָ עפּעס פון פויכטוואַנגערס אויטאָ־פּאָרטרעט: „רוים אָדער ירושלים״ — דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער פראַגע־צייכן אונטער וועלכן עס שטייט דאָס לעבן און שאַפן פון פויכטוואַנגערן גופא... אין יענעם מאָמענט ווען יידן זוכן אַ סינטעז צווישן רוים און ירושלים, ווערן יידן שוואַך, ווייל יעדע אַזאַ פאַראייניקונג איז פאַרמשפּט אויף אַ דורכפאַל״. דער עסייִסט סקיצירט אויך דעם סיפּור־המעשׂה פון „ייד זיס״ (דער ראָמאַן איז אין אַמעריקע אונטערן נאָמען „פּאַוער״ געווען אַ בעסט־סעלער) און ער פירט אויס, אַז דער מוסר־השׂכל דאַרף פאַר אונדז זיין אַז „נאָר נאַיווע מענטשן קענען זיך פאַרוויגן אין מיראַזשן און גלייבן אַז וועלט און ייד קענען לעבן אין האַרמאָניע״.

נישט אַלע וועלן קענען אָננעמען דעם מחברס קאַטעגאָרישן פּסק־דין אַז עס מוז זיין אַן אייביקע מלחמה צווישן רוים און ירושלים — ס׳הייסט צווישן דער יידישער און מערבֿ־אייראָפּעיִשער קולטור. וואָרעם אפילו אויב איר וואַרפט אָפּ די קאָנצעפּציע פון אַ יודעאָ־קריסטלעכער ציוויליזאַציע, מוזט איר אויך צוגעבן אַז די הײַנטיקע „ירושלים״ שליסט איין עלעמענטן פון „רוים״, פונקט ווי „רוים״ האָט איבערגענומען געוויסע קאָמפּאָנענטן פון ירושלימס ציוויליזאַציע.

אויך די עסיי וועגן וואַלטער ראַטענאַו, דער יידיש־דײַטשער שטאַטסמאַן און עקאָנאָמיסט, וועמען די דײַטשע אַנטיסעמיטן האָבן דערמאָרדעט אין 1922, איז הײַנטצײַטיק און אָנרעגנדיק, ספּעציעל פאַר אַסימילירטע יידישע אינטעלעקטואַלן וואָס אַנטלויפן פון זיך. אין ראַטענאַו, האַלט דער מחבר, האָט די ראַנגלעניש צווישן יידישקייט און דײַטשישקייט אָנגענומען די שאַרפסטע פאָרם, ווייל אָט דער מענטש פון

גײַסט, ראַטענאַו, איז נתפּעל געוואָרן פֿון ברוטאַלן און רויען פּרייסנטום. שולדיק אין דעם מינדערווערטיקײַט־קאָמפּלעקס איז, לויט קלעפּפּישן, קודם כּל זײַן דערציִונג, און די פּרייסישע לופֿט וואָס ער האָט אײַנגעאָטעמט פֿון זײַן פֿריסטער יוגנט. זי האָט אים אָנגעשטעקט מיט דעם מיקראָב אַז די דײַטשן שטייען העכער ווי די ייִדן.

אָן ספֿק, אַז די דערציִונג און די יונקערישע סבֿיבֿה האָבן אַ חלק אין דעם שטאַטסמאַנס אינפֿעריאָטעט־קאָמפּלעקס, אָבער, איז דאָס אַ פֿולע אויפֿקלערונג פֿון דער רעטעניש? אָט האָט דאָך פֿראַנץ ראָזענצווײַג אויך געשטאַמט פֿון דער זעלביקער דײַטשער קולטור־סבֿיבֿה, און איז געווען נישט ווייניקער אַסימילירט פֿון ראַטענאַוען, און דאָך האָט ער זיך פֿון די אַלע פֿאַלשקײַטן און מיראַזשן באַפֿרײַט! וואַרשיינלעך שפּילט דאָ אַ ראָלע נישט בלויז דערציִונג און סבֿיבֿה, נאָר אויך כאַראַקטער, און דאָס פֿאַרמאָגן נישט אַלע טאַלענטירטע מענטשן. סוף־כּל־סוף איז ראַטענאַו געווען, דער עיקר, אַ מענטש פֿון טאַט, און די דאָזיקע פּערזענלעכקײַטן ווילן זײַן פּאָפּולער בײַ די מאַסן, ס׳הייסט בײַ די דײַטשע מאַסן.

## II

פֿאַר יעדן ייִד וואָס ווייטיקט און איז טיף פֿאַרוווּנדעט איבער דער אַכזריותדיקער אויפֿפֿירונג מצד אַ סך פּאָליאַקן לגבי ייִדן במשך דער צווייטער וועלט־מלחמה וועט אפֿשר זײַן אַ שטיקל טרייסט אַפּצופֿרישן אין זכּרון, אַ דאַנק קלעפּפּישן, אַז אויך אין „סדום" זענען געווען צען צדיקים". איבערגייענדיק צו די חסידי אומות־העולם באַהאַנדלט דער מחבר אַ ריי פּאָליאַקן־ייִדן־פֿרײַנד וואָס, נישט געקוקט אויפֿן ים פֿון אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט פּוילן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ספּעציעל צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, זענען פֿאָרט געווען אַ ריי אויסנאַם־פּערזענלעכקײַטן וואָס האָבן אויסגעשטרעקט אַ וואַרעמע האַנט זייערע שכנים־ייִדן. ער פֿרישט אויף פֿאַר אונדז די באַציִונג פֿון פּוילנס גרויסן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש צו ייִדן. ער דערמאָנט אונדז ווי אין פּאַריז, אין 1845, אין דער צײַט ווען פּוילן האָט גע־

שמאַכט אונטערן צאַרישן דעספּאָטיזם, האָט זיך דעמאָלט אין דער פֿראַנצויזישער הויפּט־שטאָט געפֿונען אַ באַדײַטנדיקע פּוילישע קאָ־לאָניע. דעמאָלט וואַכן אויף חרטה־געפֿילן און מען באַטראַכט זיך אַז פּוילן האָט געזינדיקט בנוגע ייִדן. צווישן די וואָס פֿאָדערן אַז מ׳זאָל רעווידירן די באַציִונג צו ייִדן איז איינער פֿון די טאָן־געבערס מיצקעוויטש.

דער פּוילישער דיכטער מאַכט אַ שטודיע פֿון דער ייִדישער געשיכטע, און ער געפֿינט אויס וועגן תשעה־באָב און דעם צערעמאָניאַל וואָס ייִדן פּראַווען אין דעם טאָג. ער באַשליסט זיך אָנטקצוזעצן צוזאַ־מען מיט ייִדן טרויערן אין אַ שול. אום תשעה־באָב תר״ה (1845) איז מיצקעוויטש צוזאַמען מיט אַ עולם פּאָליאַקן אָנגעקומען אין אַ פּאַריזער סינאַגאָגע וואָס די קאָנסיסטאָריע האָט באַשטימט. נאָכן אָפּלייענען „איכה״ האָט מיצקעוויטש געבעטן אַ וואָרט און גערעדט וועגן ייִדישער אייגנאַרטיקײַט, וועגן דער טראַגעדיע פֿון גלות, און ער האָט פֿאַר־ענדיקט: „עס וועלן קומען די אויסגעבענקטע טעג, גאָט וועט אײַך אויס־לייזן פֿון גלות און פֿירן קיין ירושלים״.

אָבער די אַסימילירטע קאָנסיסטאָריע־ייִדן קענען נישט פֿאַרטראָגן זײַנע רייד און דערקלערט אים אַז דאָס ייִדישע פּראָבלעם איז שוין געלייזט, ווײַל זינט די פֿראַנצויזישע ייִדן האָבן באַקומען גלײַכ־באַרעכטיקונג זענען זיי פֿראַנצויזן. ווען מיצקעוויטש כאַפּט זיך צו וואָס פֿאַר אַ ייִדן ער איז אַרײַנגעפֿאַלן, זאָגט ער זיי, אַז ער איז פֿון ווילנע, און דאָס וואָס ער האָט הײַנט געזאָגט איז אין גײַסט פֿון פּויליש־ליטווישע ייִדן.

דער עסייִסט צייכנט וואָרעם די פּראָפֿילן פֿון די ייִדן־פֿרײַנדלעכע שריפֿטשטעלערס: קאָנאָפּניצקאַ, אָזשעשקאָוואַ, נאָרוויד, און אַ ריי אַנדערע ווייניקער באַקאַנטע אויסער פּוילן. מיט אמתער באַגײַסטערונג שילדערט ער די ראָלע פֿון דעם באַרימטן דײַטשן שריפֿטשטעלער רודאָלף ראָקער, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט ייִדיש און געוואָרן אַ פֿירער בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין ווייטשעפּל.

פֿאַר אונדז אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן ראָקערן

געקענט און געלייענט און געוווּסט וועגן זײַן איבערגעגעבנקײַט צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועט זײַן אינטערעסאַנט זיך צו דערמאָנען וואָס ד״ר קלעפּפיש באַטאָנט, אַז אָט דער באַרימטער פּובליציסט און מענטשן־פרײַנד איז געווען באַגײַסטערט פון דער חסידישער באַוועגונג. אים איז געפעלן דער חסידישער רעיון אַז אין יעדער זאַך איז דאָ אַ געטלעכער פונק, און אַז אויך אין פשוטן המון איז דאָ אַ ניצוץ פון הייליקײַט. ראָקערן האָט אויך אימפּאָנירט דאָס בשותּפותדיקע וואָס מען געפינט בײַ די חסידים, און וואָס עס הערשט דאָרט אַ נאָענטע חבֿרשאַפט.

## III

ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ רעליגיעזער יידישער דענקער, וואָס איז טיף פאַרפלאָנצט אין גײַסטיקן יידישן באָדן זאָל אויפנעמען מיט התפּעלות די אָפּגעפרעמדטע יידישע דענקערס און שריפטשטעלערס וואָס זענען נאָך אינערלעכע ראַנגלענישן געוואָרן מיטקעמפערס און באַרײַכערערס פון אונדזער קולטור. קלעפּפיש צייכנט מיט טיפער סימפּאַטיע דעם לעבנס־וועג פון פראַנץ ראָזענצווײַג און לודוויג לואיסאָן. ספּעציעל נאָענט איז מיר געווען זײַן עסיי וועגן לעצטן, ווײַל זינט דעם אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. ווען איך האָב זיך באַקענט מיט לואיסאָנס אויטאָביאָגראַפיש בוך „אָפּ סטרים״ (קעגן שטראָם) ביז איך געוואָרן זיינער אַ פאַרערער און נאָכגעפאָלגט זײַן טראַנספאָרמאַציע פון אַן אַמעריקאַנער קריטיקער, אַ סובטילן עסייסט און סטיליסט, ביז ער איז געוואָרן אַ פריידיקער פון רעליגיעזער יידישקײַט. דער רושם וואָס זײַן אויטאָביאָגראַפיש בוך האָט אויף מיר געמאַכט מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק איז ביז הײַנט פאַרבליבן אין זיכּרון...

אַוודאי ווייסט דער מחבר פון די ליטעראַרישע עסייען אַז דער בעל־תשובֿה ווערט צײַטנווײַז געשטרויכלט צונויפמישנדיק פרעמדע קולטור־עלעמענטן מיט די יסודות פון יידישקײַט. דאָס איז אומפאַרמײַדלעך פאַר אַלע „צוריקגעקומענע״ — פון אוריאל אַקאָסטאַ ביז פראַנץ ראָזענצווײַג. דערצו איז אויך דער שטייגער פון צוריקגע־

קומענע צו רעדן אין אַ פּויפּסטלעכן טאָן, גלײַך ווי אין דער סטאַדיע האָבן זיי דעם גאַנצן אַבסאָלוטן אמת. און דאָס איז טאַקע געווען דער פֿאַל מיט לודוויג לואיסאָן. ער איז דערגאַנגען צו אַזעלכע עקסטרעמ־קייטן און איינזײַטיקייטן וואָס האָבן אָפּגעשטויסן נישט ווייניק סאָפּיסטי־צירטע אַמעריקאַנער ייִדישע אינטעלעקטואַלן.

אין קאָנטראַסט צו לואיסאָנען שטעלט דער מחבר אַוועק יעקבֿ וואַסערמאַן, אין וועמען ס׳האָבן זיך געראַנגלט ייִדישקייט און דײַטשיש־קייט און ס׳איז אים נישט געלונגען שלום צו מאַכן צווישן זיי, בעת לואיסאָן איז „צוריקגעקומען ביז גאַנצער, שלימותדיקער ייִדישקייט״.

דאָ איז כּדאַי צו באַטאָנען אַז וואַסערמאַן האָט אין דער דײַטשער, מאָנאָליטישער, אַראָגאַנטער קולטור נישט געקענט האַרמאָנירן ייִדיש־קייט און דײַטשישקייט, ווײַל אַפֿילו פֿולשטענדיקע אויפֿלייזונג, שמד, האָט נישט גאַראַנטירט ייִדן אַן אײַנטריט־בילעט אין דער דײַטשער געזעלשאַפֿט — נישט געקוקט אויף אַלע פּילפּולים פֿון אַ הערמאַן קאָהען, און די רעפֿאָרם־ראַבינערס וועגן דער אינטעלעקטועלער קרובֿהשאַפֿט צווישן דער ייִדישער און דײַטשער קולטור. אָבער אין דער פֿיל־פֿעלקערדיקער, פּלוראַליסטישער, דעמאָקראַטישער אַמעריקע איז די מערכה פֿון ייִדישקייט ווי־זאָווי אַמעריקאַנישקייט גאָר אַנדערש. לואיסאָן האָט אפילו אין זײַן דור — ס׳הייסט ביז 1955, ווען ער איז גע־שטאָרבן — ווען דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ איז נאָך נישט געווען אַזוי אײַנפֿלוסרײַך ווי הײַנט — אַפֿילו מיט אַ פֿערטל יאָר־הונדערט צוריק, האָט לואיסאָן נישט געליטן צוליב זײַן ייִדישקייט, נאָר צוליב זײַן דײַטשישקייט.

לואיסאָן איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג קעגן דײַטשלאַנד, געווען אַ פּראָפֿעסאָר פֿון דײַטשער ליטעראַטור אין אַן אַמעריקאַנער קאָלעדזש. דעמאָלט האָט זיך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אויפֿגעהויבן אַ סופּער־פּאַטריאָטישע אַנטי־דײַטשע באַוועגונג וואָס האָט אויך געטראָפֿן פּערזענלעך לואיסאָנען. דערצו האָט לואיסאָן געלעבט אין פֿיל־מיליאָניקן אַמעריקאַנעם ייִדישן קיבוץ, ווו ס׳האָט פּולסירט אַ גײַסטיק דיפֿערענצירט פֿאָלקסטימלעך ייִדיש

לעבן. אין אַזאַ ייִדישער געזעלשאַפֿט איז געווען אַ סך לײַכטער ווי אין דײַטשלאַנד צו ווערן אַ גאַנצער, אויטענטישער ייִד. אין זײַנע דרײַסיק ביכער עסייען, דערציילונגען, ראָמאַנען, קריטישע שטודיעס, האָט לואיסאָן באַוויזן צו זײַן שעפֿעריש איןביידע קולטורן — אין דער ייִדישער און אַמעריקאַנער.

אינטים אין דער דײַטשער, פֿראַנצויזישער און ענגלישער ליטע־ראַטור, לערנט ער זיך אין רײַפֿן עלטער העברעיִש און ייִדיש, ייִדישע געשיכטע און ליטעראַטור. ער טרעט אויף בײַ אַ „צוקונפֿט"־סימפּאָזיום, און ער שרײַבט באַגײַסטערטע אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער פּאָעזיע, און ווידמעט זײַן טאַלאַנט דעם ייִדישן פֿאָלק.

ווי יעדער בעל־תּשובֿה, וואָס האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין „דער פֿרעמד", זעט ער אונדז, ווען ער קומט „אַהיים" מיט די אויגן פֿון אַ גר, מיט פֿאַרגויאישטע אויגן. דאָך ווי אַ סובטילער קינסטלער מיט אַ גרויסן באַגאַזש וויסן, האָט ער באַנומען די גרויסקײַט און אייביקײַט פֿון דער פֿיר־טויזנט־יעריקער ייִדישער ציוויליזאַציע. ער האָט געבויט אַ בריק צווישן וועסטערניזירטע ייִדן און דער ייִדישער וועלט. און אויב דער איצטיקער דור ייִדישע אינטעלעקטואַלן אין אַמעריקע שליסט אײַן אַ פּאָטענציאַל פֿון גאַנצע, פּאָזיטיווע ייִדן האָט אין דעם אַ חלק לודוויג לואיסאָן.

צווישן די אַלע בעלי־תּשובֿה וואָס קלעפּפֿיש באַהאַנדלט אין דעם ספֿר פֿאַרנעמט בײַ אים ד"ר נתן בירנבוים דעם אָנגעזעענסטן אָרט אויף דעם מזרח־וואַנט; און דאָס איז באַרעכטיקט; ווײַל קיינער פֿון די „צוריקגעקומענע" האָט זיך נישט אַזוי באַהאָפֿטן און געוואָרן אַן אינטע־גראַלער טייל פֿון דער מזרח־אייראָפּעיִשער פֿרומער ייִדישקײַט ווי נתן בירנבוים. אין אים, ס'הייסט אין זײַן לעצטן עטאַפּ, זעט דער עסייִסט דעם „טיפּסטן מאָנער און שטורמישסטן אויפֿפֿאָדערער צו גאַנצער, איינהײַטלעכער, אין יעדן טריט און שריט קענטיקער ייִדישקײַט". קלעפּ־פֿיש פֿאַרענדיקט זײַן „אָדע" מיט אַן אויפֿפֿאָדערונג צום ייִדישן עולם ער זאָל לייענען און פֿאַרשפּרייטן בירנבוימס ווערק.

איר לייגט אַוועק ד"ר קלעפּפֿישס בוך מיט אַ געפֿיל פֿון צופֿרידנ־

קײַט וואָס אַ תּלמיד חכם, אַ מאמין, איז אויך אַ בן־בית אין דער אייראָ־פּעיִש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור און פֿילאָסאָפיע, אַ שריפֿטשטעלער וואָס איז נישט מבֿטל די גוייִשע קולטור, אָבער ער פֿאַרזעט אויך נישט די אויבערפֿלעכלעכקײַט און לײַכטזיניקײַט פֿון אַ סך פֿון אירע פּראָמי־נענצן — אַ בערנאַרד שאָו, טעאָדאָר דרײַזער, ד׳אַנונציאָ און אַנדערע. דאָס ספֿר לעבט אויף פֿאַר אונדז די תּקופֿה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אירע אידעיִשע שטרײַטן, פּראָבלעמען און ראַנגלענישן דיסטי־לירט דורכן מוח און האַרץ פֿון אַ סענסיטיוון רעליגיעזן ייִדישן געֿ־לערנטן. ער איז איבערצײַגט אַז נאָר דער ייִדישער וועלט־באַנעם און די ייִדישע וויזיע איז בכּוח צו היילן אַלע חולאתן פֿון דער מענטשהײַט. איז אויב איר קענט נישט מיטגיין מיט אים דעם גאַנצן וועג, טוט אײַך הנאה וואָס מיר האָבן צווישן אונדז אויך הײַנט דענקערס וואָס זענען אַרײַן אין „פּרדס״ פֿון דער וועלט־קולטור, און זענען געבליבן פֿעלדזן־פֿעסט אין זייער ייִדישער השקפֿה און איבערצײַגונג.

(1983)

# עזריאל נאַקס —
# דער עטישער הומאַניסט

עס איז מיר שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק אַז עזריאל נאַקס איז אַוועק אין דער אייביקײַט. פֿאַר מיר איז ער געווען, אין משך פֿון אַ סך יאָרן אַן אידעיִשער חבֿר און אַ נאָענטער פֿרײַנד, זינט איך האָב זיך מיט אים באַקענט אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען מירביידע זענען געווען סטודענטן אין ניו־יאָרקער סיטי־קאָלעדזש; באַלד זענען מיר געוואָרן טעטיק אין דער ייִדישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט געגרינדעט.

נאַקס איז געקומען פֿון ווײַסרוסלאַנד קיין אַמעריקע אין עלטער פֿון 7 יאָר. ער האָט גראַדויִרט פֿון סיטי־קאָלעדזש, און אין 1936 האָט ער

באַקומען זײַן דאָקטאָראַט אין פילאָסאָפיע פון קאָלאָמביע־אוניווער־סיטעט. נאָך בעת ער האָט געלערנט אין דער היכשול, פון 1927 ביז 1936, איז ער גלײַכצײַטיק געווען אַ לערער אין די שלום־עליכם־פאָלק־שולן און מיטלשול. אין די זומערס איז ער געווען אַן אויפפּאַסער אויף די קינדער אין קעמפּ בויבעריק, מיט וועלכן לייבוש לעהרער האָט אָנגעפירט.

געווען דעמאָלט זייער שווער פאַר ייִדישע אַקאַדעמיקערס צו קריגן אַ שטעלע אין אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס, ספּעציעל אין הומאַניסטיק; איז נאָקס געוואָרן דער אָנפירער און בויער פון דער אַרבעטער־רינג יוגנט־אָפּטיילונג, און דער רעדאַקטאָר פון איר אָרגאַן: „וואָרקמענס סוירקל קאָל". ערשט אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער באַקומען אַ שטעלע ווי אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע (1947 ביז 1951), אין אָהייאָ־אוניווערסיטעט; פון 1951 — ביז ער איז געוואָרן פּענסיאָנירט איז ער געווען פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט.

איך געדענק נאָך קלאָר — עס איז מסתמא פאָרגעקומען אין 1925 — נאָקסעס רעדע אין אַ זאַל פון סיטי־קאָלעדזש, וווּ די ייִדישע סטו־דענטן־אָרגאַניזאַציע האָט אַראַנזשירט אַ פאַרזאַמלונג מיטן פּאָפּולערן סאָציאַליסטישן פּראָפעסאָר סקאָט נירינג. נאָקס איז געווען דער פאָר־זיצער, און בײַם פאָרשטעלן דעם פּראָפעסאָר נירינג האָט מען געקענט זען אַז ער פילט זיך פרײַ און זיכער אויף דער בינע, און האָט הנאה צו רעדן פאַר אַן עולם.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער זיך אַנטוויקלט, און איז געוואָרן איינער פון די עלאָקווענטסטע און פּאָפּולערסטע לעקטאָרן אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער גאַס — אין ייִדיש און אין ענגליש. ער איז פאַר־בעטן געוואָרן צו האַלטן רעפעראַטן כמעט אין אַלע ייִדישע ישובֿים: ער האָט באַזוכט און געהאַלטן רעפעראַטן אין דרום־אַמעריקע, אויס־טראַליע, דרום־אַפריקע, און פאַרשטייט זיך, די גרעסטע ייִדישע געמיינ־דעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. ער איז אויפגעטראָטן אין טעמפּלען, אין קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגעס, אין די ייִדישע צענטערס,

און אין די קאָלעדזשעס. ער האָט אויך נישט פֿאַרפֿעלט צו האַלטן לעקציעס אין יִדיש־יִדישע אָרגאַניזאַציעס פֿאַר וועלטלעכע יִדן.

אין די פֿופֿציקער און זעכציקער יאָרן, בעת איך בין געווען דער דירעקטאָר פֿון שלום־עליכם־פֿאָלקס־אינסטיטוט, פֿלעג איך אים פֿאַרבעטן זיך צו באַטייליקן אין די קאָנפֿערענצן און באַנקעטן פֿון אינסטיטוט; ער האָט נישט געבעטן קיין שום האָנאָראַד. צו דעם אַלעם איז ער געווען טעטיק אין יִדישן קולטור־קאָנגרעס, און פֿאַר אַ ריי יאָרן ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער אָרגאַניזאַציע. די הויפּט־טעמעס פֿון נאָקסעס רעפֿעראַטן און עסייען זענען געווען: דער יִדישער עטאָס, דער גײַסט, די ספּעציפֿישקײַט פֿון דער יִדישער ציוויליזאַציע, די יִדישע ליטעראַטור, דער יִדישער גורל, דער מהות פֿון דער יִדישער אמונה און איר אַנדערשקײַט פֿון קריסטנטום — אַלע אויסשטראַלונגען פֿון יִדישן פֿאָלקס־זשעני האָבן אים באַשעפֿטיקט.

אויף די אַלע אויסגערעכנטע און אַנדערע טעמעס האָט ער געשריבן עסייען אין ענגלישע און יִדישע זשורנאַלן; די בעסטע האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין „מענאָראַ דזשוירנאַל", „דזשודאַיזם", „קאָמענטאַרי", „פּאָינט אָוו וויו" (פֿון יִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט), וואָס ער פֿלעגט רעדאַגירן; און די יִדיש עסייען אין „צוקונפֿט". אַחוץ די דאָזיקע עסייען האָט נאָקס געדרוקט פֿילאָסאָפֿישע אָפּהאַנדלונגען אין ענגלישע אַקאַדעמישע זשורנאַלן. ער איז אויך געווען אַסאָציִיר־רעדאַקטאָר פֿון דער 4־בענדיקער ענציקלאָפּעדיע אויף ענגליש: „דאָס יִדישע פֿאָלק — אין עבֿר און הווה". ער איז געווען אַן אינטימער בן־בית אין צוויי קולטורן, און אַ שפּראַך־עושר אין זייערע ביידע לשונות — אין יִדיש און ענגליש — אַ באַגאַבונג וואָס איז נאָך אַלץ אַ זעלטנהײַט אין אַמעריקע.

אין די 60קער יאָרן, נאָך דעם ווי נאָרמאַן פּאָדהאָרעץ איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פֿון „קאָמענטאַרי", האָט זיך דאָס פּנים פֿון זשורנאַל געביטן: די יִדישע טעמאַטיק איז רעדוצירט געוואָרן, און די צײַטשריפֿט האָט זיך אַלץ מער אָפּגעגעבן מיט אַלגעמיין־אַמעריקאַנישע און געאָ־פּאָליטישע ענינים. דערצו האָבן די 60קער יאָרן אַרויסגערוקט צו

דער פֿירערשאַפֿט אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן דעם דריטן דור. אויך דער גײַסטיקער קלימאַט אין אַמעריקע האָט זיך געענדערט. ס׳איז אויפֿגעקומען די ציווילע־רעכט־באַוועגונג, און דער „נײַער לינקס״ וואָס האָט פֿאַרכאַפּט אַ באַדײַטנדיקן סעקטאָר פֿון דער ייִדישער סטודענטנ־שאַפֿט. די סינאַגאָגע־ייִדן האָבן שוין איצט דאָמינירט די אַמעריקאַנער ייִדישע סצענע, און דער ייִדיש־וועלטלעכער סעגמענט און זײַנע אינסטיטוציעס — די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, די ייִדישע פּרעסע און דער ייִדישער טעאַטער — איז אײַנגעשרומפּן: די אַלע ענדערונגען האָבן זיך אָפּגערופֿן אומגינסטיק אויף דער מערכה פֿון ייִדישן שרײַבער, ייִדישן קולטור־טוער, ייִדישן אַקטיאָר, און ממילא האָט עס אויך נישט קיין טובֿה געטאָן נאַקסן.

אייניקע האָבן זיך געוווּנדערט אויף נאַקסעס התנהגות די לעצטע יאָרן: ער האָט זיך צײַטנווײַז אויפֿגעפֿירט רעליגיעז, און דאָך זיך אויסגעלעבט און געבליבן געזעלשאַפֿטלעך־טעטיק אין ייִדיש־וועלט־לעכן סעקטאָר. זינט איך געדענק איז נאַקס צוזאַמען מיט זײַן סאָציאַ־ליסטישער אײַנשטעלונג געווען רעליגיעז אָנגעהויכט. במשך די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, נאָכן אומקום פֿון אייראָפּעיִשן ייִדנטום, איז ער, ווי מיר אַלע געוואָרן נאָסטאַלגיש נאָך דער אונטערגעגאַנגענער ייִדיש־טראַדיציאָנעלער וועלט, נאָך איר נוסח און ניגון — ווי ער פֿלעגט זיך אויסדריקן. עטלעכע חדשים פֿאַר זײַן פּטירה, האָט ער מיר טעלע־פֿאָנירט אַז ער האָט אָקאָרשט איבערגעליינט מײַן לעצטנס־דערשינען בוך: „די אַנדערשקײַט פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום״, און ער זעט אַז אונ־דזער ביידנס דרכים אין ייִדישקײַט זענען גאַנץ נאָענט.

איינער פֿון נאַקסעס באַליבטע פֿילאָסאָפֿן וועמען ער פֿלעגט אָפֿט דערמאָנען און ציטירן אין דער יוגנט איז געווען דער אַמעריקאַנער פּאָעט־פֿילאָסאָף דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ (1952־1863) וועמענס אַפֿאָריזם וועגן רעליגיע ס׳געדענקט זיך מיר נאָך פֿון מײַנע סיטי־קאָלעדזש־יאָרן. סאַנטאַיאַנאַ ציטירט אַ געדאַנק פֿון ענגלישן פֿילאָסאָף פֿראַנציס בייקאָן (1626־1561) אַז יענע וואָס זענען ווייניק באַהאַוונט אין פֿילאָסאָפֿיע גייען אַוועק פֿון רעליגיע, אָבער ווען זיי דערלערנען אַ סך פֿילאָסאָפֿיע קומען

זיי צוריק צו גאָט. אויף דעם דיקטום מאַכט סאַנטאַיאַנאַ אַזאַ פּירוש: „אמת, זיי קומען צוריק, אָבער צו אַן אַנדער גאָט, ווי דער וועמען זיי האָבן פֿאַרלאָזט". איז אויב נאָקס איז צוריקגעקומען צום כּבֿיכול איז עס נישט דער גאָט פֿון אַבֿרהם; אויך נישט דער גאָט פֿון רמב"ם, נאָר דער „גאָט, אָדער נאַטור" פֿון שפּינאָזאַ — ס'איז אַ פּיעטעט פֿאַר די וואָרצלען פֿון אונדזער זײַן.

פֿאַר סאַנטאַיאַנען איז רעליגיע אַ פּאָעטישע פֿאַרקערפּערונג פֿון מענטשנס שייכות צום קאָסמאָס, און גאָט איז פֿאַר אים אַ סימבאָל פֿון יחידס אידעאַל. רעליגיע איז דאָ פּאַקטיש מאָראַל און עטיק; זי איז די נאָבלסטע אימאַזשינאַטיווע פֿאַרקערפּערונג פֿון מענטשלעכע אידעאַלן. אין דער רעליגיעזער טראַדיציע, טענהט סאַנטאַיאַנאַ, זוכן מיר ריטואַל, פּאָעזיע, שיינקייט און פּיעטעט. טעאָלאָגיע און דאָקטרינען מיינען דאָ ווייניק. רעליגיע איז, לויט אים, אַ פּאָעטישע אינטערפּרעטאַציע פֿון דערפֿאַרונג. „רעליגיעס זענען גרויסע צויבער־מעשׂהלעך פֿון געוויסן; די פֿונקציע פֿון רעליגיע איז אויסצודריקן דעם מענטשנס גורל אין מאָראַלישע דימענסיעס, אין מיטאָלאָגישע און פּאָעטישע אימאַזשן.."

נאָקס פּונקט ווי סאַנטאַיאַנאַ איז געווען אַ פֿילאָסאָפֿישער נאַטוראַ־ליסט — איינער וואָס האַלט אַז אַלץ וואָס דער מענטש באַגעגנט אין וועלכן ס'איז שטח פֿון מענטשלעכער דערפֿאַרונג איז נאַטירלעך, נישט איבערנאַטירלעך. די נאַטור איז די גאַנצע רעאַליטעט; פֿאַר אַ ייִד מיינט נאָקסעס עטישער הומאַניזם: קען זיך אַליין ווי אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט וואָס ציט זיך פֿון באַרג סיני; און אַז אַ ייִד וואָס וויל זיך קענען און וויל פֿירן אַ ווירדיק לעבן, דאַרף ער אָפּשאַצן און פֿאַרשטיין די גרויסע ראָלע וואָס דער ייִדישער עטאָס, און די ייִדישע טראַדיציע האָבן געשפּילט אין אונדזער מחשבה, אין אונדזער געשיכטע, אין אונדזער שבת, און טאָג־טעגלעכקייט.

אין אַן עסיי וואָס נאָקס האָט געשריבן אין 1982, אין זשורנאַל „דזשודאַיזם" קריטיקירט ער די ערשטע ייִדישע סעקולאַריסטן וואָס זענען נישט גרייט געווען אַרײַנצוגיסן דעם ייִדישקייט־ווײַן אין די אַלטע קרוגן, און זענען אויך נישט געווען צוגעגרייט צו שאַפֿן נײַע קרוגן, אַזוי

אַז שבת איז נישט געוואָרן אַ טייל פֿון זייער וועלטלעכקייט־נוסח, און איז דעריבער נישט געוואָרן אײַנגעשלאָסן אין די סימבאָלן און צערע־מאָניאַלן פֿאַר זייערע קינדער. אָבער וועלטלעכע ייִדן, שטרײַכט ער אונטער, האָבן גערעדט ייִדיש, אַ שפּראַך וואָס אירע אידיאָמען, ספּעציעל די וואָס שטאַמען פֿון העברעיִש און אַראַמיש, זענען דורכ־געזאַפּט מיט טראַדיציע, און נאָכן דריטן חורבן, און דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל, איז דער ריס צווישן סעקולאַריזם און טראַדיציע אײַנגע־שרומפּן. נאָכס פּירט אויס: אויב דער ייִדישער סעקולאַריזם וויל בלײַבן לעבן דאַרף ער רעאינטערפּרעטירן די ייִדישע טראַדיציע אין גײַסט פֿון אַן עטישן הומאַניזם, און אַ נאַטוראַליסטישער וועלט־פּערספּעקטיוו (אונטערגעשטראָכן פֿון מיר, ש. ג.).

אין די פֿופֿציקער יאָרן ווען נאָכס איז געוואָרן פּראָפֿעסאָר אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט פֿלעגן מיר זיך אָפֿט טרעפֿן אויף לאַנטש אין אויטאָמאַט־קאַפֿעטעריע, אויף בראָדוויי און 8טע גאַס. איך פֿלעג צוקומען פֿון שלום־עליכם־אינסטיטוט, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף דער 17טער גאַס, און ער איז געקומען פֿון וואַשינגטאָן־סקווער, וווּ דער ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט געפֿינט זיך. אַרום 2 אַזייגער איז שוין דער רעסטאָראַן געווען אויסגעליידיקט פֿון אַרומיקן אַרבעטס־עולם, פֿלעגן מיר קענען געמיטלעך שמועסן. מירביידע זענען דעמאָלט געווען שטאַרק פֿאַרנומענע מענטשן אויף אונדזערע פּאָסטנס, און שרײַבעריש־לעקטאָריש; דאָך האָט די דעמאָלטיקע לעבעדיקע ייִדיש־ליטעראַריש־קולטורעלע סצענע אין ניו־יאָרק מיט איר שעפֿערישער עליטע אונדז ביידן אינטערעסירט — אירע אינעווייניקסטע מחלוקת, איר קנאת־סופֿרים, אירע ראַנגלענישן בײַצוקומען דעם פֿאַרפֿלייצנדיקן אַמערי־קאַנער ים פֿון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע און צו פֿאַרפֿעסטיקן אַ ייִדישן אינדזל — אָט די דאָזיקע און אַנדערע ענינים זענען געווען די טעמעס פֿון אונדזערע שמועסן.

פֿון צײַט צו צײַט זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען הערן אַ דעבאַטע, אָדער אַ לעקציע פֿון פּראָמינענטע געלערנטע. עס דערמאָנט זיך: די עטלעכע לעקציעס וואָס מיר האָבן געהערט פֿון גרשום שלום איבער

קבלה, אין „סטיוון ווײַז־אינסטיטוט" און דעם סימפּאָזיום איבער מצי־אות הבורא, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט דער אָרטאָדאָקסישער געלערנ־טער און פֿירער ראַבײַ לעאָ יונג און פּראָפֿעסאָר סידני הוק.

עס איז אַ שאָד וואָס נאָקס האָט נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן זײַנע עסייען צווישן די טאָוולען פֿון ביכער; מען דאַרף אומבאַדינגט זיך באַמיען אָפּצוקלײַבן כאָטש צוויי בענדער פֿון זײַנע בעסטע עסייען און אָפּהאַנדלונגען אין ייִדיש און ענגליש.

נאָקסעס פּראָדוקטיוו־שעפֿעריש לעבן אין צוויי קולטורן און שפּראַכן האָט באַוויזן אַז אַ ייִדישער אינטעלעקטואַל און דענקער, וואָס וויל זײַן אויטענטיש און געטרײַ צו זיך, קען געפֿינען אַ ברייטע אויִדי־טאָריע אויך אין אַמעריקע. זײַן עטישער הומאַניזם און פֿילאָסאָפֿישער נאַטוראַליזם איז אַ סינטעז פֿון אַן עכט־ייִדישער וועלטלעכקײַט און ייִדישער טראַדיציע וואָס קען געבן אַן אינהאַלט און אַנהאַלט די הײַנ־טיקע און קומענדיקע ייִדישע דורות אין אַמעריקע און אַנדערע לענ־דער. זײַן בײַטראַג צו דער ייִדישער מחשבֿה און עסײיִסטיק איז פֿון בלײַביקן ווערט פֿאַרן הײַנט און מאָרגן פֿון ייִדישן לעבן אומעטום. זאָל זײַן אָנדענק זײַן געבענטשט!

(1987)

# איז די אויפֿקלערונג געווען אַ דורכפֿאַל?

## I

פֿאַראַן אַ היפּשע צאָל אַמעריקאַנער ראַבײַס, פֿון אַלע שאַטירונגען, וואָס זענען אַחוץ זייער באַרוף, אויך סאָציאָלאָגן, היסטאָריקערס, פּובלי־ציסטן, און, פֿאַרשטייט זיך, טעאָלאָגן. אָבער מערסטע פֿון זיי גייען מיטן שטראָם וואָס איז קאָנווענציאָנעל, שלילת־הגלותדיק אין טעאָריע, בעת

זיי אַליין בלײַבן אין „גלות־אַמעריקע". ראַבײַ אַרטור הערצבערג גע־הערט צו דער קליינער צאָל אויסנאַמען וואָס וואַגן צו טראַכטן זעלבסט־שטענדיק, און פֿון צײַט צו צײַט אַפֿילו צו קריטיקירן די אַמעריקאַנער ייִדישע און ישׂראלדיקע עסטאַבלישמענטס. ער שרײַבט און פּאָלעמי־זירט איבער צײַט־פֿראַגן, און אַ טייל פֿון די דאָזיקע אַרטיקלען און אָפּ־האַנדלונגען האָט ער צונויפֿגעזאַמלט אין אַ בוך וואָס מיר ווילן דאָ באַהאַנדלען*.

ד"ר הערצבערג האָט געוואַגט צו קריטיקירן גאָלדע מאירס טעלע־גראַמע צו פּרעזידענט ניקסאָן, שטיצנדיק די מלחמה אין וויעטנאַם. ער האָט קריטיקירט ישׂראלס באַהאַנדלונג פֿון אירע „שוואַרצע פּאַנטערס" — די אָרעמע ייִדישע יוגנט וואָס שטאַמט פֿון צפֿון־אַפֿריקע און אַנ־דערע לענדער. עס איז אויך באַקאַנט אַז ער איז אַ קעגנער פֿון דער איצטיקער ישׂראל־רעגירונגס פּאָליטיק צו באַזעצן ייִדן אין יהודה און שומרון. ווי אַ געלערנטער האָט זיך הערצבערג געמאַכט אַ נאָמען מיט זײַן בוך אין ענגליש: „די פֿראַנצויזישע אויפֿקלערונג, און ייִדן", און מיט זײַן אַנטאָלאָגיע: „די ציוניסטישע אידעע", אַחוץ די אַלע אויפֿטוּונגען זײַנע איז נאָך מער רבותא, הײַנטיקע צײַטן ווען מערסטע אַמעריקאַנער ראַבײַס באַנוצן זיך ווייניק מיט ייִדיש — דער פֿאַקט וואָס הערצבערג האָט אַ וואַרעמע באַציִונג צו ייִדיש און דער ייִדיש־קולטור. ער איז אַקטיוו אין דער אַרבעט פֿאַרן ייִוואָ, און באַטייליקט זיך אין די „צוקונפֿט"־סימפּאָזיומס.

אין עלטער פֿון פֿינף יאָר איז אַרטור הערצבערג געבראַכט גע־וואָרן קיין אַמעריקע (באַלטימאָר) ווו זײַן פֿאָטער, אַן אָרטאָדאָקסישער רבֿ, האָט זיך באַזעצט מיט זײַן פֿאַמיליע. דאָ האָט אַרטור געלערנט אי תּלמוד, אי אַלגעמיינע לימודים. ער האָט גראַדויִרט פֿון דזשאָן האָפּקינס אוניווערסיטעט, און שפּעטער פֿון ייִדישן טעאָלאָגישן סעמי־נאַר אין ניו־יאָרק. די לעצטע יאָרן איז ער דער ראַבײַ פֿון דער קאָנסער־

*) Being Jewish in America *by Arthur Hertzberg.* Shocken Books; N.Y., 1979, 287 pp.

וואַטיוועט שול אין ענגלעווּד, ניו־דזשוירזי, גלײַכצײַטיק איז ער וויצע־פּרעזידענט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

אין דעם איצטיקן בוך: „צו זײַן אַ ייִד אין אַמעריקע" עקזאַמענירט ער לויט זײַן רעליגיעז־ציוניסטישן וועלט־באַנעם די פּראָבלעמען וואָס שטייען הײַנט־צו־טאָג פאַר אַמעריקאַנער ייִדן; די ספּעציפישע אַרויס־רופן צום יידישן לעבן און קולטור, וואָס די מאָדערנע צײַט רוקט אַרויס. ער ראַנגלט זיך מיטן פּראָבלעם פון יידישער אייגנאַרטיקײַט, ווי עס באַ־ווירקט ייִדן גופא, און ווי עס איז משפּיע אויף די באַציִונגען מיט נישט־ייִדן. ער באַטראַכט די פאַרשידענע אַספּעקטן פון דער קולטור און פּאָליטיק פון אַמעריקאַנער ייִדנטום, און די אָפּט־דיסקוטירטע פראַגע: צי איז דער אַמעריקאַנער ייִד אין גלות? איז אויב אַפילו אַ וועלטלעכער ייִד ווי איך וועט נישט קענען מסכּים זײַן מיט זײַנע אויספירן איז אויך כּדאַי זיך באַקענען מיט זײַנע מיינונגען, וואָס זענען באַזירט אויף אַ סך יידיש וויסן, און אויף זײַן קענען עטלעכע יידישע דורות אין אַמעריקע, און דערצו האָט קיינער פון אונדז — אַחוץ אפשר עקסטרעמע אָרטאָ־דאָקסן — נישט קיין פאַרטיקע ענטפערס אויף די דילעמעס וואָס דאָס אַמעריקאַנער לעבן — און נישט בלויז אַמעריקאַנער — רוקט אַרויס פאַר אונדז ייִדן בײַם סוף פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

שרײַבנדיק וועגן די באַציִונגען צווישן אַמעריקאַנער ייִדן און שוואַרצע, האַלט הערצבערג אַז די גזעלשאַפט איז שולדיק די שוואַרצע אַ ביסל גרויסמוטיקײַט, ווײַל זיי הייבן אָן זייער לעבן ווי יורשים פון אַ שלעכטן עבֿר; און ווײַל ער איז אַ ציוניסט, טענהט ער, מוז ער זײַן פאַר „אַפירמאַטיווער אַקציע". ער האַלט אַז די פאָדערונג פון אַ יידישער מלוכה איז בײַ אים אַ פאָרם פון „אַפירמאַטיווער אַקציע" אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם. די וועלט איז שולדיק ייִדן אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג ווי אַ באַלוינונג פאַר די צרות וואָס מיר האָבן געליטן אין עבֿר. פונקט אַזוי איז אַמעריקע שולדיק די שוואַרצע פאַר אירע חטאים.

די דאָזיקע אַנאַלאָגיע איז אָבער ווײַט נישט גלײַך: ראשית, זענען די שוואַרצע נישט קיין היימלאָזע פאָלק ווי ייִדן: זיי האָבן עטלעכע אייגענע מדינות אין אַפריקע און אין קאַריבייאישן ים. אַפירמאַטיווע אַקציע פאַר

די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט שוין דערפירט אין אַ ריי אַמעריקאַנער שטעט צו קאָנפליקטן צווישן די ראַסן, און ס׳קען דערפירן צו דעם אַז אַלע אַנדערע מינאָריטעטן אין אַמעריקע זאָלן פאָדערן אַ פּראָצענט־נאָרמע, און דאָ איז אַ געפאַר נישט בלויז פאַר יידן, נאָר פאַר אַלע אַמעריקאַנער. דערצו וואָלט עס אַרונטערגענידערט די קוואַליטעט פון אַמעריקאַנער פּראָפעסיאָנאַליזם. אַזאַ פּראָמינענטער יידיש־אַמעריקאַנער ליבעראַל ווי מאָריס אייבראַם האָט אַנומלט באַוויזן אין עטלעכע לענגערע בריוו אין דער „ניו־יאָרק טײַמז", די סכנה וואָס „אַפיר־מאַטיווע אַקציע" איז פאַר דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ווו דער יחיד, פון יעדער ראַסע, איז גלײַכבאַרעכטיקט, און דאַרף האָבן אַלע געלעגנהײַטן לויט זײַנע פעיקײַטן.

יעדער וואָס איז באַזאָרגט וועגן יידישן קיום אין אַמעריקע וועט מסכּים זײַן מיטן מחבר, אַז כּדי צו באַפעסטיקן יידישע עקזיסטענץ, מוזן מיר יידן טיילווײַז זײַן איזאָלירט פון אַרום, און דער ערשטער באַדינג פאַר דעם זענען טאָג־שולן פאַר יידישע קינדער — כאָטש פאַר אַ 10־15 פּראָצענט פון זיי. אין טאָג־שולן וועלן יידישע קינדער האָבן גענוג צײַט איבערצונעמען דעם יידישן עטאָס וואָס איז פאַרקערפּערט אין תּנ״ך, אין תּלמוד, אין דער יידישער פילאָסאָפיע, און אין דער מאָדערנער העברעיִשער און יידישער ליטעראַטור.

## II

אין דער עסיי וועגן אַנטיסעמיטיזם און דעם חורבן, צייכנט דער מחבר אָן די קאָנפליקטן צווישן יידן און גויים אין אונדזער צײַט, ווען אין צענטער פון דער שׂנאה שטייט די עקזיסטענץ פון מדינת ישׂראל. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האַלט ער, איז יעדע פון די ברירות וואָס די עמאַנציפּאַציע האָט אָנגעבאָטן געוואָרן פאַרווירקלעכט. דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער חלום פון עמאַנציפּאַציע איז געוואָרן רעאַליזירט אין אַמעריקע. אָבער די סעקולערע „ככל־הגויימדיקע" ישׂראל איז געוואָרן דער הײַנטצײַטיקער עקוויוואַלענט פון דער יידישער אמונה, ד״ה, די לאָיאַליטעט וואָס ישׂראל רופט אַרויס בײַ יידן איז די קעגנוואַרטיקע

פֿאָרם פֿון ייִדישער אייגנאַרטיקייט. אָט דער פֿענאָמען איז די פֿאַר־קערפּערונג פֿון דער אַלט־ייִדישער אידעע אַז מיר זענען אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע אומות.

דאָס מיינט, לויט אים, אַז דעם דאָזיקן ייִדישן באַוווּסטזײַן האָבן אונדזערע שׂונאים כּסדר אַטאַקירט זינט דעם אַלטערטום. די אַלטער־טימלעכע העלעניסטישע אַנטיסעמיטן האָבן אונדז פֿאָרגעוואָרפֿן אַז מיר זענען אַנטי־סאָציאַל, ווײַל מיר ווילן נישט עסן אָדער טרינקען מיט זיי צוזאַמען. די קריסטן ווידער האָבן געהאַלטן, אַז מיר זענען די איינציקע געמיינשאַפֿט וואָס האָט אָפּגעוואָרפֿן „דאָס נײַע ליכט פֿאַר דער גאַנ־צער מענטשהײַט".

הײַנטיקע קריסטן באַטראַכטן אונדז ווי אַ מאָדנע אינטערנאַציאָ־נאַלע סאָציאַל־פּאָליטישע ענטיטעט. אויב מיר ווילן זײַן ערלעך מיט זיך, האַלט הערצבערג, מוזן מיר צוגבן אַז מיר זענען טאַקע אַזוי געווען און וועלן ווײַטער אַזוי בלײַבן אין אַ סעקולאַריזירטער פֿאָרם. דאָס וועט דערפֿירן צו אַ רעוויטאַליזירונג פֿון ייִדישן גײַסט. דאַרפֿן מיר דעריבער פֿאַרשטיין אַז די מחלוקה מיט אונדזערע שׂונאים איז וועגן ווידער־אויפֿקום פֿון דער אַנדערשקײַט פֿון וועלט־ייִדנטום. „מיר אונטערשיידן זיך נישט שטאַרק פֿון אונדזערע קריטיקערס בנוגע די פֿאַקטן; די מחלוקה איז וועגן מאָראַלישן אורטייל, וועגן דעם ווערט פֿון דעם וואָס מיר זענען, און צי אונדזער ייִדישקײַט פּאַסט זיך אַרײַן אין אַ געוויסער וויזיע פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט" (ז' 42־48).

ער ציט ווײַטער די ליניע פֿון ייִדישער אַנדערשקײַט אין אַמעריקע אויפֿן עקאָנאָמישן שטח און ער וואַרפֿט אָפּ די פֿאַרשפּרייטע מיינונג אַז אין מיטלאַלטער און אין דער נײַער צײַט האָבן ייִדן זיך געריסן צו אינטעלעקטועלע באַשעפֿטיקונגען און פּראָפֿעסיעס צוליב אַנטי־סעמיטיזם. ער פֿאַרשטייט אַז ס'איז נישטאָ קיין צידקות אין פֿיזישער אַרבעט — דאָס איז אַ ראָמאַנטישער מיטאָס. אין דער אמתן איז עס געווען דער ייִדישער ווילן און דראַנג צו שאַפֿן די ייִדישע עקאָנאָמישע אַנדערשקײַט. וואָס אָפּענער די געזעלשאַפֿט, אַלץ מער אַנדערש זענען ייִדן.

דאָ קען מען זײַן מחולק מיט אים און אים פרעגן, צי איז דאָס טאַקע אַזוי געווען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אַ ריי לענדער אין מזרח־אייראָפּע — אין פּוילן, אין סלאָוואַקיע, אין רומעניע? דאָרטן זענען געווען אַ גרויסע צאָל יידישע האַרעפּאַשניקעס, וואָס די אַנטי־סעמיטישע רעגירונגען האָבן געטריבן צו עמיגרירן, אָדער צו ווערן לופטמענטשן; אָבער יידן האָבן זיך געוואָלט פּראָלעטאַריזירן.

ד״ר הערצבערג איז נישט מסכּים — און דאָ איז ער גערעכט — מיט סאַרטר׳ס טעזע אַז אַלץ וואָס איז אַנדערש אין שייכות צו יידן איז אַן אויסטראַכטעניש פון אַנטיסעמיטן, און דער רעזולטאַט פון אויסער־לעכע נעגאַטיווע פאַקטאָרן. די דאָזיקע הנחה, טענהט ער, גייט אַרויס פון פאַלשן שטאַנדפּונקט, אַז די געירשנטע יידישע קולטור איז נעגאַטיוו. אַזאַ שטעלונג צו אַנטיסעמיטיזם ווי סאַרטר האָט, מיינט פאַקטיש אַז אמתע פרײַהײַט פאַר יידן איז מחייב אַז זיי זאָלן דעמאָלט אויפהערן צו זײַן יידן; זיי זאָלן ווערן ווי אַלע, ס׳הייסט, פראַנצויזן.

ס׳איז אַן אַלטע געשיכטע: די בעסטע נישט־יידישע ליבעראַלן און סאָציאַליסטן — מיטן אויסנאַם פון אַ ריינהאָלד ניבויר, דזשאָרזש פ. מור, טראַווערס הערפאָרד, און אפשר נאָך עטלעכע חסידי אומות העולם — זיי אַלע זענען גרייט אונדז „אויפצונעמען" ווי גלײַכע, בתנאי אַז מיר וועלן פאַרלירן אונדזער אייגן פּנים.

דער אַנטיסעמיטיזם, דערמאָנט אונדז דער ראַבײַ, שטאַמט פון דעם אַלטן גריכישן אײַנשטעל, אַז די „באַרבאַרן" דאַרפן ווערן העלעניזירט כּדי מ׳זאָל זיי אַקצעפּטירן. אָבער מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ סימפּלי־ציסטישע דערקלערונג פון אַנטיסעמיטיזם, וואָרעם אויב אַזוי, פאַרוואָס ווערט דער דאָזיקער צוגאַנג נישט אַנגעווענדט אויך אויף די איסלאַ־מישע פעלקער און זייער קולטור, וועלכע האָט אויך נישט איבער־גענומען דעם העלעניזם? פאַרוואָס מוזן בלויז יידן זײַן ווי „אַלע"?

יידן, גלויבט ער, און ס׳ווילט זיך טיילן זײַן גלויבן, וועלן נישט אויפגעבן זייער אייגנאַרטיקײַט אפילו בימי משיח. די פראַגע איז: מיט וואָס פאַר אַן אינהאַלט מיר וועלן אָנפילן די דאָזיקע אייגנאַרטיקײַט.

## III

אין זײַן אָפּטימיסטישער עסיי וועגן דער ייִדישער ניו־יאָרק שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער ראָלע פֿון ייִדן אין פֿאָרמירן דעם כאַראַקטער פֿון דער שטאָט און פֿון גאַנצן לאַנד. ניו־יאָרק איז די גרעסטע ייִדישע קהילה פֿון אַלע צײַטן, און זי איז אויך אַ צענטער פֿון תורה און ייִדישער שעפֿערישקײַט. ער ווײַזט אָן אויף דעם פּאַראַדאָקס אַז די „אַמעריקאַנישע" אימיגראַציע־כוואַליעס — ס׳הייסט פֿון ספֿרדים און דײַטשע ייִדן — האָבן געהאַט אַ קנאַפּן באַטײַט פֿאַר אַמעריקע, בעת די „אַמוויי־ניקסטן" אַמעריקאַנישע, די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה בײַם טראַנספֿאָרמירן אַמעריקע ווי אַ גאַנצע. ווי אַ בײַשפּיל: אין יאָר 1880 זענען פֿון די דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע 206 קאָנגרעגאַציעס, 200 געווען רעפֿאָרמירטע. מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער איז שוין געווען גאַנץ אַנדערש: הונדערטער ייִדיש־רעדנדיקע שולן און בתי־מדרשים זענען אויפֿגעקומען. אין 1880 איז די מאָדע געווען זונטיק־גאָטסדינסטן; איצט איז דאָס מער נישטאָ. אויך בנוגע ציוניזם איז געשען ענלעכעס: צו זײַן אַ ציוניסט האָט אַמאָל געמיינט „טאָפּלטע לאָיאַ־ליטעט"; אָבער הײַנט טראַכט מען נישט אַזוי.

די נײַע אימיגראַציע פֿון מזרח־אייראָפּע איז באַשטאַנען אויף איר רעכט פֿון אַן אייגענער רעליגיע, אַן אייגענער פּאָליטיק, אַן אייגענער וויזיע פֿון אַ גערעכטער אַמעריקע, און די רעכט אויף איר אייגענער קולטור. און אפילו דער איצטיקער דור, וואָס איז שוין אינטעגרירט אין אַמעריקע, רעפּרעזענטירט אַן אייגנאַרטיק, אַנדערשטיקן עלעמענט אין לאַנד.

פֿונדעסטוועגן קוועסטיאָנירט מען ניט די קרעדענשלס פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום, וואָס איז אַן אומצורײַסבאַרער טייל פֿון אַמעריקע. ד״ר הערצבערג פֿירט אויס אַז נישט געקוקט אויף אַלע פּעסימיסטן איז דער אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ דער איינציקער מיעוט וואָס עקזיסטירט איצט אין פֿערטן דור ווי אַ קולטורעל־אַנדערשדיקע גרופּע.

אָבער אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן דער מלוכה־שייכות צווישן דער

קירך, דער מלוכה און ייִדן, הערט איר גאָר אַן אַנדער טאָן: דאָ דאָמי־נירט אין אים דער ראַבײַ, נישט דער דיסציפּלינירטער היסטאָריקער. ער פּסקנט אָפּ, אַז די אויפֿקלערונג־עפּאָכע אין אייראָפּע איז דורכגעפֿאַלן, ווײַל אין דער ליבעראַלער אַנטי־קלעריקאַלער 3טער פֿראַנצויזישער רעפּובליק (1870־1940) האָט מען נישט פּראָדוצירט קיין אמתע קולטורעלע גלײַכהײַט, און ווײַל ביז איצט לערנט מען אין די פֿראַנ־צויזישע פּאָבליק־סקולס אום שבת, נישט זונטיק. אָבער איז דאָס די הויפּט־קריטעריע פֿאַר עמאַנציפּאַציע? איז טאַקע דער הײַנטיקער פֿראַנ־צויזיש־ייִדישער קיבוץ אַזוי רעכטלאָז ווי ער איז געווען פֿאַר דער אויפֿ־קלערונגס־עפּאָכע, וועלכע האָט דאָך צוגעגרייט די רעוואָלוציע! אַפֿילו ווען די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט נישט באַפֿרײַט ייִדן ווי אַ קאָלעקטיוו, נאָר ווי יחידים, און אַפֿילו ווען צווישן אירע פֿירער זענען געווען אַנטיסעמיטן, קען מען קאַטעגאָריש דערקלערן אַז די אויפֿ־קלערונג איז געווען אַ דורכפֿאַל? די גרונט־אידעען פֿון דער פֿראַנ־צויזישער אויפֿקלערונג זענען דאָך פֿאַרקערפּערט אין דער אַמערי־קאַנער אומאָפּהענגיקײַט־דעקלאַראַציע, און אין דער קאָנסטיטוציע. און די דאָזיקע קאָנסטיטוציע און אירע אַמענדמענטס איז נאָך אַלץ אַ לײַכט־טורעם פֿאַר דער וועלט.

פּונקט אַזוי אומגערעכט איז זײַן פּסק אַז דער קולטור־פּלוראַליזם איז געווען אַ פּוסטע פֿאַנטאַזיע. אַזוי מיינט ער. אָבער די „האַרוואַרד־ענציקלאָפּעדיע פֿון עטנישע גרופּעס", וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק — און אין איר באַטייליקן זיך אָנגעזעענע ייִדישע און נישט־ייִדישע־געלערנטע — נעמט זייער ערנסט דעם קולטור־פּלוראַליזם פֿון האָראַס קאַלען. אַלע גיבן צו אַז דער קאַלעניזם האָט שטאַרק געהאָלפֿן שאַפֿן אַ גינסטיקן קלימאַט פֿאַר מינאָריטעט־קולטורן אין אַמעריקע, און ספּעציעל פֿאַר דער אַמעריקאַנער ייִדישער מינאָריטעט. פֿאַרשטייט זיך, אַז די טעאָריע דאַרף ווערן ווײַטער אַנטוויקלט און צוגעפּאַסט צו די הײַנטיקע באַדינגונגען, צו די נײַסטע אויסגעפֿינסן אין דער סאָציאָ־לאָגיע, און צו די ענדערונגען אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿט.

ראַבײַ הערצבערג פּרובירט באַפֿעסטיקן זײַן טעזע מיט וויל הער־

בערגס בוך: „קאַטאָליק, פּראָטעסטאַנט און ייִד", וואָס אַרגומענטירט אַז די אייניקלעך פֿון די אימיגראַנטן האַלטן דאָ אויף בלויז איין קאָמפּאָנענט פֿון זייער אַמאַליקער קולטור: די רעליגיע. אָבער, ווי ייִדישע פּובליציסטן האָבן באַוויזן, ווען הערבערגס בוך איז דערשינען, פּאַסט הערבערגס פֿאָרמול לחלוטין נישט פֿאַר ייִדן. אונדזער אַנדערשקייט דריקט זיך אויס נישט בלויז אין רעליגיע, נאָר אויך אין אונדזער געשיכטע, אין אונדזער עטאָס, אין אונדזער היסטאָרישן באַוווּסטזײַן, אין אונדזער פֿאָלקישקייט, אין דער העברעיִשער און מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור; און דאָס אַלץ קען מען נישט אַרײַנשטופּן אין דער קאַטעגאָריע פֿון אמונה. מיר זענען אַן עם לבֿדד ישכּון; אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע מינאָריטעטן אין אַמעריקע.

פֿאַראַן נאָך אַ ריי באַהויפּטונגען אין דער עסיי, וואָס איז מער דרשה ווי באַגרינדעטע פֿאָרשונג. אַזוי למשל דערקלערט הערצבערג וועגן ערשטן אַמענדמענט צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע וועגן דער סעפּאַרירונג פֿון שטאַט און רעליגיע, אַז דאָס איז נישט קיין עיקר פֿאַר אַמעריקאַנער ייִדן. אָדער אַזאַ פּילפּול: דער ייִד איז אין תּוך אַ פּראָדוקט פֿון אַ טראַדיציע וואָס איז אינטעלעקטועל, נישט אידעאָלאָגיש. דעמאָקראַטיע איז אַן אידעאָלאָגיע, אַזוי איז אויך פּלוראַליזם; און ביידע זענען לעבנסוויכטיק פֿאַר ייִדישער עקזיסטענץ, און פֿאַר דער מענטשלעכער ווירדע.

## VI

עס ווילט זיך נאָך מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן דער עסיי: איז דער ייִד אין גלות? די טעמע איז שוין אַזוי אַלט ווי „דער ייִדישער גלות"... אפֿשר איז דאָס אינטערעסאַנט פֿאַר ציוניסטן וואָס לעבן אין חוץ־לארץ, און זענען נישט שווה בשווה מיט זייער געוויסן... הערצבערג איז דאָ גאָרנישט מחדש. נאָר ער רעדט ווידער אין אַ פּויפּסטלעכן טאָן וואָס מען מוז אָפּוואַרפֿן. ער דערקלערט דאָ בפֿירוש אַז ער איז נישט מסכּים מיט בן־גוריונען אַז אַמעריקע איז גלות. און דערנאָך

דיסקוטירט ער וועגן די אָפּגעפרעמדטע ייִדיש־אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן.

די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, נישט געקוקט אויף איר סעקולאַ־ריזאַציע, איז פונדעסטוועגן נישט נייטראַל; זי איז קריסטלעך און גינסטיק צום קריסטנטום, נישט ייִדנטום. דער רו־טאָג איז זונטיק, נישט שבת. די אָפּגעפרעמדטע ייִדישע אינטעלעקטואַלן, די אַליענירטע באַשטעטיקן זייַן טעזע, האַלט ער, אַז דער ייִד איז אַ פרעמדער אין דער וועלט. ער זאָגט אַז אַזעלכע שרייַבערס ווי נאָרמאַן מיילער, לעסלי פידלער, און אַנדערע, אַנערקענען דעם פאַקט אַז דער יד איז אַ פרעמ־דער, אָבער זיי צעשטערן די דאָזיקע דעפיניציע דערמיט וואָס זיי זאָגן גלייַכצייַטיק אַז די אָפּפרעמדונג פון ייִד איז די מערכה פון מאָדערנעם מענטש בכלל ... הייסט עס, אַז נישט דער ייִד ווערט ווי אַלע, נאָר אַלע ווערן ווי דער ייִד.

הערצבערג גיט צו אַז אין דעם איז דאָ אַ ביסל אמת, אָבער, טענהט ער, בעת ייִדישע און גויִישע שרייַבערס זענען אָפּגעפרעמדט פון דער מיטלקלאַס־קולטור, איז עס אין ראַדיקאַל אַנדערע, אַנטיטעטישע ריכטונגען. אָפּפרעמדונג בייַ גויִים איז נישט אַלע מאָל רעוואָלוציאָנער, נאָר אָפט קאָנסערוואַטיוו, און אַנטיסעמיטיש ... דאָס איז אָנווענדבאַר אויף הענרי דזשיימס, ט. ס. עליאָט, טעאָדאָר דרייזער, העמינגוועי און הענרי מילער. וועגן עזרא פּאַונד איז דאָך נישט נייטיק צו דערמאָנען.

אַזוי פּאַסירט עס אָפט בייַ די אָפּגעפרעמדטע גויִישע שרייַבערס און אינטעלעקטואַלן. זיי בלייַבן פלייש און בלוט פון דער געזעלשאַפט קעגן וועלכער זיי רעוואָלטירן. זיי גייען געוויינלעך צוריק אַהיים. אָבער אַ ייִדישער אינטעלעקטואַל, כדי ער זאָל אַרייַן אין דער ניט־ייִדישער גרויסער וועלט, מוז פאַרברענען אַלע בריקן צו זייַן ייִדישן עבר דורך אַ ראַדיקאַלן איבערבייַט (שמד) און ער מוז אַריבערגיין צו דער קולטור און רעליגיע פון דער מערהייַט. אַזוי פסקנט דער ראַביי. אָבער שטימט דאָס מיט דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייַט, און איז דאָס כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַליענירטע ייִדישע שרייַבערס אין אַמעריקע?

דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען דער פאַל אין אייראָפּע,

ספּעציעל אין דײַטשלאַנד. ס׳איז אָבער נישט אַנווענדבאַר אויף אַמע־ריקע. דאָ איז דאָך אין אַ סך פֿאַלן געשען פונקט פֿאַרקערט: דאָ זענען אַ ריי פֿון די באַרימטסטע ענגליש־שרײַבנדיקע ייִדן צוריקגעקומען אַהיים, און זיך אידענטיפֿיצירט ווי ייִדן. לאָמיר דערמאָנען כאָטש עטלעכע, וואָס זענען געוואָרן ייִדישלעכער: אַלפֿערד קייזין, סאָל בעלאָו, אירווינג האָו, נאָרמאַן פּאָדהאָרעץ, אירווינג קריסטאָל, און אַ צאָל אַנדערע ווייניקער פּאָפּולערע.

וואָס איז דער רעצעפּט צו דער אַליענאַציע וואָס ד״ר הערצבערג ווייטיקט איבער איר? אַפֿילו ווען איר וועט אָפּוואַרפֿן זיין אַנאַליז וועגן די אָפּגעפֿרעמדטע ייִדישע שרײַבערס און אינטעלעקטואַלן וועט איר מוזן צוגעבן אַז די איינציקע האָפֿענונג, ווי דער מחבר שלאָגט פֿאָר, ליגט אין טאָג־שולן פֿאַר ייִדישע קינדער, און אין קולטיווירן ייִדישע ווערטן. דאָס איז דער פֿאַרבאַדינג פֿאַר ייִדישן המשך אין אַמעריקע.

(1984)

## III די שליחות פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור

# אין דער רעפובליק פֿון וואָרט

(באַמערקונגען וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן „פּען"־קאָנגרעס)

אין משך פֿון זעקס טעג — פֿון 12טן ביזן 17טן יאַנואַר ה"י, איז אין ניו־יאָרק פֿאָרגעקומען דער אינטערנאַציאָנאַלער „פּען"־קאָנגרעס צו וועלכן עס זענען געקומען 700 שרײַבער פֿון 40 לענדער, און צווישן זיי פֿון ישׂראלדיקן העברעיִשן „פּען"־צענטער — דער נאָוועליסט עמוס עוז, און דער פּאָעט יהודה עמיחי. עס איז געווען אַ ווייטיק וואָס צו אַ קאָנגרעס אין דער גרעסטער ייִדישער שטאָט אין דער וועלט, איז „ייִדיש־לאַנד", דער ניו־יאָרקער ייִדישער „פּען"־צענטער נישט געווען רעפּרעזענטירט. עס איז אפֿשר אַ חצי־נחמה וואָס צווישן די דעלעגאַטן האָבן זיך אָנגעזען אַ סך פּראָמינענטע ייִדישע פּען־מענטשן וואָס שרײַבן אין פֿרעמדע שפּראַכן.

ווען שרײַבער פֿון פֿאַרשידענע מדינות קומען זיך צוזאַמען, קען מען נישט דערוואַרטן אַז אַלע זאָלן האָבן דעם זעלביקן וועלט־באַנעם, אָדער איין קוק אויף דעם מהות פֿון ליטעראַטור, און איר שייכות צו דער מלוכה — די צענטראַלע טעמע פֿון דעם קאָנגרעס. האָט טאַקע דער פּרעזידענט פֿון אַמעריקאַנער פּ. ע. ן., דער נאָוועליסט נאָרמאַן מעילער, אין זײַן דערעפֿענונגס־רעדע באַטאָנט, אַז דער קאָנגרעס קומט פֿאָר אין אַ שטאָט, ווו עס לעבן 30,000 מיליאָנערן, און 30,000 היימלאָזע וואָס האָבן נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. בײַ דער זיצונג האָבן 71 אַמעריקאַנער שרײַבער פּראָטעסטירט קעגן דער פֿאַרבעטונג פֿון סעקרעטאַרי־אָוו־סטייט, דזשאָרדזש שולץ, ווײַל ער פֿאַרטרעט אַ רעגירונג וועלכע האָט, אויפֿן סמך פֿון מעקערן־וואָלטער־געזעץ פֿון 1952, נישט אַרויסגעגעבן קיין וויזעס אַרײַנצוקומען אין לאַנד, שרײַבער מיט קאָמוניסטישע, אָדער אַנאַרכיסטישע איבערצײַגונגען. שולץ האָט זיך פֿאַרטיידיקט, אַז דאָס איז צו באַוואָרענען דאָס לאַנד קעגן שפּיאָנען.

דער שרײַבער פֿון די שורות האָט נישט בדעה צו באַרירן אַלע פֿראַגן וואָס דער קאָנגרעס האָט אויפֿגענומען, ער וויל בלויז מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן צוויי צענטראַלע ענינים וואָס די שרײַבער האָבן דיסקוטירט, און דאָס זענען שטרײַט־פּונקטן וואָס אינטערע־סירן נישט בלויז פּען־מענטשן; וואָרעם אויב אפילו איר זאָלט האַלטן, ווי אייניקע קריטיקער באַהויפּטן, אַז די גרויליקע געשעענישן פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט, ספּעציעל דער ייִדישער חורבן, האָט צעשטערט דעם גלויבן אין דער ליטעראַטור ווי אַ הומאַניזירנדיקער אײַנפֿלוס — אַפֿילו דעמאָלט מוזט איר מודה זײַן, אַז שרײַבער פֿון אַלע ליטעראַרישע זשאַנרען באַווירקן מענטשן און געשעענישן צום גוטן, אָדער צום שלעכטן.

איינע פֿון די וויכטיקסטע דיסקוסיעס איז פֿאָרגעקומען אַרום דעם רעפֿעראַט פֿון נאָבעלירטן ייִדיש־אַמעריקאַנער נאָוועליסט סאול בעלאָו, וועלכער האָט עלעגאַנט רעפֿערירט וועגן: „אַליענאַציע און דער אַמעריקאַנער חלום". ער האָט קריטיקירט די אַמעריקאַנער שרײַבער, וואָס זענען נאָך אַלץ פֿאַרגלויבט אין דער אידעע פֿון אַליענאַציע, אין דער אָפּפֿרעמדונג מצד דעם קינסטלער צו דער געזעלשאַפֿט אין וועלכער ער לעבט. פֿילאָסאָפֿן און קינסטלער אין 17טן און 18טן יאָר־הונדערט האָבן צוגעגרייט אַ סטרוקטור וואָס האָט געשאַפֿן אַ פֿרײַע און פּראָספּערירנדיקע געמיינשאַפֿט. דער אַמעריקאַנער מיטלקלאַס, האָט בעלאָו געטענהט, איז פֿאַרנומען מיט פּשוטע ווונטשן: קליידער, וווינונגען, געזונט, די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָט אים געגעבן נישט בלויז פֿרײַהײַט, נאָר אויך פּרנסה, און ער האָט נישט קיין באַזונ־דער אינטערעס פֿאַרן העכערן לעבן — פֿאַר ליטעראַטור און קונסט. אָט דאָס איז די מאַיאָריטעט־ סיטואַציע אין לאַנד.

דער מערבֿ־דײַטשער נאָוועליסט, גינטער גראַס, האָט שאַרף אָפּאָנירט בעלאָוס בליק אויף אַמעריקע, הגם דער נאָבעליסט האָט נישט באַרעכטיקט אַמעריקעס ראָלע ווי אַ סופּער־מאַכט. גראַס, וועלכער איז אַן אַנגאַזשירטער סאָציאַליסט, האָט געזאָגט, אַז ווען ער האָט געהערט בעלאָון האָט ער זיך געחידושט ווי ער געפֿינט זיך: „איך וואָלט געוואָלט

הערן דעם אָפּקלאַנג אויף זײַנע רייד אין סאַוט־בראָנקס, ווו מענטשן האָבן נישט די וווינונגען, די שפּײַז און די מעגלעכקײַט הנאה צו האָבן פון דער פרײַהײַט וואָס איר האָט. אַמעריקע איז אַ לאַנד וואָס באַשיצט דיקטאַטורן אין טערקײַ און פּאַקיסטאַן״.

אַ ריי שרײַבער פון פיר לענדער, פון וואַנען זיי זענען געוואָרן פאַרטריבן אין „גלות״, האָבן פאַרטיידיקט אַליענאַציע און געגעבן די סיבות פאַר זייער אָפּפרעמדונג. דער פאַרטריבענער סאָוועטישער נאָוועליסט אַקסיאָנאָוו האָט דערציילט ווי פיינלעך עס איז פאַר אַ קינסטלער צו ווערן באַרויבט פון זײַן היימלאַנד־קולטור און שפּראַך. ווען ער איז אַלט געווען 4 יאָר (אין 1939) האָט סאָוועטישע פּאָליציי אַרעסטירט זיינע עלטערן, און אים האָט מען אַרײַנגעגעבן אין אַ מלוכה־היים פאַר קינדער פון „שונאים פון פאָלק״.

זײַן טאַטע האָט אָפּגעפינצטערט 18 יאָר אין טורמע, און די מאַמע, יעווגעניאַ גינזבורג — 10, וואָס זי האָט שפּעטער באַשריבן אין איר בוך: „אין שטורעמווינט״ — אַ ווערק וואָס האָט געמאַכט אַ רושם מיט דער גרוילקײַט פון אירע איבערלעבונגען.

נאָך דעם ווי אַקסיאָנאָוו האָט אין 1968 פּראָטעסטירט קעגן דער רוסישער אינוואַזיע אויף טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט ער פאַרלוירן זײַן פּאָסטן, און אין 1980 איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. ער האָט אָנגעוויזן אויפן קאָנטראַסט צווישן שרײַבער אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס וואָלטן געוואָלט קריגן הילף פון דער מלוכה, בעת פּען־מענטשן אין סאָוועטן רוסלאַנד לעכצן אַז דער שטאַט זאָל זיי צורו לאָזן און זאָל נישט טשעפּען די ליטעראַטור: „די מערבֿ־דײַטשן פּרובירן מאַכן אַמעריקע פאַרן שעיר־לעזאזל, גלײַך ווי זיי — די דײַטשן — האָבן דערגרייכט פּערפעקציע. נאָך פינף יאָר לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, גלייב איך, אַז דאָס לאַנד איז אַ מאָדעל פון דעמאָקראַטיע. דאָ איז דער יחיד פרײַער ווי אין מערבֿ־אייראָפּע. בעת פאַר אַלען גינזבורגס פּעטיציע קעגן דער אַמעריקאַנער אינטערווענץ אין ניקאַראַגוואַ, זאַמלט מען דאָ אונטערשריפטן, זעט מען אָבער נישט דאָ אַן ענלעכע פּעטיציע קעגן דער סאָוועטישער אָנוועזנהײַט אין צענטראַל אַמעריקע... איך ספק

נישט אין די גוטע כוונות פֿון די מענטשן, אָבער איך בעט זיי נישט צו זײַן איינזײַטיק".

גינטער גראַס האָט זיך פֿאַרטיידיקט, אַז ער איז אַ סך מאָל אַרויס־געטראָטן קעגן די קאָמוניסטישע מעשׂים. אַ גרויסע צאָל פֿון זײַנע פֿרײַנד, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט, זיצן אין די תּפֿיסות פֿון מזרח־בלאָק און ער איז אַנגאַזשירט לטובֿת זייער פֿרײַהײַט; ווי טרויעריק עס איז אַז מיר, אין אַמעריקע, רעלאַטיוויזירן עוולות אין מערבֿ, מיטן תּירוץ אַז אין מזרח איז פּונקט אַזוי שלעכט, אָדער ערגער. אונדזער הײַנטיק לעבן איז כאַראַקטעריזירט מיטן דורכפֿאַל פֿון די הערשנדיקע אידעאָלאָגיעס. איצט ווייסן מיר שוין גוט ווי אויסגעשעפּט דער מלוכה־קאָמוניזם איז אין זײַן זעלבסט־פֿאַרשפּאַרטקײַט אין תּפֿיסה, כאָטש זײַן מאַכט האַלט אָן; און דער קאַפּיטאַליזם קעמפּט פֿון קריזיס צו קריזיס אויף אַ ריטואַלי־זירטן אופֿן. ווער עס איגנאָרירט די דלות־קוואַרטאַלן (סלאַמס) אויף דער פּעריפֿעריע, און דעם וועלט־הונגער; ווער עס גלויבט נאָך אַלץ, אַז דער אַמעריקאַנער דרך איז לעבנס־פֿעיִק, איז אַ היפּאָקריט. נישט נאָר דער סאָוועטישער קאָמוניזם, נאָר אויך דער קאַפּיטאַליזם איז אַן אוטאָפּיע".

עמוס עוז, דער טאַלאַנטירטער פּראָזאַיִקער, האָט זיך אין דער דיס־קוסיע אויסגעצייכנט מיטן זײַן שׂכל־הישרדיק וואָרט. ס'איז אונדזער חובֿ, האָט ער דערקלערט, צו אונטערשיידן צווישן פֿאַרשידענע גראַדן פֿון רשעות, און ווער עס טוט עס נישט, ווערט אַ דינער פֿון שלעכטס: „לאָמיר נישט צושרײַבן דער מלוכה אַ דעמאָנישע אימאַגינאַציע, און אַ דערלייזערישן דמיון צו זיך. מערסטע שרײַבער ווייסן עפּעס וועגן די מאָנסטערס אין מענשטנס האַרץ, אָבער מיר זענען גענייגט צו מאַכן דעם אײַנדרוק, מחוץ אונדזערע ווערק, ווי מיר וואָלטן געגלייבט אין דער סימפּליציסטישער זשאַן־זשאַק רוסאָ־הנחה אַז רעגירונגען און אינסטיטוציעס זענען רשעותדיק, בעת „פּשוטע מענטשן" זענען גוט־האַרציק און ריין. איך גיי זיך פֿונאַנדער מיט דעם קוק: די מלוכה איז אַ נויטווענדיק שלעכטס, פּשוט דערפֿאַר וואָס אַ סך מענטשן זענען פֿעיִק צו זײַן געפֿערלעך. נאָך מער: געוויסע מלוכות זענען כּמעט לײַטיש,

אַנדערע — שלעכט, און אייניקע — מערדעריש... ס'איז אונדזער אויפֿגאַבע צו דיפֿערענצירן".

ער איז געוואָרן שטאַרק אַפּלאָדירט, ווען ער האָט געענדיקט.

אין זײַן אָפּשלוס פֿון דער דיסקוסיע, האָט סאָול בעלאָו באַהויפּטעט, אַז די שפּראַך איז דאָס גײַסטיקע הויז אין וועלכן דער שרײַבער לעבט, און קיינער קען אים פֿון דאָרט נישט אַרויסוואַרפֿן. ער האָט געוואָרנט קעגן פֿאַרביליקן דאָס לשון פֿון ליטעראַטור; דאָס געהערט צו פּאָליטישער אַגיטאַציע. ער האָט באַטאָנט, אַז ער האָט נישט באַרעכטיקט אַמעריקעס ראָלע ווי אַ סופֿער־מאַכט; ער האָט נאָר גערעדט וועגן דער מאַיאָריטעט־סיטואַציע אין לאַנד; און דאָ וויל מען אים אַרײַנשטופּן אין פּאָליטישע פּאָזיציעס.

עס ווילט זיך פֿרעגן דעם פּראָזע־מײַסטער: אמת, די שפּראַך וואָס אַ קינסטלער באַנוצט אין זײַן ווערק איז טאַקע אַן עיקר־זאַך אין ליטעראַטור; אָבער וואָס איז מכּוח דעם אינהאַלט? די שפּראַך איז דאָס „גײַסטיקע הויז", אָבער ס'ווענדט זיך דאָך אויך מיט וואָס פֿאַר אַ „מעבל" דאָס הויז איז אויסגעפּילט: מיט ביכער, ספֿרים, קונסט־בילדער וואָס דערהייבן און אילומינירן, אָדער מיט מעלאָדראַמאַטישע טעלעוויזיע־פֿילמען, מיט „זייף־אָפּערעס", מיט קאָרטן אד"גל. צי זענען די אייביקע פּראָבלעמען פֿון מלחמה און שלום, קראַנקהײַט און טויט, ליבע און אײפֿערזיכט, אָרעמקײַט, און נויט, פֿרײַהײַט און דעספּאָטיזם, עלטער און איינזאַמקײַט — צי זענען די אַלע אויסגערעכנטע, און נאָך אַ סך אַנדערע דילעמעס נישט דער רוי־מאַטעריאַל מיט וועלכן ווערטפֿולע ליטעראַטור האָט זיך אַלע מאָל באַנוצט און דאַרף זיך ווײַטער באַנוצן? און טיילווײַז איז דאָך די לייזונג פֿון אַ טייל פֿון די דאָזיקע פּראָבלעמען אָפּהענגיק פֿון פּאָליטיק פֿון דער מלוכה.

אַלע גרויסע שרײַבער, אין אַלע צײַטן האָבן פֿאַרמאָגט אַ ניצוץ פֿון די נבֿיאים, וועלכע האָבן געוועקט דאָס געוויסן פֿון יחיד און כּלל. צי דאַרף דאָס נישט פֿאַרבלײַבן אַן אומדירעקטער, אָבער אַ צענטראַלער קאָמפּאָנענט פֿון דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור? און אויב עס איז אַזוי, און איך מיין אַז בעלאָו פֿאַרקערפּערט אין זײַנע ווערק — ספּעציעל אין

„מר. סאַמלערס פּלאַנעט" — די דאָזיקע קונסט־פֿילאָסאָפֿיע — דעמאָלט קען מען נישט אָפּגטן ליטעראַטור פֿון פּאָליטיק.

דער צווייטער צענטראַלער ענין וואָס דער קאָנגרעס האָט אויפֿגענומען, און ער איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער פֿריערדיקער טעמע, איז געווען: „אוטאָפּיעס און אידעאָלאָגיעס". דער פּוילישער נאָבעלירטער פּאָעט, עסייִסט, און נאָוועליסט טשעסלאָוו מילאָש, און דער ליטווישער שרײַבער טאָמאַס ווענצלאָווע, האָבן עלאָקווענט פּרעזענטירט דעם ענין, וואָס הערט נישט אויף צו זײַן אַקטועל. ביידע האָבן זיך אויסגעדריקט, אַז דער צוזאָג פֿון אַן אוטאָפּישער סאָציאַלער אָרדענונג איז אַ מזבח אויף וועלכן מ'האָט מקריבֿ געווען מיליאָנען לעבנס־קרבנות פֿון ענדגילטיקע לייזונגען, כּלומרשט היסטאָרישע נויטווענדיקייטן און קולטור־רעוואָלוציעס. מילאָש האָט אָנגעוויזן, אַז אוטאָפּיעס ווערן אָפֿט פֿאַרווירקלעכט, אָבער אַלע מאָל מיט אַן איראָנישן קרום, בייג. זיי זענען קיינמאָל נישט געוואָרן עפֿעקטיווער דורכגעפֿירט ווי אין הײַנטיקן יאָרהונדערט. גלײַכצײַטיק איז די וועלט געוואָרן קלענער, און שרײַבער זענען איצט באַקאַנט מיט לײַדן און אומגערעכטיקײַט אין געגנטן וואָס וואָלטן אַמאָל געווען ווײַט פֿון זייערע איבערלעבונגען. ווי אַ פּועל־יוצא פֿון דעם זענען זיי געוואָרן איבערגעצײַגט, אַז ס'איז נייטיק אַ שינוי.

בעת מ'נעמט געוויינלעך אָן, האָט דער פּוילישער קינסטלער פֿאַרגעזעצט, אַז שרײַבער זענען אַגרעסיווע קעמפֿער קעגן דער מלוכה, מיינט ער, אַז ס'איז פּונקט פֿאַרקערט: ס'איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן מאָדערנעם שרײַבער צו ווערן פֿאַסצינירט פֿון דער מלוכה וואָס נוצט די שפּראַך פֿון אוטאָפּיע, און דער שטאַט וואָס זאָגט נישט צו קיין אוטאָפּיע רופֿט אַרויס דעם קינסטלערס פֿײַנטשאַפֿט: דעספּאָטיזם האָט אַ סך פֿאַרטיידיקערס. דער דיכטער דערמאָנט ווי שווער ס'איז אָנגעקומען דזשאָרדזש אָרוועלן (1950־1903) צו צעברעכן דעם טאַבו פֿון דער בריטישער אינטעליגענץ אין די 30קער יאָרן, וועלכע האָט אויסגעמיטן צו קאָנפֿראָנטירן דעם אמת וועגן סטאַלינען.

טאָמאַס ווענצלאָווע האָט באַטאָנט, אַז ווי אַ ליטווינער איז ער געבוירן געוואָרן אין אַן אוטאָפּיע, און זײַנע ערשטע דרײַסיק יאָר האָט ער

געלעבט אין ליטע. ער האָט געצויגן שוידערלעכע פּאַראַלעלן צווישן טאָמאַס מאָרס אוטאָפּיע, און דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. די באַוווּסטע נאָוועליסטין און עסייִסטקע סוזאַן סאָנטאַג, אַ וויצע־פּרעזי־דענטין פֿון אַמעריקאַנער „פּען" האָט רעאַגירט, אַז זי גלייבט בלויז אין דער אוטאָפּיע פֿון ליטעראַטור, אָבער זי איז נישט גרייט צו אידענטי־פֿיצירן די אידעע פֿון אוטאָפּיע מיט דיסקרעדיטירטע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס; זי איז אויך נישט אַליענירט פֿון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט.

די פֿאַרטריבענע שרײַבערס פֿון זייערע היימלענדער, וועלכע האָבן זיך שטאַרק אָנגעזעצן, און באַטייליקט אין קאָנגרעס — אַדאַם זאַוואַדסקי פֿון פּוילן, דאַנילאָ קיס פֿון יוגאָסלאַוויע, און אַקסיאָנאָוו — האָבן ליידנ־שאַפֿטלעך פֿאַרטיידיקט אַמעריקע. מ׳האָט לײַכט געקענט באַמערקן דעם אונטערשייד צווישן אַמעריקאַנער שרײַבער און די פֿאַרטריבענע פֿון זייערע היימלענדער. די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירער פֿון קאָנגרעס שטאַמען פֿון אַ לאַנד וואָס איז אָפֿן פֿאַר ענדערונגען, און ווו שרײַבער שפּילן נישט קיין באַדײַטיקע ראָלע אין דער פּאָליטיק, בעת די מזרח־און צענטראַל־אייראָפּעיִשע שרײַבער ווי מילאָש און אַקסיאָנאָוו, קומען פֿון מדינות ווו ליטעראַטור, דעספּאָטיזם, און די ראָלע פֿון שרײַבער זענען פֿראַגן פֿון לעבן־און־טויט. אויף גראָסעס טענה פֿאַרוואָס מען גיט זיך אַזוי פֿיל אָפּ מיטן דורכפֿאַל פֿון דער סאָוועטישער אוטאָפּיע, און נישט מיטן דורכפֿאַל פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אוטאָפּיע, האָט אים מילאָש געענטפֿערט: מ׳קען נישט רעדן וועגן דער אוטאָפּיסטישער וויזיע פֿון קאַפּיטאַליזם, ווײַל דער קאַפּיטאַליזם איז אַ נאַטירלעכער וווּקס, וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערופֿן — דאָס איז דער היפּוך פֿון אוטאָפּיע: „בעת דער אוטאָפּיאַניזם פֿון די טאָטאַליטאַרע רעגירונגען פּראָדוצירט שרײַבער וואָס זענען שאַרף אַנטי־אוטאָפּיסטיש, האָט די קאַפּיטאַליסטישע, אַנטי־אוטאָפּיסטישע טראַדיציע פּראָדוצירט שרײַבער וואָס זענען אויסגעשטעלט צום ניסיון פֿון אוטאָפּישע פֿאַנטאַזיעס וועגן דער מענטשהייט און דער מלוכה"...

בײַ דער לעצטער סעסיע פֿון קאָנגרעס האָט גערעדט דער געווע־

זענער פּרעמיער פֿון קאַנאַדע, פּיער טרודאָ, סענאַטאָר דזשאַרדזש מעק־גאַווערן, און דער געוועזענער פּרעמיער פֿון עסטרײַך ברונאָ קרייסקי. דער היסטאָריקער אַרטור שלעזינגער, וועלכער האָט געפֿירט די זיצונג, האָט דערקלערט, אַז אויב מען וויל האָבן שלום אין מיטעלן מזרח דאַרף מען זיך צוהערן צו קרייסקין. דער לעצטער האָט גערופֿן אַנטקעגנ־צוקומען די פֿאָדערונגען פֿון די טעראָריסטן — נישט מער און נישט ווייניקער. וועגן קאַדאַפֿין האָט ער זיך אויסגעדריקט: „ער איז רעוואָלוציאָנער און איך בין עוואָלוציאָנער״. אין דער לעצטער סעסיע האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן, אַז די אָרגאַניזירער פֿון קאָנגרעס זענען אַוועק אויף אַן איינזײַטיקן דרך: בנוגע סעקרעטערי שולץ האָט מען אָנגעווענדעט אַן אַנדער מאָס ווי וועגן מעק־גאַווערן, הגם די גרויסע מערהײַט דעלעגאַטן — בלויז 71 פֿון 700 — האָט ניט פּראָטעסטירט קעגן דער פֿאַרבעטונג פֿון סעקרעטערי אָוו סטייט. אַ סך שרײַבער האָבן פֿאַרטיידיקט די דעמאָקראַטישע מלוכה ווי אַ „מיטלמעסיקע״ אָבער נייטיקע אינסטיטוציע.

די רעזאָלוציעס וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַפּאַרטהײַד אין דרום־אַפֿריקע, און קעגן אופֿן ווי מען באַהאַנדלט דאָרטן זשורנאַליסטן און שרײַבער. די קריטיק אויף אַמע־ריקע איז געווען אײַנגעהאַלטן. מען האָט אויסגערעכנט לענדער פֿון טשילע ביז כינע, סיריע, דרום־אַפֿריקע, טײַוואַן ביז טערקײַ, ווו שרײַבער און זשורנאַליסטן זיצן אין תּפֿיסות, זענען געוואָרן געקיד־נעפּט, פֿאַרטריבן אין גלות, אָדער דערמאָרדעט. סאָוועט־רוסלאַנד האָט פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער רשימה. אַמעריקע און מערבֿ־אייראָפּע זענען נישט געווען אויף דער ליסטע. לויט דעם באַריכט זענען 450 שרײַבערס אין טורמעס, אַרבעטס־לאַגערן, אין ספּעציעלע פּסיכיאַ־טערישע אַנשטאַלטן כּמעט אויף אַלע קאָנטינענטן. די העכסטע צאָל אַרעסטירטע שרײַבער געפֿינען זיך אין מזרח־אייראָפּע, אין מיטעלן מזרח, אין סאָוועט־רוסלאַנד, פֿיליפּינען, איראַן, רומעניע, פּוילן און קובאַ. מען האָט געזען אַז „פּ. ע. ן.״ שטרענגט זיך אָן צו העלפֿן פֿאַר־פֿאָלגטע שרײַבער. דאָס האָט דעמאָנסטרירט, אַז נישט געקוקט אויף

אַלע חלוקי־דעות איז פֿאַראַן אַ וועלט־געמיינשאַפֿט פֿון פּען־מענטשן. אַמעריקאַנער שרײַבערס האָבן אין זייער קריטיק אויף די פֿאַראייניקטע שטאַטן באַטאָנט דאָס לײַדיקע „האַלבע גלאָז״, בעת די שרײַבער אין גלות האָבן באַגריסט דאָס אָנגעפֿילטע „האַלבע גלאָז״.

דער קאָנגרעס האָט אויך באַשטעטיקט, אַז ס'איז נישט אמת וואָס מען וויל אונדז אײַנרעדן אַז דער „נײַ־קאָנסערוואַטיזם״ איז איצט די דאָמינירנדיקע אידעאָלאָגיע פֿון די אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן; די אַלע שרײַבערס וואָס האָבן פֿאַרלוירן זייערע אילוזיעס בנוגע אוטאָפּיעס זענען נישט אַוועק צום רעכטן עקסטרעמיזם. דער צוזאַמענפֿאָר האָט נישט אַנטפּלעקט קיין אָריגינעלע אידעען. שוין אין 1950, ווען ס'איז אַרויסגעקומען דאָס בוך: „דער גאָט וואָס האָט באַנקראָטירט״, האָבן מיר געהערט פֿון אַרטור קעסטלער, איגנאַציאָ סילאָנע, אַנדריי זשיד, און אַנדערע, זייער ווידוי, און דיסאילוזיאָנירונג מיט די ברוטאַליטאַריער פֿון „אוטאָפּיע״. מילאָשס רעפֿעראַט איז בלויז געווען אַ נײַע אויפֿלאַגע פֿון זייער איבערלעבונג און חשבון־הנפֿש. אָבער אויב דער קאָנגרעס האָט נישט פּראָקלאַמירט קיין נײַע אידעען, האָט ער דערמאָנט אין אַלטע אמתן וואָס יעדער דור מוז אויפֿסנײַ דערווערבן; זיי קומען נישט בירושה.

(1986)

# סינטיאַ אָזיק — און דער מהות פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור

## I

צווישן די ענגליש־שרײַבנדיקע ייִדישע קינסטלערס אין אַמעריקע, איז סינטיאַ אָזיק געווען איינע פֿון די ערשטע שוואַלבן וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז דאָ, אין צפֿון־אַמעריקע, קומט אויף אַ ייִדישע ליטעראַטור אויף ענגליש — אַ ליטעראַטור נישט פֿון אַליענאַציע, פֿון אָפּפֿרעמדונג, פֿון

נעגאַטיווער באַציִונג צו ייִדישקייט, נאָר פּאַרקערט: אַ ליטעראַטור וואָס פֿאַראורטיילט אַסימילאַציע, און וואָס ציט איר יניקה פֿון ייִדישע קוואַלן, פֿון דער ייִדישער געשיכטע, פֿון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע; אַ ליטעראַטור וואָס איז דורכגעלויכטן פֿון ייִדישע וויזיעס, און וואָס וויל העלפֿן באַפֿעסטיקן ייִדישע עקזיסטענץ. זי האָט דערקלערט אַז ייִדן אין די תּפֿוצות זענען פֿאַרמשפּט צו סטערילקייט אויב זיי וועלן נישט באַטאָנען און ווייטער קולטיווירן זייער גייסטיקע ירושה.. ווי זי האָט זיך אַמאָל, אין אַ דיסקוסיע מיט סאול בעלאָו, אויסגעדריקט: אויב מיר וועלן בלאָזן אין דער שמאָלער זייט פֿון שופֿר וועט מען אונדז ווייט הערן, אָבער אויב מיר וועלן בלאָזן אין ברייטן טייל פֿון שופֿר, און באַשטימען צו זײַן די מענטשהייט, וועט מען אונדזער קול אינגאַנצן נישט הערן.

סינטיאַ אָזיק האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אין אַמעריקע מיט אירע בעלעטריסטישע ווערק, ווי: „דער פּאַגאַנישער ראַבײַ און אַנדערע דערציילונגען", „שוועבן", „צוטרוי", און אַנדערע. זי איז נישט נאָר אַ באַגאַבטע בעלעטריסטין, נאָר אויך אַ גײַסטרײַכע עסייִסטין, וואָס אַפֿילו אויב איר זײַט נישט מסכּים מיט אַלע אירע מיינונגען, פֿאַראינטריגירט זי אײַך מיט אירע געדאַנקען, וואָס ווערן אויסגעדריקט ליידנשאַפֿטלעך, דרײַסט, פּאָלעמיש. אין דעם איצטיקן בוך, וואָס מיר ווילן דאָ באַהאַנדלען: „קונסט און התלהבֿות"* זענען פֿאַראַן 24 עסייען, אין וועלכע זי באַטראַכט ליטעראַטור, פּאָליטיק, שפּראַך און זייער קעגנזײַטיקע באַווירקונג. צווישן אַנדערע, ווידמעט זי עסייען צו גרשום שלום, מאָריס סעמיועל, העראָלד בלום, ווירדזשיניאַ וואולף, י. באַשעוויס, הענרי דזשיימס, און אַנדערע.

אָבער איידער מיר גייען איבער צו באַטראַכטן עטלעכע צענטראַלע אָפּהאַנדלונגען, לאָמיר זיך באַקענען אַ ביסל מיט איר הינטערגרונט. זי איז געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרק, אין 1928, בײַ ייִדיש־רוסישע עלטערן, בײַ אַ טאַטן אַן אַפּטייקער, אַ ייִדיש־ייִד. זי האָט

*) ART AND ARDOR: Essays by Cynthia Ozick; Alfred A. Knopf; New York, 1983; 305 pp.

גראַדויִרט פֿון „ניו יאָרק אוניווערסיטעט" מיט אַ בי. איי. אין 1949, און אַ יאָר שפּעטער האָט זי באַקומען איר עם. איי. פֿון אָהייאָ סטייט־אוניווער־סיטעט. אין 1964־1965 איז זי געווען אַן אינסטרוקטאָרין אין ענגליש, אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט.

II

איינע פֿון די אָנרעגנדיקע עסייען אין בוך איז די אַרבעט איבער ליטעראַטור: „אינאָוואַציע און דערלייזונג". אויב מען זאָל בקיצור איבערגעבן איר טעזע זאָגט זי אָט וואָס: דער בעסטער מוסטער פֿון עכט־ייִדישער ליטעראַטור איז דער מדרש, דער משל, וואָס מאָראַ־ליזירט נישט; די מעשׂה אינטערפּרעטירט זיך אַליין, און דאָס איז דער „ליכט־קראַנץ" וואָס אַלע ליטעראַרישע ווערק דאַרפֿן פֿאַרמאָגן: נישט־דערזאָגטקייט, און די אַטמאָספֿערע וואָס דאַרף איבערגעבן דעם זינען פֿון דער דערציילונג. זי פּאָלעמיזירט מיט יענע קריטיקערס וואָס מיינען אַז דער עיקר אין ליטעראַטור איז די שפּראַך פֿון וועלכער די דערציי־לונג איז געמאַכט. זיי האָבן אַוועקגעשניצט מיט אַזאַ צוגאַנג דעם געזימס, דעם ליכט־קראַנץ וואָס דאַרף זײַן די רעם פֿון דער דערציי־לונג. זיי זיצן אין דער פֿינצטער ווי די קאַראַימען וואָס האָבן געוואָלט אָפּהיטן שבת אין דער פֿינצטער און קעלט. ביידע, די קריטיקערס און די קאַראַימען, צעשטערן די זאַך וואָס זיי האָבן געהאָפֿט צו גלאָריפֿיצירן. די שרײַבער וואָס האַלטן פֿון אָט דער טעאָריע, פּרעזענטירן אין זייער קונסט אַ געץ. דאָס איז אַ ליטעראַטור לשם ליטעראַטור, ניט פֿאַר דער מענטשהײַט. דערלייזערישע ליטעראַטור, ליטעראַטור וואָס אינטער־פּרעטירט די וועלט ביז זי און איר זין ווערט אויפגעעפֿנט פֿאַר אונדזער פֿאַרחידושטן בליק — אַזאַ ליטעראַטור צילט אונטערצושיידן איין לעבן פֿון אַנדערן, צו אילומינירן פֿאַרשידנקייט, צו שילדערן די אייגנ־אַרטיקייט פֿון יחיד.

אינאָוואַציע אין קונסט, באַטאָנט זי, מיינט נישט אײַנפֿלאַנצן אינ־גאַנצן אַנדערע מענטשלעכע דערוואַרטונגען; עס מיינט נישט אַ ריס מיטן פֿריערדיקן. ווען קולטור־המשך ווערט איבערגעריסן, אַזוי ווי אין

נאַציִשן „דריטן רײַך“, איז דער רעזולטאַט: קאָרופּטירונג, פֿאַר־גוואַלדיקונג פֿון דער קונסט, און איר סוף. אויב שרײַבער דאַרפֿן האָבן אַ פּראָגראַם, דערקלערט זי, טאָר עס נישט זײַן אַ ברוגזן זיך פֿון די ייִנגערע אויף די עלטערע שרײַבער. „יונגע שרײַבער וואָס טראָגן אַ האַרץ אויף די עלטערע ווײלן אויסגעפֿינען אַז די וואָס זענען נאָך ייִנגער פֿון זיי, האָבן זיי פֿײַנט. עלטערע שרײַבער וואָס זענען מקנא די ייִנגערע דאַרפֿן געדענקען אַז די קינדער־וועגעלעך זענען אָנגעפּאַקט מיט צוקונפֿטיקע נאָוועליסטן און פּאָעטן“.

זי דערציילט וועגן אַ פּראָמינענטן אַמעריקאַנער שרײַבער וואָס האָט אין שמועס מיט איר, זיך אויסגעדריקט אַז פֿאַר אים איז אין קונסט נישט וויכטיק די טעמע, נאָר די שפּראַך. דער קינסטלער ווי אַ בירגער, האָט יענער געהאַלטן, קען זײַן אַ הויך־מאָראַלישער מענטש, אָבער צי ער איז מאָראַליש, אָדער נישט, איז נישט רעלעוואַנט פֿאַר זײַן קונסט, וואָס פֿאַרלאַנגט בלויז אַ רײַכע פֿאַנטאַזיע, און נישט מער. פֿאַר דעם אַמעריקאַנער נאָוועליסט איז אַ מאָראַליש־אַחריותדיקע ליטעראַטור אַ תרתי־דסתרי, צוויי זאַכן וואָס זענען זיך סותר. אַזיק איז מחולק מיט אָט דעם בליק אויף ליטעראַטור: קונסט לשם קונסט, אָפּגעזונדערט פֿון מאָראַלישן לעבן. פֿאַר איר איז ליטעראַטור — מיטן אויסנאַם פֿון לירישער פּאָעזיע, וואָס זי פֿאַרגלײַכט צו בלומען אינמיטן טאָג — ס'הייסט בעלעטריסטיק, דאַרף האָבן אַ „מאָראַלישן ליכט־קראַנץ“, נישט אין דער דערציילונג גופֿא, נאָר אין דער פֿאָרם פֿון „אַ שוואַכער, גליענ־דיקער קאָנווערט אַרום דער דערציילונג“. מיט אַ ליטעראַטור פֿון דער־לייזונג מיינט זי נישט אַ גאַראַנטירטער צוזאָג פֿון גאולה, אָדער גוטס־קײַט, אָדער פֿרײַנדלעכקײַט.

דערלייזונג, גאולה מיינט פֿאַר איר אַז מענטשן און זאַכן קענען מיר, מיט אונדזער ווילן ענדערן; עס מיינט אַז מיר זענען אַחריותדיק, אַז ס'איז נישטאָ קיין דעאוס עקס מאַכינאַ אויסער אונדזער כאַראַקטער. די ליטעראַטור האָט אַ מאָראַלישן מאַנדאַט צו פּריידיקן דערהייבונג, הגם דער פּרינציפּ דאַרף נישט בפּירוש אויסגעדריקט ווערן אין דער דערציי־לונג. זי שטרײַכט אונטער אַז דער דמיון, די פֿאַנטאַזיע, איז דאָס פֿלייש

און בלוט פֿון ליטעראַטור, אָבער גלײַכצײַטיק איז די אימאַגינאַציע דער כּוח וואָס קעמפּט אויסצולעשן דעם דערלייזערישן „ליכט־קראַנץ״, אַזוי אַז אמתע ליטעראַטור מוז שטרייטן מיט איר אייגן בלוט און פֿלייש, מיט איר יצר־הרע, וואָס וויל אויסלעשן דעם „ליכט־קראַנץ״. אָבער אין עכטער ליטעראַטור, פֿירט זי אויס, „שפּריצן אַרויס לײַכט־טורעמס פֿון ליכט־קראַנץ, און די וועלט מיט איר זינען ווערט אָפֿן פֿאַר אונדזער פֿאַרוווּנדערטן בליק״. אַזיק ציטירט דעם קריטיקער א. טאַבאַטשניק, אַז די מאָדערנע ייִדישע פּאָעזיע פֿון די „יונגע״, האָט נישט אָפּגעמעקט די טראַדיציאָנאַליסטישע עלעמענטן אין ייִדיש, נאָר האָט זיי נאָך פֿאַרשטאַרקט.

איך האָב דאָ גאָר בקיצור איבערגעגעבן עטלעכע עיקרים אין איר קינסטלערישן אני־מאמין. פֿאַר ייִדיש־ייִדן וואָס קענען די ייִדישע ליטע־ראַטור, זענען אירע השקפֿות איבער ליטעראַטור נישט קיין חידושים. מיר האָבן דאָס, מיט אַנדערע ווערטער און מעטאַפֿאָרן, געהערט נאָך פֿון פּרצן, פֿון שלום אַשן, פֿון לייוויקן. דערמאָנט זיך אַז נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונדז פּרץ אין זײַן באַרימטער עסיי: „וואָס פֿעלט דער ייִדישער ליטעראַטור?״ געמוסרט: „נישט נאָר אויף ייִדיש, ייִדיש מוז געשאַפֿן ווערן... ווּ איז דער ייִדישער געדאַנק? די שכינה? איז פֿאַראַן אַ פֿאָלק וואָס טוישט זײַנע שפּראַכן, אַ וואַנדער־פֿאָלק אָן געשטיצטע גרענעצן, אָן אַן אייגענער עקאָנאָמישער סטרוקטור, און דאָס פֿאָלק לעבט, לײַדט און גייט נישט אונטער... מוז אַזאַ פֿאָלק אַנדערש זען, אַנדערש פֿילן, אַן אַנדער וועלט־אַנשויונג האָבן, אַן אַנדער פֿאַרשטעלונג וועגן דער צוקונפֿט פֿון וועלט, לעבן און מענטש...

איך רייד צו די וואָס שטרײַטן פֿאַרן רעכט צו שאַפֿן ייִדישע קולטור־ווערטן — דאָ העלפֿט שוין נישט קיין ייִדיש רעדן, מען מוז עפּעס זאָגן!... און געפֿינען דעם תּוך: דעם „עצם־ענין״ פֿון ייִדישקייט אין אַלע ערטער, אין אַלע צײַטן... געפֿינען די נשמה פֿון דעם אַלעם און זען זי באַשטראַלט מיטן נבֿיאישן חלום פֿון דער מענטשלעכער צוקונפֿט — דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון ייִדישן קינסטלער... צוריק צו

דער ביבל; צוריק צום זיכערסטן פּונקט, און פֿון דאָרט — צום מענטש אויפֿן ייִדישן וועג״.

פֿאַקטיש הערן מיר אין מערסטע עסייען אין דעם בוך אַן עכאָ פֿון פּרצס אידעען און אַנשויונגען, וואָס ער האָט פֿאָרמולירט נאָך איידער שלום אַש האָט געשריבן זײַנע ייִדישסטע ווערק, ווי: „קידוש השם״, „דער תּהילים־ייִד״, און די טרילאָגיע: „פֿאַרן מבול״; און נאָך איידער לייוויק האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע וואָגיקע, דערלייזערישע דראַמעס: „דער גולם״, „מהר״ם ראָטענבערג״, און „אין די טעג פֿון איובֿ״. די דער־מאָנטע צוויי גרויסע ייִדישע קינסטלער, און אַ סך אַנדערע האָבן אויפֿגענומען פּרצס אַרויסרוף צו דער ייִדישער ליטעראַטור, און געשאַפֿן ווערק וואָס „זענען געווען באַשטראַלט מיטן נבֿיאישן חלום פֿון דער מענטשלעכער צוקונפֿט״.

### III

אין דער אָפּהאַנדלונג: „צו אַ נײַ־ייִדיש״ איז זיך אַזיק מתווכּח מיטן קריטיקער דזשאָרדזש סטיינער, וועלכער האַלט, אַז הגם דער ייִד אין די תּפֿוצות איז אויסגעוואָרצלט, איז פֿונדעסטוועגן די דיאַספּאָראָ דער פּרוכטבאַרער באָדן פֿאַר דעם תּוכיקן ייִד. זי קוועסטיאָנירט דעם דאָזיקן געדאַנק, כאָטש זי איז מיט אים מסכּים אַז אוניווערסאַליזם איז אַ ייִדישער אימפּולס. אָבער, דאָס איז נישט, לויט איר, ייִדישקײַט; ייִדישער אוניווערסאַליזם באַטאָנט אַז דער גאָט פֿון ישׂראל איז דער גאָט פֿון דער מענטשהײַט, אָבער עס זאָגט נישט אַז די מענטשהײַט איז דער גאָט פֿון ישׂראל.

זי גייט איבער צו דער „נײַער קריטיק״ וועלכע האָט פֿאַרשפּרייט אַ ריטואַל: „עקספּליקאַציע״, אַז אינטערפּרעטאַציע פֿון טעקסט איז דער עיקר אין אַ קונסט־ווערק; ס׳הייסט, אַז דער שרײַבער איז נישט רעלע־וואַנט צו זײַן ווערק. זי באַשטרײַט דעם דאָזיקן קוק, און זי דריקט אויס איר צופֿרידנקײַט, וואָס די בעסטע אַמעריקאַנער קריטיקערס, ווי לייאָנעל טרילינג, פֿיליפּ ראַוו, אַלפֿרעד קייזין, אירווינג האַו — אַלע ייִדן — האָבן נישט צוגעשטימט צו דער שיטה אין קריטיק, נאָר האָבן

צוריק אַרייַנגעשטעלט די מענטשהייַט. אמת, זיי ווערן באַשולדיקט מצד די „נייַע קריטיקער״ אַז זיי זעצן פֿאַר די אויסגעשעפּטע פֿאָרמען פֿון ראָמאַן אין נייַנצנטן יאָרהונדערט, אָבער זי ענטפֿערט אויף דעם, אַז דער ראָמאַן אין זייַן דעמאָלטיקער פֿאָרם האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט מענטש־לעכן אויפֿפּיר, און מיט די קאָנסעקווענצן פֿון דעם אויפֿפּיר. דער נייַער ראָמאַן, להיפּוך דעם אַמאָליקן, דאַרף זייַן אַ פּאָעמע, אַן אַ געשיכטע, און דאָס, מיינט, פֿאַר איר, אַ געץ, אַ נאַרקאָטיק, אַן עסטעטישער פּאַגאַניזם, וואָס משפּט נישט, אינטערפּרעטירט נישט די וועלט און דעם מענטש.

די ייִדן־שרייַבער, אַרגומענטירט זי, אין די תּפֿוצות וואָס זענען געבליבן ייִדיש, ווי קאַפֿקאַ און פֿרויד, זענען ייִדן וואָס האָבן געאור־טיילט די קולטור וואָס זיי האָבן געפֿונען אין דער וועלט, און דערצו זענען זיי ריזן; אָבער, קיין ווערק וואָס איז געשריבן געוואָרן אין גלות, טענהט זי, איז נישט דויערנדיק, סיידן עס איז צענטראַל ייִדיש, דעמאָלט וועט עס דויערן פֿאַר ייִדן; אויב עס איז נישט תּוכיק, ייִדיש, וועט עס נישט דויערן נישט פֿאַר ייִדן און נישט פֿאַר גויים. רש״י און יהודה הלוי דויערן פֿאַר ייִדן; לייוויק און שלום־עליכם, האַלט זי, וועלן דויערן פֿאַר ייִדן.

די שרייַבערין דריקט אויס איר אומצופֿרידנקייט מיט די ישׂראלים וואָס נעגירן די תּפֿוצות, זי איז מיט זיי נישט מסכּים. מיר זענען די ערשטע דיאַספּאָראַ אין צוויי טויזנט יאָר, וואָס עקזיסטירט צוזאַמען מיט מדינת ישׂראל, און מיר ווייסן נאָך נישט וואָס די קאָנסעקווענצן פֿון דעם וועלן זייַן. דאָ, אין אַמעריקע, גלויבט זי, קען זייַן אַ נייַע יבֿנה, אויב אַמעריקאַנער ייִדן וועלן גרייט זייַן צו לערנען אַ נייַע שפּראַך וואָס זי רופֿט אָן „נייַ־ייִדיש״; אַ ליטעראַטור אין „נייַ־ייִדיש״ וועט זייַן, פּונקט ווי די ייִדישע ליטעראַטור, באַשעפֿטיקט מיט דער מענטשלעכערווירק־לעכקייַט, זי וועט זיך נישט פֿאַרנעמען מיט אַ תּלמודישן אינהאַלט, נאָר מיט יענעם תּלמודישן נוסח וואָס נעמט אָן אין אונדזער צייַט אַ בעלעטריסטישע פֿאָרם.

פֿון וואַנען, פֿרעגט זי, וועט קומען די דאָזיקע שפּראַך? אַזיק האַלט אַז זי שרייַבט שוין איצט אין דער שפּראַך, און אַז אַ העלפֿט פֿון די ייִדן

אין די תּפוצות רעדן שוין איצט די שפּראַך. זי מיינט דערמיט ענגליש מיט אַ צומיש פון ייִדיש־העברעיִשע ווערטער און באַגריפן. פּונקט ווי דײַטש איז בהדרגה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ייִדיש, און איז שפּעטער, ווען ס'איז אויפגעקומען די ייִדישע ליטעראַטור, געוואָרן אַן אינסטרו־מענט פון אונדזער פאַלקישקייט אין אייראָפּע, אַזוי קען אַנגלאָ־ייִדיש ווערן מיט דער צײַט, אַ ייִדישע שפּראַך בײַ ענגליש־רעדנדיקע ייִדן. ווי אַ מוסטער פון אַן עכט־ייִדיש ווערק גיט זי סאול בעלאָו'ס „מר. סאַמ־לערס פּלאַנעט" אין דער עסייִסטיק, דערמאַנט זי, זענען שוין איצט דאָ אַ סך ייִדישע ביכער אין דער ענגלישער שפּראַך...

דער שרײַבער פון די שורות האָט שוין מער ווי איין מאָל אויסגע־דריקט דעם געדאַנק אַז עכט־ייִדישע ליטעראַטור איז אויך געשריבן געוואָרן אין נישט־ייִדישע שפּראַכן: אין ענגליש, אין רוסיש, אין דײַטש, אין פראַנצויזיש; איז דעריבער פאַר אים נישט קיין נײַעס דאָס וואָס די אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערין זאָגט אַז וואָס מער מיר וועלן אַרײַנ־גיסן די ייִדישע וויזיע, די ייִדישע סענסיביליטעט אין דער ענגלישער כלי, דעמאָלט שאַפן מיר אַ שפּראַך פאַר אונדזערע באַדערפענישן. מיר וועלן אַנטוויקלען אַן אגדה „בלשוננו", ווי רש"י האָט אָנגערופן פראַנצויזיש.

נאָר צי וועלן מיר דערגרייכן אויף אַנגלאָ־ייִדיש יענע הייכן וואָס די ייִדיש־ליטעראַטור האָט במשך הונדערט יאָר דערגרייכט — אין אַ וועלט פון אַן אָפּגעזונדערטער ייִדישער ציוויליזאַציע אין מזרח־אייראָפּע; צי וועלן מיר דאָ פּראָדוצירן אַ פּרץ, אַ לייוויק, אַ שלום־עליכם אויף נײַ־ייִדיש? דער ענטפער אויף דער פראַגע איז פאַרהוילן אין די פאַלדן פון דער צוקונפט. דערווײַל דאַרפן מיר געדענקען אַז וואָס מער צידה לדרך מיר וועלן איבערגעבן די יונגע דורות פון דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור, אַלץ ייִדישער וועט זײַן די „נײַ־ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור.

## IV

פאַראַן נאָך אַ ריי סטימולירנדיקע עסייען אין דעם בוך אויף וועלכע

ס׳וואָלט זיך געוואָלט קאָמענטירן. אַזוי למשל, איז איר אָדע צו מאָריס סעמיועל און גרשום שלום אי נישט איבערגעטריבן, אי דער לייענער וועט זיך דערוויסן אַ סך פּרטים וועגן זייער לעבן, זייערע אויפֿטוּונגען פֿאַר דער ייִדישער מחשבֿה. פּראָפֿעסאָר העראַלד בלום ווערט פֿון איר שאַרף קריטיקירט פֿאַר זײַן „לינגוויסטישן מיסטיציזם״, ווי ראָבערט אַלטער האָט אָנגערופֿן זײַן טעאָלאָגישן צוגאַנג צו ליטעראַטור

אין לעצטן סך־הכּל איז עס אַ בוך וואָס צווינגט אײַך צו פֿאַר־טראַכטן וועגן דבֿרים העומדים ברומו של עולם. איר מוזט נישט מיט אַלץ מסכּים זײַן, ווײַל זי מאַכט צײַטנווײַז באַהויפּטונגען וואָס זענען העזהדיק און דאָגמאַטיש, און שטימען נישט מיטן אמת. אַזוי למשל, גיט זי זיך אַ זאָג: דער ייִד איז גלײַכגילטיק צו עסטעטיק. אָבער די גאַנצע געשיכטע פֿון ליטעראַטור בײַ ייִדן לייקנט אָפּ די דאָזיקע קאַטעגאָרישע מיינונג. פֿון „אָז ישיר משה״ דורך ישעיהו, שיר השירים, דער גאָלדע־נער תּקופֿה אין שפּאַניע, ביז ביאַליקן און אהרן צייטלינען — צו דער־מאָנען בלויז עטלעכע ווערק און קינסטלער וואָס האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט געשליפֿענער עסטעטיק, מיט שיינקײַט פֿון פֿאָרם, וואָס האָט אַ דאַנק דעם באַווירקט עטיש דעם ייִדישן מענטש. אָדער איז עס נישט אַ גוזמא צו זאָגן אַז דזשאָרדזש עליאָט, דיקענס, און טאָלסטאָי, האָבן פֿאַר־פֿאַסט אַ „פֿאַרייִדישטן ראָמאַן״? און שעקספּירס „קעניג ליר״, און מילטאָנס „פֿאַרלאָרענער גן־עדן״, און נאָך אַ סך ווערק פֿון נישט־ייִדן וואָס האָבן געצילט צו קולטיווירן דעם עטישן באַוווּסטזײַן — זענען דאָס אַלץ „פֿאַרייִדישטע״ ווערק? זענען די ל״ו צדיקים טאַקע אַלע נאָר ייִדן? אפֿשר וועט אָזיק אויך אַרײַננעמען צווישן זיי אַ פּאָר פֿון די חסידי אומות העולם...

זי דערלויבט זיך אויך צו פּסקענען, אַז ווען אַ ייִד ווערט אַ סעקו־לערער מענטש איז ער מער נישט קיין ייִד. דאָס איז דאָך אַן אַבסורד! וואָרעם אויב מיר זאָלן אָננעמען אָזיקס מיינונג, דעמאָלט דאַרף מען אויסשליסן פֿון ייִדישן פֿאָלק כּמעט אַלע גרינדער און באַגרינדער פֿון די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען בײַ ייִדן, אָנהייבנדיק פֿון די

חלוצים, אחד־העם, חיים זשיטלאָווסקי, שמעון דובנאָוו, וולאַדימיר מעדעם, ביז באַראַכאָוון און בן־גוריונען!

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע עקסטרעמקייטן אירע, געהערט זי צו די פּאָזיטיוויסטע, צו די ייִדישסטע שרייַבער אויף ענגליש, וואָס דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום האָט פּראָדוצירט — אין דער טראַדיציע פֿון לודוויג לואיסאָן און מאָריס סעמיועל — נעענטער צו דער דאָגמאַ־טישקייט פֿון ערשטן ווי צו דער באַלאַנסירטקייט פֿון צווייטן. זי דער־קלערט בפֿירוש אַז זי איז אַ ייִדישע שרייַבערין. זי קען די ייִדישע ליטע־ראַטור, און האָט איבערגעדיכטעט אויף ענגליש לידער פֿון לייוויקן און דוד איינהאָרן. זי נוצט איר טאַלאַנט צו באַקעמפֿן אַסימילאַציע און צו שטאַרקן אַן עכט־ייִדישן המשך אין אַמעריקע, און מדינת ישׂראל. דער־פֿאַר איז איר בוך אַ צושטייַער צו דער ייִדישער עסייִיסטיק אין אַמעריקע.

(1985)

# ש. ניגער — דער קריטיקער און מורה־דרך

(צו זײַן דרײַסיקסטן יאָרצײַט)

## I

עס איז שוין אָפּגעלאָפֿן דרייַסיק יאָר זינט ש. ניגער איז אַוועק אין דער אייביקייט. במשך די דריי דעקאַדעס האָט זיך אַ סך געביטן אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן. לאָמיר דאָ בלויז אָנמערקן עטלעכע שינויים: דער ייִדיש־רעדנדיקער סעקטאָר און זייַנע ייִדיש־שרייַבערס פּאָעטן, עסייִיסטן פּראָזאַיִקער און פּובליציסטן, איז איינגעשרומפּן, און דאָס ייִדישע לשון, ווי אַ גערעדטע שפּראַך, ווערט אַוועקגעשטופּט אין דער פּעריפֿעריע פֿון ייִדישן לעבן. מיר האָבן איצט גאָר ווייניק ייִדישע פּען־

מענטשן פֿון גרויסן פֿאַרנעם. מיר האַלטן שוין באַלד ביי דער קאַנאָני־זירונג, ביי דער חתימת־ייִדישע ליטעראַטור. אין ליכט — אָדער טונקל־קייט — פֿון דער דאָזיקער דערשיינונג ווילט זיך באַטראַכטן ניגערס ראָלע, זיין אויפֿטו, און בלייביקע ירושה. ווי אַ קריטיקער ווי אַ געלערנ־טער, ווי אַ פובליציסט, האָט ניגער פֿאַרקערפּערט דעם מאָדערנעם ייִדיש־רענעסאַנס אין מזרח־אייראָפּע, און אויך דעם לאַנגן שווערן געראַנגל אים איבערצופֿלאַנצן קיין אַמעריקע.

שמואל טשאַרני, וואָס איז באַרימט געוואָרן אונטערן פּסעוודאָנים ש. ניגער, איז געבוירן געוואָרן אין ווייסרוסישן שטעטל דוקאָר, דעם 15טן יוני, 1983, ביי אַ משפּחה פֿון חב״דער חסידים. ער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג — אין חדר און ישיבֿה, אָבער גאַנץ פֿרי האָט ער אָנגעהויבן לערנען וועלטלעכע לימודים, און איז געוואָרן פֿאַראינטערעסירט אין דער רוסישער ליטעראַטור, און אין קאַמף פֿאַר ייִדישן פֿאָלקס־קיום. זיין דעביוט ווי אַ שרייבער האָט ער געמאַכט אין 1904, אין ייִדיש־רוסישן זשורנאַל „וואָזראָזשדעניע״ (ווידערגעבורט) ווו ער טרעט אַרויס ווי דער עקספּאָנענט פֿון ייִדיש־טעריטאָריאַליסטישן געדאַנק (ס״ס). ווען די צאַרישע קאָנטער־רעוואָלוציע קריגט די אויבער־האַנט (אין 1906), ווערט ניגער אַרעסטירט, און ערשט נאָכדעם ווי ער ווערט שיער נישט פֿאַרפּייניקט צום טויט, באַפֿרייט מען אים.

ניגער ווערט בהדרגה אַ צענטראַלע און רעפּרעזענטאַטיווע פֿיגור פֿון ייִדישן רענעסאַנס, וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין 1908, דורך די „ליטעראַרישע מאָנאַט־שריפֿטן״ — רעדאַקטירט פֿון 3 אינטעליגענטן: דער טעריטאָריאַליסט ניגער, דער ציוניסט גאָרעליק, און דער בונדיסט א. ווייטער. אין דער שריפֿט האָבן זיי פּראָקלאַמירט אַז די ייִדישע ליטע־ראַטור איז שוין רייף און אַז זי איז אַ ציל פֿאַר זיך און נישט אַ מיטל צו בילדן די מאַסן: „די ליטעראַרישע מאָנאַטשריפֿטן״ צילן נישט צו וואַרפֿן קערנדלעך פון פֿילאַנטראָפּישער קולטור־טרעגעריי, פֿון פּאָפּולער־געפּעלשטער „פֿאַרן־פֿאָלק״ ליטעראַטור. דער ציל פֿון די „ליטע־ראַרישע מאָנאַטשריפֿטן״ איז צו זיין אַ זאַמל־פּונקט פֿאַר דעם וואָס זאָל קענען רייכער מאַכן אונדזער גייסטיקע וועלט, פֿאַרגרעסערן אונדזער

קולטור־אייגנס, אויספֿײַנערן דעם געשמאַק פֿון אַלטן לעזער און געווינען נײַע".

אין משך פֿון די יאָרן 1913-1910 האָט ניגער שטודירט הומאַניסטיק אין די אוניווערסיטעטן פֿון בערלין און בערן, גרייטנדיק אַ דיסער־טאַציע איבער שאָפּענהויערס פֿילאָסאָפֿיע און עסטעטיק. אָבער דעמאָלט פֿאַרבעט מען אים צו ווערן דער רעדאַקטאָר פֿון ליטעראַרישן זשורנאַל „די ייִדישע וועלט": באַזעצט ער זיך אין יאָר 1914 אין ווילנע, ווו ער פֿאַרוואַנדלט דעם זשורנאַל אין אַן ערשטקלאַסיקער שריפֿט פֿאַר ליטעראַטור און קולטור. דאָ האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך עסייען איבער ייִדישע שרײַבער און אומצייליקע רעצענזיעס.

דער סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער אָנהייב פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע טרעפֿט אים אין ווילנע (1919). ווען די פּוילישע לעגיאָנען האָבן אײַנגענומען די שטאָט, איז זײַן לעבן ווידער געווען אין סכּנה. ער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן בלויז אַ דאַנק אַן ענערגישער אינטערווענץ מצד ייִדישע כּלל־טוער אין פּוילן און אַמע־ריקע. סוף 1919 פֿאַרלאָזט ער מזרח־אייראָפּע און קומט קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט געוווינט 35 יאָר ביז זײַן פּטירה, אין דעצעמבער 1955. ער ווערט אַ מיטאַרבעטער אין „טאָג" און ער רעאַגירט מיט אַרטיקלען, עסייען און רעפֿעראַטן אויף אַלע דערשיינונגען אין ייִדיש־געזעל־שאַפֿטלעכן, קולטורעלן און ליטעראַרישן לעבן.

## II

כּדי אָפּצושאַצן ניגערס בלײַביקן צושטײַער צו דער ייִדישער ליטע־ראַטור און קולטור, זײַן אויפֿטו ווי אַ קריטיקער, און זײַן באַטײַט פֿאַר דער ייִדישער מחשבֿה, מוז מען זיך קודם כּל באַקענען מיט זײַן ייִדיש־הומאַניסטישן אַני־מאמין, וואָרעם ניגער איז נישט געווען בלויז אַ מענטש מיט אַ ראַפֿינירטן געשמאַק אין ליטעראַטור און אַ בקי אין עסטעטיק, נאָר אויך אַ מאָדערנער ייִדישער דענקער מיט טיפֿע איבער־צײַגונגען און אײַנשטעלונגען אין שייכות צו וועלט־און־ייִד־פּראָ־

בלעמען. אויב הומאַניזם מיינט דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש־מענטש־לעך — נישט איבערנאַטירלעך; דאָס וואָס איז שייך צום מענטשן — נישט צו דער דרויסנדיקער נאַטור; דאָס וואָס דערהייבט אים און באַפרידיקט אים; אַ טיפער אינטערעס אין אַלע פאַזן און ליידנשאַפטן פון יחידס לעבן אויף דער וועלט — אויב הומאַניזם באַצייכנט אַט די אַלע טײַטשן, דעמאָלט איז ניגער געווען אַ הומאַניסט פאַר עקסעלאַנס. דער מענטש איז פאַר אים געווען די מאָס און סאַנקציע פאַר אַלצדינג.

דער יִדישער קריטיקער, פונקט ווי זײַן רבי י. ל. פּרץ, האָט געזען די וועלט מיט יִדישע אויגן (פּרצעס פּאָעטישע דעפיניציע פון יִדישקייט); האָט ער דעריבער פאַרשטאַנען אַז כּדי דער הומאַניזם זאָל וואַרעמען און אילומינירן הײַנטיקע יִדן אַזוי ווי די יִדישע אמונה האָט געגעבן אַן אָנשפּאַר די פריערדיקע דורות, מוז דער הומאַניזם אַרויס־וואַקסן פון אונדזער גײַסטיקן באָדן, ער מוז האָבן וואָרצלען אין אונדזער עבֿר, אין אונדזער קאָלעקטיווער דערפאַרונג. אַט דערפאַר באַטאָנט ניגער אַז אין זײַן נישט־דאָגמאַטישן וועלטלעכן קרעדאָ פאַר־נעמט אַ צענטראַלע פּאָזיציע דער טאַלאַנט צו גלויבן — גלויבן נישט אין טעאָלאָגישן זינען, נאָר אין הומאַניסטישן מיין; „אַזוי ווי מען קען זיך נישט פאָרשטעלן די יִדישע געשיכטע אָן קדושים, אַזוי קען נישט געמאָלט זײַן אַ יִד אָן קדושה... ער מוז גלייבן אין די גײַסטיקע ווערטן וואָס ליגן באַהאַלטן אין אונדזער געשיכטע, אין דעם ליכט וואָס אַנט־פּלעקט זיך אין אונדזער קיום, און אין אונדזער מלחמה פאַר קיום... יאָ, אַ יִד מוז זײַן זיכער אַז אויב אַפילו לית דיין, קאָן נישט געמאָלט זײַן אַזאַ זאַך ווי לית דין".

אָבער בעת דער יִדישער הומאַניסט איז טיף באַוווּסטזיניק וועגן באַזונדערטקייט פון יִדישן גורל אין דער וועלט־געשיכטע, איז ער נישט דערפאַר אַז מיר זאָלן זיך איזאָלירן פון דער וועלט. פאַרקערט עס איז זײַן טיפסטע איבערצײַגונג אַז דער חורבן און די פּורעניות וואָס מיר האָבן געליטן במשך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, טאָר נישט פירן דערצו אַז מיר זאָלן זיך גטן מיט דער מערבֿ־קולטור, נאָר אונדזערע לײַדן דאַרפן אונדז העלפן צוריק געווינען די פעיִקייט וואָס פריערדיקע

דורות האָבן פֿאַרמאָגט: „די קונסט צו סובלימירן די אייגענע לײַדן און צו מאַכן פֿון דער פֿיזישער שוואַכקײַט אַ גײַסטיקע גבֿורה". דאָס, מיינט ניגער, קען מען אויך דערגרייכן דורך אַ פֿאַרטיפֿטן ייִדיש־עטישן באַוווּסטזײַן, און נישט דווקא דורך אמונה און רעליגיעזן אתּה־בחרתּנו.

להיפּוך צו אַ סך אימיגראַנטן־אינטעליגענטן וואָס זענען געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָבן אַרויס־געוויזן צום אַמעריקאַנער לעבנס־נוסח אַן אַמביוואַלענטע באַציִונג, ד"ה פֿון איין זײַט איז זיי געפֿעלן דאָס לאַנד פֿון פֿרײַהײַט און געלעגנהײַט פֿאַר אַלעמען; אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט האָבן זיי זיך געקלאַמערט אין די אייראָפּעיִשע פֿאַראורטיילן אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד פֿון אַ רויער מאַטעריאַליסטישער ציוויליזאַציע — להיפּוך צו זייער נעגאַטיווער שטעלונג האָט ניגער אַקצעפּטירט און אַפֿילו אַפֿירמירט אַמעריקע.

נאָך אַ צענטראַלער שטריך אין ניגערס וועלט־אַנשויונג איז דער פּלוראַליזם. אין דעם פּרט האָט אַן שום ספֿק אים באַווירקט דער גײַסטי־קער קלימאַט פֿון דער טאָלעראַנטער, אַנטי־דאָגמאַטישער, פּלוראַ־ליסטישער אַמעריקע. ער באַטאָנט אַ סך מאָל אַז ס'איז נישטאָ קיין סתּירה אין דער אידעע פֿון איין פֿאָלק און פֿאַרשיידענע שבֿטים, ריכ־טונגען, שטרעמונגען. ס'איז נישט מעגלעך, האַלט ער, פֿאַר אַ וועלט־פֿאָלק ווי אונדזערס צו זײַן פֿון איין גוס שפּראַכלעך, רעליגיעז, קולטו־רעל. און פּונקט ווי מיר קענען באַשטיין פֿון פֿאַרשיידענע סאָרטן קיבוצים אין דער וועלט, אַזוי קען דער אַמעריקאַנער ייִדישער צענטער זײַן אַ קיבוץ פֿון אַלערליי קיבוצים. „אַזוי ווי די בויונג פֿון אַמעריקע גופֿא איז אַ שותּפֿות פֿון שיער נישט אַלע פֿעלקער, קולטורן און שפּראַכן פֿון דער וועלט, אַזוי האָבן אַ חלק אויך אין דעם ייִדישן קיבוץ פֿון אַמע־ריקע שיער נישט אַלע טיילן און גרופּעס פֿון ייִדישן פֿאָלק מיט זייערע אַלע היסטאָרישע, רעליגיעזע, וועלטלעך־קולטורעלע, שפּראַכלעכע און אַנדערע באַזונדערקײַטן... מיר זענען אַ קולטור־פּלוראַליסטיש פֿאָלק אין אַ קולטור־פּלוראַליסטיש לאַנד... דער ייִדישער „מעלטינג־פּאָט" טאָר נישט פֿאַרטונקלען אָדער גאָר פֿאַרניכטן אונדזער אינעווייניקסטן קולטור־פּלוראַליזם. יעדע שיטה, יעדע ייִדישע טראַדיציע, יעדע ייִדישע

לעבנס־פילאָסאָפיע, יעדע ייִדישע ירושה וואָס איז לעבנס־ און קאַמפּס־פעיִק מעג און מוז קעמפן פאַר איר אָרט אונטער דער זון".

ש. ניגער, דער פירער אין דער ייִדישיסטישער מחנה האָט — ווי זײַן בוך „די צוויי־שפּראַכיקײַט פון אונדזער ליטעראַטור" באַווײַזט — חלילה נישט מינימיזירט דער ווערט פון העברעיִש, ווי אַ פאַר־קערפּערונג און אַ טרעגער פון ייִדישער קולטור. ייִדיש און העברעיִש, לערנט ער מיט אונדז, זענען אַ זיווג מן השמים, און דער בילינגוואַליזם האָט טיפע ווארצלען אין אונדזער געשיכטע. נאָך אַ גרינטלעכער אויס־פאָרשונג פון דעם ענין צוויי־שפּראַכיקײַט בײַ ייִדן און בײַ אַנדערע פעלקער קומט ער דעריבער צו דער מסקנא אַז ייִדישקײַט מיינט נישט די פאַרלייקענונג פון דער העברעיִשער קולטור־ירושה. „סײַ ייִדיש, סײַ העברעיִש איז אונדז שטאַרק צו נוץ געקומען אין אונדזער לעבן און שטרעבן, אין אונדזער דענקען און געדענקען. מוזן די וואָס נעמען אָן די ייִדישע געשיכטע, די ייִדישע אַנטוויקלונג, אַזוי גאַנץ און פולשטענדיק ווי זי איז — אַננעמען און אַנערקענען אונדזערעביידע שפּראַכן".

אויך איצט ווען די ייִנגערע דורות נוצן ווייניק ייִדיש אין טאָג־טעג־לעכן לעבן, האַלט דער ייִדישער קריטיקער, דאַרפן מיר זיך אַנשטרענגען מיט אַלע כוחות אַנצוהאַלטן ייִדיש, וואָרעם וואָס לענגער דער היגער ייִדישער קיבוץ וועט נוצן ייִדיש און פּראָדוצירן אין דער שפּראַך גײַסטיקע אוצרות, אַלץ גרעסער וועט זײַן די ירושה וואָס מיר, די ייִדיש־ייִדן, וועלן איבערלאָזן פאַר די קומענדיקע דורות. אַחוץ דעם וואָלט דאָס ייִדישע לעבן אָן ייִדיש — געוואָרן אַזוי אָרעם, אַזוי אַנעמיש, אַזוי אינהאַלטסלאָז, אַז ייִדן וואָלטן אויפגעהערט צו זײַן אַ פאָלקס־קאָלעקטיוו און וואָלטן דאָ געוואָרן אַ רעליגיעזע סעקטע, בלויז מיט רעליגיעזע טעמפּלען און טעאָלאָגישע סעמינאַרן. אָבער פאַרוואָס איז עס מעגלעך געווען אויפצוהאַלטן אַ ייִדיש לעבן און קולטור אין שפּאַניע, אָן אַן אייגענער פאָלקס־שפּראַך? — פרעגט ניגער. ווײַל אין יענער צײַט האָט די רעליגיע אַנגעפילט דאָס גאַנצע לעבן מיט אַ רעלי־גיעזן אינהאַלט, בעת איצט איז רעליגיע אַפילו בײַ די רעליגיעזע אַמערי־קאַנער ייִדן נאָר אַ קליינער טייל פון זייער לעבן און „אויב מיר ייִדן אין

אַמעריקע זענען אַ פֿאָלק איז עס... [ווײַל] די ייִדישקײַט פֿון אַמעריקאַנער ייִדן דריקט זיך אויס אין אַנדערע פֿאָרמען, באַציִונגען, באַדערפֿענישן און אינסטיטוציעס, אַחוץ די ריין־רעליגיעזע... און אַט דאָס צוזאַמענלעבן אונדזערס, פּונקט אַזוי ווי אונדזער ירושה, קאָן אין קיין שפּראַך נישט אויסגעדריקט ווערן אַזוי נאַטירלעך... ווי אין ייִדיש״.

אָבער הגם דער קריטיקער האַלט אַז דער קיום פֿון ייִדיש איז פֿון קאַרדינאַלן באַטײַט פֿאַר אַ קרעאַטיווער ייִדישער עקזיסטענץ, פֿאַרלייקנט ער נישט די וויכטיקע נאַציאָנאַליזירנדיקע ראָלע וואָס עס קען שפּילן אויך די אַמעריקאַנער ייִדישע אינטעליגענץ וואָס נוצט ענגליש ווי איר מעדיום — ד״ה יענע אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צום ייִדישן לעבן און וואָס זענען ערנסט באַשעפֿטיקט מיט ייִדישע פּראָבלעמען און ווערטן. די היסטאָרישע דערפֿאַרונג פֿון די לעצטע דורות דעמאָנסטרירט, לויט ניגערן, אַז אין יענע לענדער וווּ ייִדן האָבן אין משך פֿון אַ לענגערער צײַט געשאַפֿן אויף ייִדיש און העברעיִש, קענען ייִדן אינטעלעקטואַלן וואָס שאַפֿן אויף דער לאַנדשפּראַך אויך זײַן — ביז אַ געוויסן גראַד — ייִדיש־קרעאַטיוו. אַט די לעקציע וואָס מיר האָבן געלערנט אין מזרח־אייראָפּע, מיינט ער, איז אויך גילטיק פֿאַר אַמעריקע.

מיר קענען דעריבער סומירן אַז ניגערס ייִדישער הומאַניזם באַשטייט פֿון פֿיר גרונט־קאָמפּאָנענטן: וועלטלעכקײַט, ייִדישע באַזונדערקײַט, פּלוראַליזם און בילינגוואַליזם. אַט דער ייִדישער אַני־מאמין געפֿינט זײַן אויסדרוק, און איז שטאַרק פֿאַרבונדן, מיט זײַן עסטעטישער פֿילאָסאָפֿיע און מיט זײַן קרעדאָ ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

## III

אַפֿילו ווען מיר זאָלן אָננעמען אַז די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור, וואָס וואָרצלט אין ייִדיש־היסטאָרישן באַוווּסטזײַן, און אין דער ספּעציפֿישער סאָציאַל־קולטורעלער מיליע פֿון מזרח־אייראָפּע, איז

פֿונדעסטוועגן איז תּוך אַ נאַרמאַלע ליטעראַטור; אַפֿילו ווען מיר האַלטן אַזוי, מוז מען אויך מודה זײַן אַז אויב די וועלטלעכע ליטעראַטור פֿון אונדזער פֿאָלק שפּיגלט טאַקע באמת אָפּ די ייִדישע נאַציאָנאַלע נשמה, דעמאָלט מוז זי רעפֿלעקטירן דעם אומגעוויינלעכן גורל, דעם טראַגישן קיום, און דעם עטאָס פֿון אָט דעם אייגנציקאַרטיקן קאָלעקטיוו. ס'איז נישט נייטיק צוצושרײַבן דער ייִדישער ליטעראַטור אַ ספּעציעלע, באַזונדערע מיסיע, כּדי אײַנצוזען אַז אויב זי איז טאַקע דער ברענפּונקט פֿון דער ייִדישער נשמה, דעמאָלט דאַרף זי אַרויסשטראַלן דאָס ליכט פֿון דורות, און זי דאַרף פֿאַר אונדז אַנטפּלעקן די ייִדיש-נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט אין די ספּעציפֿישע אַקצענטן וואָס זענען כאַראַקטע־ריסטיש פֿאַרן ייִדישן גורל, און פֿאַר דער ייִדישער קולטור. עס איז דאָך אַקסיאָמאַטיש אַז די אויסערגעוויינלעכע ייִדישע עקזיסטענץ האָט איבערגעלאָזט אַ פּערמאַנענטן חותם אויפֿן ייִדישן כאַראַקטער און האָט געבוירן אַ ספּעציפֿיש-ייִדישן עטאָס! אָבער וואָס זענען טאַקע די באַזונ־דערע אייגנשאַפֿטן פֿון ייִדישן גײַסט און אין וואָס באַשטייען זײַנע אייגנ־טימלעכע ווערטן?

וועגן פֿינף זײַלן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור — וועגן מענדעלע מוכר־ספֿרים, שלום־עליכם, י. ל. פּרץ, לייוויק און שלום אַש — האָט ניגער געדרוקט מאָנאָגראַפֿיעס. יעדער פֿון זיי, האָט דער קריטיקער באַוויזן, שפּיגלט אָפּ אַן אַספּעקט פֿון ייִדישן זײַן ווי־זאַ־ווי זיך אַליין און דער וועלט; יעדער פֿון די פֿינף שרײַבשטעלער פֿאַרקערפּערט אין זײַנע ווערק איין פֿלאַך פֿון ייִדישן עטאָס. אַזוי האָט מענדעלע דער ערשטער קינסטלער אין דער ייִדיש-ליטעראַטור געפּרוּווט קאָמבינירן בעלעט־ריסטיק, טראַדיציע און ייִדישע געשיכטע, בעת שלום־עליכם האָט דורך הומאָר אונדז פֿאַרבונדן מיט דער קעגנוואַרט און קאָנקרעטיזירט דעם ייִדנס מענטשלעכקײַט, זײַן בטחון, זײַן „געלעכטער דורך טרערן". ביידע, מענדעלע און שלום־עליכם, זענען געווען רעאַליסטן וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פֿון כּלל, אָדער זיי האָבן אונדז געגעבן ייִדישע טיפּן.

פֿון דער אַנדערער זײַט, איז פּרץ, דער ראָמאַנטיקער, געווען דער

ערשטער וואָס האָט אונדז געגעבן דעם יחיד, די ייִדישע פּערזענ־לעכקייט, הגם זײַנע פּערסאָנאַזשן שטאַמען פֿון אַ באַשטימטער סבֿיבֿה, שטייען זיי איבער איר, וואָרעם פּרץ האָט אַנטדעקט דאָס אייביקע אין דער ייִדישער דערפֿאַרונג און דאָס אוניווערסאַלע אין דער ייִדישער באַזונדערקייט. דער הויפּט־מקור פֿון שלום אַשס קרעאַטיווקייט איז, לויט ניגערן — דער ייִדישער קידוש־השם און די אידילישע דער־הויבנקייט. שבת־יום־טובֿדיקייט, דערלייזונג, די פֿײַנפֿולע סודות פֿון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, דעם יחידס טראַגישע צעשפּאָלטנקייט און דילעמעס — אָט דאָס זענען די הויפּט־מאָטיוון אין לייוויקס פּאָעזיע. ער איז דער דיכטער פֿון אונדזער געוויסן וואָס קען נישט אַקצעפּטירן דעם געדאַנק, אַז אונדזערע ליידן — קערפּערלעכע און גײַסטיקע — זענען אַן אַבסורד; שטרעבט ער דערפֿאַר צו באַזינען דורך זײַנע לידער די מענטשלעכע יסורים.

אין הסכּם מיט זײַן ייִדישער וועלט־אַנשויונג איז דער ייִדישער קריטיקער צוגעגאַנגען צו ליטעראַטור אי סאָציאָלאָגיש, אי עסטעטיש. ער איז געווען אונטער דער השפּעה פֿון סאַן־בעוון — וואָס האָט פּרו־בירט „אַלץ פֿאַרשטיין" און פֿון היפּאָליט טען מיט זײַן סבֿיבֿה־קריטעריע. און בעת ניגער האָט נישט איגנאָרירט די פּראָבלעמען פֿון סטיל, פֿאָרם און ריטם, איז זײַן הויפּט־אינטערעס בײַם אַנאַליזירן אַ ליטעראַריש ווערק געלעגן אין די אידעען וואָס דער שרײַבער דריקט אויס, אין אינהאַלט, אין ווירקלעכקייט, אין פֿאַרנעם. ער וואָלט זיך וואָרשיינלעך אונטערגעשריבן אונטער ט. ס. עליאָטס זאָג, אַז די הויפּט־פֿונקציע פֿון קריטיק איז „צו העלפֿן פֿאַרשטיין און הנאה האָבן פֿון ליטעראַטור"; אָבער ער האָט נישט געהאַלטן פֿון ענגלישן פּאָעטס מיינונג אַז דער קינסטלער איז אָפֿט דער קאָמפּעטענטסטער קריטיקער. דער דיכטער — מיינט דער ייִדישער קריטיקער — קען נישט זײַן אַן אָבּיעקטיווער קריטיקער. ער קען זײַן ווערסאַטיל און אַלזײַטיק. אָבער ער קען בלויז זײַן אָביעקטיוו אין שייכות צום רוי־מאַטעריאַל וואָס ער אַליין נוצט אין זײַן שאַפֿן.

דער דיכטער איז צו שטאַרק פֿאַרטיפֿט און צו שטאַרק פֿאַרנומען

מיט זײַן אייגענער סענסיביליטעט, מיט זײַן עסטעטישער טעאָריע, מיט זײַן קרעאַטיוון מעטאָד און סטיל צו קענען אויפֿנעמען אַנדערע מעטאָדן און אַנדערע צילן. שמואל ניגער דערקלערט ווײַטער, אין זײַן קעמפּע־רישן און גוט־אויפֿגעבויטן בוך „קריטיק און קריטיקער", (בוענאָס אײַרעס, 1959) אַז דער קריטיקער מוז זײַן געדולדיק, אַלזײַטיק, בויג־זאַם, פֿעיִק אויפֿצונעמען יעדע מדרגה און יעדער מין שעפֿערישקײַט.

ש. ניגער, וואָס איז געווייִנטלעך אײַנגעהאַלטן מיושבֿדיק, אַנאַ־ליטיש, גייט אַריבער אין שאַרפֿן סאַרקאַזם ווען ער באַקעמפֿט יענע וואָס ווילן נישט אַנערקענען די קרעאַטיווע ראָלע פֿון קריטיקער. ווען איינער, פֿרעגט ער, „זאָגט עפּעס אין גראַמען, וואָס אַנדערע האָבן שוין פֿריער אַ סך מאָל געזאָגט — איז עס שעפֿעריש; אָבער דער וואָס צינדט אָן אין דער טונקלקייט פֿון אַ ווערק זײַן אייגן ליכט... דער וואָס שפּינט געדאַנקען־פֿעדעם, פֿאַרוועבט זיי און פֿאַרוואַרפֿט זיי ווי נעצן אין די טיפֿענישן פֿון אַ גרויסן גײַסט, און ציט פֿון דאָרט אַרויס אַ לעבן, אַ פּער־זענלעכקײַט, אַ וועלט אַ גאַנצע, דער ווערט מיט אַ מאָל אַ פּאַראַזיט, אַ גאָרנישט, אַן איבעריק באַשעפֿעניש. ניין, ער איז ניט איבעריק, מען דאַרף אים פּאַר אַ שׂעיר לעזאזל". און ציטירנדיק ווי אונטערשטיצער פֿון זײַן שטאַנדפּונקט — אַז פּאָעטן קענען נישט זײַן אָביעקטיווע קריטיקער — זשאָרזש זאַנד, ראָמען ראָלאַן און ווירדזשיניאַ וואָלף, טענהט ער אַז דער האַלב־קינסטלער וואָס זיצט אין דעם קריטיקער, קאָן אַמאָל ווערן אַ גאַנצער קינסטלער, און זײַן קריטיק — קונסט.

וואָרעם פּונקט ווי די ליטעראַטור — מײנט ניגער — איז נישט נאָר „קריטיק פֿון לעבן" נאָר אויך קריטיק פֿון ליטעראַטור — ווי עס באַשטעטיקן די פֿאַרשיידענע דיאַלאָגן וועגן ליטעראַטור און קונסט וואָס מיר געפֿינען אין די ווערק פֿון פּלאַטאָן ביז אָסקאַר ווײַלד; פּונקט אַזוי קאָן קריטיק זײַן דיכטונג. ווי מוסטערן פֿון אַזאַ מין קריטיק ווײַזט ניגער אָן אויף הייִנעס עסיי וועגן דאָן קיכאָט; זאָלאַס אַרטיקל וועגן באַלזאַק און קאָולרידזשעס „ביאָגראַפֿיע ליטעראַריאַ".

ס'איז אָבער מאָדנע, ווי דער פּאָלעמיזירנדיקער קריטיקער האָט פֿאַרזען אַז די עדות וואָס ער ברענגט צו באַשטעטיקן זײַן טעזיס, וואַרפֿן

אים פּאַקטיש אָפּ, וואָרעם יעדער איינער פֿון זיי איז דאָך אַ קינסטלער — אַ דיכטער, אָדער נאָוועליסט — און דאָך האָט ער פּראָדוצירט ערשט־קלאַסיקע קריטיק!

זײַן קריטישן מעטאָד האָט ניגער באַצייכנט: „אימאַנענטע קריטיק", ד"ה אַ קריטיק וואָס זוכט די קריטעריע פֿון קונסט־ווערק אין אים גופֿא, נישט אין צוגעשניטענע פֿון פֿריער עסטעטישע טעאָריעס וואָס דאַרפֿן אַלע מאָל און פֿאַר אַלע שאַפֿונגען זײַן גילטיק: „אמתע קריטיק קען געבויט זײַן נאָר אויף אַ ברייטער און אַלזײַטיקער אויפֿנעמונגס־פֿעיִקײַט... קריטיק ווייסט נישט פֿון גײַסטיקער „מאָנאָגאַמיע". זי איז שטענדיק גרייט זיך צו פֿאַרליבן. זי איז אָפֿן פֿאַר אַלע שולן, אַלע עפּאָכעס, אַלע ריכטונגען און אַלע סטילן אין דער קונסט". זײַן אידעאַל פֿאַר קינסטלערישער קריטיק איז נישט צו מעסטן דעם שרײַבערס ווערק מיט באַשטימטע עסטעטיש־פֿילאָסאָפֿישע פֿאָרמולעס. נאָר אויסצו־געפֿינען וואָס דער קינסטלער האָט אויפֿגעטאָן מיטן רוי־שטאָף פֿון זײַן ווערק.

## IV

יעדערער וואָס איז באַקאַנט מיט ניגערס געדאַנקען־גאַנג ווייסט אַז דער גרויסער קריטיקער האָט ליב געהאַט צו סינטעזירן עקסטרעמען, צו האַרמאָניזירן כּלומרשטע היפּוכים: ער איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט וואָס האָט זיך פּאָזיטיוו באַצויגן צום וואָגיקן צושטײַער וואָס חסידות האָט בײַגעטראָגן צו ייִדישער שעפֿערישקײַט. זײַן גלות־נאַציאָנאַליזם האָט אים נישט געשטערט צו אָנערקענען דעם ספּעציעלן פּלאַץ וואָס ארץ־ישׂראל — און שפּעטער מדינת־ישׂראל — האָט פֿאַרנומען אין ייִדישן פֿאָלק; ער איז געווען אַ ייִדישיסט וואָס האָט געהאַלטן אַז בילינג־וואַליזם — ייִדיש און העברעיִש — איז דער ייִדישער וועג; ווי אַ פֿאָלקיסט האָט ער פֿונדעסטוועגן געוווּסט אַז נישט די פֿאַלשע נבֿיאים זענען פֿאַרשטיינט געוואָרן פֿון פֿאָלק; ער איז געווען אַ מאָדערניסט וואָס האָט געוואָרצלט אין דער נאַציאָנאַלער טראַדיציע. זײַן נײַגונג צום „מיטעלן וועג" האָט נישט באַטײַט אַז ער גייט מיטן שטראָם; אַז ער איז

קאָנווענציאָנעל; פּונקט פאַרקערט: ער איז געווען אומאָפּהענגיק, נאָן־קאָנפאָרמיסטיש, אַן אָפּנייגער אַפילו אין זײַן אייגענעם קרײַז.

אַזוי למשל קעמפּט ער פֿאַר ייִדיש און גלײַכצײַטיק װאָרנט ער קעגן שפּראַכיזם, ד"ה קעגן דעם גלויבן אַז שפּראַך קען ווערן דער יסוד פֿון פֿאָלקס־אייגנאַרטיקן קיום; וואָרעם „ווערטער וואָס זענען נישט געוואָרן קיין שליסל צו ווערטן זענען גאָרנישט ווערט, און דער קולט פֿון אַ שפּראַך אָן איר קולטור איז בלויז אַ וואָרט־פֿעטישיזם"; פּונקט אַזוי אין פֿאַל פֿון שלום אַש. ווען דער באַרימטער נאָוועליסט ווערט פֿון אַלע־מען קריטיקירט פֿאַר זײַנע קריסטאָלאָגישע נאָוועלן, בלײַבט ניגער זײַן לאָיאַלער פֿאַרטיידיקער, נישט צוליב דעם קינסטלערישן אויפֿטו פֿון אַשן, נאָר בלויז דערפֿאַר וואָס דער קריטיקער פּראַקטיצירט דאָ זײַן עסטעטישן קרעדאָ, אַז אַ שרײַבער דאַרף, ווי אַ קאָלומבוס, אויספֿאָרשן נײַע רעגיאָנען און אַנטדעקן נײַע וועלטן, אַז אַ שעפֿערישע פּערזענ־לעכקײַט איז געוויינטלעך ניט יענער וואָס דריקט אויס דעם צײַטגײַסט, נאָר דער וואָס גייט זײַן אייגענעם וועג. ש. ניגער אונטערשיידט צווישן אַשס באַוווּסטזיניקן ציל און באַמיִונג צו שאַפֿן, פֿון איין זײַט, אַ דער־נעענטערונג צווישן ייִדנטום און קריסטנטום, און, פֿון דער אַנדערער זײַט, זײַן רעכט ווי אַ קינסטלער אויסצוקלײַבן יעדע טעמע וואָס פֿאַר־כאַפּט אים. דער קריטיקער האַלט אויך אַז אַשן איז נישט געלונגען זײַן הויפּט־כאַראַקטער אין „דער מאַן פֿון נצרת", אָבער ער באַשטייט דערויף אַז צוליב דעם טאָר מען פֿונדעסטוועגן נישט באַגרענעצן זײַן פֿרײַהײַט אויסצוקלײַבן יענע העלדן וואָס באַפֿרוכפּערן זײַן פֿאַנטאַזיע.

געטרײַ צו זײַן ייִדישן הומאַניזם און פּלוראַליזם, האָט ניגער פֿאַר־טיידיקט דעם טעזיס אַז ס'איז ניט פֿאַראַן קיין אונטערשייד צווישן ייִדישער און נישט־ייִדישער עטיק און עסטעטיק; נישטאָ קיין נאַציאָ־נאַלער מאָנאָפּאָל אויף גערעכטיקײַט, אָדער שיינקײַט. עס זענען געווען גרויסע ייִדן ווי די בעלי תּהילים, רבי נחמן בראַצלאַווער, און אַ סך אַנדערע צו וועמען גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט דורך שיינקײַט און קונסט, בעת געוויסע גויים, ווי למשל טאָלסטאָי, האָבן געשטרעבט אָפּצוטיילן קונסט פֿון רעליגיע. „איז מעגלעך", פֿרעגט ער, „אַז אַ פֿאָלק וואָס

צייכנט זיך אַזוי אויס מיט זײַן גײַסטיקײַט, זאָל פֿון איר אויסשליסן דעם טייל, וואָס הייסט קינסטלעריש שאַפֿן, און קינסטלעריש־גענישן?" ניין, עס איז נישטאָ קיין ריס צווישן די צוויי חושים — דעם עסטעטישן און עטישן; אמתע קינסטלערישע שעפֿערישקײַט, אַפֿירמירט ער, איז יראת־הכּבוד פֿאַר גאָט און מענטש.

אין איצטיקן אינטעלעקטועלן קלימאַט — פֿון נעכטיקן ראַדיקאַלן און הײַנטיקע נעאָ־קאָנסערוואַטיוון און „בעל־תּשובֿהס", איז עס נישט קיין אָפּטע דערשיינונג צו הערן פֿון אַ ייִדישן קיומיסט — און איבער־צײַגנדיק צו באַווײַזן — אַז ס'איז נישט פֿאַראַן קיין ספּעציפֿיש־נאַציאָנאַלע ייִדישע וויזיע, און מען קען דעריבער נישט האָבן קיין באַזונדער „ייִדישן וועג", ווי אַ מאָסשטאָב פֿון ליטעראַרישער קריטיק. עס זענען דאָ, טענהט ניגער, און מיר דוכט זיך אַז דער אמת איז אינגאַנצן מיט אים, פֿאַרשידענע ייִדישע וויזיעס — בלשון רבים — און וועגן, פֿאַר פֿאַרשידענע גרופּעס און יחידים אין ייִדישן כּלל, וואָס גיבן פֿאַרשידנ־אַרטיקע ענטפֿערס אויף די צענטראַלע פּראָבלעמען פֿון מענטשלעכער און ייִדישער עקזיסטענץ. נאָך מער: דער קרעאַטיווער יחיד וואָס פֿאַר־קערפּערט זײַן פֿאָלקס און זײַן דורס איבערלעבונג, איז נישט דער טרע־גער פֿון אַ שטענדיקער, פֿאַרטיקער טראַדיציע: „דער גרויסער מענטש איז אַ שעפֿערישער באַנעמער, נישט סתּם אַזוי אַ נעמער. וואָס מער ער ירשנט פֿון פֿריערדיקע דורות פֿון פֿאָלק, אַלץ גרעסער איז די ירושה וואָס ער לאָזט איבער זײַן פֿאָלק, דער מענטשהײַט. וואָס מער ער איז אַ נעמער, אַלץ מער געבער איז ער.

„מען קען נישט באַטראַכטן דאָס פֿאָלק ווי דעם שופֿט איבער ליטע־ראַטור און קריטיק; דער כּלל איז סײַ אין לעבן, סײַ אין פּרט פֿון שעפֿערישקײַט אַ ניוועלירער: זײַן קריטעריע איז דער דורכשניט, בעת דעם קינסטלערס הויפּט־אייגנשאַפֿט איז אָריגינאַליטעט: „די ליטע־ראַטור, און ממילא אויך איר קריטיק גייט פֿאָרויס — אויב נישט ווי אַ וועגווײַזער, איז ווי אַ וועגזוכער פֿאַרן פֿאָלק".

מיינט דאָס אַז ניגערס פּסק־דין וועגן שרײַבער און זייערע ווערק איז אומאָפּפֿרעגלעך? ניין! וואָרעם נישט געקוקט אויפֿן קריטיקערס

סובטילן און מאָדערניסטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור און קונסט; נישט געקוקט אויף זײַן עמפּאַטיע צו יעדן טאַלאַנטירטן שעפערישן מענטש, איז ער פונדעסטוועגן געווען צו שטאַרק באַווירקט פון דער רוסישער אינטעלעקטועלער טראַדיציע, ווו ליטעראַטור איז געווען אַ מיטל צו פאַרשפּרייטן אידעען, און צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען, אַז ער זאָל זיך גרינגלעך אָפּגעבן מיט פאָרם, מיט ריטם, מיט מוזיקאַלישקײַט אין פּאָעזיע — הגם ער האָט די אַלע אייגנשאַפטן נישט פאַרזען. אפשר דערפאַר האָט ער אונטערגעשאַצט אַ ריי דיכטער פון די „יונגע", און אינזיכיסטן, און מינימיזירט זייער צושטײַער צו דער אויסברייטערונג פון די האָריזאָנטן, צו דער באַרײַכערונג און ניואַנסירונג פון דער שפּראַך אין דער יידישער פּאָעזיע. וואָרעם נישט געקוקט אויף זײַן קאָנצעפּציע פון „אימאַנענטער קריטיק", איז ער נישט צוגעקומען צום האַרץ פון אַזעלכע אָריגינעלע דיכטער ווי מאַני-לייב, זישא לאַנדוי, משה לייב האַלפּערן, אהרן גלאַנץ-לעיעלעס.

*ש. ניגער* איז געווען אַ בעל-הלכה און אַ בעל-אגדה: אַ דענקער, אַ פּובליציסט, אַ ליטעראַטור-פאָרשער און גלײַכצײַטיק אַ קינסטלער-קריטיקער. ער האָט געוווּסט — ווי ביאַליק האָט דאָס וווּנדערלעך אויסגעדריקט אין זײַן עסיי „הלכה און אגדה" — אַז אַ פאָלק קען נישט לעבן בלויז מיט „ליבהאָבערײַ" פון תורה, מיט לייענען ליטעראַטור, אָדער גיין אין טעאַטער; עס מוז אויך האָבן טאָג-טעגלעכע מעשׂים, אינסטיטוציעס, מאָדערנע מצוות-מעשׂיות. אויף ביידע געביטן איז דער קריטיקער געווען שעפעריש, אַקטיוו; ער איז געווען אַ נאה-דורש און נאה-מקיים — אַ טוער אין ייוואָ, דער פאָרזיצער פון יידישן קולטור-קאָנגרעס, און מיטגעהאָלפן דעם שלום-עליכם פאָלק-אינסטיטוט.

* * *

ביז דער לעצטער מינוט פון זײַן פּראָדוקטיוו לעבן האָט ניגער נישט אויפגעהערט צו רעאַגירן אויף יעדן באַטײַטיקן יידישן דיכטער, פּראָזאַיקער, עסייאיסט, דענקער — און אויף יעדער פאַזע פון יידישן קולטור-לעבן. ער האָט מיט ערודיציע, מיט שׂכל-הישר, מיט אָריגינאַליטעט, אין

אַ רײַכן, ראַפינירטן ייִדישן לשון, אונדז געוויזן די ווערטפּולקײַט, די שיינקײַט, דעם נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן באַטײַט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. דער קריטיקער־הומאַניסט, דער אינטערפּרעטירער פון ייִדישער שעפערישקײַט, אין דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט געלאָזט אַ רײַכע ירושה פאַר די הײַנטיקע און קומענדיקע ייִדישע דורות.

(1986)

# שלום אַש — דער קינסטלער און זײַן קרעדאָ

(צו זײַן הונדערטסטן געבוירן־יאָר)

ס׳איז שוין באַלד אָפּגעלאָפן אַ פערטל יאָרהונדערט זינט שלום אַש איז אַוועק אין דער אייביקײַט (1957-1880). עס איז שוין אײַנגעשטילט די מחלוקת, וואָס האָט געברויזט אַרום אים במשך די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זײַן לעבן. עס זענען שוין אויפן עולם־האמת אי זײַנע קטיגורס, אי די עטלעכע סניגורס. די ייִדיש־ליטעראַרישע פּעריפעריע, ספּעציעל אין אַמעריקע, איז געוואָרן שטאַרק אײַנגעשרומפּן, און מיר האָבן כמעט נישט מער קיין ליטעראַרישע, און אויך נישט קיין אידעיִשע שטרייטן אויף דער היגער ייִדישער גאַס. איצט, צו אַשס הונדערטסטן געבוירן־טאָג, ווען די מלחמה, וואָס האָט געפלאַקערט אַרום אים, איז כמעט פאַרגעסן, בלײַבט ער אַלץ אַ צענטראַלער זײַל אין בנין פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אַ נאַציאָנאַלער אוצר, וואָס קיינער קען נישט מבטל זײַן. איז כדאַי צו זען, ווו מיר האַלטן מיט שלום אַשן איצט, ווען קונסט און אידעאַלן ווערן איבערגעשאַצט לויט הײַנטיקע קריטעריעס: פאַרבלײַבט ער ווײַטער, ווי זײַנע מיטצײַטלער־קריטיקערס האָבן גע־האַלטן, דער גרויסער נאַציאָנאַלער ייִדישער קינסטלער, אָדער דאַרף

זײַן פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור און זײַנע קינסטלערישע דערגרייכונגען רעווידירט ווערן? לאָמיר פּראָבירן ערלעך און מיט וואַ־רעמע ייִדישע אויגן אַרײַנקוקן אין עטלעכע פֿון זײַנע הויפּטווערק.

שלום אַש האָט במשך זײַן שעפֿעריש לעבן אָנגעשריבן זעכציק ווערק: פּראָזע, דראַמעס און עסייען. ער איז אויך געווען אַ פּובליציסט און כּלל־טוער; ער האָט זיך באַטייליקט אין קאָנפֿערענצן, געהאַלטן רעדעס, און זיך אַרויסגעזאָגט פּובליציסטיש וועגן ייִדישע פּראָבלעמען און קאָנטראָווערסיעלע פֿראַגעס. נאָך דעם ווי ער איז באַרימט געוואָרן מיט זײַן שטעטל און גאָט פֿון נקמה, האָט ער באַזוכט אַלע וויכטיקע ייִדישע צענטערס און ארץ־ישׂראל. אין 1941 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק און שפּעטער אָנגעשריבן אָנקל מאָזעס, אַ רעאַליסטישע שילדע־רונג פֿון דער סוועטשאָפּ־סבֿיבֿה ערבֿ דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַ בילד פֿון קוזמין, וואָס ווערט אַריבערגעפּלאַנצט אין דער אַמעריקע פֿון דער אימיגראַנטישער עפּאָכע. דער ראָמאַן איז מער סאָציאָלאָגישע שטודיע ווי קונסטווערק; דאָך האָט דער קינסטלער דאָ פֿאַראייביקט דאָס פּויליש־ייִדישע שטעטל קוזמין — בעת עס איז נאָך נישט פֿאַר־וואָרצלט אין אַמעריקע, און עס קוקט צוריק נאָסטאַלגיש צום קוזמין פֿון פּוילן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַש אָנגעשריבן קידוש־השם (1919) און די כּישוף־מאַכערין פֿון קאַסטיליע (1926) — ביידע נאָוועלן זענען קינסטלערישע אילומינאַציעס פֿון טראַגישע קאַפּיטלעך אין דער ייִדישער געשיכטע, ווו עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז אַש דער מאָלער פֿון פֿאַרכאַפּנדיקע מאַסן־סצענעס, און דער לירישער פּראָזע־מײַסטער. די דאָזיקע נאָוועלן, וואָס אַש האָט געשריבן אונטערן רושם פֿון די רדיפֿות און פּאָגראָמען וואָס ייִדן זענען אויסגעשטאַנען בעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען אי קינסטלערישע דערגריי־כונגען, אי פֿון דערציִערישן ווערט פֿאַר אונדזער יוגנט, וואָס וועט דורך די אידעאַלע געשטאַלטן פֿון דבֿורה (אין קידוש־השם), און יעפֿתּהן (די כּישוף־מאַכערין) זיך באַקענען מיט די העכסטע מדרגות פֿון מסירת־נפֿש.

אויך חיים לעדערערס צוריקקומען, וואָס איז פּסיכאָלאָגיש פֿאַר־

טיפּטער ווי אַנקל מאָזעס, איז דער עיקר אַ שילדערונג פֿון דער סבֿיבֿה אין דער אימיגראַנטישער עפּאָכע, און דעם ריס צווישן דורות. דער איבערבראָך אין חיים לעדערער, וועלכער דערפֿילט זיך אויף דער עלטער פֿאַריתומט, און אַ פֿרעמדער אין זײַן אייגענער היים, איז ווײַט נישט איבערצײַגנדיק. אַש שילדערט גלענצנדיק יענעם פּעריאָד אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער געשיכטע, ווי די אין אַמעריקע געבאָרענע קינדער קוקן אַראָפּ אויף די אימיגראַנטישע טאַטעס, און האָבן נישט קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דעם אידעאַליסט חיים לעדערער, וואָס קען נישט פֿאַרטראָגן דאָס פּוסטע לעבן פֿון אויפֿגעקומענע אָלרײַטניקעס אין אַמע־ריקע. אָבער דער קינסטלער אַש איבערצײַגט אײַך נישט, אַז אָט דער חיים לעדערער איז פֿעיִק צו פֿאַרלאָזן זײַן באַקוועמע היים, זײַן פֿאַמיליע, און צוריקגיין אויף דער עלטער אין שאַפּ צום אַלטן אָרעמען לעבן.

דער גרעסטער קינסטלערישער אויפֿטו פֿון שלום אַשן איז אָן שום ספֿק זײַן טרילאָגיע פֿאַרן מבול (פּעטערבורג, וואַרשע, מאָסקווע), וואָס איז אַרויס במשך די יאָרן 1927־1932. פֿון די דרײַ טיילן פֿאַרבלײַבט וואַרשע דער צײַטיקסטער קינסטלערישער פּראָדוקט פֿון אַשס טאַלאַנט. דאָ, אין וואַרשע, שטייט אויף צום לעבן דאָס פּוילישע ייִדנטום מיט זײַנע באַוועגונגען, שטרעבונגען, אידעאַליסטן און טרוימערס. די פֿאַמיליע הורוויץ — דער לערער הורוויץ, זײַן פֿרוי רחל־לאה, די טעכטער העלענקע און זאָשקע — זענען געמאָלן מצד אַשן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז זיי קריצן זיך אײַן אויף אייביק אין אונדזער באַוווסטזײַן און בלײַבן אומפֿאַרגעסלעך. רחל־לאה, די מאַמע פֿון הורוויצס הויז, איז אַ וווּנדער־לעכער פּאָרטרעט פֿון אַן אידעאַלן מענטשן, און נישט־געקוקט אויף איר אידעאַלקײַט איז זי דאָך רעאַל, ערדיש און איבערצײַגנדיק. אין איר האָט שלום אַש דערגרייכט קינסטלערישע שלימות. דאָ, אין דעם הויז פֿון די הורוויצעס האָט איר אַ מיקראָקאָזם פֿון מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום: עס טרעפֿן זיך דאָ אַלע ריכטונגען אין ייִדישן לעבן, וואָס קעמפֿן אויס זייערע ראַנגלענישן, און גרייטן זיך צו דער „נײַער וועלט״. איר באַקענט זיך דאָ — ספּעציעל ווען אַש שילדערט לאָדזש מיט איר באַלוט — מיט

דער יִדישער אַרעמקײַט, מיט די רדיפות, מיט די רײַבונגען, קאָנ־פּליקטן צווישן יִדישע און פּוילישע אַרבעטער, מיט די חלומות פון יִדישע אידעאַליסטן.

זאַכאַרי מירקין, דער צענטראַלער פּערסאָנאַזש אין דער טרילאָגיע, אַ זון פון רײַכע אַסימילירטע יִדן אין פּעטערבורג, קען זיך נישט צופרידנשטעלן מיטן לעבן פון אַ רײַכן ליידיקגייער, אַנטלויפט ער קיין וואַרשע, ווו ער פאַרליבט זיך אין העלענקע הורוויץ, שפּעטער, אין 1917, געפינען מיר אים אין מאָסקווע, ווו ער קעמפט צוזאַמען מיט באָלשעוויקעס; ער קען אָבער נישט אַקצעפּטירן זייערע אַכזריותן. דער אינטעלעקטואַל מירקין, ווי אַ סך פון זײַנס גלײַכן, ווען זיי גייען איבער פון טרוים צו ווירקלעכקײַט, דערשרעקן זיי זיך פאַר די מיטלען צו זייערע אידעאַלן און זיי ווײַזן זיך אונדז אויס ווי מטושטשע, שוואַכע כאַראַקטערן. אין דער אמתן באַשטעטיקן זיי בלויז דעם אַלטן אמת, וואָס האַמלעט האָט נאָך אַרויסגעזאָגט: „דאָס געוויסן מאַכט אונדז אַלע פאַר פּחדנים". בלויז אַן־געוויסנדיקע רעוואָלוציאָנערן זענען „אויסגע־האַלטן", נישט־געקוקט אויף די אַנטוישונגען און אַכזריותן פון דער רעוואָלוציע. מיר מיינען דעריבער, אַז אויך אין פאַרטרעט פון זאַכאַרי מירקין האָט שלום אַש אונדז געוויזן דעם אייביקן יִיד; ווי עס פּאַסט פאַר אַ יִדישן קינסטלער, האָט ער אונדז געשילדערט דעם יִדישן רעוואָ־לוציאָנער מיט זײַנע מענטשלעכע (לייען: געוויסן־) שוואַכקײַטן, סתירות און קאָמפּליצירטקײַטן.

די צײַט האָט אויך נישט פאַרבלאָסט דעם תּהילים־יִיד (1933). הגם קינסטלעריש קענט איר דאָ געפינען פּגימות — ס'איז צײַטנווײַז סענטי־מענטאַל און נישט־פאַרטיפט — איז עס פונדעסטוועגן פון פּעדאָ־גאָגיש־דערציִערישן ווערט; אַ בוך וואָס קען אינספּירירן די יִדישע יוגנט אין אַלע צײַטן. אָט דער ר' יחיאל־מאיר פון גאָסטינין, וועמען אַש האָט גענומען ווי אַ מאָדעל פאַר זײַן צענטראַלן העלד אין תּהילים־יִיד, איז אַ היסטאָרישע פיגור, וועלכע האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט. ר' יחיאל, אַ סאָרט ר' לוי־יצחק באַרדי־טשעווער, גלייבט נישט אין לומדות, נאָר אין אמונה וואָס פירט צו

גאולה. ר׳ יחיאל לעבט נישט אין די הימלען; נאָר אויף דער ערד איז ער גרייט זיך צו טיילן מיט זײַן עסן, מיט די אָרעמע און פּשוטע ייִדן. בעתן לייענען דאָס בוך ווערט איר פֿאַרכאַפּט פֿון דער לירישער שיינקײַט און גלײַכצײַטיק רעאַליסטישקײַט, מיט וועלכער דאָס ווערק צייכנט זיך אויס. איר ווערט דערהויבן און שטאָלץ פֿונעם באַוווסטזײַן, אַז אַזעלכע ר׳ יחיאלס האָבן געלעבט צווישן אונדז אין די פּויליש־ייִדישע שטעט־לעך און מסתּמא אויך אין אַלע תּפֿוצות.

* * *

דער איבערבראָך אין דער באַציִונג מצד דעם ייִדישן עולם צו שלום אַשן איז, ווי באַקאַנט, געקומען ווען עס איז דערשינען אין ענגליש (אין 1939) דער מאַן פֿון נצרת. אַש איז דעמאָלט געווען אויפֿן העכסטן שטאַפּל פֿון זײַן פּאָפּולאַריטעט בײַם ייִדישן עולם, און זײַנע לייענערס זענען געוואָרן אַזוי שאָקירט, אַז ס׳האָט זיך קעגן מחבר פֿון פֿאַרן מבול און תּהילים־ייִד געשאַפֿן שיִער נישט אַ חרם־שטימונג. אָבער נישט אַלע האָבן דערקלערט שלום אַשן פֿאַר אַן אַחר. דער קריטיקער שמואל ניגער האָט פֿאַרטיידיקט דעם פֿאַרערטן קינסטלער און געטענהט אַז ס׳איז אַ טיף ייִדיש בוך, און אַ המשך פֿון אַשס פֿריִערדיקן דרך, אַ פֿאַרטיפֿטער וואַריאַנט פֿון תּהילים־ייִד. אמת, גיט דער קריטיקער צו, ס׳איז אַשן נישט געראָטן לעבעדיק צו מאַכן דעם הויפּט־פּערסאָנאַזש אין „נאַזאַריען״, ישוע בן־יוספֿן, ווײַל ער האָט פֿונעם גויִישן קריסטוס־שטאָף געוואָלט שאַפֿן אַ ייִדישע משיח־געשטאַלט; ס׳הייסט, נוצנדיק דעם נײַעם טעסטאַמענט ווי זײַן רוי־מאַטעריאַל, וויל ער פֿאַרוואַנדלען יעזוסן אין אַ ייִדישן משיח, און דערפֿאַר האָט זיך עס אים נישט אײַנגעגעבן קינסטלעריש. „ער [ישוע] האָט אים נישט געקענט אין גאַנצן געלינגען. ער האָט אין זיך אַן אינעווייניקסטע סתּירה: דער שטאָף, פֿון וועלכן ער איז געמאַכט איז אַ קריסטלעכער, און עס איז שווער אַרײַנצואָטעמען אַ ייִדישן (שיִער נישט פֿון אַ פּרוש) לעבנס־אָטעם, אַ ייִדישע נשמה אין אַ קריסטלעכן גוף. אַ לעגענדע, וואָס איז אָפּגעשמדט געוואָרן, לאָזט זיך נישט אַזוי לײַכט מגייר זײַן״ (זע: ש. ניגער, שלום אַש, זײַן לעבן, זײַנע ווערק, קולטור־

קאָנגרעס, 1960, ז׳ 285). אַש, הייסט עס, האָט, לויט ניגערן, אונדז דער־לאַנגט נישט דעם שפּעטערדיקן גוייִשן קריסטוס, ווי די קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן אים פּרעזענטירט, נאָר דעם גלילער ישוע בן־יוסף, ווי אַ ייִדישן משיח, און דאָס לאָזט זיך נישט מאַכן מיט מאַטעריאַל פונעם נײַעם טעסטאַמענט.

הייסט עס, אַז אַפילו אַשס מליץ־יושר, ניגער, האַלט, אַז דער הויפּט־פּערסאָנאַזש אין „נאַזאַרין" איז דעם קינסטלער נישט געראָטן; אַש איבערצײַגט אונדז נישט, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ לעבעדיקן, כאַריז־מאַטישן הייליקן, וועלכער פאַרכישופט מענטשן, ווי דער בעל־שם־טובֿ, למשל. אויב אַזוי, ווי פאַרט זיך דאָס מיט ניגערס פריִערדיקן לויב־געזאַנג, אַז דער מאַן פון נצרת איז אַשס „העכסטע דערגרייכונג"? דער אמת איז, אַז ס׳איז אַ נודנע בוך, נישט־געקוקט אויף די ברייט־צעוויקלטע מאַסן־סצענעס. ס׳איז מיר אָנגעקומען שווער דורכ־צולייענען דאָס בוך ביזן סוף. אַש גייט נאָך טראָט־בײַ־טראָט דעם נײַעם טעסטאַמענט, מיט אַלע ניסים און איבערגלייבענישן.

נאָר אויב איר האָט, נאָך לייענענדיק דעם „נאַזאַרין", געקענט געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר אַשן, אַז זײַן כּוונה איז געווען אַ גוטע, און ווי אַ קינסטלער האָט ער געהאַט די רעכט אויסצוקלײַבן יעדע טעמע, וואָס פאַרכאַפּט אים — אויב איר זוכט אַ זכות אויפן קינסטלער, לאָזן זיך בײַ אײַך אַראָפּ די הענט נאָך דעם ווי איר באַקענט זיך מיט זײַן אַני־מאַמין איין גורל („וואָן דעסטיני", 1945). דאָ דערקלערט אונדז דער קוטנער ייִד אַש, פּשוט פּובליציסטיש, אַז יעזוס „ווי קיינער נישט פאַר אים, האָט געגעבן דעם מענטש אַ תּכלית און אַ ציל, און אים געמאַכט פאַר אַ טייל פון געטלעכן". דאָ רעדט אַש אָט ווי אַ מיסטיקער, אָט ווי אַ פּאָליטיקער, און אָט ווי אַ נבֿיא פון אַ נײַעם גלויבן, וואָס איז האַלב־ייִדיש און האַלב־קריסטלעך. לויט אים זענען ייִדנטום און קריסטנטום אידענטיש אין תּוך; זיי זענען צוויי העלפטן פון אַ גאַנצקייט, אוןביידע וואַרטן אויפן קומען פון משיחן. אָבער יעדער, וואָס איז באַקאַנט מיטן ייִדישן רעליגיעזן געדאַנק, ווייסט, אַז דער ייִדישער משיח־אידעאַל מיינט קודם־כּל די אויסלייזונג פון גלות, און נאָך דעם די באַפרײַונג פון

דער גאַנצער וועלט פון מלחמות, אָרעמקייט און אומיושר, בעת דער קריסטלעכער משיח איז נישט רעאַל; ער דאַרף באַפרייען דעם יחיד פון די „ערשטע זינד", און „זיין קיניגרייך איז נישט פון דער וועלט". אַלע ייִדישע דענקערס האָבן באַוויזן, אַז דאָס קריסטנטום איז אין תוך אַנדערש פון היסטאָרישן ייִדנטום.

עס איז, דערפאַר, לית מאַן דפליג, אַז אַש איז מיט זיין „נאַזאַרין" און די שפּעטערדיקע קריסטאָלאָגישע ביכער — און נאָך מער מיט זיין פובליציסטישן אַני־מאַמין אין גורל — אַראָפּ פונעם ייִדישן דרך־הישר, ער איז געוואָרן אַן אַחר. אָבער פונקט ווי די חז"ל האָבן נישט אויסגע־מעקט אלישע בן־אבויה פון תלמוד, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט זיין אמונה אין יהדות, פונקט אַזוי קענען מיר נישט און דאַרפן נישט פאַר־לייקענען שלום אַשס גרויסן צושטייער צו דער ייִדישער ליטעראַטור. נישט־געקוקט אויף אַלע זיינע דעפעקטן ווי אַ מענטש און ווי אַ ייִדישער קינסטלער — און זיי זענען נישט ווייניק — איז אַש געווען טיף פאַר־בונדן מיט ייִדן און פאַרליבט אין ייִדישן לעבן.

שלום אַש איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעפירט די ייִדישע ליטעראַטור אין דער מערב־קולטור און דערמיט דעמאַנס־טרירט, אַז נישט בלויז אַ מאָל, אַ מאָל זענען מיר געווען אַ שעפעריש פאָלק, נאָר אויך איצט זענען מיר קרעאַטיוו און האָבן באַוויזן אין אַ קורצער צייט צו פּראָדוצירן אַ רייכע ליטעראַטור, וואָס צייכנט זיך אויס מיט ערשטראַנגיקע נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע ווערק. ער האָט אין זיינע דראַמעס, ראָמאַנען און נאָוועלן פאַראייביקט דאָס ייִדישע שטעטל און די ייִדישע מיזרח־אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע וואָס וועט, אַ דאַנק אים, אייביק לעבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. און ועל־כולם אָטעמען זיינע ווערק מיט אהבת־ישראל, מיט פּאָעזיע און שיינקייט, וואָס וויפל עס זאָלן זיך נישט בייטן ליטעראַרישע מאָדעס און באַוועגונגען, וועלן זיי בלייבן אַקטועל פאַר די קומעדיקע דורות.

(1981)

# באַשעוויס זינגער און דער פּוילישער ייִד

ווען באַשעוויס-זינגער האָט פֿאַר אַ יאָרן באַקומען דעם נאָבעל-פּריז פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור, האָט די ייִדיש-וועלט זיך שטאַרק דערפֿרייט, און מיט רעכט. מע האָט דערפֿילט, אַז ענדלעך האָט דער מערבֿ געגעבן „בירגעררעכט" דער ייִדישער ליטעראַטור. און אַפֿילו יענע, וואָס געהערן נישט צו באַשעוויסעס חסידים, האָבן זיך אויך געפֿרייט מיט דער וועלט-אַנערקענונג פֿון אַ ייִדיש-שרײַבנדיקן נאָוועליסט. אַלע, אַפֿילו די וואָס האָבן אַ סך אויסצווזעצן קעגן דעם פּראָזאַיִקערס ליטע-ראַרישן דרך, אויך זיי לייקענען נישט זײַן קינסטלערישן טאַלאַנט.

מע האָט אויסגעדריקט דאַנקבאַרקײַט צו אים דערפֿאַר, וואָס ער האָט בײַם באַקומען דעם נאָבעל-פּריז זיך דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה אין זײַן אָדע צו ייִדיש, „אַ שפּראַך וואָס האָט נאָך נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, און וואָס פֿאַרמאָגט אוצרות, וואָס די וועלט קען נאָך נישט". די דאָזיקע דערפֿרישנדיקע רייד אַדרעסירט צו, און געהערט פֿון אַ וועלט-אוידיטאָריע, האָבן אויפֿגעהײַטערט דאָס געמיט פֿון יעדן ייִדיש-ייִד.

ווען די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט אָבער, בײַ דער צערעמאָניע פֿון צוטיילן אים די פּרעמיע, דערקלערט אַז די וועלט פֿון מיזרח-אייראָ-פּעיִשן ייִדנטום ווערט אָפּגעשפּיגלט אין זינגערס ווערק, אָט דאָ האָבן אַ סך פֿון אונדז נישט געקענט מיטגיין. זענען טאַקע באַשעוויסעס ווערק אַ שפּיגל פֿון פּוילישן ייִדנטום? מיר, וואָס האָבן אַן אינטימע באַקאַנט-שאַפֿט מיטן מיזרח-אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבן ווייסן, אַז באַשעוויסעס מערסטע פּערסאָנאַזשן זענען לחלוטין נישט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער פֿאַרשווונדענער וועלט. האָט אונדז דעריבער געוווּנדערט, וואָס אין כמעט אַלע אָפּשאַצונגען לכּבֿוד דעם פּרעמירטן נאָוועליסט, געדרוקטע אויף ייִדיש, איז נישט געקומען צום אויסדרוק די נישט-

רעפּרעזענטאַטיווקייט פון זײַנע טיפּן, זייער אויסטערלישקייט, אָפּט משונהדיקייט.

עס האָט אונדז דעריבער „פאַרטשעפּעט" דער לענגערער בריוו פון ראַבײַ סעמיועל דרעסנער, וואָס פּרובירט אַנאַליזירן די טעמים פון דער דאָזיקער „שווײַגעניש" מצד דער ייִדישער פּובליציסטיק און קריטיק („קאָמענטערי", יולי 1979). ווי קומט עס, פרעגט דער ראַבײַ, וואָס קיינער פון די אַלע הללויה־זינגערס האָט נישט אויפגעהויבן די פראַגע: צי שפּיגלען טאַקע באַשעוויסעס ווערק אָפּ דאָס אמתע בילד פון פּוילישן ייִדנטום? ער ציטירט לעאָ פינקעלשטיינען, וואָס האָט געשריבן אין 1950: „האָט איר געזען אַזעלכע פּוילישע ייִדן, ווי זינגער שילדערט? זענען טאַקע ייִדישע טעכטער אין פּוילן געווען אַזוי „צום האָבן"? איז טאַקע נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זאָגן אַ וואָרט קעגן דעם אָפּחוזקן פון דער קרוין פון אונדזער פאָלק — דעם פּוילישן ייִד?"

ראַבײַ דרעסנער שטרײַכט אונטער, אַז ער ספקט נישט אין באַשעוויסעס טאַלאַנט ווי אַ דערציילער, נאָר אים אַרט אונדזער אָפּרוף אויף באַשעוויסן: „דאָס וואָס קיינער איז נישט אויפגעקאָכט, איז דער גרעסטער סקאַנדאַל!... זענען טאַקע באַשעוויסעס ווערק ,אמתדיק'? די קאָרופּציע, זנות, צעפאַלונג, דעמאָנישקייט, פּערווערסיע וואָס דרינגען אַדורך זינגערס בילד פון פּוילישן ייִדנטום, איז דאָס אַלץ ,אמת'?" און ווײַטערפירנדיק זײַן באַשולדיק־אַקט, פרעגט ער: „אויב מיר נעמען אָן זינגערס בילד פון פּוילישן ייִדנטום, וואָס פאַר אַן אימאַזש וועט פאַרבלײַבן פאַר אונדז און אונדזערע קינדער פון יענער ציוויליזאַציע"? ווער, פרעגט ער, איז געטרײַער צום אמת: אַבֿרהם העשלס פּאָזיטיוו בילד אָדער באַשעוויסעס נעגאַטיווע קאָפּיע?

אַוודאי ווייסט דרעסנער, אַז ס'איז געווען אויך מיאוסקייט צווישן פּוילישע ייִדן, נישט אַלע זענען געווען צדיקים. אָבער באַשעוויסעס מעשׂיות, האַלט ער, זענען געגליכן צו איינעם וואָס באַשרײַבט אַ פעלד, ווו סע זענען פאַראַן חנעוודיקע בלומען, ווילדע גראָזן און גרינע קוסטעס, אָבער ער זעט בלויז די ווערעם אונטער די שטיינער. דרעסנער רוקט אַרויס צוויי השערות, וואָס קענען אפשר דערקלערן דאָס

שווײַגן פֿון אַמעריקאַנער ייִדן: 1) אָדער סע שפּיגלט אָפּ אונדזער גײַסטיקע אַמביוואַלענץ, אונדזער געהיימען ווּנטש אָפּצוּוואַרפֿן דעם מאָראַלישן דרך פֿון 3000 יאָר ייִדישע געשיכטע, און עס פֿאַרבײַטן אויף גרייטקײַט צו פֿאַרהערלעכן סענסואַליטעט, און זיך שרעקן פֿאַר דעמאָנישקײַט; 2) אָדער, אויב העשלס פּאָזיטיווער פּוילישער ייִד איז בלויז אַ צענטל אמתדיק, וואָלטן מיר, אַמעריקאַנער ייִדן, געדאַרפֿט מושווה ווערן, זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דער קאָרופּציע אין היגן ייִדישן לעבן. דערפֿאַר איז אונדז באַקוועמער אָנצונעמען באַשעוויסעס בילד, דאַרפֿן מיר זיך נישט פֿילן שולדיק. מיר מעגן דעמאָלט זיך זאָגן: ס'איז אַלע מאָל אַזוי געווען, אַזוי זענען אויך געווען די מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן — קאָרופּטירטע, נואפֿים, אד״גל. פֿאַר וואָס דאַרפֿן מיר זײַן בעסער? און ראַבײַ דרעסנער פֿאַרענדיקט זײַן באַשולדיקונג: ווער קען מיר זאָגן דעם אמת?

מיר פּרעטענדירן נישט צו קענען פֿאַרענטפֿערן דעם ראַבײַס האַרבע שאלות, און אַפֿילו ווען איר מיינט, אַז ער טרײַבט אַ ביסל איבער — ווײַל סע זענען פֿאַראַן אויך פּאָזיטיווע ייִדישע פּערסאָנאַזשן אין באַשעוויסעס גאַלעריע, בלײַבט עס פֿונדעסטוועגן אַלץ קשה — איז נישטאָ טאַקע קיינער אין דער ייִדישער קריטיק — אויב מיר האָבן נאָך אַזאַ איצטער אויף ייִדיש — וואָס זאָל אין כאָר פֿון הללויהס אָפּענטפֿערן די אַלע תּהילות־ותּשבחות?!

אפֿשר וועט עס זײַן אַ שטיקל טרייסט פֿאַר אַלע, וואָס פֿילן אַזוי ווי דער בריוושרײַבער אין „קאָמענטערי״, צו וויסן, אַז איין דיסאָנאַנטע שטים, ווי ווײַט מיר איז באַקאַנט, האָט זיך יאָ געלאָזט הערן: אליהו קאַץ, מיר דוכט אַ לערער פֿון ליטעראַטור אין בערקלי־אוניוועוסיטעט, האָט אַרטיקולירט דאָס וואָס אַ טייל ייִדישע לייענערס טראַכטן. (זע חשבון, לאָס־אַנדזשעלעס, פֿרילינג 1979). אָט דער יונגער קריטיקער, אָנער־קענענדיק באַשעוויסן ווי אַ טאַלאַנטפֿולן דערציילער, ווייסט, אַז אַ באַגאַבטער שרײַבער מוז נישט מיט זיך פֿאַרשטעלן דאָס „טיפּישע״ פֿון זײַן נאַציאָנאַלער קולטור. פֿאַרקערט: ער דאַרף צוטראָגן עפּעס וואָס איז אייגנאַרטיק. אָבער. נישט־געקוקט אויף באַשעוויסעס אַנדערשקײַט,

קומען זײַן עקזאָטישקײַט, זײַנע שדים און רוחות פֿאַר דעם ייִדישן לייענער ווי אַ מין טריק. „טייל ייִדיש-לייענערס וואַרפֿן אָפּ באַשע-וויסעס שילדערונגען פֿונעם שטעטל נישט דערפֿאַר... וואָס זיי זענען פּראָווינציעל און קענען נישט לײַדן קיין נעגאַטיווע שילדערונגען פֿון דעם מיזרח-אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבן (צי דאַרף מען דען זוכן ווײַטער ווי מענדעלע, פּרץ אָדער בערגעלסאָן צו געפֿינען נעגאַטיווע שילדע-רונגען פֿון דעם שטעטל?), נאָר דערפֿאַר וואָס באַשעוויסעס שילדע-רונגען ווײַזן זיי אויס צו זײַן פֿאַרקרימט און געפֿעלשט". פֿאַר אליהו קאַצן איז קלאָר, אַז די טענות צו באַשעוויסן מצד ייִדישע לייענערס באַ-שטייען נישט אין דעם, וואָס ער איז באַנומען פֿון יצר-הרע, פֿון סעק-סועלן פֿאַרלאַנג, פֿון זינד אָדער פֿון אַ פּעסימיסטישן וועלטבאַנעם.

דער אינטעליגענטער ייִדיש-לייענער ווייסט, אַז אין דער הײַנ-טיקער עקספּלאָזיווער וועלט קען אַ פּעסימיסטישער בליק זײַן באַרעכ-טיקט, און אַז סעקסועלער דראַנג שפּילט אַ באַטײַטיקע ראָלע אין דער מענטשלעכער פּסיכיק; נישט אין דעם באַשטייט באַשעוויסעס אומ-אויטענטישקײַט. „די האַרבסטע באַשולדיקונג קעגן באַשעוויסן באַשטייט אין דעם, וואָס בשעת ער פֿאַרנעמט זיך מיט לעבן-און-טויט-פּראָגעס, מיינט ער עס נישט ערנסט. אַלץ זעט אויס צו גרינג, צו גלאַטיק. באַשע-וויסעס פֿילאָסאָפֿיע, ווי אויך זײַן מאָראַל איז אַן אויבנאויפֿיקע... סע שפּירט זיך נישט בײַ אים דער געראַנגל נאָך נײַע ווערטן, נאָך אַ בעסערער פֿירונג, נישטאָ אַפֿילו קיין אויפֿריכטיקער יאוש... אַז אַ שרײַבער ווײַזט אַרויס אַזוי פֿיל פֿאַרשטענדעניש פֿון דער שאָטנדיקער זײַט, מעג מען אים חושד זײַן, אַז זײַן פֿאַרשטענדעניש גרענעצט זיך מיט אַ מין עמפּאַטישן מיטגעפֿיל".

אויך דעם אונטערשייד בײַם אויפֿנעמען באַשעוויסעס ווערק מצד דעם ייִדיש-לייענער, אין פֿאַרגלײַך מיט יענע וואָס לייענען אים אויף פֿרעמדע שפּראַכן, פּרובירט קאַץ אויפֿקלערן. בעת דער ערשטער קען אינטים דאָס ייִדישע לעבן אין מיזרח-אייראָפּע און וואַרפֿט אָפּ באַשע-וויסעס שילדערונגען, וואָס ווײַזן זיך אים אויס צו זײַן געפֿעלשט, איז דער צווייטער מין לייענער „נישט בכּוח צו אונטערשיידן דאָס ווירק-

לעכע פֿון דעם פֿאַנטאַסטישן, און ... ער איז גרייט אָנצונעמען באַשע־וויסעס שטעטל אויף נאמנות".

אַזוי אַנאַליזירט אליהו קאַץ דעם מהות פֿון באַשעוויסעס שאַפֿן, און דאָס באַווייַזט, אַז מיר האָבן אויך „דיסידענטן" אין אַמעריקע, אַז נישט אַלע זענען גרייט אָנצונעמען באַשעוויסעס פֿאַרשוינען ווי די רעפּרעזענטאַנטן פֿון פּוילישן ייִדנטום. און דערצו איז דער קריטיקער נישט דער איינציקער בעל־פּלוגתא. מיר געדענקען אויך אַנדערע וועלכע זענען געשוווּמען קעגן שטראָם אין די פֿלאַכע וואַסערן פֿון אונדזער קריטיק: אַחוץ דעם פֿריִער דערמאָנטן שרייַבער לעאָ פֿינקעל־שטיין, האָבן אויך די נאָוועליסטן און קריטיקערס ח. אַיאַלטי, י. ראַפּאַ־פּאָרט, שלמה סימאָן, און אפֿשר אויך אַנדערע אויסגעדריקט ענלעכע תּרעומות קעגן דעם קינסטלערישן דרך פֿון באַשעוויס־זינגער.

(1980)

# קאַדיע מאָלאָדאָווסקי — די פּאָעטעסע און עסייִסטין

(צו איר צענטן יאָרצייַט)

צו דעם צענטן יאָרצייַט פֿון קאַדיע מאָלאָדאָווסקי האָב איך געפֿילט אַ באַדערפֿעניש מעיין צו זײַן אין אירע לידער, ספּעציעל די לעצטע צוויי ביכער: „דער מלך דוד אַליין איז געבליבן", און „ליכט פֿון דאָרנבוים", וואָס האָבן נאָך זייער דערשיינען מיך שטאַרק באַאײַנדרוקט; און נישט געקוקט אויף די עטלעכע דעקאַדעס וואָס זענען זינט דעמאָלט פֿאַרבײַ, בין איך ווידער געוואָרן געפּאַנגען אין נעץ פֿון אירע וווּנדער־לעכע פערזן — פערזן וואָס מאַכן אויף אײַך אַ רושם מיט זייער מוזיקאַלישקײַט, מיט זייער פּשטותדיקײַט, אָריגינאַליטעט, שיינקײַט און חכמה. אויך אירע עסייען צייכענען זיך אויס מיט טיפֿזיניקײַט, און

גײַסטרײַכקײַט, און פּיקחות. איך פּלעג זיי לייענען מיט גרויס אינטע־רעס אין דער צײַטשריפט „סבֿיבֿה״, וואָס זי פּלעגט רעדאַקטירן, און וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ליטעראַרישן ניוואָ, און האָט זיך געקענט פֿאַרגלײַכן צו אהרן צייטלינס „גלאָבוס״, וואָס איז דערשינען צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין וואַרשע.

לאָמיר פֿאַרצייכענען עטלעכע דאַטעס אין קאַדיעס ביאָגראַפֿיע. זי איז געבוירן געוואָרן אין 1894 אין שטעטל בערעזאַ־קאַרטוסקאַ, פּוילן. במשך די יאָרן 1913־1915 האָט זי זיך געלערנט אין וואַרשעווער העב־רעיִשן לערן־סעמינאַר. אין 1921 האָט זי חתונה געהאַט מיטן שריפֿט־שטעלער־פֿאָרשער שׂמחה לעוו. זי איז במשך אַ ריי יאָרן געווען אַ לערערין אין די וואַרשעווער ייִדיש־וועלטלעכע שולן. אין 1935 איז זי געקומען מיט איר מאַן קיין ניו־יאָרק, וווּ זי איז פֿאַר אַ צײַט געווען אַ לערערין אין אַ שלום־עליכם־פֿאָלקשול.

איר ערשט בוך לידער: „חשוונדיקע נעכט״ (דערשינען אין 1927) האָט זי גלײַך אַרויסגערוקט אויבן־אָן אין דער ייִדישער פּאָעזיע. שפּעטער זענען אַרויס אירע קינדער־לידער וואָס האָבן זיי פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט בײַ די תּלמידים אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין אַלע תּפֿוצות, און אין העברעיִשער איבערזעצונג אויך אין מדינת ישׂראל. ייִדישע קינדער אין אַמעריקע, וואָס האָבן נאָך ביז די פֿופֿציקער יאָרן פֿאַרשטאַנען ייִדיש פּלעגן אויף זייערע שול־קאָנצערטן און יום־טובֿ פֿײַערונגען דעקלאַמירן אירע לידער מיט גרויס הנאה און פֿרייד. זי איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 21טן מערץ, 1975.

אין אירע ערשטע לידער האָט די דיכטערין פֿאַר אונדז געמאָלן די שטיפֿערישע אָלקעס, איסרס און פֿאַנטלס; די רעבעלישע פֿריידקעס פֿון דער וואַרשעווער ייִדישער אָרעמקײַט זענען צווישן אירע העלדינס. שפּעטער, ווען זי באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק מאָלט זי פֿאַר אונדז, אין ריטמיש־קלאַנגיקע פערזן — אין דער לענגערער פּאָעמע „בראָנזוויל״ — די טאָג־טעגלעכקײַט, דעם שבת און יום־טובֿ, דעם ריס צווישן דורות, דעם גראָטעסק און טראַגיק פֿון אימיגראַנטישן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע:

„עס קלאַפּן האַקמעסערס אַן אַלטן, אַלטן ניגון
פֿון בערדיטשעוו, פֿון בערעזנע, פֿון דער מיר,
און ס'זינגט די ראַדיאָ: 'אָ, קום שוין מײַן זיס לעבן,
דײַן טרײַע ציפּעלע וואַרט אויף דיר'.
די קאַרטן־טישלעך שטייען יום־טובֿדיק און הייליק
מען צינדט שוין ליכט, די דילן אויסגעוועקסט,
די ליפּן צוגעפּאַרבט, און בראַנזוויל פֿינקלט,
און מלכּה שבת קומט אין סאַמעטענע סלעקס.

'אָ, לכה דודי לקראת כּלה'
זינגט אַ זקן מיט אַ טרויעריקער באָרד:
'פֿאַרגיב, מײַנע קינדער זענען שבת מחלל,
און ס'ליגט דער טרויער איבער אַלע וועלטן גאָר'."

במשך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז קאַדיע, ווי יעדער סענסי־טיווער ייִד, טיף פֿאַרוווּנדעט געוואָרן פֿון דעם גרויל און חורבן וואָס איז דאָרט פֿאָרגעקומען, און אירע לידער לייענען זיך ווי קינות. ווען דער קאַטאַקליזם איז אַריבער, און דער ווייטיק האָט זיך אַ ביסל אײַנגע־שטילט מאַכט זי אַ דיכטערישן חשבון־הנפֿש אין אירע וווּנדערלעכע לידער־ביכער: „דאָס ליכט פֿון דאָרנבוים" (דערשינען אין 1965), און „דער מלך דוד אַליין איז געבליבן" (דערשינען אין 1946). דאָס דאָזיקע בוך עפֿנט די פּאָעטעסע מיט אַ בקשה צום רבש"ע ער זאָל אויסדער־ווײלן אַן אַנדער פֿאָלק:

אֵל חנון,
גיב פּראָסטע בגדים אונדז
פֿון פּאַסטעכער פֿאַר שאָף,
פֿון שמידן בײַ דעם האַמער,
פֿון וועש־וואַשער, פֿון פֿעל־שינדער,
און נאָך איין חסד טו צו אונדז,
אֵל חנון,
נעם צו בײַ אונדז די שכינה פֿון גאונות.

**זי הערט נישט אויף צו קלאָגן אויף די קינדער „פֿון טוואַרדע־גאַס״:**
ס׳איז וואַרעמקייט אַ סך געווען אין די קאַלטע קלאַסן,
ס׳איז זון געווען לעם ווינטערדיקער טיר,
און כ׳וואָלט ניט אָפּגעגעבן אַ שעה פֿון אײַער טומלדיקן שפּאַסן
פֿאַר אַלע גוטסקייטן וואָס שיטן זיך אויף מיר.

**אין איר לעצט בוך: „דאָס ליכט פֿון דאָרנבוים״, נאָך אַ לענגערן באַזוך אין ישׂראל, ווערט זי אויפֿגעהייטערט פֿון אויפֿגייענדיקן ייִדישן לעבן, און ספּעציעל פֿון די חלוצים און פֿון ירושלים. ווען דער ווייטיק פֿון דער ייִדישער פֿאַרלענדונג אין אייראָפּע איז אַ ביסל אײַנגעשטילט, ווערן אירע לידער אינטראָספּעקטיוו, תּהילימדיק און קוהלתדיק:**
קיין לידער שרײַב איך ניט,
איך זאָג ווידויים,
די ווערטער שטאַמלען,
זיי האָבן נישט קיין אַנלען אויף צו רוען.

**די ווערטער זענען ווײַט פֿון שטאַמלען; פֿאַרקערט: זי דערגרייכט אין די לעצטע לידער אירע העכסטע הייכן; זי באַווײַזט אין זיי אַן עלאַק־ווענץ וואָס זי דריקט אויס אין געשליפֿענע, הכנעהדיקע בקול דממה־דיקע פֿערזן, אין פֿאַרשידענע וואַריאַציעס הערן מיר אַ** צענטראַלן מאָטיוו **אין איר שאַפֿונג. קאַדיע איז קיינמאָל נישט געווען קיין דיכטערין פֿון קונסט לשם קונסט. זי זאָגט בפֿירוש אין איר פּאָעטישער קרעדאָ, אַז זי וויל איר ליד „זאָל היילן ווונדן, און זאָל מתקן זײַן לעבנס פֿאַרווירטע און ניט־רעאַליזירטע״. זי איז באַוווּסטזיניק וועגן דער מערכה פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע, און וועגן איר באַגרענעצטן קרײַז לייענערס.**

**אין רעקאָרדירטן דיאַלאָג מיטן קריטיקער און דיכטער א. טאַ־באַטשניק פֿירט זי אונדז אַרײַן אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון איר שאַפֿונג־פּראָצעס. זי דערקלערט אים אַז פֿאַר איר איז עטיק און עסטעטיק אומ־צערײַסבאַר:**
ווען קומען דער פֿרעגער, דער גערעכטער
און געבן אַ פֿרעג:

וואָס האָסטו מתקן געווען?
וויפל פרייד האָסט פאַרשאַפט,
וויפל טרייסט
דעם פאַרצאָגטן, דעם טרייסלאָזן געבראַכט?

שיינקייט, האַלט די דיכטערין, איז נישט קיין ציל פאַר זיך. „אַזוי פיל זאַכן אויף דער וועלט״ דערקלערט זי, „זענען שיין. העלדישקייט איז שיין, רחמים איז שיין, מיטגעפיל איז שיין, און שיינע האָר זענען אויך שיין. אָבער זיי זענען פונדעסטוועגן נישט אַלע פון דעם זעלביקן מין. עסטעטיק האָט אַ סך שיכטן, עס איז אַ געפאַלדעוועטער באַגריף״. פּאָעזיע, דערקלערט זי, אַנטשפּאַנט דעם מענטשן. ס׳ברענגט אים אַריבער פון אַ קלעם, פון אַ שמאָלן אָרט, ווו ער קען זיך נישט געפינען, צו אַן אויפלייזונג. מ׳לייענט ווייניק פּאָעזיע, מיינט זי, ווײַל עס פאָדערט געוויסע אויסאיידלונג פון געפיל; אַן אויסאיידלונג פון שפּראַך אַז מען זאָל קענען אַרויסנעמען פון איר, פון דער פּאָעזיע, דאָס וואָס זי ברענגט מיט זיך. דערפאַר לייענט מען זי אַזוי ווייניק בײַ אַלע פעלקער, און נאָך ווינציקער בײַ יִידן, ווײַל מיר האָבן נישט קיין געשולטע אינטעליגענץ, וואָס זאָל קענען אויפנעמען פּאָעזיע. זי טראַכט דאָ, נאַטירלעך, וועגן אַ יִדיש־רעדנדיקער אינטעליגענץ.

זי דערציילט טאַבאַטשניקן אַז מ׳האָט איר געעצהט זי זאָל נישט שרײַבן קיין קינדער־לידער, ווײַל דאָס קען זי אַראָפּפירן פון איר אָריגי־נאַליטעט, פון פּאָעטישן גאַנג. אָבער, זי האָט די עצה נישט אָנגענומען, ווײַל בײַ איר זענען פאַראַן אַ סך טרויעריקע לידער וואָס בײַם שרײַבן זיי פאַלט זי אַרײַן אין אַ געדריקטער שטימונג, און זי קען פון דאָרטן נישט אַרויס, ראַטעוועט זי זיך מיט שרײַבן אַ קינדער־ליד, וואָס נעמט זי אַריבער אין אַ וועלט וואָס איז ליכטיקער און פריילעכער, און עס ברענגט זי אַרײַן אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. די קינדער־לידער זענען פאַר איר אַ מין רעטונגס־פּלאַץ, ווו זי כאַפּט זיך אַרויס און זי זעט אַ זוניקע און פריילעכע וועלט.

קאַדיע קען זיך אויך „ראַטעווען״ מיט שפּילעוודיקע און איראָנישע

**לידער, ווי, למשל, אין „דאָס ליד לולאַי", אין „מײַן גן־עדן", און אַ סך אַנדערע: זי בעט די מלאכים זיי זאָלן זי דורכלאָזן אין קעניגרײַך פֿון גאָט:**

אין פּשוט מעלדן דעם גרויסן באַשאַפֿער
אַז אַ נשמה שטייט און וויל ניט ריידן,
זי פֿאַרלאַנגט אַ באַזונדערע לאַזשע
אין אַ דאַך־שטיבל פֿון דעם גן־עדן.
און זי בעט אַ וואַזאַנע, אַ גרינע
פֿון לולבֿים, פֿון סכך, און פֿון מעך,
און זי בעט אַז דער שכן אַנטקעגן
זאָל ניט זײַן פֿון דעם זעלביקן צעך.

**אין אַ וויכּוח מיטן דיכטער אהרן לעיעלעס, טענהט קאַדיע אַז אין די ווערק פֿון אַ ייִדישן פּאָעט דאַרף מען זוכן דעם ייִדישן תּוכן, די ייִדישע אידעע, די באַרעכטיקונג פֿון המשך. לעיעלעס גיט צו אַז בײַ אַ ייִדישן שאַפֿער דאַרף אין זײַן שרײַבן זיך פֿילן דער זאַפּט און דער ריח פֿון די ייִדיש־געשיכטלעכע וואָרצלען, אָבער ער באַטאָנט אַז די ייִדישע אידעע — די העכסטע מאָראַל, טיפּסטע הומאַנישקײַט, סאָציאַלע גערעכטיקײַט, ברידערלעכקײַט צווישן פֿעלקער און מענטשן דאַרף אַרויספֿליסן ספּאָנטאַן פֿון דעם שרײַבערס פּערזענלעכקײַט. דער ייִדישער שאַפֿער קען זיך עס נישט שטעלן פֿאַר אַ ציל, פֿאַר אַ באַשטע־לונג צו זיך אַליין. בײַ דעם ייִדישן קינסטלער, אויב נאָר ער איז אַ פּערזענלעכקײַט, וועט זיך ממילא אָפּשפּיגלען די נאַציאָנאַלע אייגנ־אַרט, און די ייִדישע געשיכטע.**

**אין תּוך איז דער חילוק צווישן די צוויי דיכטער בלויז אַן אונטער־שייד אין ניואַנסן. אויך קאַדיע האַלט נישט פֿון פּריידיקן, פּראָפּאַ־גאַנדירן די ייִדישע אידעע, ייִדישע מאָראַל און עטיק אין דער ייִדישער פּאָעזיע. אָבער, זי האַלט פֿאַר נייטיק צו באַטאָנען, אין אירע עסייען,** דעם נאַציאָנאַלן באַדײַט **פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע:**

**„אַ ליד איז אַ סך־הכּל פֿון ייִדישן געפֿיל, פֿון מחשבֿה, פֿון אַנונגען**

**נאָך נישט־אויסגעשטאַלטיקטע, און דאָס דערגרונטעווען זיך צום מקור, צו די ייִדישע הויפּט־יסודות איז דער וועג פון דער ייִדישער פּאָעזיע פון אַלע דורות, צי זי איז אויף העברעיִש, צי זי איז אויף ייִדיש. די שכינה וואָס האָט געוואַנדערט מיט די ייִדן אין גלות האָט זיכער געהאַט פליגל איבער דער ייִדישער פּאָעזיע אַמאָל און הײַנט. ווען איך לייען אַ ייִדיש ליד ווו ס'איז דאָ אין דעם קינסטלערישע דערגרייכונג, פיל איך די ייִדישע נשמה אין דעם. עס איז אָנגעשטאָפּט מיט ייִדישער געשיכט־לעכקײַט עמאָציאָנעל — אַמאָל אין דעם מינדסטן אויסדרוק. ווען איך לייען אַ ייִדיש ליד אין דער איבערזעצונג פיל איך ווי די נשמה צאַפּלט זיך אין דעם, און קען זיך נישט אַרויסצאַפּלען".**

**איר ליד: „אין מײַן מדבר וואַקסט אַ זאַנג", פאַרמאָגט תּהילימדיקע אימאַזשן וואָס ווערן פון איר אינדיווידואַליזירט; אין אירע לידער קרייצן זיך דורך סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, און יחידישע מאָטיוון, וואָס נאָר אַ דיכטערין, וואָס איז אַחוץ איר גרויסן טאַלאַנט אויך פאַראַנקערט אין ים־התורה קען אויסדריקן, און וויפל זי זאָל זיך נישט בעטן בײַם כּביכול ער זאָל אויסדערוויילן אַן אַנדער פאָלק, קען זי זיך נישט באַפרײַען פון דער שליחות מתקן צו זײַן די וועלט און דעם מענטש:**

מיט פאַרשטעלטע אויגן און פאַרמעקטן נאָמען
אַנטרינען וועסטו נאָך שטילקײַט און נאָך רו,
וועט גאָט דיך צייכענען און רופן פון די תּהומען:
אין נינווה גיי,
און וואָס איך הייס דיר — טו.
דו וועסט דײַן לשון אויסבײַטן אויף אַנדערע לשונות
און אויסבריען אין צונג אַן אַנדער שפּראַך,
וועט גאָט דיך צייכענען און זאַלבן מיט גאונות,
אין נינווה גיי,
און וואָס איך הייס דיר — מאַך.

וועסטו בײַ גאָט זיך בעטן אין געיאָמער:
פאַרוואָס בין איך פון דײַן געבאָט דער קרוג?

**ש. גוטמאַן** / אַמעריקאַנער ייִדישער קיבוץ אין פּראָפֿיל

איך וויל אַן עפּלבוים פֿאַרפֿלאַנצן, צי אַ תּמר,
צי איז דאָס נישט גענוג פֿאַר יונהן,
פֿאַר גאָט דײַן באַשאַף איז דאָס גענוג.

און ס׳ענטפֿערט דיר אַ שטים פֿון אַ שטורעם:
פֿאַרגעס דײַן עפּלבוים, דײַן הויז און רינד,
ביסט אויסדערוויילט פֿאַר רחמים און יסורים,
אין נינווה גיי,
און לײַטער זיי פֿון זינד.

(1985)

## IV פֿאַרצייכענונגען

# וואַלטער קויפֿמאַן
# און גאָט אין אוישוויץ

דער ייִדיש־אַמעריקאַנער פֿילאָסאָף וואַלטער קויפֿמאַן (1980־1921) האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין דער היגער אַקאַדעמישער וועלט מיט אַ ריי ווערק איבער רעליגיע און פֿילאָסאָפֿיע, ספּעציעל וועגן עקסיס־טענציאַליזם. אין עלטער פֿון 18 יאָר האָט ער עמיגרירט פֿון דײַטשלאַנד קיין אַמעריקע, און דאָ האָט ער באַקומען זײַן דאָקטאָראַט אין פֿילאָ־סאָפֿיע פֿון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. במשך אַ סך יאָרן איז ער געווען פּראָפֿעסאָר פֿון פֿילאָסאָפֿיע אין פּרינסטאָן־אוניווערסיטעט.

ווען ס'איז מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק אַרויס זײַן בוך קריטיק פֿון רעליגיע און פֿילאָסאָפֿיע, האָט זײַן פֿילאָסאָפֿישע לומדות און ספּעצ־יעל זײַן עפּיגראַמאַטישער סטיל און שפּילעוודיקע שאַרפֿזיניקײַט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. און אַפֿילו ווען איר האָט נישט מסכּים געווען מיט זײַנע אינטערפּרעטאַציעס פֿון געוויסע פֿילאָסאָפֿן, האָט איר אַלץ געמוזט צוגעבן אַז מיר האָבן אין קויפֿמאַנען אַ קאָמבינאַציע פֿון אַ טיפֿזיניקן געלערנטן און טאַלאַנטפֿולן שרײַבער.

קויפֿמאַן פֿלעגט זיך באַצייכענען ווי אַן אַגנאָסטיקער, אַן אַפּיקורס, און איינס פֿון זײַנע ביכער הייסט טאַקע דער גלויבן פֿון אַן אַפּיקורס. אָבער דער דאָזיקער הערעטיקער פֿלעגט שטאַרק פֿאַרטיידיקן יהדות קעגן קריסטנטום. ווען זײַן פֿאָטער איז אַריבער צום קריסטנטום (זײַן מוטער איז פֿאַרבליבן אַ ייִדישע), האָט וואַלטער — אין עלטער פֿון 11 יאָר — באַשלאָסן, אַז ער קען נישט גלייבן אין קריסטנטום; דערפֿאַר בלײַבט ער בײַ דער ייִדישער אמונה און גרייט זיך ערנסט צו זײַן בר־מיצווה־פֿײַערונג, בײַ וועלכער עס האָט געערעדט דער באַרימטער מנהיג פֿון דײַטשן ייִדנטום, דער רעליגיעזער דענקער הרבֿ ד"ר לעאָ בעק.

וואָס מער קויפֿמאַן באַקענט זיך מיטן קריסטנטום, מיט זײַן טעאָריע

און פּראַקטיק, אַלץ מער צייגט ער זיך איבער אַז די דאָזיקע רעליגיע איז גאָר ווייט פון די אַלע פּרעטענזיעס וואָס זי שטעלט אַרויס. אַזוי, למשל, פּרעטענדירט זי צו האָבן אַנטדעקט און צו אָנערקענען דעם אַבסאָלוטן ווערט פון יעדן מענטשנס נשמה. אָבער פאַקטיש, טענהט קויפמאַן, האָט די קירכע געהאַנדלט פונקט פאַרקערט: זי האָט פּראַקטיצירט שקלאַפעריי פאַר אַ לאַנגער צייט; די אינקוויזיציע האָט געבושעוועט אין שפּאַניע נישט בלויז אין מיטל־עלטער, נאָר אַפילו אין 19טן יאָרהונדערט. אויך די קריסטלעכע דאָקטרין וועגן גיהנום, ווו מענטשן ווערן אייביק געפּייניקט, איז שרעקלעך אַכזריותדיק, און די דאָזיקע דאָקטרין, באַטאָנט ער, איז דאָך דער היפּוך פון אָנערקענען דעם אומענדלעכן ווערט פון דער מענטשלעכער נשמה. אויב גאָט איז אַזאַ אַכזר, איז עס דאָך יושרדיק פאַר מענטשן צו פּייניקן איינס דאָס אַנדערע. דער פּרוּוו צו אימיטירן גאָט האָט, לויטן קריסטנטום, געפירט צו גרויסער ברוטאַליטעט. ער פירט דעריבער אויס, אַז ס׳איז דאָ אַ דירעקטע פאַרבינדונג צווישן דער לערע פון נייעם טעסטאַמענט און דער אינקוויזיציע. די רעליגיעזע מלחמות און די אַלע שרעקלעכע מערדערייען, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין נאָמען פון קריסטנטום — זיי שטאַמען פון צענטראַלע קריסטלעכע דאָקטרינען.

אַ פּאָר חדשים פאַר זיין טויט, נאָוועמבער 1979, האָט די פּראָמינענטע געלערנטע, די רעדאַקטאָרין פון „דזשויש ספּעקטייטאָר“, ד״ר טרודע ווייס־ראָזמאַרין, אינטערוויוּירט קויפמאַנען. וויסנדיק זיין נעגאַטיווע באַציִונג צו טעאָלאָגיע, וואָס ער באַטראַכט ווי אַ מאַכינאַציע, ווו טעקסטן ווערן מאַניפּולירט צו שטימען מיט די פריִער צוגעטראַכטע מיינונגען פון די טעאָלאָגן; וויסנדיק דאָס אַלץ, פרעגט זי אים: אַזוי ווי ס׳איז איצט אַ גרויסער הו־האַ אַרום חורבן־טעאָלאָגיע: ייִדישע און קריסטלעכע טעאָלאָגן פרעגן, ווו איז גאָט געווען אין אוישוויץ, און פאַר וואָס האָט ער זיך דעמאָלט באַהאַלטן, ווען זעקס מיליאָן ייִדן און פינף מיליאָן נישט־ייִדן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן, און צווישן זיי קויפמאַנס צוויי קרובים; וואָס איז, פרעגט זי, דעם פילאָסאָפס רעאַקציע צו חורבן־טעאָלאָגיע?

אויף דעם ענטפערט איר קויפמאַן אָט וואָס: „איך בין נישט קיין ספּעציאַליסט אין חורבן־טעאָלאָגיע, אָבער ווען איך קריטיקיר טעאָ־לאָגיע, באַמי איך זיך צו באַווייַזן, אַז טעאָלאָגיע איז אַ וואָרט, וואָס ווערט ברייט באַנוצט צו דעקן אַ מאַסע זינד. לויטן באַטייַט פון וואָרט, דאַרף טעאָלאָגיע זייַן די וויסנשאַפט וועגן גאָט; עפּעס וואָס זאָגט אונדז וועגן גאָט, זייַנע אייגנשאַפטן און זייַן באַציִונג צום מענטש און קאָס־מאָס. אָבער וועגן דעם, גלייב איך, איז נישט בנימצא קיין וויסן, און דעריבער איז טעאָלאָגיע נישט מעגלעך. קיין זאַך קען מען אין דער ספערע נישט וויסן... געוויסע מענטשן ווילן זיך אַרויסדרייען מיטן תּירוץ, אַז טעאָלאָגיע איז יעדע סאָרט סיסטעמאַטישע אָפּהאַנדלונג וועגן רעליגיע. אָבער דאָס, האַלט איך, איז אַ באַעוולונג פון באַגריפן. אויב מיר זאָלן דאָס אָננעמען, וואָלטן מענטשן ווי גיבאָן, וואָס האָט געשריבן די ירידה און אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע, און פרויד, און ניטשע, און אַנדערע קריטיקערס פון דער אָדער יענער קירך, איינשליסנדיק מיך, געהייסן טעאָלאָגן. אָבער דאָס מיינט דאָך מזלזל זייַן מיט דער שפּראַך. טעאָלאָגיע איז די וויסנשאַפט וועגן גאָט, זייַן נאַטור, אַטריבוטן און באַציִונג צו מענטש און אוניווערס. דאָך איז נישטאָ קיין וועג אויסצוגעפינען, צי ס'איז דאָ אַ גאָט, אָדער וויפל געטער עס זענען דאָ, אָדער וואָס עס זענען זייַן, אָדער איר, אָדער זייער כאַראַקטער, אָדער אַטריבוטן" („דזשודאַיִזם",ווינטער 1981).

די רעדאַקטאָרין פרעגט ווייַטער דעם פילאָסאָף: אָבער עס זענען דאָ מענטשן, וואָס פרעגן, ווו איז גאָט געווען אין אוישוויץ? אויב מע נעמט אָן, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט, איז די דאָזיקע פראַגע אומפאַרמייַדלעך. אויף דער ענטפערט איר קויפמאַן: וועלכער גאָט? וואָסער סאָרט גאָט? ווו איז געווען שיוואַ [דער גאָט פון הינדויִזם] אין דער צייַט פון אוישוויץ? אָדער ווו איז געווען זעוס, אָדער אַפּראָדיטע? די מענטשן, וואָס שטעלן אַזעלכע פראַגעס, נעמען אָן געוויסע הנחות וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ געוויסן סאָרט גאָט, אָבער זיי האָבן נישט קיין סיבה צו גלייבן, אַז ס'איז קודם־כל געווען אַ גאָט. מענטשן וואָס גלייבן געוויסע זאַכן שאַפן זיך געוויסע פּראָבלעמען. אַלץ ווענדט זיך אין דעם, וואָס מע

מיינט מיטן אויסדרוק גאָט. אויב מע זאָל זאָגן „ווו איז אַפּראָדיטע אָדער זעוס געווען אין אוישוויץ?" איז עס אַ מאָדנע פּראַגע.

אָבער, אין קאָנטעקסט פֿון יהדות, פֿרעגט אים די רעדאַקטאָרין, איז עס, לויט איר מיינונג, יאָ אַ פֿראַגע; ד"ה אויב מע אַפֿירמירט אַ גלויבן אין אַ גאָט, וואָס גיט אַכטונג און קירעוועט די געשיכטע. אָט די פֿראַגע, האַלט קויפֿמאַן, איז נישט מעגלעך צו פֿאַרענטפֿערן, און די וואָס שטעלן זי, קענען בלויז אימפּראָוויזירן און ענטפֿערן, וואָס ס'פּאַסט זיי איין. די רעדאַקטאָרין פֿירט ווײַטער דעם וויכּוח און פֿרעגט אים: פֿאַר אַ גלייביקן איז עס דאָך אַ פּראָבלעם? אויף דעם קומט דער ענדגילטיקער ענטפֿער פֿון אַפּיקורסישן פֿילאָסאָף: „ס'איז אַ שלעכטער אופֿן אַזוי אַוועקצושטעלן די פּראָבלעם. ס'איז ערלעכער און דורכגעטראַכטער צו שטעלן די פֿראַגע אַזוי: פֿאַר אוישוויץ האָב איך געגלייבט אין אַזאַ און אַזאַ גאָט. איך האָב געגלייבט, אַז אַזאַ גאָט האָט עקזיסטירט, און וואָס קען איך נאָך איצט נאָך אוישוויץ גלייבן? ווי דאַרף איך מאָדיפֿיצירן מײַן פֿריִערדיקן גלויבן? דאָס איז אַ שׂכלדיקע שאלה; אָבער, צו פֿרעגן „ווו איז גאָט געווען אין אוישוויץ?" איז, גלייב איך, אַ קלאָץ־קשיא, וועגן וועלכער מע קען קיין וויכטיקע זאַכן נישט זאָגן, אַחוץ אפֿשר עפּעס וואָס איז פּאָעטיש".

נאָך אויף איין מאָמענט אין דער אינטערוויו איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן. פּראָפֿעסאָר קויפֿמאַן, ווי אַן אַגנאָסטיקער, האָט נישט אַפֿירמירט די ייִדישע אמונה. אָבער אין איינעם פֿון זײַנע ווערק שרײַבט ער, אַז אויב ער וואָלט נישט געבוירן געוואָרן אַ ייִד, „וואָלט ער געוואָלט זײַן אַ ייִד". ווײַזט זיך אויס דער רעדאַקטאָרין, אַז דאָס איז אַ סתּירה אין זײַן וועלטבאַנעם. אויף דעם קומט קויפֿמאַנס לאָגישער ענטפֿער, אַז נישט אַקצעפּטירן יהדות, מיינט נישט, אַז ייִד־זײַן איז פֿאַר אים נישט באַטײַטיק. אַ סך ייִדן אין ישׂראל און אין די תּפֿוצות קענען נישט אַפֿירמירן די ייִדישע אמונה, אָבער זײַן אַ ייִד, זײַן אַ טייל פֿון דער דאָזיקער היסטאָרישער טראַדיציע, איז געוואַלדיק זינפֿול פֿאַר זיי. אַוודאי ווייסט קויפֿמאַן, אַז מע קען נישט עלימינירן די ייִדישע רעליגיע פֿון דער ייִדישער געשיכטע, אָבער, שטרײַכט ער אונטער, ער מוז זיך פֿרעגן,

וואָס אין דער טאָטאַלער ייִדישער קולטור איז באַטייַטיק פֿאַר אים. ער פֿאַררופֿט זיך אויף בן־גוריונען ווי איינעם פֿון יענע, וואָס האָבן אָפּגע־וואָרפֿן די ייִדישע רעליגיע, אָבער ייִד־זייַן איז פֿאַר אים און אַ סך אַנדערע וועלטלעכע ייִדן געווען זייער באַטייַטיק.

און מיר וואָלטן געקענט צוגעבן צו קויפֿמאַנס ענטפֿער: די באַגרינ־דערס און פֿירערס פֿון די מאָדערנע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועג־גונגען בייַ ייִדן, וואָס זענען אין זייער רובֿ געווען סעקולערע ייִדן, האָבן געאַרבעט בלבֿ־ונפֿש אויפֿצוהאַלטן און צו באַרייַכערן די ייִדישע גייַס־טיקע ירושה.

(1981)

# יעקבֿ טלמון (טאַלמאָן) — און דער מצדה־קולט

מיט אַ קורצער צייַט צוריק איז געשטאָרבן דער פּראָמינענטער היסטאָריקער יעקבֿ טלמון (1908־1980), אַ היסטאָריקער פֿון סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען במשך די לעצטע צוויי הונדערט יאָר. טלמון האָט געשטאַמט פֿון רוסיש־פּוילן (ריפּין), און איז יונגערהייט געקומען קיין ישׂראל, וווּ ער איז געוואָרן פּראָפֿעסאָר פֿון געשיכטע אין ירו־שלימער אוניווערסיטעט. ער האָט שטודירט אין פֿראַנצייזישע און ענגלישע אוניווערסיטעטן, און ער פֿלעגט אויך פֿון צייַט צו צייַט ווערן פֿאַרבעטן, ווי אַ גאַסט־פּראָפֿעסאָר, אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. צווישן זייַנע וויכטיקע ווערק זענען: דער אָפּשטאַם פֿון טאָטאַליטאַרער דעמאָקראַטיע (1952), פּאָליטישער משיחיזם (1960) און ישׂראל צווישן די פֿעלקער (1970).

ווי אַ ייִד וואָס האָט געשטאַמט פֿון פּוילן, האָט טלמון אויך געקענט

די ייִדיש־קולטור, אָבער זײַנע ביכער האָט ער געשריבן אין העברעיִש און ענגליש. מיר געדענקט זיך, אַז ער איז מיט יאָרן צוריק אויפֿגע־טראָטן בײַ אַ קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט — ייִוואָ, און גערעדט האָט ער ענגליש. ער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט פֿאַר־עפֿנטלעכן אָפּהאַנדלונגען אין בריטישע און אַמעריקאַנער זשורנאַלן. זײַן הויפּט־אינטערעס איז געווען דאָס ייִדישע פֿאָלק, זײַן צוקונפֿט אין ישׂראל און אין די תּפֿוצות. ווי אַ געשולטער היסטאָריקער, האָט ער זיך באַמיט צו זײַן אָביעקטיוו בנוגע געשיכטלעכע פֿענאָמענען. בנוגע הײַנטצײַטיקע שטרײַטפֿראַגעס האָט ער געשטיצט און געפּריידיקט אַ הומאַנעם און רעאַליסטישן ליבעראַליזם.

פּראָפֿ׳ טלמון איז געווען אומאָפּהענגיק אין זײַנע מיינונגען און זיך נישט אידענטיפֿיצירט מיט קיין פּאָליטישער פּאַרטיי אין ישׂראל. די לעצטע יאָרן איז ער פֿונדעסטוועגן אַרויסגעטראָטן קעגן „ליכּוד״ און זײַן פּאָליטיק. ער איז געווען קעגן שאַפֿן קיבוצים אויפֿן מערבֿ־ברעג. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב ישׂראל זאָל הערשן איבער אַ מיליאָן אַראַבער אין די דאָזיקע טעריטאָריעס, וועט עס דערפֿירן צו אַן עקספּלאָזיע, וואָס וועט אי שטעלן אין גרויס סכּנה די ייִדישע מדינה, אי ס׳וועט קאָרומ־פּירן די פּאָליטישע מאָראַל פֿון ייִדן אין ישׂראל: „צי קענען מיר זיך ריכטן, אַז די אַראַבער זאָלן אָנערקענען די גערעכטיקײַט פֿון ציוניס־טישן אידעאַל?״ פֿרעגט ער; דאָס איז פּונקט ווי נאַפּאָלעאָנס פֿאָדערונג, אַז ייִדן זאָל אָנערקענען, אַז זיי גלייבן נישט אין משיחן. אָדער, ווי די פֿאָדערונג פֿון דער קירך, אַז מיר ייִדן זאָלן גלייבן, אַז קריסטנטום איז העכער ווי ייִדנטום: „אַזעלכע דעקלאַראַציעס רירן נישט אָן וואָס דאָס האַרץ גלייבט״.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט טלמון אין זײַנער אַן עסיי (אין חודש־זשורנאַל „ענקאַונטער״), „באַטראַכטונגען פֿון אַ היסטאָריקער אין ירושלים״, געגעבן אַן איבערבליק איבער ייִדישע היסטאָריאָסאָפֿיעס און זייער אָנווענדונג אויפֿן איצטיקן מצבֿ פֿון ייִדישן פֿאָלק. די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג שפּיגלט אָפּ דעם היסטאָריקערס קוק אויף דער ישׂראל־דיקערווירקלעכקײַט און זײַן זאָרג וועגן דער צוקונפֿט. די אויספֿירן צו

וועלכע ער קומט זענען נאָך אַלץ אַקטועל; דערפֿאַר איז כּדאַי זיך מיט זיי צו באַקענען, כאָטש אין זייער אַ קאָנדענסירטער פֿאָרעם.

נישט געקוקט אויף אַלע מאָדערנע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן געשאַפֿן אַ נײַע רעם פֿאַר דער ייִדישער געשיכטע, איז זי דאָך צוריק־געשטויסן געוואָרן אויף די אַלטע וועגן, און ווידער אַ מאָל זענען ייִדן געוואָרן דאָס צילברעט פֿון „לינקס״, וואָס באַשולדיקט אונדז ווי די אַרויסהעלפֿערס פֿון אימפּעריאַליזם. דער איינציקער פֿאַרלאָזלעכער פֿאַרבינדעטער פֿון ישׂראל איז געבליבן דאָס ייִדנטום אין די תּפֿוצות. אָט אויף דעם הינטערגרונט, האַלט טלמון, איז אין ישׂראל אויפֿגעקומען דער מצדה־קאָמפּלעקס. אָבער ווייניק ייִדן גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז די דאָזיקע שיִער נישט וואַגנערישע פֿאַסצינירונג מיט טויט און זעלבסט־מאָרד איז נישט ייִדיש. יהדות גלאָריפֿיצירט לעבן און בלײַבן לעבן. מע פֿאַרגעסט, אַז מצדה איז קיין מאָל נישט אַקצעפּטירט געוואָרן פֿון פֿריִערדיקע דורות ווי אַ וועג צו לעבן אָדער שטאַרבן; און דער קולט פֿון מצדה קען ווערן אַ קרענקלעכע, דעפּעטיסטישע באַשעפּטיקונג; אַנ־שטאָט אַ גלויבן אין נצחון קען דער דאָזיקער מיטאָס שטיצן די איבער־צײַגונג פֿון אַן אומפֿאַרמײַדלעכן סוף. צוליב דעם דאָזיקן קריזיס ווערט אין ישׂראל געשאַפֿן אַ ווײַטגרייכיקע פּאָלאַריזאַציע פֿון די צוויי עקס־טרעמען אין אידעאָלאָגישן ספּעקטער; אַן עקסטרעמער נאַציאָנאַליזם פֿון איין זײַט, פֿון דער אַנדערער זײַט, אַן אומגלויבן אין ציוניסטישן אידעאַל.

וואָס איז, פֿרעגט דער היסטאָריקער, די אויטענטישע ירושה פֿון דער ייִדישער געשיכטע? די אָרטאָדאָקסישע מיליטאַנטן ענטפֿערן: די ייִדישע אמונה. אָבער זיי טרײַבן איבער די שבֿטימדיקע עלעמענטן פֿון ייִדישקײַט אויפֿן חשבון פֿון די שפּעטערדיקע רעליגיעזע, מעטאַפֿיזישע, הומאַניסטישע און אוניווערסאַלע עלעמענטן. זיי ווערן געשטיצט פֿון די סעקולערע, „אינטעגראַלע״ נאַציאָנאַליסטן, פֿאַר וועמען אַלץ וואָס פֿאַר־שטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן איז אַן אָביעקט פֿון גלאָריפֿי־צירונג. און דאָ קומט צו אַ נײַער פֿאַקטאָר, וואָס באַשווערט די מערכה פֿון ישׂראל אין דער וועלט. דער דריטער חורבן, וואָס האָט רעדוצירט

קוואַנטיטאַטיוו דאָס יידישע פֿאָלק, האָט אויך אָפּגעשוואַכט אין די אויגן פֿון דער נישט־יידישער וועלט די ליידן פֿון מיליאָנען היימלאָזע יידן. היטלערס „ענדגילטיקע לייזונג" האָט אין זייערע אויגן פֿאַרענטפֿערט דאָס „יידישע פּראָבלעם". גויים האָבן זיך צוגעוווינט צום אימאַזש פֿון פֿאַרמעגלעכע, עטאַבלירטע און השפּעהדיקע יידישע קיבוצים אין מערבֿ, און זיי אַרט ווייניק דער גורל פֿון יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם אַלעם, איז די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע אַלץ מער געוואָרן געשטויסן זיך אָנצוכאַפּן אין די אַרגומענטן וועגן „היסטאָרישע רעכט" און „געטלעכן צוזאָג", און, פֿאַרשטייט זיך, אין דער נייטיקייט פֿון ישׂראלס זיכערקייט. אָבער די אויערן פֿון דער וועלט זענען נישט אָנגעשטעלט אויף „היסטאָרישע רעכט"־אַרגומענטן. אין אַזאַ סיטואַציע רוקט זיך אַרויס מיסטישער נאַציאָנאַליזם ווי אַ נאַרקאָטיק און אַ פּאַנצער קעגן אינעווייניקסטער אומזיכערקייט און דעם שלעכטן ווילן פֿון אַ רשעותדיקער וועלט.

מיטן אונטערגאַנג פֿון דער רײַכער מיזרח־אייראָפּעיִשער יידישער ציוויליזאַציע האָבן זיך ישׂראלדיקע פֿירערס דערשראָקן פֿאַר ליבע־ראַלער געזעץ־געבונג אין ציווילע חתונות, וואָס קען שטעלן אין אַ סכּנה דעם יידישן קיום. דערפֿאַר האָט מען אײַנגעפֿירט באַגרענעצונגען אין אַזעלכע ענינים ווי שבת־אָפּהיטונג, כּשרות אאַז"וו וואָס רופֿן אַרויס אַ סך פֿאַרדראָסן בײַ ליבעראַלע יידן. אָבער די דאָזיקע נישט־פֿרומע נאַציאָנאַליסטן, וואָס שטיצן אַזעלכע געזעצן אין ישׂראל, פֿאַרגעסן, אַז דערמיט העלפֿן זיי נישט דער מדינה בײַ די מערבֿ־יידן, וואָס זענען צוגעבונדן צו ליבעראַלע ווערטן און לעבנס־אופֿנים, און וואָס האָבן די דאָזיקע ווערטן צו פֿאַרדאַנקען זייער ווווילזײַן און הצלחה.

דער טיפֿער קענער פֿון געשיכטע טלמון פֿאַרענדיקט זײַן דיאַגנאָז, אַז ס'איז נישטאָ קיין האָפֿענונג, אַז יידישע באַזאָרגטקייט וועגן אונדזער קיום — אין אַ סכּנה פֿון דרויסן און אונטערגעמינעוועט פֿון אינעווייניק — וועט ווערן אײַנגעשטילט דורך משיחישע לאָזונגען. „אַ צו גרויסע משׂא וואָס ווערט אַרויפֿגעלייגט אויף געשיכטע צוליב דעם, וואָס מע באַשטימט פֿאַר איר די ראָלע פֿון אַ ראַטעווער, טראָגט מיט זיך איר

אייגענע נקמה״. די דאָזיקע וואָרענונג פֿון אַ ווײַט־זעענדיקן און איבער־געגעבענעם זון פֿון אונדזער פֿאָלק איז כּדאַי צו געדענקען.

(1981)

# אָביעקטיווע און סוביעקטיווע קריטיק

עס טרעפֿט נישט־זעלטן, אַז שרײַבערס און קינסטלערס באַקלאָגן זיך אויף זייערע קריטיקערס און רעצענזענטן, און אַ סך מאָל מיט רעכט. אַזעלכע בריוו פֿון מחברים וואָס פֿילן זיך באַעוולט, געפֿינט מען אָפֿט אין אַמעריקאַנער זשורנאַלן און צײַטונגען. אַ טייל שרײַבערס און אויך געלערנטע באַקלאָגן זיך, אַז ס׳קומט זיי אָן שווער אָפּצודרוקן זייערע אַרבעטן אין פּעריאָדישע שריפֿטן, איידער זיי האָבן געוווּנען אָנער־קענונג. אין שייכות מיט דעם, דערציילט אונדז דזש. מייעראָף אין דער „ניו־יאָרק־טײַמס״ (פֿון 14טן אויגוסט 1979), אַז אין אַמעריקע זענען פֿאַראַן 2700 אַקאַדעמישע זשורנאַלן וואָס גייען אַרויס חודשלעך און פֿערטל־יערלעך, און אַזוי ווי זיי קריגן אַרײַן מער מאַטעריאַל, ווי זיי קענען פֿאַרעפֿנטלעכן, מוזן זיי אויסקלײַבן די סאַמע בעסטע, ס׳הייסט די אַרבעטן, וואָס די רעדאַקטאָרן האַלטן פֿאַר די בעסטע.

אָבער אַזוי ווי אַ סך מחברים, ספּעציעל יענע וואָס זייערע שאַפֿונ־גען ס׳ווערן נישט געדרוקט, זענען דאָך נישט מסכּים מיט דער אָפּשאַ־צונג פֿון די רעדאַקטאָרן, האָט מען זיך אין אַ ריי זשורנאַלן דערטראַכט צו אַ סיסטעם פֿון אַנאָנימקײַט, ס׳הייסט מען באַהאַלט די אידענטיטעט פֿון די שרײַבערס, אַזוי אַז די רעדאַקטאָרן ווייסן נישט די נעמען פֿון די מחברים. דערמיט, מיינען זיי, וועט מען אָביעקטיווער אָפּשאַצן יעדע צוגעשיקטע אַרבעט. ווי ס׳איז איצט, איז מען חושד, אַז די רעדאַקטאָרן גיבן פּריאָריטעט די באַקאַנטערע נעמען פֿון די פּרעסטיזשפֿולע אוניווערסיטעטן. ווי אַ משל, ווײַזט מ״ר מייעראָף אָן אויפֿן פֿאַל מיטן באַרימטן ענגלישן ביאָלאָג און דענקער טאָמאַס האָקסלי, וואָס האָט

געהאַט שוועריקייטן אָפּצודרוקן זײַנע ערשטע אַרבעטן, איידער ער איז געוואָרן באַוווּסט.

אָנהייבנדיק פֿון 1980 וועט מען אין זשורנאַל פֿון דער „מאָדערן לענגווידזש אַסאָסיאײשאַן", וואָס האָט אַ טיראַזש פֿון 32,000 אַבאָנענטן טאָקע אײַנפֿירן אַט דעם אַנאָנימען סיסטעם. דאָ פֿירט זיך, אַז מע שיקט צו ערשט דעם אָנגעקומענעם מאַנוסקריפּט צו אַ „דרויסנדיקן" רעצענזענט, וואָס איז אַ מומחה אויפֿן באַטרעפֿנדיקן געביט און דערנאָך צו אַ פֿאַכמאַן, וואָס איז איינער פֿון די 25 בעלי־יועצים פֿונעם זשורנאַל. אויב ביידע וואַרפֿן אָפּ די צוגעשיקטע אַרבעט, ווערט זי נישט געדרוקט. אויב אָבער ביידע נעמען זי אָן, ווערט עס ענדגילטיק באַשטימט פֿון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון זעקס מיטגלידער.

אָבער דאָס איז אַלץ חל אויף אַרבעטן וואָס דאַרפֿן ערשט פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אין פּעריאָדישע שריפֿטן. ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט שוין געדרוקטע ביכער, וואָס דאַרפֿן רעצענזירט ווערן? דאָ איז דאָך שוין נישט שייך אַנאָנימקייט, איז ווי פֿאַרזיכערט מען אָביעקטיווקייט אָדער פּשוטע ערלעכקייט מצד די רעצענזענטן? אָט די פּראָבלעם, ווײַזט אויס, האַלט נאָך נישט בײַ פֿאַרענטפֿערט ווערן. אין די אַנאַלן פֿון דער וועלט־ליטעראַטור הערן מיר דערפֿאַר אָפּט וועגן דעם „אייביקן קאַמף" צווישן קינסטלער און קריטיקער. אונדזער אייגענער קריטיקער שמואל ניגער האָט אויף דער טעמע אָנגעשריבן איינס פֿון זײַנע בעסטע ביכער, קריטיק און קריטיקער. דער דאָזיקער וויכּוח, צי ס'איז מעגלעך אַן אָביעקטיווע קריטיק, וועט מסתּמא נאָך אָנהאַלטן אַ לאַנגע צײַט — סײַ בײַ די אומות־העולם, סײַ בײַ ייִדן.

פֿונדעסטוועגן זענען מיר אויך אין דער פֿראַגע נישט געגליכן צו דער גוייִשער וועלט; מיר זענען אויך אין דעם פּרט אין אַן ערגערן מצב. ספּעציעל דער ייִדיש־שרײַבער, וואָס האָט שוין באַלד נישט קיין פּעריאָדישע שריפֿט, וווּ זיך צו דרוקן. און נאָך ווייניקער פֿאַרמאָגן מיר, באַזונדערס אין אַמעריקע, קוואַליפֿיצירטע רעצענזענטן, ווער רעדט שוין פֿון קריטיקערס. ס'איז דעריבער שווער זיך צו באַפֿרײַען פֿון אַ קינאה־געפֿיל לגבי די ענגליש־שרײַבנדיקע ייִדן וועמענס עולם־הבא איז

אפשר ספּקדיק — מע וועט זיי אפשר נישט „פאַראייביקן" אין די ליטע־ראַטור־געשיכטעס פון יענע פעלקער אין וועמענס שפּראַכן זיי שאַפן זייערע ווערק — אָבער מיט עולם־הזה זענען זיי כאָטש פאַרזאָרגט: זייערע שאַפונגען ווערן רעצענזירט פון פאַכלײַט, מיט הויכע ליטע־ראַרישע קריטיעריעס און אַ ראַפינירטן געשמאַק און סטיל. בײַ אונדז, בעוונותינו־הרבים, איז יעדער רעצענזענט אַן „עקספּערט" (לייען: אַ דילעטאַנט) אויף אַלע פעלדער פון שאַפן — אַן אַלצוויסער וואָס זאָגט מבֿינות אויף פּאָעזיע, בעלעטריסטיק, יודאַיִקאַ, מאַרקסיזם און, „פאַר־שטייט זיך", אויף פילאָסאָפיע, און אַ מאָל אויך אויף פילאָלאָגיע, און וואָס נישט!

אין אונדזער אײַנגעשרומפּן ייִדיש־ליטעראַרישן וועלטל איז כמעט נישט מעגלעך, אַז דער רעצענזענט זאָל נישט קענען פּערזענלעך זײַנע „קרבנות" און זאָל נישט פירן אַ חשבון מיט יעדן פון זיי לויט דער פרימיטיווער מאָראַל: אויב דו האַלטסט נישט פון מיר, האַלט איך נישט פון דיר! הײַנט ווי קאָן מען פאַרלאַנגען אָביעקטיווקײַט, אָדער אַפילו צײַטנווײַז פּשוטע ערלעכקײַט פון אַזאַ „קריטיקער"!...

(1981)

# די רוסישע ייִדן און זייערע אַמעריקאַנער עצה־געבערס

ווער עס האָט נאָר אַ פּען אין האַנט, שרײַבט מיט רוגזה וועגן די רוסישע ייִדן, די אַזוי גערופענע „נושרים", וואָס באַשליסן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, קאַנאַדע אָדער אויסטראַליע, אַנשטאָט ישׂראל. אײן עצה־געבער מוסרט זיי, אַז זיי האָבן נישט קיין ווערט פאַרן ייִדישן פאָלק, ווײַל ער זעט זיי נישט אויף די ניו־יאָרקער ייִדישע פאַרזאַמלונגען, ווו ער קומט. גלײַך ווי זיי האָבן נישט קיין רעכט צו זײַן אומצופרידן מיטן אינהאַלט און ניוואָ פון די דאָזיקע אַסיפות. אַן אַנדערער, אַן אָרטאָ־

דאָקסישער רבֿ, וואָס איז בלויז עולה רגל פֿון צײַט צו צײַט קיין ישׂראל, אָבער ער בלײַבט אַ שטענדיקער תּושבֿ אין ברוקלין, איז ממש שאַקירט פֿון זייער „חוצפּה" צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, בעת ער אַליין פֿילט זיך נישקשה אין „גלות". אַ דריטער איז „באַזאָרגט", אַז דאָ, אין אַמעריקע, וועלן זיך די רוסישע ייִדן אַסימילירן און פֿאַרלוירן גיין פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, בעת זיך אַליין און זײַנע קינדער האָט ער „געטרויט" אַמעריקע.

מיר קענען „פֿאַרשטיין" — כאָטש נישט מסכּים זײַן — מיט די תּרעומות פֿון די ישׂראלים, וואָס וואָלטן וועלן זען אַלע רוסישע ייִדן אין ישׂראל. אָבער ווי דערקלערט מען אַזאַ באַציִונג מצד אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס האָבן זיך אַליין אײַנגעאָרדנט אין „גלות אַמעריקע", און הייסן אַנדערע ייִדן פֿאָרן קיין ישׂראל? די דאָזיקע טאָפּלטע בוכהאַלטעריע פֿון „פֿריידיקן וואַסער פֿאַר יענעם, און אַליין טרינקען משקה", מוז שאָקירן יעדן אויפֿריכטיקן מענטש, און אַזאַ היפּאָקריטישקײַט איז עלול אָפּצו־פֿרעמדן יונגע ייִדישע אידעאַליסטן פֿון ייִדישן קאָלעקטיוו. דערפֿאַר איז כּדאַי צו הערן וואָס עס דערציילט אונדז אַ „קאָנסערוואַטיווער" ראַבײַ, וואָס האָט זיך באַקענט אויפֿן אָרט — אין איטאַליע — מיט אַ גרופּע רוסישע ייִדן, וואָס גרייטן זיך צו קומען קיין אַמעריקע. און נאָך דעם ווי ער האָט געזען די רוסישע ייִדן פֿון דער נאָענט, איז ער געקומען צו גאָר אַן אַנדער מיינונג, ווי ער האָט געהאַט פֿריִער.

ראַבײַ סטענלי ראַבינאָוויץ פֿון וואַשינגטאָן גיט אָפּ אַ באַריכט וועגן אַ וויזיט אין איטאַליע, וווּ ער האָט זיך באַקענט מיט די פֿאַרשיידענע אַס־פּעקטן פֿון רוסיש־ייִדישן עקזאָדוס*. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט רוסישע ייִדן און געוואָלט וויסן פֿאַר וואָס זיי פֿאָרן נישט קיין ישׂראל. ער האָט פֿון זיי באַקומען אַזעלכע ענטפֿערס: יעדע רוסיש־ייִדישע משפּחה האָט דורכגעמאַכט שרעקלעכע איבערלעבונגען בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה; ווילן זיי נישט אויסשטעלן זייערע קינדער צו דער סכּנה פֿון אַ נײַער מלחמה, און אין ישׂראל איז נאָך דאָ אַזאַ סכּנה. אַן אַנדערער האָט דעם ראַבײַ געזאָגט: מײַן גאַנץ לעבן האָב איך

1) Conservative Judaism, Summer, 1979.

געהאַט ווייניק ברירות, באַשלוסן פֿאַר מיר האָט אַלע מאָל געמאַכט די רעגירונג, אָדער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. מע האָט מיר באַפֿוילן, ווו איך מוז וווינען, ווו איך מוז גיין אין שול, און וואָס איך מוז לערנען. איצט וויל איך אַליין דאָס אַלץ באַשטימען. אויב איך פֿאַר קיין אַמע־ריקע, האָב איך אַ ברירה: וועל איך דאָרטן זײַן צופֿרידן, וועל איך פֿאַר־בלײַבן, און אויב נישט, קען איך פֿון דאָרטן אַוועקפֿאָרן. אויב אָבער איך פֿאָר קיין ישׂראל, און עס זאָל טרעפֿן, אַז איך בין נישט צופֿרידן, וועל איך זײַן אין אַ פּאַסטקע: איך וועל פֿון דאָרט קיין מאָל נישט קענען אַוועקפֿאָרן. דערצו קריגן זיי בריוו פֿון קרובֿים און פֿרײַנד אין ישׂראל, וואָס באַקלאָגן זיך אויף די שוועריקײַטן בײַם אײַנאָרדענען זיך אין דער ייִדישער מדינה.

דער ראַבײַ פּירט אויס זײַן באַריכט, נאָך דעם ווי ער האָט אָבסער־ווירט די אַרבעט פֿון „דזשאָינט״, „האַיאַס״ און „אָרט״ אין איטאַליע: „איך בין געקומען אַהער מיט אַ פֿאָראורטייל, וואָס איז געווען לטובֿת דעם אײַנשטעל פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. מײַן באַציִונג צו די „נושרים״ האָט זיך וואַריִירט פֿון נײַטראַליטעט ביז פֿײַנדשאַפֿט. פֿון די פֿיר זין פֿון דער הגדה זענען די רוסישע ייִדן בײַ מיר געווען געגליכן צום רשע. איצט בעט איך זיי, זיי זאָלן מיר מוחל זײַן״. פֿאַרגלײַכן זיי צום רשע וועט בלויז פֿאַרערגערן די זאַך, מע וועט זיי דערמיט פֿאַרטרײַבן פֿון ייִדישן כּלל. זיי זענען גיכער געגליכן צו „קינדער וועמען געצן־דינערס האָבן געפֿאַנגען״. „מיר ריכטן זיך אויף צו פֿיל פֿון די רוסישע ייִדן. דאָס זענען מוטערס, פֿאָטערס און זיידעס וואָס ס'איז זיי נימאס־ומאוס צו לעבן אונטער דער דיקטאַטור פֿון קאָמוניזם, פֿון ווערן גערופֿן „זשיד׳״.

ס'איז נישט אמת, דערקלערט קאַטעגאָריש דער ראַבײַ, די באַשול־דיקונג אַז דער „האַיאַס״ אָדער דער „דזשאָינט״ אַנטמוטיקן זיי צו פֿאָרן קיין ישׂראל, ווײַל נאָך איידער זיי פֿאָרן אַרויס פֿון דער „היים״, האָבן זיי שוין באַשטימט וווהין זיי ווילן עמיגרירן. די דזשאָינט־ און האַיאַס־פּראָ־גראַמען און די הילף, וואָס זיי קריגן פֿון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, האַלטן אויף זיי און זייערע קינדער אין ייִדישן ציבור, און וואָלט מען זיי

אָפּגעזאָגט די דאָזיקע הילף, וואָלט עס געווען אַכזריותדיק. דער ראַבײַ האָט עטלעכע רוסישע יִידן געפרעגט: מיט וואָס פֿילט איר זיך ווי אַ יִיד? דער ענטפֿער: ווײַל מע רופֿט מיך „זשיד"; ווײַל מײַן זיידע האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ יִיד; ווײַל מײַן באָבע רעדט נאָך יִידיש; ווײַל מײַנע קינדער זענען אַהיימגעקומען פֿון שול און האָבן דערציילט, אַז מע האָט זיי געררופֿן „יִידן". ס'איז כּמעט אַ נס, פֿאַרענדיקט ראַבײַ ראַבינאָוויץ, וואָס עס זענען נאָך דאָ יִידן אין רוסלאַנד, וואָס ווילן פֿאַרבלײַבן יִידן, נאָך דער צוואַנג־אַסימילאַציע וואָס די רעגירונג ווענדט אָן. און אויב מיר וועלן זיי מפֿקיר זײַן, וועלן מיר פֿאַרלירן אי זיי, אי זייערע קינדער. מיר דאַרפֿן קוקן מיט פֿאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע אויף דעם קלעם פֿון די סאָוועטישע יִידן און העלפֿן זיי זיך אײַנבירגערן אינעם יִידישן קיבוץ, וואָס זיי קלײַבן אויס.

אין אַן ענלעכן סימפּאַטישן טאָן רעדט אַרום דעם ענין דער „רעקאָסטראַקשאָניסט" (יולי, 1979). ער באַגריסט די אויפֿטוען בײַם אַבסאָרבירן די רוסישע יִידן אין אַמעריקע, און כאָטש זיי האָבן זיך, ווי ס'מיינט דער רעדאַקטאָר, גיכער צוגעפּאַסט צו דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿט ווי צום ספּעציפֿיש יִדיש־אַמעריקאַנער יִישובֿ, האָפֿט ער אַז זייער לאַנגע אָפּפֿרעמדונג פֿון דער יִדישער טראַדיציע וועט מען בהדרגה גובֿר זײַן. די רעדאַקציע דריקט אויך אויס די האָפֿענונג, אַז די פֿירערס פֿון דער יִדישער אַגענטור און דער „האַיאַס" וועלן „אויס־אַרבעטן אַ צופֿרידנשטעליקע אַראַנזשירונג" אַזוי, אַז פֿאָנדן וואָס ווערן בײַגעשטײַערט לטובֿת קיבוץ־גליות זאָלן ווערן באַנוצט פֿאַרן דאָזיקן צוועק, און גלײַכצײַטיק וועט מען קיינעם נישט אָפּזאָגן די נייטיקע הילף פֿאַר האָבן פֿרײַ אויסגעקליבן צו עמיגרירן אין דעם לאַנד צי אין יענעם לאַנד.

(1980)



מיין טאַטע ר׳ יעקב לעדערמאַן ז״ל
אין יאָר 1910 אין ניו־יאָרק



מיין מאַמע ברײנע (גיפּס) לעדערמאַן ז״ל
אין באָדזאַנאוו, אין יאָר 1922



שואל (לעדערמאַן) גוטמאַן
אין 1920, אין פלאָצק



מיין ברודער מעכל לעדערמאַן ע"ה
אין 1925



מיין ברודער בינעם לעדערמאַן ע"ה
אין 1927

# אַ משפּחה אין פּוילן

## (בלעטער זכרונות פֿון מײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן)

די דאָזיקע זכרונות ווידמע איך
מײַנע אייניקלעך רחל און נעמי

איצט ווען מיר האַלטן בײַם סוף פֿון דער נײַנטער דעקאַדע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; ווען עס ווילט זיך מיר אויפֿוועקן מײַן קינדהײַט און יוגנט פֿון לאַנגיאָריקן דרימל — ווייס איך ווי שווער עס וועט מיר אָנקומען צו מאָלן אָביעקטיוו די אויסערלעכע און אינערלעכע וועלט פֿון יענער צײַט, פֿון יענעם גײַסטיקן קלימאַט, פֿון יענער יידיש־פּוילישער אומגעבונג, אין וועלכער איך בין אויפֿגעוואַקסן, זיך גײַסטיק אַנטוויקלט ביז איך האָב פֿאַרלאָזט מײַן געבוירן־לאַנד. די דאָזיקע דעראינערונגען מײַנע וועלן מסתּמא זײַן באַפֿאַרבט פֿון מײַנע איצטיקע שטימונגען, געמיט־צושטאַנד, און רעיונות. עס קען אַנדערש נישט זײַן. דאָך וועל איך פּרובירן זײַן אַזוי סוביעקטיוו־אָביעקטיוו ווי מע קען זײַן וועגן זיך אַליין, וועגן די נאָענטסטע און טײַערסטע. די פֿאַקטן, אויף וויפֿל איך געדענק זיי, וועלן זײַן פּינקטלעך, און וועלן רעדן פֿאַר זיך אַליין.

דאָס פֿריסטע פֿון מײַן קינדהײַט וואָס איך געדענק, ווען איך בין אַלט געוועזן אַרום דרײַ יאָר, איז מײַן געוויין בעת טאַטע־מאַמע זענען אַוועקגעפֿאָרן צו דער חתונה פֿון פֿעטער לאָזער (אליעזר) גיפּס — מײַן מאַמעס ייִנגסטער ברודער — און מיך האָט מען נישט מיטגענומען. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — אין 1907 — ווען מײַן טאַטע איז מיט פֿינף דערוואַקסענע זין און טעכטער, וואָס זײַנען ערשטע פֿרוי אסתּר האָט געבאָרן, אַוועק קיין אַמעריקע, געדענק איך נישט די געזעגענונג.

דאָס שטעטל ווו מיר האָבן געלעבט, באָדזאַנאָוו, ליגט צווישן פּלאָצק און ווישעגראָד, אַרום 20 קילאָמעטער פֿון די דאָזיקע צוויי שטעט בײַ דער ווײַסל. בײַם סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט

מײַן ברודער בינעס לעדערמאַן — אין אַ לענגערן בריוו אין „פֿאָר־ווערטס" פֿון 22סטן יולי, 1946 — געמאָלן דאָס שטעטל באָדזאַנאָוו אַזוי: ערבֿ דער מלחמה איז די צאָל ייִדן אין באָדזאַנאָוו געווען איבער 1600 נפֿשות, קריסטן אַרום 3000. געווען דאָרטן אָרגאַניזאַציעס פֿון „אגודת ישׂראל", „פּועלי אמונת־ישׂראל", „פּועלי־ציון", „בונד", רעוויזיאָניסטן, „יונגט־בונד־צוקונפֿט", און „בנות אגודת־ישׂראל". אין שטעטל האָבן פֿונקציאָנירט דרײַ ביבליאָטעקן מיט איבער 5000 ביכער, אין דער „בית־יעקבֿ שול" האָבן געלערנט 85 מיידלעך, אַחוץ דעם שטאָטישן בית־מדרש, איז אויך געווען אַ בית־המדרש פֿון פּועלי־אמונת־ישׂראל, אַ גערער שטיבל, און אַ מנין פֿון האַנטווערקער־פֿאַראיין, אַ גמילות־חסדים־קאַסע, און אַ פֿאָלקס־באַנק. פֿאַרשטייט זיך אַז ס'איז געווען אַ רבֿ, אַ חזן, אַ שוחט און אַ שמש. הונדערט ייִנגלעך האָבן געלערנט אין עטלעכע חדרים. יעדן טאָג פֿלעגט מען פֿאַרקויפֿן 50 עקזעמפּלאַרן פֿון „מאָמענט", „הײַנט", און „פֿאָלקס־צײַטונג".

דער טאַטע אונדזערער, ר' יעקבֿ לעדערמאַן, איז געווען אַ ייִד פֿון מיטעלן וווּקס, באַוווּסט ווי אַ למדן, און דערצו אַ מענטש מיט אַ הדרת־פּנים. ער איז אין דער יוגנט געווען אַ גערער חסיד, שפּעטער אַ משׂכּיל, אַ בעל־מנגן, אַ כּלל־טוער, און אַ בורר. מיר האָבן געוווינט אין אַן אייגן צוויי־שטאָקיק־הויז, און געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־קראָם וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעפֿירט. אין אונדזער שטעטל איז מײַן טאַטע געווען באַוווּסט ווי אַ וועלט־ און מענטשן־קענער — אין דער יוגנט איז ער געווען במשך אַ יאָר אין לאָנדאָן, און שפּעטער פֿיר יאָר אין ניו־יאָרק — איז ער אין זײַן טאָג־טעגלעכן אויפֿפֿיר נישט געווען אַנדערש פֿון אַנדערע פֿרומע ייִדן. ער האָט צווישן זײַנע ידידים געהאַט נישט בלויז דעם רבֿ נאָר אויך משׂכּילים וואָס האָבן געלייענט די „הצפֿירה", און דעם „קוריער וואַרשאַווסקי".

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, און איך בין שוין געווען אַ 10־11 יעריק ייִנגל פֿלעג איך אָבסערווירן דעם טאַטנס „סתּירות": אַט פֿירט ער אָן אין בית־מדרש מיט דער „חבֿרה משניות", היט אָפּ אַלע מצוות־מעשׂיות, און גלײַכצײַטיק ציט ער אַלעמאָל מײַן אויפֿמערק צו ר' אברהם

אבן עזרא׳ס (1092־1167) פּיאָנערישן ביבל־קריטישן פּירוש — צו דער געשיכטע פֿון יציאת־מצרים — וואָס איז פֿול מיט אַפּיקורסישע רמזים און אינטערפּרעטאַציעס. שפּעטער האָב איך פֿאַרשטאַנען אַז אויך פֿרומע לומדים פֿרעגן אַ סך קשיות, און זעען נישט־ווייניק ווידערשפּרוכן אין תנ״ך.

די מאַמע מײַנע, ברײַנע (פֿון דער היים: גיפּס) איז געווען אַ ייִנגערע שוועסטער פֿון טאַטנס ערשטער ווײַב אסתר, וואָס איז געשטאָרבן בײַם געבורט פֿון איר נײַנט קינד; מײַן מאַמע איז געווען אַ סך ייִנגער פֿון טאַטן, אַ שיינע פֿרוי, מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער — אַן אמתע אשת־חיל. בעת דער טאַטע איז געווען במשך פֿיר יאָר אין אַמע־ריקע — פֿון 1907 ביז 1911 האָט זי געקענט אָנפֿירן אי מיט דעם קראָם, אי דערציִען דרײַ קינדער — שואל, בינעם און מעכל — וואָס זענען אַלט געווען פֿינף, דרײַ און איין יאָר. זי פֿלעגט נאָך פֿון צײַט צו צײַט פֿאָרן קיין וואַרשע, קיין לאָדזש און אַנדערע שטעט אײַנהאַנדלען סחורה פֿאַרן געוועלב. ווען איך בין געווען אַ 7־8 יאָר אַלט פֿלעג איך מיט איר מיטפֿאָרן ווי אַן אַרויסהעלפֿער.

אַוודאי האָט מיך די מאַמע געשיקט אין אַ חדר — און איך געדענק נישט קיין שום שלעכטס וועגן מײַן ערשטן מלמד, בלויז איין מאָל האָט ער מיר געגעבן אַ פּאַטש, ווײַל איך האָב נישט געענטפֿערט ריכטיק אויף זײַנס אַ פֿראַגע, „איך האָב זיך פֿאַרקוקט אויף נעכטיקע טעג און פֿייגע־לעך״. האָב איך צו אים מער נישט געוואָלט גיין, און די מאַמע האָט מיך געשיקט צו אַן אַנדער מלמד. מײַן פֿעטער שיע דאָרן — אַ כהן מיט אַ פֿײַערדיקער רויטער באָרד איז געווען קינדערלאָז און האָט ליב געהאַט קינדער. ער פֿלעגט מיר קנײַפּן אין באַק, און אַנקוועלן ווען איך פֿלעג זאָגן פֿון אויסנווייניק די פּרשה פֿון דער וואָך.

אַרום 1910 האָט מען אין באַדזאַנאָוו געגרינדעט אַ ישיבֿה. מען האָט אַהערגעבראַנגט מלמדים פֿון זשיכלין, ווישעגראַד, און אַנדערע שטעט. אַזוי ווי איך בין געווען דער ייִנגסטער אין מײַן כּיתּה פֿלעגן מיך די עלטערע ייִנגלעך טעראָריזירן. דאָ איז מיר געקומען צו הילף מײַן קוזין שיע וואָלף, וואָס איז געווען עלטער פֿון מיר מיט דרײַ יאָר. די ישיבֿה

האָט אָנגעהאַלטן בלויז עטלעכע יאָר. לויט די דעמאָלטיקע צאַרישע געזעצן וואָס האָבן געגאָלטן אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן ייִדישע קינדער געדאַרפֿט לערנען רוסיש עטלעכע שעה אין וואָך. דער רוסישער לערער וואָס האָט אונדז געלערנט האָט געהאַט אַ האַרטן־פֿאַר־גליווערטן פּנים פֿון אַ טשינאָווניק. איין מאָל האָט ער מיר געשטעלט אַ פֿראַגע, און ווען איך האָב נישט געגעבן דעם ריכטיקן ענטפֿער, האָט ער מיר דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ אין האַנט מיט אַ הילצערנער ווירע, אַז עס האָט מיר שטאַרק וויי געטון — און איך האָב זיך פֿון דעמאָלט אָן געשראָקן פֿאַר אים.

די פֿיר יאָר וואָס דער טאַטע איז געווען אין אַמעריקע האָבן זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מײַן זיכּרון. איך בין דאָך געווען דער כּלומר־שטער אָפּעקון פֿון מײַנע ייִנגערע צוויי ברידערלעך: בינעם און מעכל. ווען ס'איז אָנגעקומען אַ ייִדישער יום־טובֿ און די מאַמע האָט אונדז באַ־קליידט מיט די שענסטע בגדים וואָס מיר האָבן געהאַט, פֿלעגן די אַנ־דערע ייִנגעלעך אין בית־המדרש ווזהין מיר זענען געקומען, אונדז באַטראַכטן און באַטאַפּן, און זאָגן מבֿינות — דעמאָלט פֿלעג איך זיך דערפֿילן פֿאַריתומט אָן דעם טאַטן. עס האָט מיר אויך וויי געטון פֿאַר דער מאַמען, וואָס זי איז אַליין, און דערצו פֿלעגט זי דעמאָלט שטאַרק לײַדן פֿון צאָן־ווייטיק. ערשט יאָרן שפּעטער איז זי געפֿאָרן קיין פּלאָצק צו אַ דענטיסט, און זיך אַרײַנגעשטעלט נײַע ציין. אין קאָמפּליצירטע ענינים וואָס פֿלעגן אויפֿקומען פֿון צײַט צו צײַט איז איר עצה־געבער געווען איר שוואָגער — מײַן פֿעטער שמואל־אבא זעמעל — אַן איידע־לער און גוטער מענטש, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פֿון אַ שניט־קראָם נישט ווײַט פֿון אונדזער הויז.

ענדלעך איז אין יאָר 1910 אָנגעקומען פֿון טאַטן שיפֿסקאַרטן און געלט אַז מיר זאָלן זיך גרייטן צו פֿאָרן קיין אַמעריקע. אָבער מײַן מאַמע האָט זיך געקווענקלט, און נאָך אַ לענגערן ייִשובֿ־הדעת האָט זי באַ־שלאָסן אַז מיר פֿאָרן נישט. ערשטנס, איז איר געווען שווער זיך צו צע־שיידן מיט איר גרויסער משפּחה אין באָדזאַנאָוו: דאָ האָבן געוווינט אירע פֿינף שוועסטער מיט זייערע פֿאַמיליעס, און באַלד דערנעבן —

אירע ברידער אברהם רחום (ראַכעם), און לאַזער גיפּס. צווייטנס, האָט די מאַמע געזאָגט, אין אַמעריקע וועלן די קינדער אויסוואַקסן גויים, און דערצו האָט זי געהערט אַז אין אַמעריקע האָט מען נישט קיין דינסטן, און ווען אַלע קינדער וועלן גיין אַרבעטן אין די שעפּער וועט זי דאַרפן זיין די דינסט פאַר אַלעמען. ווי אַ פּועל־יוצא איז דער טאַטע, מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1911, אַהיימגעקומען. פאַר מיר איז דאָס דעמאָלט געווען אַ גרויסע פרייד: איך בין געוואָרן אויס „יתום״.

## די יאָרן 1914־1911 —
## די בעסטע יאָרן פון מײַן קינדהייט

ווען מײַן טאַטע איז אַהיימגעקומען פון אַמעריקע, געדענק איך אַז זײַנע ידידים אין שטעטל זענען געקומען צו אונדז, און עטלעכע האָבן באַטראַכט דעם טאַטן, און באַמערקט צו אים, אַז זיין באָרד וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן גרויען איז עפּעס צו גלײַך, און שיין; זיי האָבן אים חושד געווען אַז ער שערט זי — ס׳הייסט אַז ער איז אין אַמעריקע „קאַליע״ געוואָרן; אָבער ער האָט עס געלייקנט. פאַר אַ שטיקל צײַט נאָך זײַן צוריקקומען האָט ער געטראָגן די געקירצטע מלבושים לויטן דעמאָלטיקן אַמעריקאַנער מנהג בײַ משכּילים־אָרטאָדאָקסן; דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט: אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז ער צוריק אַרײַן אין דער ייִדיש־פּוילישער הלבשה פון לאַנגע קאַפּאָטעס.

באַדזאַנאָוו האָט אַמאָל, נאָך אין אַכצנטן יאָרהונדערט געהאַט ווי איר רבֿ דעם באַרימטן רעליגיעזן משׂכּיל ר׳ יהודה לייב מרגליות, וועמען אהרן צייטלין באַצייכנט ווי אַן אַנטי־מענדעלסאָן־משׂכּיל (גע־באָרן אין 1747; געשטאָרבן אין פראַנקפורט אויפן אָדער אין 1811). (זע: ישׂראל צינבערג: די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן; 5טער באַנד; ניו־יאָרק, 1943; ז״ז 302־307; צינבערג האָט על פּי טעות גע־שריבן: בוסנאָוו, אַנשטאָט באַדזאַנאָוו; ער האָט אויך פאַרביטן פּלאָצק, ווו הרבֿ מרגליות איז שפּעטער געווען רבֿ אויף פּאָלאָצק. זע אויך אהרן צייטלינס מאמר אין „הדואר״, כ״ו אָדר א׳ תשי״ט, 6 מאַרץ, 1959. זע ספּעציעל: בײַלאַגע 2, בײַם סוף פון בוך.)

במשך מײַן קינדהײַט און יוגנט איז אין אונדזער שטעטל געווען דער רבֿ: ר׳ חנוך־הענעך נאַוורי, אַ למדן, און אַ שטרענג־פֿרומער ירא־שמים, אָבער גלײַכצײַטיק דערפֿאַרן אין לעבנס־ענינים, און באַקאַנט מיט די גײַסטיקע שטרעמונגען צווישן ייִדן אין זײַן צײַט. (זע וועגן זײַן טראַגישן טויט: ש. ניגער: „קידוש־השם״; ציקאָ ביכער־פֿאַרלאַג; ניו־יאָרק, 1948; זײַט 354; און דעם „פֿאַרווערטס״ פֿון 4טן דעצעמבער, 1945). האָט דער רבֿ פֿון שטעטל, ווײַזט אויס, באַשלאָסן, אין 1911, אָדער 1912, אַז ער אַליין וועט זײַן דער בעסטער רבי־לערער פֿאַר זײַן בן־יחיד שמשון — אַ ייִנגל אין מײַן עלטער. ער האָט אויסגעקליבן דרײַ ייִנגלעך אין זײַן זונס עלטער, וואָס האָבן געשמט ווי פֿעיִקע תּלמידים, ווי מיטלערנער מיט שמשונען. בין איך געווען איינער פֿון זיי.

דער רבֿ האָט באַווינט אַ הויז גלײַך לעבן בית־המדרש. מיר פֿלעגן קומען צו אים אין זײַן גרויסן צימער פֿול מיט ספֿרים גאַנץ פֿרי — ווינטער־צײַט איז נאָך געווען פֿינצטער. דאָס ערשטע יאָר האָבן מיר דער עיקר געלערנט גמרא מיט תּוספֿות; דאָס צווייטע און דריטע יאָר האָבן מיר אָפּגעגעבן מער צײַט אויף „יורה־דעה״, „חושן משפּט״, אויף דער „משנה־תּורה״ פֿון רמבם, און שפּעטערדיקע פּוסקים. מיר פֿלעגן לערנען בײַ אים עטלעכע שעה אין דער פֿרי, און עטלעכע שעה נאָך מיטאָג. ווען שטעטלשע ייִדן פֿלעגן קומען צו אים מיט אַ דין־תּורה זענען מיר אַרײַן אין בית־מדרש ווו עלטערע בחורים האָבן אַליין געלערנט. איך פֿלעג דעמאָלט ליב האָבן צו לייענען אין תּנ״ך די נבֿיאים וועלכע מיר האָבן אין חדר נאָך נישט געהאַט געלערנט. דער עיקר האָבן מיך פֿאַרכאַפּט, אימפּאָנירט, און באַאײַנדרוקט ישעיהו, יחזקאל און ירמיהו. זייערע פֿלאַקערדיקע, שטורמישע שטראָף־ און טרייסט־רייד, אויסגעדריקט אין עקספּלאָסיווע, מוזיקאַלישע פֿערזן און מעטאַפֿאָרן האָבן געמאַכט אַן אומפֿאַרגעסלעכן רושם אויף מיר. זיי האָבן מיך באַאײַנדרוקט מיט זייער דערהויבנקײַט, פּאָעטישער קראַפֿט און עטישקײַט, און זיי, די נבֿיאי־צדק, זענען געווען דער הויפּט־מקור פֿון מײַנע שפּעטערדיקע סאָציאַליסטישע אָנשויונגען.

טיילמאָל פֿלעגט דער רבֿ אונדז איבערגעבן דעם תּמצית פֿון אַ דין־

תּורה, און איין מאָל, געדענק איך, האָט ער אונדז געזאָגט, אַז דער אָנ־קלאָגער האָט זײַנע טענות און אַרגומענטן נאָר וואָס אויסגעלערנט אין רמבמ׳ס „משנה־תּורה״.

איין מאָל האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: ס׳איז געווען אַ וואַרעמער, זומערדיקער טאָג, ווען צוויי ייִדן זענען געקומען צום רב מיט אַ דין־תּורה. זענען מיר, פֿיר תּלמידים, אַרויסגעגאַנגען אויף דער לאַנקע הינטערן רבֿ׳ס הויז. מיר האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ פּילקע־שפּיל; מיר האָבן פֿאַרגעסן אין לערנען, און אַז מיר דאַרפֿן צוריקגיין אין רבֿ׳ס הויז, אויב די דין־תּורה איז שוין פֿאַרענדיקט. נאָך עטלעכע שעה שפּילן אין פּילקע דערזען מיר פּלוצלונג ווי דער רבֿ שטייט נישט ווײַט פֿון אונדז, און באַטראַכט אונדז מיט אַן איראָנישן בליק, ווי ער וואָלט געזאָגט: אויף אַזוינס האָב איך זיך נישט געריכט. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און מיט אַ געפֿיל פֿון זינדיקייט, מיט שעמעוודיקייט זענען מיר געגאַנגען ווײַטער לערנען. דער רבֿ האָט אונדז קיין איין וואָרט מוסר נישט געזאָגט. ער האָט פֿאַרשוויגן די גאַנצע געשיכטע, אָבער ער האָט זי נישט פֿאַר־געסן... מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, ווען איך בין מיטן טאַטן געגאַנגען אין רבֿ׳ס סוכּה; ווען די שענסטע באַלעבאַטים פֿון שטעטל האָבן זיך משׂמח געווען מיט ווײַן און ביר, האָט ער זיי דערציילט די „מיאוסע געשיכטע״, וואָס די „גמרא־בחורים״ האָבן אָפּגעטון. איך האָב זיך אַזוי פֿאַרשעמט ווי איך וואָלט געווען אַ „חוטא־בעגל״...

מערסטע ייִדישע יום־טובֿים זענען פֿאַר מיר אין די קינדער־יאָרן געווען אַ פֿריידיקע איבערלעבונג. אַחוץ דעם וואָס איך און מײַנע צוויי ייִנגערע ברידערלעך זענען לכּבֿוד פּסח געוואָרן אויסגעפּוצט אין נײַע מלבושים, און די מאַמע האָט צוגעגרייט ספּעציעלע מאכלים, בין איך געווען אַנטציקט פֿון אַ ריי פּיוטים און זייערע רעטשיטאַטיווע מעלאָ־דיעס, וואָס דער חזן און די משוררים פֿלעגן אויסזינגען. דער טאַטע פֿלעגט פֿראַווען דעם סדר אָנגעטון אין אַ ווײַסן קיטל, און ער פֿלעגט זיך אָפּשטעלן צו מאַכן זײַנע קאָמענטאַרן אויף געוויסע שטעלן אין דער הגדה, ווײַל „כּל המרבה לספּר הרי זה משובח״. האָב איך אַרויסגעקוקט אויף די מערסטע ייִדישע יום־טובֿים. אָבער יום־כּיפּור האָט אַרויס־

גערופֿן ביי מיר אַן אַמביוואַלענטע באַציִונג פֿון שרעק, און פֿרייד. די סומנעקייט מיטן אָנקומען פֿון חודש אלול, און די ערנסטקייט און מרה־שחורה וואָס ייִדישע פּנימער האָבן אויסגעדריקט במשך די עשׂרת־ימי־תּשובֿה, האָבן געווירקט שווער אויף מײַן קינדערשן געמיט. דער טאַטע איז געוואָרן שיער נישט אַן אַנדער מענטש, און ווען ער האָט, ערבֿ־יום־כּיפּור פֿאַרן גיין אין שול צו כּל־נדרי אונדז קינדער געבענטשט זיך צע־וויינט אויפֿן קול, האָב איך עס געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך פֿאַרשטאַנען אַז די דאָזיקע טרערן דריקן אויס צער גידול־בנים וואָס האָט זיך אין דער פֿײַערלעכער מינוט אָפּגערופֿן, ספּעציעל אין שייכות צו די עלטערע זין און טעכטער וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער ווײַטער ניו־יאָרק.

פֿון דער אַנדערער זײַט, האָב איך שטאַרק הנאה געהאַט פֿון די יום־כּיפּורדיקע פּיוטים און תּפֿילות, ספּעציעל באַאײַנדרוקט בין איך גע־וואָרן פֿון יום־כּיפּורדיקן מוסף, מיט זײַן איבערגעבן וועגן דער עבֿודה פֿון כּהן־גדול אין בית־המקדש, און דערבײַ פֿאַלן אַלע מתפּללים אין בית־מדרש אויף די קני כּורעים. דער ניגון מיט וועלכן דער חזן און די משוררים האָבן אויסגעזונגען די עבֿודה האָט זיך פֿאַר אַ סך יאָרן אײַנגעקריצט אין מײַן זיכּרון.

אַחוץ די ייִדישע יום־טובֿים זענען געווען נאָך פֿריידיקע מאָמענטן אין מײַן קינדהײַט, וואָס לאָזן זיך נישט פֿאַרגעסן. מיר זענען געווען אַ גרויסע משפּחה אין שטעטל. עס האָבן דאָרטן געלעבט מײַן מאַמעס עלטערע פֿינף שוועסטער מיט זייערע פֿאַמיליעס; אַלע האָבן געהאַט קינדער פֿאַר וועמען מ׳האָט פֿון צײַט־צו־צײַט געפּראַוועט חתונות, מיט קלעזמאָרים, אַ בדחן, סעודות און טענץ. צו די דאָזיקע שׂמחות פֿלעגט שטענדיק קומען דער פֿעטער לאָזער (אליעזר) גיפּס — דער מאַמעס ייִנגסטער ברודער וואָס האָט געוווינט אין סטזשענאָווע, און אַמאָל פֿלעגט אויך קומען דער פֿעטער אַבֿרהם רחום, פֿון ראַטשווינז* — דער מאַמעס עלטסטער ברודער. דער פֿעטער לאָזער איז געווען אַ שיינער,

*) זע: בײַלאַגע 1).

הויכער מאַן, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, און ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביַי זײַנע שוועסטער; דערצו האָט ער געקענט שיין זינגען; ער איז געווען די נשמה פֿון יעדער משפּחה־שׂמחה. פֿאַר אונדז קליינ־וואַרג איז יעדע שׂמחה אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט געווען אַ גרויסע געשעעניש. ער פֿלעגט מיטברענגען פֿײַערווערק וואָס האָבן באַלויכטן די פֿינצטערע גאַסן בעת אונדזער פּראָצעסיע איז געגאַנגען צו דער חופּה אויפֿן שול־הויף. די דאָזיקע פֿײַערווערק מיט אַלערליי קאָלירפֿולע ליכט־אויזאָרן פֿלעגט ער ברענגען פֿון וואַרשע, און זיי האָבן אונדז קינדער שטאַרק דערפֿרייט.

דעם טאַטנס צוויי זין אין אַמעריקע — איצל און שיע (איזידאָר און סעם לעדערמאַן) פֿלעגן אָפֿט שרײַבן בריוו צו אונדז, וואָס פֿלעגן דערציילן וועגן זייער לעבן, און זייערע פּראָבלעמען; זיי האָבן געשטרעבט צו העכערער בילדונג, און סעם וואָס האָט געהאַט אַ שיינע שטימע צו זינגען האָט זיך געוואָלט ווידמען מוזיק. ער האָט זיך פֿאַר אַ צײַט באַטייליקט אין די אויפֿפֿירונגען פֿון גילבערט־ און ־סאַליוואַן־אָפּערעטאָס. ביידע ברידער האָבן זיך געראַנגלט מיטן פּראָבלעם: אויפֿשטעלן אַ פֿאַמיליע, אָדער וואַרטן ביז מע וועט רעאַליזירן די אַמביציעס. דערווײַל האָט מען געדאַרפֿט מאַכן אַ לעבן, זענען זיי געוואָרן בײַטלמאַכער פֿאַר פֿרויען (פּאַקעט־בוק־מייקערס), געאַרבעט אין שעפּער און געהאָלפֿן אָרגאַניזירן די „פּאַקעט־בוק־מייקערס־יוניאָן״.

ביידע ברידער זענען שפּעטער געוואָרן פּראָמינענטע טרייד־יוניאָן פֿירער — איזידאָר אויך אַ פֿירער בײַ די לינקע פּועלי־ציון אין ניו־יאָרק — און סעם אין שיקאַגאָ. דער עלטערער ברודער, איזידאָר, איז געווען אַן ערשט־ראַנגיקער רעדנער — אין ייִדיש און ענגליש — און פֿלעגט אָפֿט שרײַבן אין „פֿאָרווערטס״ איבער טרייד־יוניאָן פּראָבלעמען. ער איז געבליבן אַן „אייביקער סטודענט״ פֿון הומאַניסטיק. סעם איז געוואָרן אַ מוזיק־קענער און פֿאַרשפּרייטער, און דערצו אַן אָנגעזעענער טוער אין שיקאַגער ייִדישן קולטור־לעבן. ער איז געווען אַ פֿירנדיקער טוער אין שיקאַגער „קאָווענאַנט־קלוב״ וווּ עס האָבן געהערט די פּני פֿון דער ייִדישער שיקאַגאָ. מע מעג, אָן שום איבערטרײַבונג זאָגן, אַז איזידאָר און

סעם לעדערמאַן זענען געווען צווישן די אינטעליגענטסטע אַרבעטער־פּירער אין אַמעריקע. (זע וועגן איזידאָר לעדערמאַן (1887־1952) אין: „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", „ייִדן", 1957; שמואל ווייס: ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע; זײַט 291־292. וועגן איזידאָר לעדערמאַנס אויפּטועו במשך די לעצטע צען יאָר פֿון זײַן לעבן, ווי דער בויער און דירעקטאָר פֿון דער טרייד־יוניאָן־דיוויזיע אין אַמעריקאַנער הסתדרות־קאַמפּיין, זע: מרדכי בארלאס, אין „הסתדרות־זשורנאַל"; ניו־יאָרק, דעצ. 1952; זע אויך דעם „פֿאָרווערטס", 1952 — איך האָב לײדער נישט די דאַטע פֿון דעם אַרטיקל.) וועגן סעם לעדערמאַן (1895־1957) זע: ס. מינעסמאַן, „פֿאָרווערטס", 31טן יולי, 1957; ב. שעפּנער, „פֿאָר־ווערטס", 29סטן מערץ, 1958; יהודה גערטלער: „אידישער קעמפּער", 16טן יוני, 1944. וועגן סעם לעדערמאַן אויפּטו ווי אַ טרייד־יוניאָן פּירער האָט אויך געשריבן דער ענגלישער זשורנאַל: „טײַם־מאַגאַזין", און וועגן זײַן אויפּטו אויפֿן פֿעלד פֿון פֿאַרשפּרייטן אין שיקאַגאָ ערנסט בלאָכס מוזיקאַלישע שאַפֿונגען האָט די „ניו־יאָרק־טײַמס" געהאַט אַ גרויסן אַרטיקל אין אַ זונטיק־נומער (לײדער האָב איך די אַלע אַרטיקלען נישט בײַ דער האַנט).

די צוויי זיידעס מײַנע האָב איך שוין לײדער נישט זוכה געווען צו קענען; איך ווייס בלויז אַז זיי זענען אַוועק אין טיפֿן עלטער. איך האָב יאָ געהאַט דאָס גליק צו קענען די צוויי באָבעס מײַנע — רעכל און חנה־סערקע; זיי זענען געווען קאָנטראַסטן אין זייערע כאַראַקטערן. די באָבע רעכל — פֿון דער מאַמעס צד (איר נאָמען פֿון דער היים איז געווען: ראָכעם) האָט געשטאַמט פֿון פּלינסק (פּלאָנסק) פֿון אַ ייִחוסדיקער משפּחה — איר פֿעטער איז געווען דער לאָדזשער שטאָט־מגיד. רעכל איז געווען אַן איידעלע, אַ צדקנית, אַ „גוטע נשמה". זי פֿלעגט מיר אָפּט געבן אַ קאָפּיקע זיך צו קויפֿן צוקערקעס. די באָבע חנה־סערקע, מײַן טאַטעס מאַמע איז געווען אַ פֿאַרכמורעטע, אַן אַנגעברוגזטע, אָבער זייער אַן ענערגישע: אין טיפֿן עלטער האָט זי נאָך געהאַנדלט מיט עופֿות. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט זי עסן בײַ אונדז — שבתים און יום־טובֿים. זי האָט געווינט פֿאַר זיך לעבן אונדזער הויז.

## די יאָרן 1914־1916
## בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגן יעדן זומער קומען אין אונדזער שטעטל אַ פאָלק רוסישע זעלנער אויף מאַנעווורעס. די געגנט איז געווען נאָענט צו דער פּרייסישער גרענעץ, און דערפאַר — אַזוי האָט מען גערעדט — וויל נישט די צאַרישע ממשלה בויען אַ באַן־ליניע אין פּלאָצק — אין פאַל פון אַ מלחמה קען דאָס העלפן די דייטשן.

באַלד ווי די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן אין אויגוסט, 1914, האָבן די דייטשן אָקופּירט אַ ריי שטעט נישט־ווייט פון אונדזער שטעטל: קאַליש, מלאַווע, ריפּין און אַנדערע. אין אָנהייב פון יאָר 1915 איז באַדזאַנאָוו און אומגעגנט געוואָרן דער זאַמל־פּונקט פון דער רוסישער אַרמיי;ביידע קעגנערישע אַרמייען האָבן זיך איבער ווינטער באַפעסטיקט ביי דער ווייסל, וואָס איז פאַרביי־געפלאָסן זעקס וויאָרסט פון באַדזאַנאָוו. אין פּלאָצק זענען געווען די דייטשן און אין באַדזאַנאָוו — די רוסן. ווישעגראָד איז געוואָרן באָמבאַרדירט מצד די דייטשן, זענען יידן געלאָפן פון שטאָט, וווּהין זיי האָבן געקענט; זענען אַ סך פון זיי געקומען קיין באַדזאַנאָוו. מע האָט זיי איינקוואַטירט אין יידישע היימען, אָבער זייער מנוחה האָט לאַנג נישט געדויערט: באַלד האָבן זיי צוזאַמען מיט זייערע מכניסי־אורחים צוזאַמען געדאַרפט ווערן פּליטים.

דער קאָמאַנדיר פון דער צאַרישער אַרמיי ניקאָליי ניקאָלייעוויטש האָט געהאַלטן אַז די יידישע באַפעלקערונג אין די געגנטן פון די קריגס־אָפּעראַציעס שטעלט מיט זיך פאַר אַ סכנה פאַר דער רוסישער אַרמיי, ווייל אַ דאַנק דער נאָענטקייט פון זייערע שפּראַכן — יידיש און דייטש — קענען יידן זיך צונויפרעדן מיט דייטשן, און קומען זיי צוהילף. האָבן די קאָמאַנדירן פון דער צאַרישער אַרמיי אַרויסגעגעבן אַן אוקאַז אַז אַלע יידן פון יענע ערטער וואָס ליגן נאָענט צום פראָנט־שטח מוזן פאַרלאָזן זייערע וווין־ערטער. דערצו האָבן פּוילישע נאַציאָ־נאַליסטן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז פּויליש־רוסישע יידן אָריענטירן זיך אויף די דייטשן און עסטרייכער, און העלפן זיי מיט שפּיאָנאַזש און פּראָוויאַנט. אויפן קלענסטן, אומבאַגרינדעטן חשד, האָט מען די

חשובֿסטע ייִדן אין דער קהילה גענומען ווי ערבֿניקעס פֿאַר די ייִדישע געמיינדעס. מײַן טאַטע האָט קוים אָפּגעראַטעוועט זײַן לעבן: אַזוי ווי ער איז געוועזן אָנגעזען אין דער קהילה, האָט מען אים אַרעסטירט און גע־שלעפּט צום רוסישן קאָמענדאַנט: ס'האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז מע גייט אים הענגען. על פּי נס האָט מען אָפּגעשריגן די סכּנה, און נאָך עטלעכע שעה שרעק, איז ער געקומען אַהיים אַ טויט־בלאַסער, און דערשלאָגענער.

אָנהייב 1915, אין חודש שבֿט, איז אַרויס דער באַפֿעל אַז אַלע ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן באַדזאַנאָוו אין משך פֿון עטלעכע טעג. אַזוי ווי קיין באַן איז בײַ אונדז אין שטעטל נישט געווען, האָט מען געדאַרפֿט דינגען גויִישע פֿורמאַנעס, און מיט פֿערד־און־וואָגן זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע. אין אַ שאַרף־פֿראָסטיקן פֿאַרנאַכט האָט אונדזער גאַנצע פֿאַמיליע זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אָפֿענעם וואָגן, צוזאַמען מיט אַלצ־דינג וואָס מע האָט געקענט אַהין אַרײַנשטופּן. מע האָט זיך אײַנגעע־טוליעט אין די וואַרעמסטע מלבושים, און זיך אַרויסגעלאָזט אויפֿן וועג קיין וואַרשע, איבערלאָזנדיק אין דער קראָם דעם גרעסטן טייל פֿון דער סחורה. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט, און דער באַדן, ס'הייסט דער שאָסיי, באַדעקט מיט שניי. אַ צוג מיט וועגענער, אָנגעפּילט מיט ייִדישע פֿאַמיליעס, מענער, פֿרויען און קינדער, האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע נאַכט קיין וואַרשע. בײַ די זײַטן פֿון שאָסיי האָבן זיך כּסדר באַוויזן רײַטנדיקע קאָזאַקן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפֿן אויף אונדז אַ פּחד. נאָך עטלעכע שעה פֿאָרן האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט דער גאַנצער צוג. אַ סך קאָזאַקן זענען אַרונטער פֿון די פֿערד, און געפֿאָדערט געלט פֿון די פּליטים. אַ קאָזאַק האָט אַרונטערגעשלעפּט דעם טאַטן פֿון וואָגן, אים געשלאָגן, און געשריגן: „זשיד, דאַוואַי דיענגי" (ייִד, גיב געלט). דער טאַטע האָט זיך בײַ אים געבעטן: „מיר האָבן נישט קיין געלט, ווײַל מײַן גאַנצער פֿאַרמעגן איז געבליבן אין באַדזאַנאָוו". די דאָזיקע סצענע האָט זיך איבערגעחזרט בײַ אַ סך פּליטים. נאָך אַ גאַנצער נאַכט זיך שלעפּן מיט די וועגענער, זענען מיר אינדערפֿרי אָנגעקומען קיין נאָווידוואָר, און אין מיטן טאָג זענען מיר דערפֿאָרן קיין וואַרשע. אויסגעמאַטערטע,

געפֿרוירענע, און דערשראָקענע, האָבן מיר מיט דער הילף פֿון „דזשוינט"־קאָמיטעט געפֿונען אַ דירה אויף ראָג פֿאַנסקע און טוואָרדע־גאַס.

פֿון דעם פֿראָסט אַ גאַנצע נאַכט אויף דער אָפֿענעם וואָגן זענען מײַנע פֿיס געוואָרן געפֿרוירן און געשוואָלן, און מע האָט זיך לאַנג געמאַטערט ביז מ'האָט געקענט אַראָפּציִען די שטיוול. אַ דאָקטאָר האָט געראָטן צו וויקלען די פֿיס אין הייסע וואַסער, און דאָס האָט פֿאַרשאַפֿט שטאַרקע ווייטיקן. נאָך עטלעכע וואָכן זענען די פֿיס געזונט געוואָרן.

דער טאַטע, ווי אַן אָנגעזעענער כּלל־טוער אין דער קהילה פֿון אונדזער שטעטל, האָט זיך אָנגעהויבן עסקן בײַם „דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטעט" מיט העלפֿן אײַנאָרדענען אין וואַרשע אַלע לאַנדסלײַט־פּליטים, און ספּעציעל יענע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט־מיטלען. דער טאַטע האָט מיך געוואָלט אַרײַנגעבן אין אַ וואַרשעווער ישיבֿה, אָבער איך האָב אין יענער צערודערטער צײַט נישט געהאַט קיין חשק, זיך אָוועקצוזעצן ווײַטער לערנען גמרא מיט תּוספֿות אין דער גרויסער, פֿאַר מיר, נײַער שטאָט ווו אַלץ איז געווען טשיקאַווע, און געוועקט מײַן קוריאָזיטעט. אַנגיין ווײַטער מיט דער באַדזאַנאָוער רוטין, און זיך איזאָלירן אין אַ ישיבֿה, איז געווען קעגן מײַן דעמאָלטיקן געמיט־צושטאַנד: האָב איך אויסגעפֿירט מײַנס. איך פֿלעג יעדן טאָג גיין אויף לאַנגע באַזוכן, מאַכן מאַרשרוטן אין די פֿאַרשידענע געגנטן פֿון שטאָט: אין ייִדישן געגנט פֿון גענשא, נאַלעווקעס, דזשיקע, קראָכמאַלנע און אַנדערע גאַסן. דערנאָך בין איך אַריבער אין די פּויליש־אַריסטאָקראַטישע קוואַרטאַלן פֿון „קראָקעווער פֿאָרשטאָט", מאַרשאַלקאָווסקע, די לאַזשענקעס, און די אַנדערע פּאַרקן פֿון שטאָט. פֿאַר עטלעכע וואָכן האָב איך געאַרבעט, עטלעכע שעה אין טאָג, אין אַ צוקערקע־פֿאַבריק.

חול המועד פּסח, 1915, בין איך געווען צוזאַמען מיטן טאַטן צוגאַסט אין אַ הויז אויף דער אײַזן־גאַס. אַרויסקוקנדיק פֿון פֿענצטער האָב איך געזען ווי עס ציט זיך אַ ריזיק־לאַנגער טרויער־צוג און קאָזאַקן רײַטן פֿון ביידע זײַטן גאַס. דער טאַטע האָט מיר געזאָגט אַז דאָס איז די לוויה פֿון גרויסן שרײַבער יצחק־לייבוש פּרץ. אין די שפּעטער־

דיקע יאָרן, ווען איך האָב שוין געלייענט און אָפּגעשאַצט פּרצן, בין איך געווען דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס האָט מיר באַשערט כאָטש מיט די אויגן צו באַגלייטן אים אין דער אייביקייט.

אין מיטן זומער, 1915, האָבן די דײַטשן דורכגעבראָכן דעם פראָנט, און די רוסן האָבן געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע. מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווינט אויף דער מוראַנאָווער גאַס, נאָענט צו דער ווייסל, און דער בריק קיין פּראַגע. אין מיטן נאַכט האָבן מיר דערהערט אַ געוואַלדיקן קראַך: די אָפּטרעטנדיקע רוסן האָבן אויפגעריסן די בריק, וואָס האָט פאַרבונדן וואַרשע, און פּראַגע. אויף צו מאָרגנס, האָבן די רוסן פון דער פּראַגער זײַט באָמבאַרדירט וואַרשע; אַזוי ווי מיר זענען געווען נאָענט צו דער ווייסל, זענען אַ סך קוילן געפאַלן אויף אונדזער הויז. במשך אַ פּאָר שעה זענען מיר אַלע אײַנוווינער פון הויז געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערס. עטלעכע שעה נאָך דעם ווי די באָמבאַרדירונג האָט אויפגעהערט זענען מיר אַרויס פון אונדזערע באַהעלטענישן, און געזען אַז די ערשטע דײַטשע פּאַטרולן קומען אָן, מיט מאַפּעס אין די הענט. מיר קינדער האָבן געהאָפט אַז ייִדן וועלן האָבן אַ בעסערע מערכה פון איצט אָן.

עטלעכע חדשים שפּעטער, נאָך דעם ווי די דײַטשן האָבן שוין געהאַט אָקופּירט גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן, האָבן באַדזאַנאָווער ייִדן זיך גענומען גרייטן צוריקצופאָרן אין זייער היימשטעטל. האַרט פאַר ראש־השנה זענען מיר געווען אין אונדזער באַדזאַנאָווער הויז, וואָס איז, צום גליק, געבליבן אומבאַשעדיקט. אָבער קיין סחורה איז אין אונדזער קראָם נישט געבליבן. מיט גרויס מי, האָבן טאַטע־מאַמע זיך אײַנגעשאַפן אַ ביסל געלט — מיט דער הילף פון די ברידער און שוועסטער אין אַמעריקע — און צוריק אָנגעפּילט מיט סחורה אונדזער געוועלב.

## די מלחמה־יאָרן אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע — 1916־1918

וואָס ווײַטער און לענגער די מלחמה האָט געדויערט, אַלץ מער האָבן די דײַטשע אָקופּאַנטן אַרויסגעפירט פון פּוילן אַלצדינג וואָס האָט

זיי געקענט העלפן באַזיגן דעם רוסישן שונא. קודם־כּל האָבן זיי קאָנפיסקירט שפּייז־פּראָדוקטן בײַ די פּריצים און רײַכערע פּויערים. זיי האָבן באַפוילן אַז מע דאַרף זיי אָפּגעבן אַלע מעשענע און קופּערנע מכשירים; אַפילו די מעשענע קליאַמקעס פון די פּריוואַטע הײַזער האָט מען זיי געדאַרפט צושטעלן; אויך דעם מעשענעם כּיור אין בית־המדרש. אַזוי ווי דער מאַנגל אין שפּײַז, אין די גרעסערע שטעט, איז כּסדר געוואַקסן, זענען פון וואַרשע צוריקגעקומען אין אונדזער שטעטל, אַ צאָל באַדזאַנאָווער אויפגעקלערטע, אינטעליגענטע ייִדישע פאַמיליעס וואָס האָבן געהאַט געשעפטן אין וואַרשע. דאָס זענען שוין געווען קורץ־געקליידטע ייִדן, וועמענס פרויען עס האָבן שוין נישט געטראָגן קיין שייטלען. איינע פון די דאָזיקע פרויען, געדענק איך, האָט גערעדט אויך פראַנצויזיש, און זי איז געווען די איינציקע וואָס האָט, שפּעטער ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה, זיך געקענט צונויפרעדן מיט אַ פראַנצויזישן מיליטער־מענטש. עס זענען אויך געקומען פון וואַרשע וועלטלעכע ייִדן: ייִדישע נאַציאָנאַליסטן און סאָציאַליסטן פון אַלערליי שאַטירונגען. איינער פון די נײַ־אָנגעקומענע — מע האָט אים גערופן „דער פרעלעגענט" (לעקטאָר) אַ ליטוויש־ייִדישער אינטע־ליגענט — איז געוואָרן דער טאָן־געבער פון דער באַדזאַנאָווער אויפגעקלערטער ייִדישער יוגנט.

אין מײַן קרײַז איז אָנגעקומען אַ וואַרשעווער שוואַרץ־חנעוודיקע בונדיסטקע — העלענקאַ האָט מען זי גערופן. זי פלעגט רעדן מיט אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקײַט וועגן איר אַטעאיסטישן קרעדאָ, אַז איך וואָס בין שוין געווען סקעפּטיש בנוגע די פונדאַמענטאַלע דאָקטרינען פון דער אָרטאָדאָקסישער ייִדישקײַט, פלעג פונדעסטוועגן ווערן שאָ־קירט הערנדיק איר אַפּיקורסות. מײַן טאַטע פלעגט נאָך דעמאָלט יעדן פאַרטאָג לערנען מיט מיר גמרא און תּוספות, הגם ער האָט מסתּמא געאָנט אַז מײַן אמונה וואַקלט זיך, און איך האָב שוין אַ שוואַכן אינטע־רעס אין די אַלע ענינים מיט וועלכע די גמרא באַשעפטיקט זיך. ער האָט געהאַלטן אַז אַפילו אַן אַפּיקורס דאַרף קענען דעם תּלמוד. יאָרן שפּעטער בין איך געקומען טיילווײַז צו דער זעלביקער מסקנא.

מײַן טאַטע האָט געהאַט ידידים אין בײדע קרײַזן: צווישן די פֿרומע און די אויפֿגעקלערטע. דער רבֿ ר׳ חנוך־הענעך נאַורי איז געווען זײער אַ נאָענטער פֿרײַנד, און דער משׂכּיל וואָס פֿלעגט אַבאָנירן דעם „קוריער־וואַרשאַווסקי״, הענעך חיימאָוויטש, איז אויך געווען זײַן ידיד. אײן מאָל האָט מײַן טאַטע מיך געזען לײענען אַלגינס „ווען קייטן קלינגען״. נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעלײענט עטלעכע פּאַראַגראַפֿן האָט ער מיך נישט געשטראָפֿט; ער האָט מיר געזאָגט: ס׳איז פּראָפּאַגאַנדע, און ס׳איז אַ שאָד פּטרן די צײַט אויף דעם. איך האָב שוין דעמאָלט געלײענט די ייִדישע צײַטונגען „מאָמענט״ און „הײַנט״, און אַ דאַנק העלענקען פֿלעג איך זען די בונדישע צײַטונג „לעבנס־פֿראַגן״. נאָך אַ שטיקל צײַט לײענען די „לעבנס־פֿראַגן״ בין איך שטאַרק באַאײַנדרוקט געוואָרן פֿון וולאַדימיר מעדעמס פּובליציסטיק, וואָס האָט זיך אויסגעצײכנט מיט שאַרפֿער לאָגיק און עלעגאַנטן, אײגנאַרטיקן סטיל. בהדרגה האָט ער באַאײַנפֿלוסט מײַן וועלט־אַנשויונג וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אויספֿאָרמירן; הגם, איך האָב נישט געקענט אָננעמען דעם בונדס דעמאָלטיקן „נייטראַליזם״ בנוגע ייִדישער עקזיסטענץ. אין מעדעמס פּאָלעמיק מיטן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, אין שייכות צו דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער פֿראַגע, האָב איך געהאַלטן מיטן היסטאָריקער, און מעדעמס קעגנערשאַפֿט צו דער אידײ אַז ייִדן זענען אַן אַלוועלטלעכע נאַציע האָב איך זינט מײַן פֿריסטער יוגנט אָפּגעוואָרפֿן. מעדעם, פּונקט ווי די דעמאָלטיקע מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקערס: פּלעכאַנאָוו, לענין, קאַוּטסקי, אָטאָ באַוער, האָט אין דער ייִדן־פֿראַגע אָנגעווענדט אויפֿן ייִדישן פֿאָלק די אַלגעמײנע דעפֿיניציע: ד״ה אויב ייִדן זענען נישט ווי „אַלע״־קאָנצענטרירט אויף אײן טעריטאָריע, און רעדן נישט אײן שפּראַך — זענען זײ נישט קײן נאַציע. דובנאָווס קאָנצעפּציע, אַז דער ייִדישער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזײַן וואָס איז באַזירט אויף דער געמײנזאַמקײַט פֿון היסטאָרישן גורל, איז די נשמה פֿון ייִדישן פֿאָלק, האָט מעדעם אָפּגעוואָרפֿן. דאָס אַלוועלטלעכע ייִדישע פֿאָלק איז פֿאַר אים אַ פֿיקציע, אָדער אַן אַבסטראַקציע. (זע: וו. מעדעם: זכרונות און אַרטיקלען, פֿאַרלאַג „ייִדיש״, וואַרשע, 1918; זײַט 80־107).

אַוודאי ווייס איך אַז צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז דער „בונד" ווײַט אַוועק פֿון די מעדעמשע אײַנשטעלונגען. נישט נאָר האָט ער אויפֿגעגעבן זײַן נײַטראַליזם, נאָר ער איז געוואָרן דער בויער פֿון די צישאָ־שולן, פֿון קינדערהיימען, פֿון קאָאָפּעראַטיוון, און מיטגעהאָלפֿן שאַפֿן די ייִדישע ליטעראַטור. ער איז געוואָרן אַ ייִדישע, סאָציאַליסטישע פֿאָלקס־באַוועגונג. ער אַפֿירמירט שוין איצט די גורל־געמיינזאַמקײַט פֿון ייִדישן פֿאָלק איבער דער גאַנצער וועלט, און אַנערקענט שוין מדינת־ישׂראל ווי אַ זײַל אין ייִדישן וועלט־פֿאָלק.

בײַ אונדז אין שטעטל האָבן אין יענער צײַט געלעבט אַ ריי פֿאַמיליעס וואָס זענען, צוליב פֿאַרשידענע סיבות, אַהיימגעקומען פֿון אַמעריקע און ענגלאַנד. זיי האָבן מיט זיך מיטגעברענגט סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, און בעלעטריסטיק וואָס איז דאָרטן געדרוקט געוואָרן. די אַלע ביכער פֿלעג איך לייענען מיט גרויס אינטערעס.

אין ווינטער 1916־1917 איז אויסגעבראָכן אין פּוילן אַ טיפֿוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אונדזער שטעטל געקאָסט אַ היפּשע צאָל קרבנות. מײַן פֿעטער שיע אַקסט, דעם רבֿס יונגער איידעם, און אַנדערע זענען אַוועק פֿון דער וועלט. מיר אַלע דרײַ ברידערלעך: שואל, בינעם און מעכל האָבן נישט אויסגעמיטן די קראַנקײַט, אָבער די צוויי ייִנגערע ברידער — בינעם און מעכל — זענען די מחלה לײַכט איבערגעקומען. נאָר איך בין געווען אין געפֿאַר — פֿאַר אַ ריי טעג האָב איך פֿאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן, און מײַן טאַטע־מאַמע האָבן איבערגעלעבט וואָכן פֿון אַנגסט. אין מיטן דער סדר־נאַכט — דער דאָזיקער מאָמענט האָט זיך שטאַרק אײַנגעקריצט אין מײַן זיכּרון — ווען מײַן טאַטע־מאַמע האָבן געפּראַוועט דעם סדר אין טרויער, האָב איך צוריקגעוווּנען מײַן באַוווּסטזײַן; האָב געעפֿנט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט פֿון אַלע זײַטן, און פֿאַרשטאַנען אַז איך ליג אין בעט אַ קראַנקער, אויסגעווייקט אין שווייס. עס האָט אויסגעבראָכן אַ געוויין פֿון פֿרייד, אַז איך בין בשלום אַריבער דעם קריזיס. לאַנגזאַם האָב איך זיך געבעסערט, און בין געזונט געוואָרן. די פּוילישע דאָקטאָרשע פֿלעגט קומען מיך עקזאַמענירן יעדן טאָג, און

איך האָב לאַנג געדענקט מײַן שעמעוודיקײַט בעת זי האָט מיך אונטער־זוכט. איך בין איר געבליבן דאַנקבאַר ביז הײַנט־צו־טאָג.

ווען איך בין אין גאַנצן געזונט געוואָרן, האָב איך באַשלאָסן אַז ס'איז צײַט זיך צוגרייטן אַרײַנצוטרעטן אין די לעצטע צוויי קלאַסן פֿון אַ גימנאַזיע. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט געלייענט אַ צאָל פּוילישע פּאָעטן און נאָוועליסטן, און סלאָוואַצקי איז געווען מײַן ליבלינג. אַזוי ווי מײַן טאַטנס עלטסטע טאָכטער חיה־דינה האָט געוווינט מיט איר פֿאַמיליע אין וולאָצלאַוועק, האָט זי מסכּים געווען אַז איך זאָל וווינען בײַ איר אין הויז. איר מאַן איטשע בראָון איז געווען אַ פֿײַערדיקער העברעיִסט, האָט זייער בן־יחיד מעכל געלערנט אין דער דאָרטיקער העברעיִשער גימנאַזיע. מײַן מאַמע האָט גלײַך מסכּים געווען אויף מײַן פּלאַן, און דער טאַטע האָט נאָכגעגעבן. איך בין אַוועקגעפֿאָרן קיין וולאָצ־לאַוועק, ווו איך האָב מיט דער הילף פֿון אַ פּריילין וואָס האָט געהאַט גראַדויִרט פֿון דער גימנאַזיע אָנגעהויבן עקסטערנעווען. איך האָב זיך געגרייט לויטן קוריקולום פֿון דער גימנאַזיע, זיך גרייטנדיק אַרײַנצו־טרעטן אין די לעצטע צוויי קלאַסן ווי אַ רעגולערער סטודענט. דאָ בין איך געווען אַרום אַ האַלב יאָר, און האָב זיך אין וולאָצלאַוועק באַקענט מיט יוגנטלעכע סײַ פּועלי־ציוניסטיש געשטימטע, סײַ בונדיסטיש־גע־נייגטע; ס'איז נאָך בײַ מערסטע נישט געווען אויסקריסטאַליזירט קיין פעסטע אידעאָלאָגיע. אין די אָוונטן, און שבתים פֿלעגן מיר שפּאַצירן אויף דער בריק איבער דער ווייסל.

מע האָט דעבאַטירט, געשמועסט וועגן די פֿאַרשידענע תּרופֿות צום ייִדן־און־ייִדישקײַט פּראָבלעם. איך האָב זיך צוגעהערט צו די אַרגו־מענטן פֿון ביידע צדדים, און בהדרגה בין איך געוואָרן נאָענט צום גלותיסטיש־ייִדישיסטישן צד וועמענס קרעדאָ, סינטעזירט מיט סאָציאַ־ליזם ס'האָט צו מיר אַפּעלירט. גלײַכצײַטיק איז בײַ מיר געווען אַ סימפּאַטישע באַציִונג צו אחד־העמס מרכּז־רוחני אין ארץ־ישׂראל, אָבער מיט ייִדיש ווי די הויפּט־שפּראַך, און העברעיִש ווי די צווייטע שפּראַך. אין דער אחד־העמישער אידיי — ארץ־ישׂראל ווי אַ מרכּז־רוחני — האָב איך ניט געזען קײַן סתּירה צו מײַן גלותיזם.

איך האָב געלייענט די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור אָבער איך בין שוין דעמאָלט געווען סקעפּטיש בנוגע דער וויסנשאַפטלעכקייט פון מאַרקסיזם. מײַנע סאָציאַליסטישע איבערצײַגונגען, האָבן געוואָרצלט אין די נביאים.

מײַן מאַמע, אין באַדזאַנאָוו איז געוואָרן אומרויִק, און באַזאָרגט וועגן איר בכור: צי האָט ער אין וולאָצלאַוועק די גוטע אויפפּאַסונג וואָס זי גיט אים אין דער היים, און האָט געפאָדערט איך זאָל גלײַך אַהיים־קומען. איך האָב געמוזט איבעררײַסן מײַן עקסטערנעווען, און פאָרן אַהיים.

אין 1917, אין דריטן יאָר פון דער מלחמה, ווען די רוסן האָבן כסדר געליטן מפּלות, און דער גאַנצער „תחום־המושב״ איז שוין געווען פאַר־נומען פון די דײַטשן, האָט פּרעזידענט ווילסאָן פּראָקלאַמירט זײַנע 14 פּונקטן וועגן דעמאָקראַטיע, פרײַהײַט און זעלבסטבאַשטימונג פאַר קליינע פעלקער. מען האָט געפילט אַז ס׳קומט אַן איבערבראָך, און ייִדן האָבן געהאָפט און געגלויבט אַז אויך זיי וועלן אויפגעריכט ווערן צוזאַ־מען מיט די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן אין דער רוסישער אימ־פּעריע. אין זײַנע 14 פּונקטן וואָס ווילסאָן האָט פּראָקלאַמירט אָנהייב 1918, איז געוואָרן דערקלערט אַז אַמעריקע וועט קעמפן פאַר די רעכט פון די קליינע פעלקער.

וואָס פון די אַלע שיינע דעקלאַראַציעס, און פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן האָט זיך אויסגעלאָזט איז אונדז גוט באַקאַנט. אָבער די אַלע דיסאילוזיאָנירונגען געהערן נישט צום פּעריאָד מיט וועלכן איך באַשעפטיק זיך דאָ. עס געהער צו די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן.

אין 1918, ווען די דײַטשן זענען שוין געווען טיף אין רוסלאַנד, האָט דאָס פאָלק אין סאַמע דײַטשלאַנד מער נישט געקענט געדולדיק טראָגן דעם יאָך פון קריג; ס׳ברעכט אויס די רעוואָלוציע און דער קייזער מוז אַבדיקירן אין גרויס געאײַל. עס צעלויפט זיך די דײַטשע אַרמיי פון אוק־ראַיִנע אין פּוילן. אין מיטן דער דאָזיקער כאַאָטישער צײַט ברעכט אויס אַ נײַע עפּידעמיע פון פלו אין פּוילן, און מײַן 7־יעריק חנעוודיק שוועס־

טערל רעכעלע שטאַרבט. דאָס איז געווען פֿאַר מיר אַזאַ צעטרייסלענדיקע געשעעניש, אַז איך בין אַ היפּשע צאָל וואָכן געלעגן אַ קראַנקער אין בעט; איך האָב אַפֿילו צו איר לוויה נישט געקענט גיין. מען האָט מיר דערציילט אַז דער טאַטע האָט בײַ איר קבֿר זיך אויסגעטענהט מיטן רבש״ע, און געמאָנט בײַ אים יושר.

ווען מיר זענען צו זיך געקומען און אַ ביסל פֿאַרהיילט די וווּנד, בין איך געוואָרן אַן אײַפֿעריקער לייענער פֿון דער ייִדישער, פּוילישער און אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. די נײַע ווינטן וואָס האָבן געבלאָזן פֿון רוסלאַנד און דײַטשלאַנד האָבן געגעבן דאָס געפֿיל אַז מיר שטייען פֿאַר אַ גרויסער אויפֿלעבונג אין דער ייִדישער פּוילן און רוסלאַנד. אין פּוילן ווערן ייִדישע פּאַרטייען אַקטיוו: די ציוניסטישע פּאַרטייען, די „פֿאַראייניקטע" (ס.ס. און סיימיסטן) דער בונד, די פֿאָלקס־פּאַרטיי, די אגודת־ישׂראל אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט, און פֿירן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע בעת די וואַלן צום פּוילישן סיים און די שטאָט־ראַטן. די ייִדישע יוגנט אין באַדזאַנאָוו עפֿנט אַ ביבליאָטעק „פּראָגרעס", וווּ ס׳קומען פֿאַר ליטעראַרישע אָוונטן און לעקציעס. אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ביבליאָטעק — וווּ איך בין אַ מיטגליד — אַרבעטן צוזאַמען ייִדישיסטן און העברעיִסטן, „צוקונפֿטיסטן" (בונדישע יוגנט) און ציוניסטן. מײַן ערשטן רעפֿעראַט האָב איך טאַקע געהאַלטן אין דער דאָזיקער ביבליאָטעק, אויף דער טעמע: „די באַפֿרײַונג פֿון דער פֿרוי".

## 1920־1919; איך ווער מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי

„די באַלפֿור־דעקלאַראַציע", (נאָוועמבער, 1917) וואָס האָט צוגעזאָגט ייִדן אַ נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינע — פֿון איין זײַט; און דער ווערסאַלער שלום־טראַקטאַט (יוני, 1919), מיט זײַן גלײַכבאַרעכטיקונג פֿאַר דער ייִדישער מינדערהײַט אין פּוילן, מיט אַ געוויסער אויטאָנאָמיע, פֿון דער אַנדערער זײַט — אָט די דאָזיקע צוויי אַקטן האָבן אָנגעהויבן אַ נײַע תּקופֿה אין דער ייִדישער געשיכטע. וואָס פֿון די אַלע

פּוילישע הבֿטחות און פֿײַערלעכע אַקטן האָט זיך אויסגעלאָזט איז גוט באַקאַנט. פּוילן האָט געפֿײַערט איר אומאָפּהענגיקייט מיט בלוטיקע פּאָ־גראָמען, און מיט אויסשיסן ייִדן אין ווילנע — צווישן זיי דער שרײַבער א. ווײַטער. די „האַלערטשיקעס״ (די סאָלדאַטן פֿון גענעראַל האַלערס אַרמיי) האָבן געשניטן בערד, און אַרויסגעוואָרפֿן ייִדן פֿון די באַנען. ייִדישע פּראָטעסטן האָבן ווייניק געהאָלפֿן. עס האָט זיך צעפֿלאַקערט אַ מלחמה צווישן דער אומאָפּהענגיקער פּוילן, און דער באָלשע־וויסטישער רוסלאַנד.

אין יענעם יאָר 1919 פֿלעג איך אָפֿט זײַן אין וואַרשע, און ס׳האָט געהאַלטן דערבײַ איך זאָל קריגן באַשעפֿטיקונג אין אַ פּראָפֿעסיאָנעלן־פֿאַראיין. זײַענדיק אין וואַרשע, אָנהייב נאָוועמבער, קריג איך אַ טעלעפֿאָנישע ידיעה, אַז דער טאַטע איז געוואָרן ערנסט קראַנק, און איך זאָל גלײַך קומען אַהיים. ווען איך בין דעם זעלביקן אָוונט אַהיים־געקומען, איז שוין געווען נאָכן טאַטנס לוויה. מיט אַ טאָג פֿריער האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע און איז געשטאָרבן. מײַן גאַנצע וועלט איז אײַנגעפֿאַלן, און איך האָב זיך דערפֿילט ווי דער אַפּוטרופּוס פֿון אונדזער משפּחה, אויף וועמענס פּלייצעס דער גורל האָט אַרויפֿ־געוואָרפֿן די אַחריות פֿאַר איר עקזיסטענץ. דער מאַמען האָט גענומען אַ היפּש ביסל צײַט ביז זי האָט אַבסאָרבירט דעם שאָק.

נאָך אַ לענגערן יישובֿ־הדעת בין איך געקומען צום באַשלוס אַז ס׳איז פֿאַר מיר נישטאָ די מינדסטע אויסזיכט איך זאָל אין פּוילן קענען קריגן העכערע בילדונג אין אַן אוניווערסיטעט; און דאָס איז געווען מײַן הייסטער באַגער, איבער אַלע באַגערן. האָב איך געשריבן צו מײַנע ברידער און שוועסטער אין אַמעריקע, און זיי האָבן מיר גלײַך אַרויס־געשיקט אַלע נייטיקע פּאַפּירן צו קענען אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן, און קומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אָבער נאָך איידער איך האָב אָנגע־הויבן אַרומקלאַפּן אין די רעגירונג־קאַנצעלאַריעס אין פּלאָצק, האָט די ממשלה, אין 1920, מיר צוגעשיקט אַן אויפֿפֿאָדערונג, אַז אַזוי ווי איך בין שוין אַלט 18 יאָר, דאַרף איך — צוליב דער מלחמה מיט סאָוועט־רוס־לאַנד — זיך מעלדן צו פּריזיוו. אָנהייב 1920 בין איך, ווי אַלע אַכצן־

יעריקע געוואָרן מאָביליזירט און מע האָט מיך געשיקט אין אַ פּאָלק אין קאָבּרין, נישט ווײַט פֿון בריסק.

נאָך עטלעכע וואָכן מיליטערישער טרענירונג האָט מען מיך באַשטימט צו אַרבעטן ווי אַ ביוראַליסט אין דער קאַנצעלאַריע פֿון רעגי־מענט. דאָ האָב איך זיך געפֿילט אַ ביסל פֿרײַער ווי אין דער קאַזאַרמע. האָבנדיק דערלויבעניש אַרויסצוגיין אין שטאָט, פֿון צײַט צו צײַט, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע, זייער פֿײַנע, איידעלע בחורים צעירי־ציוניסטן. מײַן אָפֿיצער, דער קאָמאַנדיר פֿון פּאָלק, איז געוועזן אַ רוסיפֿיצירטער פּאָליאַק פֿון אוקראַינע, און ער האָט זיך באַ־צויגן צו מיר גאַנץ פֿרײַנדלעך. ער האָט מיך אַפֿילו פֿאַרבעטן עטלעכע מאָל אין זײַן פּריוואַטער וווינונג, און געשמועסט מיט מיר וועגן רוסישע שרײַבערס, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט געלייענט — טאָל־סטאָי, טורגעניעוו, פּושקין און אַנדערע.

איך האָב געאַרבעט אין קאַנצעלאַריע עטלעכע חדשים, און ווען די פּוילישע אַרמיי האָט נאָך געהאַט די אויבערהאַנט איבער דער רויטער אַרמיי, האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין אַ מיליטערישער שול אין גראָדנע, אויף דער אָזשעשקאָוואַ־גאַס — דער נאָמען האָט זיך אײַנגע־קריצט אין מײַן זיכּרון מסתּמא צוליב דער פֿילאָסעמיטישער פּוילישער שרײַבערין אויף וועמענס נאָמען די גאַס האָט זיך גערופֿן — ווו מע האָט געוואָלט אויסבילדן מיליטערישע ביוראָליסטן. דאָ זענען געווען 80 סטו־דענטן, פֿון וועלכע צוויי זענען געווען יידן — איך, און אַן אַסימי־לירטער יידישער בחור. דער אָנפֿירער פֿון דער שול — אַן אָפֿיצער, אַ געוועזענער גימנאַזיע־לערער אין גאַליציע, האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין גראָבן אַנטיסעמיטיזם, נאָר פֿון צײַט צו צײַט האָט ער געוואָרפֿן אַ שטעכווערטל אויף מײַן חשבון.

אָבער, דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט: די פּוילישע אַרמיי וואָס האָט שוין געהאַט דערגרייכט דעם דניעפּער, איז צוריקגעטריבן גע־וואָרן, און ווען די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען נישט ווײַט פֿון גראָדנע, האָט מען אין געאײַל יעדן פֿון די אַכציק סטודענטן געשיקט אויף פּאַטרולן אַרום גראָדנע. אין אַ קורצער ווײַל איז שוין די רויטע

אַרמיי געשטאַנען הינטער גראָדנע בײַם ניעמאַן. מיר אַלע פּוילישע סאָלדאַטן — פּיעכאָטנע — זענען געלאָפֿן צופֿוס אַ סך מײַלן, און אין דער גרויסער היץ פֿון יענע טעג, איז מיר דער רעכטער פֿוס געוואָרן געשוואָלן, אַז איך האָב מער נישט געקענט גיין. כ׳האָב זיך געוואָנדן צו אַן אָפֿיציר, האָט ער מיך געעצהט אַרײַנצוגיין אין אַ צוג פֿון פּראַכט־וואַ־גאָנען אָנגעפּילט מיט פֿאַרוווּנדעטע זעלנער. ווהין דער צוג איז גע־פֿאָרן האָט קיינער נישט געוווּסט. איך האָב קוים געפֿונען אַ שטיקל פּלאַץ אויפֿן דיל. דער צוג האָט זיך געשלעפּט עטלעכע מעת־לעת ביז ער האָט דערגרייכט פּאָזנאַן (פּאָזען).

דאָ זענען מיר אַלע אַרײַן אין שפּיטאָל, ווו מע האָט אונדז אויפֿגע־נומען ווי „העלדן פֿון פֿאָטערלאַנד”. נאָך עטלעכע וואָכן זיך היילן, האָט מען מיך פֿאַראָרדנט צו פֿאָרן געפֿינען מײַן פֿרייערדיקן קאַוואַלעריע פּאָלק. איך האָב איבער דער גאַנצער לענג פֿון פּוילן אַרומגעזוכט מײַן רעגי־מענט, און דערווײַל האָט די פּוילישע אַרמיי, מיט דער הילף פֿון פֿראַנ־צויזישן גענעראַל ווייגאַן צוריקגעטריבן די רויטע אַרמיי. ווען אין מערץ, 1921, איז געשלאָסן געוואָרן דער „ריגער שלום”, האָט מען אַלע 18־יעריקע באַפֿוילן אַהיימצופֿאָרן.

איך בין צוריקגעקומען אַהיים, אין באָדזאַנאָוו, אַ גאַנצער, וואָס נישט אַלע ייִדישע בחורים פֿון שטעטל האָבן זוכה געווען. באַלד האָב איך זיך גענומען גרייטן צו עמיגרירן פֿון פּוילן קיין אַמעריקע. מײַן טאַטנס זין און טעכטער אין אַמעריקע האָבן מיר געשיקט נײַע פּאַפּירן, און אַ טשעק פֿון עטלעכע הונדערט דאָלאַרן. אָבער דעם טשעק האָט מען אַרויסגעגנבֿעט, און ס׳האָט נישט געהאָלפֿן מײַן אַרומקלאַפּן אין אַלע פּוילישע רעגירונגס־אַמטן: דאָס געלט האָב איך נישט צוריק־געקראָגן. ס׳האָט גענומען עטלעכע חדשים ביז איך האָב מיט דער הילף פֿון פֿרײַנד געקראָגן די נייטיקע סומע צו פֿאָרן קיין קאַנאַדע — אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט מען שוין געהאַט פֿאַרמאַכט די טויערן פֿאַר אימיגראַנטן.

במשך די פּאָר חדשים וואָס ס׳האָט גענומען צו קריגן דעם פּאַס־פּאָרט כּדי צו קענען אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן, האָב איך צוגעגרייט מײַן

ייִנגערן ברודער בינעם — וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר — צו ווערן דער אַפּוטרופּוס פון דער משפחה. דער ייִנגסטער ברודער מעכל איז געווען אין אַן אַנדער שטאָט. איך האָב געהאָפט אַז נאָך דעם ווי איך וועל זיך איינאָרדענען אין אַמעריקע וועל איך אַריבערברענגען די משפחה אַהער.

מײַן ברודער בינעם (1904־1985) האָט שפּעטער חתונה געהאַט, אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע, אויסגעברייטערט אונדזער גאַלאַנטעריע־קראָם, און געוואָרן אַן אָנגעזעענער טוער אין דער קהילה, און אויך אין דער בונדישער באַוועגונג פון באַדזאַנאָוו און פּלאָצק. ער האָט זיך בײַם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געראַטעוועט אין סאָוועטן־רוסלאַנד. זײַן פרוי, און ביידע קינדער צוזאַמען מיט דער מאַמען זענען אומגעקומען אין גרויל־לאַגער, אין כעלמנאָ. נאָך דער מלחמה אין 1947, איז ער אַוועק קיין פּאַריז. אין 1951, האָט ער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, און אין 1958, האָט ער חתונה געהאַט, און זײַן פרוי לאָרע האָט אים פּרעזענטירט מיט זײַן געראַטענער טאָכטער נינאָ — זײַן טרייסט און שטאָלץ. צוליב זײַן קענטשאַפט פון אַ סך שפּראַכן איז ער דאָ, אין ניו־יאָרק, געוואָרן באַשעפטיקט אין אַ גרויס געשעפט. ער איז געווען אַ קולטור־מענטש מיט ברייטע אינטערעסן, אין ליטעראַטור, מוזיק און פּאָליטיק. (זע: „חשבון", פרילינג, 1985 און „אונדזער צײַט" מערץ־אַפּריל, 1985.)

מײַן ייִנגסטער ברודער מעכל לעדערמאַן (1906־1977), איז אויך, אין 1939, אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, צוזאַמען מיט זײַן פרוי שׂרה. דאָרטן האָט ער אַ צײַט געאַרבעט אין דער וואָפן־אינדוסטריע, אין קויבישעוו, וווּ עס זענען געבאָרן געוואָרן זײַן טאָכטער בראָניע און זײַן זון ערנסט. אין 1946 קומט ער צוריק קיין פּוילן, און ער באַזעצט זיך מיט זײַן פאַמיליע אין וואַרשע. ער האָט געגלויבט אַז אַלע חסרונות פון קאָמוניסטישן רעזשים אין פּוילן זענען אַ פאַראיבערגייענדיקע דערשײַנונג. ער האָט זיך אַ סך יאָרן געמוטשעט מיט אַ שווערער קראַנקײַט ווי אַ רעזולטאַט פון יאָרן אין פּוילישע תּפיסות; ער האָט אויך נישט־ווייניק געליטן אין ראַטן־רוסלאַנד. ווען זײַנע קינדער האָבן זיך, אין 1972,

באַזעצט אין שוועדן, און צוליב זײַן אַנטוישונג אין קאָמוניזם, איז ער גע־קומען צום אויספיר אַז זײַן אידעאַל איז געוואָרן פאַרראַטן. ער האָט זיך אויך באַזעצט אין שוועדן, זיך אויסגעלערנט שוועדיש, און זיך אָפּגע־געבן מיט שטודירן די שוועדישע קולטור, און סאָציאַל־פּאָליטישע אינסטיטוציעס; ער האָט אָפּגעוואָרפן זײַן פריערדיקן פּאָליטישן וועלט־באַנעם. אין עלטער פון 71 יאָר איז ער געשטאָרבן אין שטאָקהאָלם.

* * *

דערווײַל, וואַרטנדיק אויף מײַן פּאַספּאָרט צו פאָרן קיין דאַנציג, האָב איך אויסגענוצט די צײַט צו לייענען די ייִדישע, פּוילישע און מערבֿ־אייראָפּעיִשע ליטעראַטור. איך בין אָפט געווען אין וואַרשע. פון קאַליאַ טעפּער — דעם שרײַבער און רעדנער — האָב איך ווייניק גע־ווּסט. ווען כ׳האָב געלייענט אין די ייִדישע צײַטונגען אַז ער וועט האַלטן אַ רעפעראַט אין ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקע 13, האָב איך באַשלאָסן צו גיין אים הערן.

דער זאַל ווו ער האָט גערעדט איז געווען איבערגעפּאַקט. דער לעקטאָר איז געווען פון נידעריקן וווּקס, מיט אַ סענסיטיוו־אינטעלעק־טועל פּנים, מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ, און אַן אויסדרוק „שוין אַלץ געזען און געהערט״. אין זײַן רעפעראַט האָט ער צעפּאַלמעסט אומברחמנות־דיק, מיט שאַרפזין, הומאָר, די דעמאָלטיקע וואַרשעווער ליטעראַרישע גדולים; ער האָט געבליצט מיט פּאַראַדאָקסן, מיט איפּכא־מסתּבֿראס וואָס האָבן בײַ מיר אַרויסגערופן אַ סך געלעכטער, און באַוווּנדערונג. איך געדענק זײַנעם אַ זאָג וועגן הלל צייטלין: ער האָט אַ הימל, אָבער קיין גאָט איז אין אים נישטאָ. איך געדענק אויך אַז צווישן עולם האָט מען געמורמלט, אַז צייטלין געפינט זיך אין אַן אַנדער צימער פון ליטע־ראַטן־פאַראיין, אָבער צו דער לעקציע וויל ער נישט אַרײַנגיין.

איך בין אַוועק פון דעם רעפעראַט שטאַרק באַאײַנדרוקט פון טעפּערס וויסן, פון זײַן אייגנאַרטיקײַט, פון זײַן אַרונטעררײַסערישקײַט. עס האָט זיך מיר געוואָלט לייענען זײַן ביכל לירישע עסייען און פּעליטאָנען: „זיגזאַגן״, וואָס איז אַרויס אין אַמעריקע — מסתּמא בײַם

סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט פֿאַרלאָזט די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן; אָבער, אין פּוילן האָב איך עס נישט געקענט קריגן..

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך גענומען די שיף („סטאַטעק״ האָט מען גערופֿן אַזאַ שיף אין פּוילן) צוריקצופֿאָרן אין מײַן שטעטל. איז ווי איך שפּאַציר זיך דורך אויף דער שיף, וואָס איז געפֿאָרן ביז פּלאָצק, דערקען איך פּלוצלונג מײַן „העלד״ — ווי ער עסט זײַן סאַנדוויטש; ער איז געפֿאָרן האַלטן אַ לעקציע אין פּלאָצק.

איך האָב זיך פֿאַר אים פֿאַרגעשטעלט, און אים אויסגעדריקט אַנער־קענונג פֿאַר זײַן אינטערעסאַנטער לעקציע. במשך דער רײַזע וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה איז ער געוואָרן פֿרײַנדלעך, צוגעלאָזן. איך האָב אים דערציילט אַז אין גיכן עמיגריר איך קיין אַמעריקע, און האָב אויסגעדריקט מײַן אומצופֿרידנקײַט מיט דער ייִדיש־פּוילישער יוגנט וואָס איז אַוועק לינקס, אַ דרך וואָס איך קען נישט מיטגיין. אויף דעם געדענקט זיך מיר האָט ער מיך קאָמפּלימענטירט: „נידעריקער פֿון דורכשניט זענט איר דאָך נישט; מסתּמא זענט איר העכער״.

ווען די שיף פֿלעגט זיך אָפּשטעלן בײַ די שטעטלעך אויפֿן וועג קיין פּלאָצק, זענען אַרויסגעקומען כאָפּטעס ייִדישע מיידלעך מיט קאָלירטע טיכלעך אויף די קעפּ„ באָרוועסע, פֿריילעכע, פֿלעגן זיי באַגריסן די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף. טעפּער, אָט דער „קאַלטער גזלן״, האָט מיט התפּעלות געזאָגט צו מיר: „ווי קענט איר פֿאַרלאָזן אַזאַ מדינה, וווּ די גאַנצע נאַטור אָטעמט ייִדיש״; ס׳האָט מיר געגעבן אַ רמז אַז אין אַמע־ריקע וועל איך עס נישט זען... איך האָב זיך געזעגנט מיט קאַליאַ טעפּער און בין אַרונטערגעגאַנגען אין ווישעגראַד — איין סטאַציע פֿאַר פּלאָצק — אַרום 20 וויאָרסט פֿון מײַן שטעטל; טעפּער איז געפֿאָרן ווײַטער קיין פּלאָצק. מער האָב איך אים נישט געזען.

סוף 1922 איז טעפּער אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ אין לענינגראַדער אוניווערסיטעט. דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, ווי אַן אויספֿאָר־שער בײַם פֿאָלקס־געריכט. די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן איז ער, ווי אַ ריי אַנדערע ייִדיש־רוסישע קינסטלער און אינטעלעקטואַלן — ווי למשל

באָריס פּאַסטערנאַק, נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם, מ. גערשענזאָן — געשטאַנען אונטער דער השפּעה פֿון רוסישן מיסטיציזם. ער, ווי אַ סך אַנדערע סענסיטיווע, סאָפֿיסטיצירטע, סובטילע נאַטורן, האָבן אָפּגע־וואָרפֿן דעם מערבֿדיקן ראַציאָנאַליזם מיט זײַנע פֿאַנאַציייען וואָס האָבן אָפּגענאַרט.

ווען איך בין סוף 1921 אָנגעקומען קיין אַמעריקע האָב איך גלײַך געקויפֿט זײַן ביכל „זיגזאַגן", און ס'געפֿינט זיך אין מײַן ביבליאָטעק ביז הײַנט־צו־טאָג (דערשינען אין פֿאַרלאַג „עכאָ", דאָס יאָר נישט אָנגע־געבן). ווען מען לייענט די דאָזיקע צײַטנווײַז לירישע, קוהלתדיקע עסייען, וואָס מאַכן אַ תּל פֿון דער קאָנווענציאָנעלער חכמה, פֿון אַלע איזמען און וועלט־דערלייזער, דערקענט איר אין אים אַן איידעלן, סקעפּטישן טראַכטער, וועלכער האָט „פֿאַרלוירן דעם גן־עדן" פֿון זײַן אַמאָליקן גלויבן; אָבער ער קען אָן אמונה נישט לעבן. (זע „חשבון" נומער 107: פֿרילינג, 1981: לאָס־אַנדזשעלעס).

ענדלעך האָב איך באַקומען מײַן פּאַספּאָרט צו קענען אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן. איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן איבערגעגעבענער, און אַזוי־פֿיל אַנגעליטענער מאַמע, ווענעמס ליבשאַפֿט, און גלויבן אין מיר ס'האָט מיך געשטאַרקט אין אַלע שווערע מאָמענטן אין מײַן לעבן. אַלע מײַנע האָפֿנונגען זי צו האָבן אין אַמעריקע, האָבן אָפּגענאַרט. איך האָב זי מער נישט געזען. אין מײַנע שלאָפֿלאָזע נעכט, הער איך נישט אויף צו טראַכטן וועגן איר, און איר ביטערן גורל. איך קען נישט געפֿינען קיין טראָפֿן טרייסט אין אַלע טעאָלאָגישע שלאָף־פּילן (טראַנקווילייזערס) אין וועלכע פֿרומע ייִדן געפֿינען אַ ביסל נחמה.

אין אויגוסט, 1921, בין איך אָנגעקומען קיין דאַנציק, און עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך באַקומען די וויזע קיין קאַנאַדע. אָנהייב אָק־טאָבער בין איך אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל צו מײַן מומע פֿריידל גודמאַן, דעם טאַטנס אַ שוועסטער. איך האָב געוווינט דאָרטן צוויי חדשים, און דערנאָך געפֿאָרן קײַן דעטראָיט צו מײַן שוועסטער שפֿרה, און שוואָגער יצחק שקלאָר, אַ הייסער חסיד פֿון דער ייִדישער ליטע־ראַטור; בײַ זיי האָב איך געוווינט ביז סוף יוני, 1922. איך האָב אין משך

פֿון דעם סעמעסטער, געלערנט אין דער דעטראָיטער „צענטראַלער הײַ־סקול" ווו דער פּרינציפּאַל און לערערס האָבן אויף מיר געמאַכט אַ רושם מיט זייער צוגעלאָזנקייט און פֿרײַנדלעכקייט. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט אַ רעדע פֿון נחום סאָקאָלאָוו, אויף זײַן ייִדישן ענגליש. אין יוני, פֿון זעלביקן יאָר, בין איך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, וווּ מײַנע צוויי עלטערע ברידער — איזידאָר, און סעם לעדערמאַן, האָבן מיך זייער פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען.

## מײַן היימשטעטל באָדזאַנאָוו

באָדזאַנאָוו, מײַן היימשטעטל,<br>
ס'בענקט נאָך דיר דײַנס אַ בן־עיר.<br>
איך ווייס אַז כ'וועל דאָרטן בײַ דיר<br>
נישט עפֿענען מער קיין מאָל קיין טיר<br>
און נישט איבערטרעטן קיין שוועל.

ווען כ'זע זיך צעלויכטן און העל<br>
מאָל איך מיר אויס דײַן געמעל —<br>
וואָס שענער, וואָס העלער, וואָס בעסער.

אַוודאי, כּדאַי, וואָלט געווען<br>
צו מאַכן ס'בית־עולם דאָרט גרעסער<br>
און אײַנשליסן אַלצדינג בײַנאַנד<br>
די געפֿאַלענע, הרוגים, קדושים,<br>
און אומגעקומענע מיט כּלערליי טויטן,<br>
אַפֿילו די ייִדישע הײַזער און קלייטן,<br>
מיט טירן פֿאַרהאַקטע אויף שלעסער,<br>
ס'בית־מדרש, די באָד מיט די פּלויטן,<br>
דאָס חדר, די ישיבֿה, די ייִדישע קלובן,<br>
די אַלטע מאַסיווע גבֿירישע שטובן.

ס׳דאַרף קיינער נישט קיינעם באַגלייטן
צום טיפֿן, צום אָפֿענעם גרוב און —
קיין קדיש זאָל קיינער נישט זאָגן.
די ביימער בלויז וועלן שוין קלאָגן
אויפֿן גרויסן באַגראָב פֿונעם שטעטל —
אין יעדער פֿענצטער זאָל צאַפּלען און צאַנקען
אַ נר־תּמיד, אַ יאָרצײַטליכט־פֿלעמל,
ווי ס׳האָבן געלויכטן אַמאָל
אין די פֿענצטערס — די חנוכּה־ליכטלעך
און איבער די גאַסיקע שטיינער
זענען ייִדן געגאַנגען צו סליחות.
איצט שאָרכן דאָרט אויפֿן בית־עולם
פֿון שטעטל אין שוואַרצן געפּלאָטער
די בייזע צעהוליעטע רוחות
אין שטעטל, מײַן היימשטעטל באַדזאַנאָוו.

משה־בינעם לעדערמאַן*

*) דאָס איז אַ פֿראַגמענט פֿון אַ פּאָעמע געשריבן פֿון משה־בינעם לעדערמאַן — מײַן קוזין וועלכער וווינט אין בוענאָס־אײַרעס. דאָס ליד געפֿינט זיך אין זײַן בוך: „אין שפּיגל פֿון ליד״, זײַט 144־146, פֿאַרלאַג „ייִדישלאַנד״, בוענאָס־אײַרעס, 1978.

# אבי ז״ל*

**בן יכבד אב**
(מלאכי א׳)

**אבי ר׳ אברהם רחום בן מיכאל ז״ל, נולד בעיר באדזנוב להורים מיכאל ורחל. הוא היה בן בכור לאמו רחל שהיתה אשתו השלישית לבעלה. אמו קראה אותו רחום על שם משפחת אביה ולא גיפס כשם משפחת בעלה.**

**הוא למד בחדר וקבל חנוך מסורתי כמו בימים ההם. הוא למד בחדר עד שנת עשר לחיו, אחר כך למד לבד בבית המדרש בעירו באדזנוב בעזרת גיסו הלמדן ר׳ יעקב לעדערמאן. כשהיה אבי בן תשעים וחמש עוד ידע לחזור על הדרשה שגיסו ר׳ יעקב לימד אותו לבר־מצוה ותמיד אמר: „עברתי הרבה מקומות תורה ולא מצאתי למדן כמו יעקב שלי״.**

**אחרי הבר־מצוה התחיל לנדוד בכל פולניה ולמד בכל עיר כמה חדשים. הוא היה תלמיד מובהק לר׳ ישועלע קוטנער ותמיד אמר שר׳ ישועלע קוטנער היה פדגוג טוב. כשהגיע לשנת עשרים בא בחזרה הביתה והתחתן עם אמי חיה רחל לבית ינדער בת החסיד ר׳ משה ינדער. מאז עבר לכת החסידים, כי הסבא היה מתנגד.**

**אבי ז״ל סיפר לי כי החיים בשבילו בראטשאנז היו כמו „הגיהנום״, כי הוא אהב מאוד את עירו באדזנוב עם הלומדים והוא לא יכול לחיות בלי גיסו ר׳ יעקב לעדערמאן. כל כמה חדשים נסע לבאדזנוב ושמה למד**

*) דעם מאמר האָט מײַן קוזין אריה רחום ע״ה, פֿון רמת־גן, געשריבן פֿאַרן באָדזאַנאָווער יזכּור־בוך, וואָס מײַן ברודער בינעם ע״ה האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן, אָבער האָט עס נישט באַוויזן צו טאָן, דערפֿאַר דרוק איך עס דאָ איבער. ש. ג.

בהתמדה. אחרי שנולדו לו כמה ילדים היה עול הפרנסה גדול מאוד. כשהיה בן ארבעים וחמש והיו לו כבר 6 ילדים ולא יכול לפרנס אותם נסע ללונדון לחפש פרנסה. שמה היה לסוחר קטן, אחרי שמונה חדשים ראה שזה לא תכלית בשבילו, כי שמה לא יכול ללמוד תורה, כתב מכתב לרבי שלו ושאל עצה מה לעשות, כי רוצים למנות אותו לרב בלונדון. הרבי ענה לו שיחזור מיד הביתה, אחרת אלהים יעניש אותו על בטול תורה. הוא חזר הביתה ונולדו לו עוד שני ילדים, לאחר זאת חלתה האמא ואחרי כמה שנים מתה בת 48 שנים. החסידים התחילו לשדך לו שידוכים, אבל הוא אמר שהוא מוכרח לקחת אשה רק מבאדזנוב וכך עשה. אבל הזיווג לא עלה יפה, הוא לא ראה אתה חיים טובים וכשהיה בן שבעים מתה אשתו.

אז החליט לעלות לארץ ישראל וכך עשה. בארץ ישראל חי כשלושים שנה חיים טובים. הילדים ספקו לו כל צרכיו. הוא ישב ולמד כל היום וגם בלילה עד שגמר כך פעמיים ש״ס. הוא נפטר בשיבה טובה ביום כ״ד לחדש מרחשון תשכ״א. בן מאה שנה היה במותו.

ת.נ.צ.ב.ה.

## ואלה דברי ההספד
## שנשאתי על יד קברו של אבי ז״ל

קראנו בתורה „ויבוא אברהם לספוד את שרה ולבכותה״. המלה „לבכותה״ כתובה קטן. למה? כי יש הבדל גדול בין לבכות על מת ולספוד על המת. כי לבכות בוכים על הגוף שמת, אבל לספוד סופדים על התורה, מדות ומעשים־טובים שנאבדו עם מות המת.

אברהם לא היה צריך לבכות על מות גוף שרה, כי האבדה לא היתה גדולה. היא מתה כשהיתה בת מאה ועשרים ושבע שנים, אבל לספוד את שרה אמנו היה הרבה מאוד את המצוות ומעשים־טובים שעשתה ולא תעשה עוד. ככה זה עם אבי. לבכות על אבי אין הרבה כי הוא חי טוב ומת בשיבה טובה בן מאה שנה, אבל לספוד אותו יש הרבה. על קול התורה שנדמה ועל המצוות ומעשים־טובים שעשה ולא יעשה עוד.

בימי קדם היה נהוג אצל היהודים כשמת אדם גדול, קראו עליו פסוק. איזה פסוק אפשר לקרוא על מות אבי? אי אפשר לקרוא עליו את הפסוק בתהילים „ימי שנותינו בהם שבעים שנה״, כי אבא חי מאה שנה. לי נדמה כי הפסוק בקוהלת „דור הולך ודור בא וארץ לעולם עומדת״ הוא הפסוק הכי מתאים לאבא, כי עם האבא הולך לעולמו דור שלם ולא דור אחד רק שלשה דורות. דור של חסידות, דור של תורה ודור של אהבת ישראל. ועכשיו עומד דור בא ומבקש מדור הולך, תשאיר לדור הבא את אהבת ישראל שהיתה בך כי הארץ לעולם עומדת. העולם צריך קיום ובלי אהבת ישראל אין קיום לעולם.

למדנו בגמרא: „לא יפטור אדם מחברו רק על ידי דבר הלכה מתוך כך יזכרהו״. זה קצת קשה להבין. למה דווקא מתוך דבר הלכה ולמה כתוב „לא יפטור״ ולא „לא ילך״? לי נדמה שאפשר לתרץ את הענין שפה מדובר על הנפטר. נפרדים מנפטר רק בדבר הלכה על אדם שנפטר. וזה דבר ההלכה. חז״ל אמרו: להלכה חייב אדם לברך על הרע כמו שמברך על הטוב, במקרה שלנו מה יש לנו לברך? „ברוך דיין אמת״.

אריה רחום

ביילאַגע 2

# יהודה לייב מרגולית*

## (1811-1747)

פֿון **ישעיה טרונק**

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט איז אויף דעם כּסא רבנות פֿון באַדזאַנאָוו געזעסן דער באַוווּסטער פּיאָנער פֿון דער קאָנסערוואַטיווער השׂכּלה אין פּוילן און דײַטשלאַנד הרב יהודה לייב מרגולית.

הרב מרגולית האָט געשטאַמט פֿון זבארעוו (מזרח־גאַליציע)[1]. זײַנע ערשטער רבנות־פּאָסטנס האָט ער פֿאַרנומען אין סוכעסטעוו און קאַפּי־טשיניעץ (טאַרנאָפּאָלער געגנט)[2]. ווי לאַנג ער איז געווען רב אין די דאָזיקע פּאָדאָלישע קהילות איז נישט באַוווּסט, בכל אופֿן איז דאָס געווען צווישן 1770 און 1776[3]. אין 1776 אַ פּנים האָט יהודה לייב מרגולית פֿאַרלאָזט זײַן געבוירן־לאַנד און איז געוואָרן רבֿ אין דער קליי־נער מאַזאָווישער קהילה באַדזאַנאָוו ווו ער איז געזעסן לכל־הפּחות ביז 1783[4]. הרבֿ מרגולית איז אָבער לאַנג נישט געזעסן אויף איין אָרט (וועגן די סיבות — ווײַטער). פֿון באָדזאַנאָוו איז ער אַוועק קיין שעברעשין[5], פֿון דאָרטן קיין פּלאָצק[6], פֿון פּלאָצק קיין לעסלע (אינאָוראָצלאַוו; נישט צו פֿאַרבײַטן מיט וולאָצלאַוועק, וואָס ווערט אין ייִדישע און דײַטשע

*) די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג האָט דער היסטאָריקער ישעיה טרונק ז״ל געשריבן פֿאַרן באָדזאַנאָווער יזכּור־בוך, אָבער אַזוי ווי דאָס בוך איז נישט דערשינען פֿאַרעפֿנטלעכן מיר עס דאָ. ש. ג.

מקורים פֿון יענער צײַט אויך געראָפּן לעסלע; אין וואָלאָזשינער האָבן זיך ייִדן באַזעצט ערשט אַרום 1800). פֿון לעסלע איז ער תּחילת 19טן יאָרהונדערט פֿאַרבעטן געוואָרן אויפֿן אַמט פֿון רבֿ אין פֿראַנקפֿורט בײַ דער אָדער, ווּ ער איז נפֿטר געוואָרן כ״ב סיון תקע״א (1811.6.14)[9].

דאָס זענען די קאַרגע ביאָגראַפֿישע פּרטים וואָס מיר האָבן וועגן לעבן פֿון דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער רבנישער פּערזענלעכקייט. פֿיל מער דאַקעגן ווייסן מיר וועגן זײַן גײַסטיקער וועלט, וואָס האָט באַקומען איר אויסדרוק אין זײַנע פֿילצאָליקע ספֿרים און קונטרסים. חוץ צוויי זאַמלונגען פֿון שאלות ותשובֿות און חידושי הלכות: קרבן ראשית (וועגן דער מסכת ראש השנה, פֿראַנקפֿורט ד׳אָדער, 1778) און פּרי תּבֿואה (נאָווידוואָר, 1796) האָט מרגולית פֿאַרעפֿנטלעכט אַ צאָל חיבורים וועגן עטיק, נאַטור־וויסנשאַפֿט, פֿילאָסאָפֿיע, רעטאָריק און דקדוק פֿון דער העברעיִשער שפּראַך.

זײַן ערשט געדרוקט ווערק איז דאָס קליינע ספֿרל זה ספֿר טובֿ ויפֿה (פֿראַנקפֿורט ד׳אָדער, 1770), וואָס האָלט 44 זײַטן, און איז אַ געמיש פֿון מעדיטאַציעס וועגן יחוד הבורא און דעם ערך פֿון תּפֿילה מיט כּללים פֿון דקדוק.

זײַן הויפּט־ווערק וועגן עטיק איז דאָס ספֿר בית מדות (ערשטע אויסגאַבע דירנפֿורט, 1777), אַרויס גלײַכצײַטיק אין 1786 אין אַן איבערגעאַרבעטער פֿאָרם אין שקלאָוו און פּראַג. לויטן מוסטער פֿון אַריסטאָטעלס „ניקאָמאַכישע עטיק״, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט אין דער העברעיִשער איבערזעצונג פֿון קאַסטילישן קיניגס לייב־דאָקטער, מאיר אלגוואדעז („ספֿר המידות״, 1405), האָט מרגולית אײַנגעטיילט זײַן ספֿר אין צען שערים (אהבֿת ריעים, בושת, גמילות חסדים, דבור, הכנעה, כּוח זריזות, חכמה, און דער צענטער — דער נײַנטער פֿעלט אין דער דאָזיקער אויסגאַבע — יושר). לויט דער סטאָיִשער עטיק („הפֿילוסופֿים הקדמונים״) טיילט ער אײַן די פֿולקומענהײַט פֿון מענטש אין 4 קאַטעגאָריעס: שלימות פֿון מאַטעריעלן באַזיץ, פֿון קערפּער, פֿון מידות און פֿון גײַסטלעכער דערקענטעניש. אָבער אין קעגנזאַץ צו אַריסטאָטעלס עטיק, וואָס לויט איר איז דער עיקר שלימות הדעות, ד״ה די

אידעאַלע דערקענטעניש, איז בײַ מרגוליתן דער ווינקלשטיין פֿון אַלע שלימותן שלימות המידות, ווײַל די געטלעכע דערקענטעניש גייט האַנט־בײַ־האַנט מיט עטישער שלימות[10].

חוץ אויף אַריסטאָטלס „עטיק" און די סטאָיִקער האָט זיך מרגולית סומך געווען, ווי ער שרײַבט אין דער אונטן ציטירטער הקדמה, אויף די ווערק פֿון די ייִדישע מיטלעלטערלעכע פֿילאָסאָפֿן ווי סעדיה גאון, אבֿרהם בן עזרא, יצחק ערמאה, יוסף אלבו און דער רמב"ם. דאַקעגן וואָרנט ער זיך צו דערווײַטערן פֿון חיבורים, וואָס האָבן געשאַפֿן „קצת מבני עמהו המתפלספים", וואָס געפֿינען זיך אונטער דער השפּעה פֿון דער גריכישער פֿילאָסאָפֿיע („שהכביד עליהם עבֿ טיט היוני"). באַזונ־דערס קעגנעריש איז ער צום רלב"ג (ר' לוי בן גרשון), „וואָס איז געגאַנ־גען אין די קרומסטע וועגן און אָנגעטרונקן די מענטשן מיט ווײַן פֿול מיט נאַרישקײַטן... דער ווינט פֿון שקר איז אין זייער מויל"[11].

פֿון דער אַנדער זײַט טרעט מרגולית אַרויס קעגן די אַבסקוראַנטן, „די נאַראָנים פֿון המון וואָס מיינען, אַז די פֿילאָסאָפֿיע איז סותר גאָטס־פֿאַרכטיקייַט... פֿון די רייד פֿון די דאָזיקע נאַראָנים דרינגט חס ושלום, אַז אמתע אמונה קאָן נאָר זײַן בײַ אומוויסנדיקע איידער בײַ די באַהאַרצטע און געבילדעטע... און אַז וואָס פֿאַרשטענדיקער אַ מענטש ווערט, אַלץ מער דערווײַטערט ער זיך פֿון דער אמונה"[12].

אין הסכם מיט דער מיטלעלטערלעכער ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע שטייט מרגולית אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז „עס זענען פֿאַראַן ענינים וואָס דער שׂכל קאָן פֿון דער טבֿע זײַנער נישט משׂיג זײַן, אַז די טויערן פֿון דערקענטניש זענען פֿאַר זיי פֿאַרשלאָסן". ער פֿאַררופֿט זיך דערבײַ אויפֿן „כּוזרי", וואָס האָט שוין געזאָגט, אַז די דערקענטניש פֿון גאָט איז מחוץ דעם מענטשלעכן שׂכל[13], און ער וואָרנט קעגן שטיצן זיך אויף זײַנע, ד"ה דעם שׂכלס ראיות „בכדי צו צעשטערן די יסודות פֿון דער תּורה און אומצוּוואַרפֿן די מויער פֿון דער טראַדיציע"[14].

מרגולית איז ווי זײַן בן־דור פּנחס אליהו בן מאיר הורוויטש, דער מחבר פֿון „ספֿר הברית", אַן ענטוזיאַסטישער פּראָטאַגאָניסט פֿון פֿאַר־שפּרייטן צווישן ייִדן די קענטעניש פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט, וואָס האָט אין

זײַן צײַט אַדורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון באַנבערעכערישער אַנטוויקלונג און אויפבלי. די קענטניש פון חכמת־הטבע איז דאַמאָלט אַנגעגאַנגען ווי די מאַרקאַנטסטע אייגנשאַפט פון אַ געבילדעטן און ציוויליזירטן מענטש. איר האָט ער געווידמעט אַ באַזונדער בוך אור עולם (ערשטע אויסגאַבע פראַנקפורט ד'אָדער, 1777. דריטע — פּראָג 1783).

אין דער הקדמה באַקלאָגט זיך דער מחבר דערויף וואָס בײַם יידישן פאָלק, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַן עם חכם ונבון און די ידיעה אין חכמת־הטבע איז געווען פאַרשפּרייט, איז אָבער הײַנט נישטאָ קיין בוך, וואָס זאָל שטילן דעם דורשט פון נאַטור־קענטניש און מען מוז אַנקומען צו ביכער אין פרעמדע שפּראַכן. ער האָט פאַראיבל אויפן רמב״ם, וואָס האָט זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט פילאָסאָפיע, וואָס האָט נישט קיין פעסטן יסוד און ברענגט אָפּט אַרויס נאָר שטויב אין שפּינוועב, און האָט פאַרוואַרלאָזט די נאַטור־וויסנשאַפטן, וואָס זענען פון גרויסער לעבנס־וויכטיקײַט פאַר די וואָס קענען זיי און וואָס דערציילן וועגן גאָטס צידקת און חכמה.

ער טיילט אײַן אַלע וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלינען אין דרײַ הויפּט־קאַטעגאָריעס: מאַטעמאַטיק, פיזיק (די אייגנטלעכע נאַטור־וויסנשאַפט) און מעטאַפיזיק. חוץ זיי טיילט ער אויס די הילפס־וויסנשאַפטן, וואָס באַדינען די דרײַ הויפּט־חכמות. דאָס זענען: לאָגיק, פּאָליטישע וויסנשאַפט („הפּולציא״), עקאָנאָמיע און עטיק. אין דעם דאָזיקן בוך באַהאַנדלט מרגולית נאָר די נאַטור־וויסנשאַפטן, בעיקר כעמיע. ער אָפּערירט נאָך דאָ מיט דער פאַרעלטערטער טעאָריע וועגן די פיר נאַטור־יסודות: פײַער, לופט, וואַסער און ערד, וואָס די ערשטע צוויי פאַררעכנט ער צו די לײַכטע און די לעצטע צו די שווערע[15]. צו אים זענען נאָך נישט דערגאַנגען די גאונישע אַנטפּלעקונגען פון לאַוואַזיע, וואָס האָבן צעשטערט די אָפּגעלעבטע טעאָריע וועגן די פיר עלעמענטן און האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער הײַנטיקער כעמיע.

דער אור עולם איז געוואָרן דאָס פּאָפּולערסטע ספר זײַנס און האָט במשך 6 יאָר (1777־1783) אויסגעהאַלטן דרײַ אויפלאַגעס, אַ באַווײַז ווי שטאַרק עס איז אויסגעוואַקסן דער אינטערעס בײַ דעם יידישן לייענער־

עולם פֿאַר דעם מין ביכער. דאָס דאָזיקע ספֿר איז אין אַן אויסגע־ברייטערטער פֿאָרם א״נ טל אורות אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פֿראַנק־פֿורט (ד׳אָדער) אין 1811. אַ ווײַטערדיקע אויפֿלאַגע איז אַרויס אין פּרעשבורג אין 1843.

מרגולית איז געווען אַ פּרוכטבאַרער מחבר. אין 1802 איז אַרויס אין פֿראַנקפֿורט ד׳אָדער זײַן ספֿר עצי עדן — אַ זאַמלונג פֿון פֿיר עטיש־פֿילאָסאָפֿישע דרשות וועגן אמונה, חקירה, גאווה און הכנעה, געשטיצט בעיקר אויף דער ייִדישער שייכותדיקער ליטעראַטור. צווישן אַנדערן שטרײַכט ער דאָרט אונטער די וויכטיקײַט פֿון שטודירן שפּראַך־וויסנ־שאַפֿט און זאָגט וועגן זיך, אַז אין דער יוגנט האָט ער געלייענט אַ סך „מספֿרי העמים״[16]. אין אַ באַזונדערן קונטרס טרעט ער דאָרטן אַרויס שאַרף קעגן משה מענדעלסאָנס „ירושלים״.

זײַן אינטערעס אין שפּראַך־פֿאָרשונג האָט געפֿונען איר אויסדרוק, חוץ אין דעם אויבן־געבראַכטן ספֿרל „זה ספֿר טובֿ ויפֿה״, אין זײַן פֿילאָ־לאָגיש ווערק ספֿר אגרת המליצה משפט לשה״ק (וועגן סינאָנימיק און פּאָעטיק), אָפּגעדרוקט אין דער נאָווידוואָרער דרוקערײַ פֿון יאָהאַן אַנטאָן קריגער אין 1791.

דאָס דאָזיקע ווערק איז אין זיך כולל אַ קיצור פֿון משה חיים לוצאַטאָס „לשון למודים״, און — לויטן מוסטער פֿון ספֿר „תשבי״ פֿון אליהו בחור — אַ פֿילאָלאָגיש־רעטאָרישן אַנאַליז פֿון אַ גרעסערער צאָל ווערטער, לויטן סדר פֿון אלף־בית.

ווי אַ סך אַנדערע שרײַבער פֿון זײַן דור איז מרגולית אויך געווען אַ סאָציאַלער שרײַבער, וואָס צייכנט מיט טעמפּעראַמענט און שאַרפֿער סאַטירע אַ בולט בילד פֿון די קהלישע פֿאַרהעלטענישן פֿון זײַן צײַט. ער שטעמפּלט די קאָרומפּירטע קהלישע אָליגאַרכיע ווי אויך די גײַסטיקע מנהיגים, די רבנים, וואָס דינען מיט הכנעה די ראשי הקהל און זייערע עגאָיסטישע אינטערעסן צום שאָדן פֿון דער געקריוודעטער פֿאָלקס־מאַסע. די פֿאַרהעלטענישן זענען געשילדערט אַזוי בולט און געטרײַ צו דער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט, אַז עס איז כּדאַי צו ברענגען פֿון זיי אַ גרעסערן ציטאַט. אין בית מדות (שקלאָווער אויסגאַבע פֿון 1786)

שרייבט ער וועגן די מנהיגי הקהל און דער אונטערדריקונג פון די אָרעמע שיכטן בזה הלשון:

„ועינינו תראנה בדורותנו קצת ממנהיגי ישראל שלא ישימו מגמת פניהם להשתמש במדת הגבורה על תקון הדת, ולא יחוסו על כבוד קונם, כ"א (כי אם) על כבוד עצמם משתמשים בגבורה להטיל אימה על הציבור... ובכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו וחרבות שינם ומאכלות מתלעות יהי' לאכול עניים בארץ, ולפרוק עול המסים מעצמם ולהעמיס על חבריהם. והאיש אשר הגבי"ה בידו הוא בקי בטומאת המ"ס בכל חוקותיו... להעריך הנתינה מערכה גדולה ולהרויח... ולא יתן חמלה וחנינה... ויתנו יד לפושע ורשע מערי"ך ברעתו לעשות כרצונו... ואת העניים ודלים ידין מלא גביו"ת. ומה יעשו העניים האומללים אם אומר תנו נותנים כפל כפלים ממה שיתן העשיר... ואם יבקשו העניים הנאנחים ונאנקים על כל תעבותיהם לשלוח רסן מפניהם, און יחשבו על משכבותם עד היסוד אותם לערות, וילשינו עליהם השרים הסרים אל המסירות... וכמעט בכל עיר ועיר אשר יש ביניהם מליץ א' יושר נשמע קולו בבואו אל החצ"ר, קשרו קשר בוגדים כי יתחברו את אישים פועלי און... לנהוג שררה על הציבור ולשאוף על עפר ארץ בראש דלים ותמצה כקן ידם את העניים האומללים".

מרגולית באַשולדיקט אין גורם זיין דעם דאָזיקן חרפהדיקן צו־שטאַנד אויך די גייסטיקע מנהיגים — די רבנים. אָט וואָס ער שרייבט וועגן זיי:

„אמרתי אלכה לי אל הגדולים ואדברה אותם, הלא המה הרבנים... אך המה יחדיו שברו עול וגם אל רהבים פונים, ללכת אחר עצת התקיפים ושליטים אשר בעיר ולמקום אשר יהיה שמה הרוח שמה ילכו, להיות זרוע ומגן לנרגן ואומץ לחומץ ועוד הוא ביניהם כיתד לא נאמן שהכול תולין בו שנעשו הדברים בהסכמת אלוף עירם... וישת ידו עם רשע לגדל ולחזק ידי עושי רשעה ומְצַדיק יגרע עיני השגחתו... הלא המה דיינינו ושופטינו ומחוקקנו בכל מקומות מושבותם אשר ה' אמר עליהם זה יעצור בעמי ושלום ירדפו... לא כן שופטינו ומחוקקנו כי

יראו חמס וריב בעיר והוא הפונה כמו רגע, ונוספו גם הם להחניף את העשירים ועל פיהם יהיה כל ריב וכל נגע"[17].

אויך אין דער פּראַגער אויסגאַבע פֿון אור עולם גיט מרגולית אַ בײַסיקע קריטיק פֿון די „האלופים והראשים אשר חטאת העם יאכלון" און פֿון די רבנים „המשניאים את תורתם, נתנו חכמים עיניהם במחת"ם ונסכיה"ם, בעד ככר לחם מחניף ואומר לרשע צדיק כהלכה"...

די דאָזיקע שאַרפֿע אָבסערוואַציעס פֿון די סאָציאַלע פֿאַרהעלטע־נישן אין די קהילות האָט מרגולית מסתמא געזאַמלט בעת ער איז אַרומ־געפֿאָרן ווי אַ בעל־דרשן און ווען ער האָט פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון אַ רבֿ אין די פֿאַרשיידענע קהילות אין מזרח־ און צענטראַל־פּוילן. דאָס זענען משמעות מסקנות פֿון אייגענער ביטערער דערפֿאַרונג. נישט קיין וווּנדער דעריבער, וואָס בײַ אַזאַ קריטישער אײַנשטעלונג צו די מעשׂים פֿון די ראשי הקהל האָט מרגולית לאַנג אויף איין כּסא־רבנות נישט גע־קאָנט זיצן און איז ווי אַנדערע אויפֿקלערער און מוכיחים פֿון זײַן דור געווען געצוווּנגען צו פֿירן אַ לעבן פֿון נע־ונד (זיבן מאָל לכל־הפּחות האָט ער געביטן זײַן וווינאָרט).

דער רויִקסטער און גליקלעכסטער פּעריאָד אין זײַן לעבן איז משמעות געווען דער פֿראַנקפֿורטער. אין דער דאָזיקער פּרײַסישער שטאָט האָט ער געפֿונען אַ קרײַז פֿון אויפֿגעקלערטע משׂכּילים (ד"ר שלעזינגער א"א) וואָס זענען אים געווען גײַסטיק נאָענט און אים אויך געהאָלפֿן אַרויסצוגעבן זײַנע חיבורים[18].

אין זײַן וועלט־אַנשויונג איז יהודה לייב מרגולית געווען אין דער ייִדישער סבֿיבֿה אַ זון פֿון 18טן ראַציאָנאַליסטישן יאָרהונדערט. אין זײַנע ספֿרים אַקצענטירט ער דעם באַדײַט פֿון שׂכלדיקײַט און וויסן פֿאַרן גײַסטיקן און פּראַקטישן לעבן פֿון ייִדישן מענטש. מיטן טיפֿן ווייטאָג שטעלט ער פֿעסט די אינטעלעקטועלע ירידה בײַ ייִדן, וואָס האָבן אין אַמאָליקע דורות געהאַט גרויסע וויסנשאַפֿטלער און „איצט האָט זיך אָפּגעטאָן דער כּבֿוד פֿון ישׂראל, מיר קוקן אויס אין די אויגן פֿון די פֿעלקער ווי אומוויסנדיקע און זענען געגליכן צו בהמות"[19]. ער איז אַ קאָנסערוואַטיווער ראַציאָנאַליסט, וואָס בײַ אים איז נישטאָ קיין סתּירה

צווישן אמונה און וויסנשאַפֿט. פֿאַרקערט, די וויסנשאַפֿט לײַטערט די אמונה, וואָס זי פֿאַסט ער אויף שטרענג אָרטאָדאָקסיש אָן שום פּשרות און וויתּורים (פֿון דאָנען נעמט זיך זײַן שאַרפֿע קריטיק פֿון מענדעל־סאָנס „יערוזאַלעם").

פֿון דאָנען שטאַמט אויך זײַן וואָרענונג צו די לייענער נישט צו ווענדן זיך צו דער גריכישער פֿילאָסאָפֿיע, נאָר צו שטילן זייער חשק צו חקירה בײַם רמב"ם „און זײַנע שכנים" ד"ה ייִדישע מיטלעלטערלעכע דענקער (אָן אויסנאָם, ווי דערמאָנט, מאַכט ער פֿאַרן רלב"ג).

מרגולית ווײַזט אַרויס אַ לפֿי־ערך ברייטע באַהאַוונטקײַט אין דער מיטצײַטלערישער, אָבער בעיקר אין דער אַנטיקער פֿילאָסאָפֿישער און וויסנשאַפֿטלעכער ליטעראַטור. פֿון די גריכישע פֿילאָסאָפֿן ציטירט ער צום אָפֿטסטן אַריסטאָטעלעסן[20], פּלאַטאָנען[21], סאָקראַטעסן[22] (אַריס־טאָטעלן ציטירט ער טיילמאָל סתּם ווי דעם „החוקר"). ער האָט אויך גע־קענט די קאָמעדיעס פֿון אריסטאפאנעסן[23] (ארוסטפו), ער ברענגט אָן עפּיגראַם פֿון גאלענוסן[24], און ציטירט דאָס ווערק „דע סאפּיענציא" פֿון אַ מחבר, וואָס ער דערמאָנט נישט זײַן נאָמען און ווען עס האָט זיך נישט אײַנגעגעבן צו אידענטיפֿיצירן.

פֿון ייִדישע מחברים שעפּט ער אַ סך פֿון רמב"מס „מורה נבוכים" („מי לנו גדול מהרמב"ם")[25], ער ציטירט אויך ר' משה חיים לוצאַטאָ[26], עזריה מן האדומים[27], און אַנדערע, וועלכע מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט.

ווי אַ גרויסער פֿאַרערער פֿון סעדיה גאון האָט מרגולית אויך אָפּגעדרוקט אין דער פּראַגער אויסגאַבע פֿון אור עולם ר' סעדיהס פּירוש על שיר השירים, וואָס עס האָט איבערזעצט פֿון אַראַבישן אָריגי־נאַל ר' יהודה סרוואַל און איז פֿאַרבליבן ביז אין זײַן צײַט אין מאַנו־סקריפּט, צו וועלכן ער האָט צוגעגעבן זײַנע אייגענע חידושים.

עס איז כּדאַי נאָך צו דערמאָנען אַז, בכדי צו פּאָפּולאַריזירן זײַנע אידייען וועגן עטיק צווישן דעם נישט־העברעיִשן לייענער־עולם, האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין אַ פֿאַרדײַטשמערישטן ייִדיש אַ קליינע זאַמלונג

**א״נ** אגרות מוסר (מאַראַלישע בריבֿע), **וואָס איר ערשטע אויסגאַבע איז דערשינען אין פֿראַנקפֿורט ד׳אָדער אין 1800.**

**רעזומירנדיק אונדזער קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן ר׳ יהודה לייב מרגולית דאַרף מען אונטערשטרײַכן, אַז ער האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן אינטערעסאַנטע רבנישע פּערזענלעכקײַט, אַ פּיאָנער פֿון דער קאָנסערוואַטיווער השׂכּלה און אַ פֿאָרלויפֿער פֿון דעם טיף געבילדעטע און אויפֿגעקלערטע רבנים, וואָס אין זײַן דור זענען זיי בײַ די פּוילישע יִדן ניט געווען בנימצא. אין די דאָזיקע קהילות, וווּ ער איז געווען רבֿ, האָט זײַן גײַסטיקע השפּעה זיכער איבערגעלאָזט שפּורן בײַ די דאַמאָלט ווינציקע יחידים, וואָס האָבן געגאַרט נאָך וועלטלעכער בילדונג און עס איז זיי ענג געוואָרן אין דער וועלט פֿון ד׳ אמות של הלכה.**

1) **אויף דעם שער־בלעטל פֿון זײַן חיבור „זה ספר טוב ויפה״ (פֿראַנקפֿורט־אָדער 1770) רופֿט ער זיך „האברך ממה׳ יהודה ליב בן המופלג אשר זעליג** מזבארוב. **אין דער הסכּמה צום ספֿר „קרבן ראשית״ פֿון דעם לעמבערגער מגיד מישרים ר׳ יוסף ווערט זבארעוו אָנגעגעבן ווי דאָס אָפּשטאַם־אָרט פֿון מרגוליתן („יהודה ליב מרגולית** מזבארוב, **מכירו הייתי לשעבר״...)**

2) **אַזוי ווערט אָנגעגעבן אויפֿן שער־בלאַט פֿון „קרבן ראשית״ („שהיה אב״ד בק״ק** סוחסטאוו וקאפוטשניץ״). **אַז ער איז געווען רבֿ אין סוכאָסטאָוו שרײַבן אויך אין זייערע הסכּמות אין דעם דערמאָנטן ספֿר דער לעמבערגער רבֿ ר׳** מרדכי זאבֿ **און דער ריישער רבֿ ר׳** אהרן הלוי איטינגא.

3) **אין די דערמאָנטע הסכּמות צום** קרבן ראשית **ווערט וועגן זײַן רבנות אין סוכאָסטאָוו און קאָפּיטשיניץ גערעדט בלשון עבֿר. אין 1776 איז ער שוין געווען רבֿ אין באַדזאַנאָוו: אויפֿן לעצטן בלעטל פֿון „בית מדות״ געפֿינט זיך אַ צושריפֿט: „נגמר בשלישי של פסח בחודש בשנה הראשונה כשבת המחבר על כסא הוראה בק״ק** בוזנאוו״, **ד״ה אַז קיין באַדזאַנאָוו איז ער אָנגעקומען אין 1776. דער נאָמען פֿון דעם דאָזיקן שטעטל, וואָס ליגט צווישן פּלאָצק און ווישעגראַד, איז בײַ אַלע וואָס האָבן געשריבן וועגן י. ל. מרגולית פֿאַרגרײַזט געוואָרן אויף** בוסנאָוו. **דער טעות נעמט זיך דערפֿון וואָס אין העבֿרעיִש ווערט דער נאָמען באַדזאַנאָוו אין מרגוליתעס חיבורים אויסגעלייגט „בוזנאוו״ (בוזנאָוו) און קיין איינער פֿון די מחברים האָט זיך נישט געגעבן די מי פֿעסטצושטעלן, צי עס עקזיסטירט בכלל אַ מקום מיטן נאָמען בוסנאוו. אַזאַ שטאָט איז בכלל אויף דער מאַפּע נישט בנימצא.**

4) אויפֿן שער־בלאַט פֿון „אור עולם", וואָס איז אַרויס אין פּראַג אין 1783 ווערט מרגולית נאָך טיטולירט אב"ד בק"ק בוזנאוו.

5) אויפֿן שער־בלאַט פֿון „אגרת המליצה ומשפט לשון הקודש" (נאָווידוואָר 1791) ווערט ער אָנגערופֿן אב"ד דק"ק שעברשין. זיין זון אשר זעליג איז געווען זיין ממלא־מקום אין שעברעשין (זען שער־בלאט פֿון „עצי עדן", ווו מיר לייענען: „חידושים מבן הרב המחבר אשר זעליג מרגלית אב"ד דק"ק שעברשין"), שפּעטער געווען רבֿ אין פּרוזשענע (שער־בלאַט פֿון „טל אורות" (פפד"א, 1811).

6) דאָ ווערט אויך ביי אייניקע מחברים ווי ישׂראל צינבערג („געשיכטע פֿון ליטע־ראַטור ביי יידן", באַנד 5, ז' 302), אין דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ (באַנד 10 ז' 618) געמאַכט אַ טעות „אַנשטאָט פּלאָצק שרייבן זיי פּאַלאַצק. פֿון דעם טעקסט אויפֿן שער־בלאַט פֿון „עצי עדן", ווו עס זאָגט זיך: „ומשם (שעברעשין) נתקבל לרב אב"ד בק"ק פלאצק, אשר היתה לראש פינה לגליל מאזיה" (מאַזאָוויע אין העברעיש), דרינגט בלי ספק אַרויס אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן פּאַלאָצק אין ווייסרוסלאַנד. אין זיין קורצער געשיכטע פֿון פּאַלאָצק („פּלאָצק, בלעטלעך געשיכטע", בוענאָס־איירעס, 1945, ז' 174) גיט ד"ר יצחק שיפּער אָן, אַז הרבֿ מרגולית איז געווען פּלאָצקער רבֿ אין די יאָרן 1798־1805. ער ברענגט אָבער נישט קיין מקורימדיקע באַווייזן דערויף.

7) לויט יצחק שיפּערן קומט אויך אויס אַז פֿון פּלאָצק האָט מען אים פֿאַרבעטן קיין פֿראַנקפֿורט ד'אָדער אין 1805, וואָס איז נישט ריכטיק ווי מען קאָן זיך איבערצייגן פֿון שער־בלאַט פֿון „טל אורות" (פפד"א, אָן דאַטע), ווו עס שטייט בפּירוש: „ולפנים היה לרב אב"ד בכמה קהילות פולין ובק"ק פלאַצק ובק"ק לעסלא, ומשם נתקבל לרב אב"ד בק"ק פ"ט ד"א (פֿראַנקפֿורט ד'אָדער)". פֿון דער פֿעסטשטעלונג ביי לוי לעווין („געשיכטע דער יודען אין אינאָווראַצלאַוו" ז' 62, (דייטש), אַז אין 1800 איז ער געוואָרן פֿאַרבעטן קיין אינאָווראַצלאַוו און זיך דאָרט באַזעצט קאָן מען פֿעסטשטעלן דעם termimus ad quem פֿון זיין פּלאָצער רבנות, היינו דאָס יאָר 1800.

8) וולאָצלאַוועק האָט נישט צוגעלאָזט קיין יידן אויפֿן סמך פֿון איר פּריווילעגיע „דע נאָן טאָלעראַנדיס יודעיס" און ערשט די פּרייסישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אין 1802 אָפּגע־שאַפֿט אין איר אָקופּאַציע־געביט די אַנטי־יידישע פּריווילעגיעס, וואָס האָבן פֿאַשפּאַרט פֿאַר יידן דאָס באַזעצן זיך אין געוויסע שטעט. דערמיט איז געפֿאַלן די לעצטע באַריערע, און יידן האָבן זיך זינט דאַמאָלט באַזעצט אין וולאָצלאַוועק.

9) שמואל יוסף פֿון כנסת ישראל, וואַרשע, 1886, ז' 413.

10) „בית מדות", פֿון דער דריטער הקדמה: ... „ונקל להבין שגם שלימות העיון באלקיות וצור המושכלות עולה בקנה אחד עם שלימות המדות".

11) „בית מדות", לד־לה: „ויש להתרחק אפילו ממקצת ספרים שחברו קצת מבני עמנו המתפלספים שהכביד עליהם עב טיט היוני ושתו ומצו את שמריו והפכו כל המלאכות למינות... והיותר מעקש דרכיים שבהם הוא הרלב"ג אשר עלה והשקה כל אנשים מן חמר מלא סכלות... רוח שקר בפיהם.

12) „בית מדות", לב: „ומתוך דברי הפתאים האלה יתחייב ח"ו להיות שהאמונה

הנאמנה יותר מיחדת לשוגה ופתי מלאיש הנלבב יודע מדע בחכמה... כאלו היתה החכמה מכחשת האמונה ח״ו והאדם יותר שיהי׳ חכם יבעט באמונה חלילה...״.

13) „עצי עדן״, יג: „ויש ענינים שאין בטבע השכל להשיגן בשום פנים, אבל שערי השגתו נעלים בפניו וכ״כ הכוזרי שידיעת עניני הבורא הם מחוץ לשכל האנושי״.

14) דאַרטן: „ואין צריך לומר זו שחלילה לאיש הישראלי לעמוד על דעתו במה שנראה לו עפ״י ראיות השכל האנושי והחקירה לאמר כזו לי, להרוס יסודי התורה ולהפיל חומת הקבלה הנאמנה״.

15) „אור עולם״, פון דער הקדמה לחלק חכמת הטבע: „ועל היותר אתפלא על שר התורה, הרב המורה, בכל נפלאותיו אשר עשה לתורה ולתעודה ... מה עול מצא בחכמת הטבע אשר הניח אותה שכולה וגלמודה, רעה בעיניו לא יעדה והואיל הלך אחר הפלסופיא אשר פרחה כאבק יעלה קורי ... כי כמה פלסופים שקעה שמשם לעיניהם״; פון דער „פתיחה״, זייטן ט־יא.

16) „עצי עדן״, טו: „בילדותי קראתי הרבה מספרי העמים״; „בית מדות״ (שקלאוו, 1786), כא: „והנה אני עברתי משער לשער בספרי הפלוסופי׳ ויודע אני בעצמי שלא נתוסף לי מהם שום יראה ואהבה״.

17) „בית מדות״, מא־מב.

18) הקדמה און רשימה פון פרענומעראַנטן צום ספר „אור עולם״ (פּראַגער אויסגאַבע, 1983).

19) „טל אורות״, ס: „ועתה גלה כבוד ישראל כי נואלנו בעיני העמים נחשבנו כבהמה בעיניהם נדמינו; דאָס זעלבע חזרט ער איבער אין „בית מדות״, כ.

20) „בית מדות״, לב; „עצי עדן״, יג; „טל אורות״, ד, מב, סט, ע; „אור עולם״, כב.

21) „טל אורות״, סג; „אור עולם״, כח.

22) „טל אורות״, נט, סט וכו׳.

23) „טל אורות״, ס.

24) „בית מדות״, כד: „וכבר כתב החכם גאלינוס בספרו שתית סם המות קל מהדאגה.

25) „עצי עדן״, יג. בכלל ציטירט ער אָפּט דעם מורה נבוכים.

26) „טל אורות״, מג.

27) דאַרטן, סב.

# נאָכוואָרט

אַלע עסייען און אָפּהאַנדלונגען אין בוך — אַ חוץ די פֿון דער Vטער אָפּטיילונג — זענען במשך די לעצטע 4־5 יאָר געוואָרן פֿאַר־עפֿנטלעכט אין די צײַטשריפֿטן: „דווקא“, „די צוקונפֿט“, „אויפֿן שוועל“, „השבון“, „יידישע קולטור“, „פּראָבלעמען“, „דער וועקער“. זיי זענען געוואָרן איבערגעאַרבעט, און אייניקע היפשלעך געענדערט. די לעצטע אָפּטיילונג אין בוך: „אַ משפחה אין פוילן“, ווערט דאָ צום ערשטן מאָל פּובליקירט.

# ביכער פֿון שואל גוטמאַן

**טראַדיציע און באַנייאונג** (עסייען); פֿאַרלאַג מתנות; ניו־יאָרק 1967.

**דער דרך פֿון שלום־עליכם־אינסטיטוט** (אַ היסטאָרישער איבערבליק), ניו־יאָרק 1972. אַרויסגעגעבן פֿון ש. ע. פֿ. א.

**The Faith of Secular Jews** Saul L. Goodman, Ktav Publishing, N. Y., 1976 (דער גלייבן פֿון וועלטלעכע ייִדן)

**די אַנדערשקייט פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום** תּל־אָבֿיבֿ, פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1980.

**די יאָרביכער פֿון שלום־עליכם פֿאָלק־אינסטיטוט**, פֿאַר די יאָרן 1954, 1963, 1965 און 1986. (רעדאַגירט)

**ביבליאָגראַפֿיע וועגן ש. גוטמאַן**

אפֿרים אויערבאַך, אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", 6טן אויגוסט, 1967; יעקבֿ גלאַטשטיין, אין „אידישער קעמפֿער", 21סטן יולי, 1967; ד"ר ש. מאַרגאָשעס, אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", 7טן מאַי, 1967; ישׂראל עמיאָט, אין „פֿאָרווערטס", 28סטן מאַי, 1967; קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אין „ש"ע בולעטין" נומער 117, 19טן מאַי 1967; ל. דאָמאַנקעוויטש, אין „אונזער וואָרט", פּאַריז, 3טן יאַנואַר, 1970; באַרווין פֿרענקעל, אין „אונזער שטימע" פּאַריז, 22סטן סעפּטעמבער 1969; וואָלף יאַסני, אין „לעצטע נייעס", תּל־אביב; יודל מאַרק, אין „שלום־עליכם־בולעטין" נומער 117 19טן מאַי, 1967; אָשר פּען „אידישקייט אין אַמעריקע", ניו־יאָרק, 1958, זייטן 381־388; יעקב גלאַנץ, אין „דער וועג", מעקסיקאָ, 1טן מאַרץ, 1974; יהושע ראָטענבערג, אין „וועקער", ניו־יאָרק, מאַי־יוני, 1974; יודל מאַרק „דער דרך פֿון ש"ע", אינסטיטוט נ. י. 1972, זייטן 27־28; ד"ר סאָל ליפּצין, אין „לעצטע נייעס", תּל־אביב, 10טן יוני, 1977; ס. שניאור, אין „חשבון", האַרבסט 1977, לאָס־אַנדזשעלעס; פּראָפֿעסאָר א. לערמער, אין „צוקונפֿט", סעפּטעמבער, 1978; ד"ר אליהו שולמאַן, אין „קולטור און

דערציאונג", דעצעמבער 1960, ניו־יאָרק; יעקבֿ לעשטשינסקי „דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פֿון גלות־ייִדנטום", 1952, זייטן 392־393; ד"ר העשיל קלעפּפֿיש: „בײַ זיך", נומער 20, זײַטן 81־87, תּל־אָבֿיבֿ, 1982. אהרן טהאָרן: „אונזער צײַט" פֿעברואַר, 1981; אהרן טהאָרן: „פֿאָרווערטס", 23סטן נאָוו. 1980; זלמן שלאָסער: „חשבון", פֿרילינג 1981, לאָס־אַנדזשע־לעס; מנחם שטערן: „אַלגעמיינער זשורנאַל", 5טער יוני 1981; פּראָפֿ' סאָל ליפּצין: „ייִדישע צײַטונג", יאָהאַנעסבורג, פֿעבר' 1981; בערל פֿרימער: „אידישער קעמפֿער", 26סטן יוני 1981; פּראָפֿ' אַרטור לערמער: „צוקונפֿט", מאַי־יוני 1981.

Sol-Lipzin, in **Book in Review,** Oct. 1977, and in **Congress Monthly,** Dec. 1978; **The Jewish Monthly,** June, 1977; David M. Szonyi in **Jewish Press Features,** May, 1977; **Choice,** July-Aug. 1977; Maurice Tuchman, **Library Journal,** April 15, 1977; Zvi Yetiv, **The Jerusalem Post,** May 27, 1977; Chaim Rapahel, **Jewish Chronicle** (London), Dec. 30, 1977; Israel Feinstein, **The Jewish Journal of Sociology,** Dec. 1977, (London); Emanuel S. Goldsmith, **Jewish Frontier,** March, 1977; Meir Ben-Horin, **Judaism,** Fall, 1976; Judah Pilch, **Jewish Frontier,** June, 1973; Sarah Schmidt, **Judaism,** Fall, 1978; Max Rosenfeld, **Jewish Currents,** May 1978; Allan A. Warsen, **Detroit Jew. News,** Oct. 28/77; Amos Schaus. **Jewish Bookland,** April 1973.